מאיר קושנער

# לעבן און קאַמף פון אַ קלאָוקמאַכער



אַרויסגעגעבן דורך אַ קאָמיטעט פון לאָקאַל 9
„אינטערנאשאנאל ליידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן"
ניו יאָרק 1960

# אינהאַלט:

# פון מאיר קושנער בוך־קאָמיטעט

מיט אַ צייט צוריק האָט אונדז מאיר קושנער געמאָלדן אַז ער האָט ביי זיך באַשלאָסן אָנצושרייבן אַ בוך דעראינערונגען פון זיין לעבן און קאַמף. עס איז פאַר אונדז געווען זעלבסט־פאַרשטענדלעך אַז מיר דאַרפן אים צו־העלפן צו רעאַליזירן זיין פּלאַן. און אָט פאַרוואָס:

מאיר קושנער איז נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער שרייבער. ער איז זיין גאַנץ לעבן געווען אַ קלאָוק־פינישער, אַ מיטגליד פון לאָקאַל 9, „אינטער־נאשאנאַל ליידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן".

ער איז אָבער נישט געווען בלויז אַ געוויינלעכער יוניאָן־מיטגליד. מאיר קושנער איז זיין גאַנץ לעבן געווען אַן אַקטיווער טוער פון דער קלאָוקמאַ־כערס־יוניאָן. אַ באַוואוסטזיניקער אַרבעטער וועלכער האָט זיך מיט אידעאַליזם און אָפּפערווויליקייט אין זיין יוגנט אַריינגעוואָרפן אין דער באַוועגונג און איז איר געבליבן געטריי זיין גאַנץ לעבן. מאיר קושנער האָט געלעבט מיט די פּראָבלעמען פון זיין יוניאָן נישט ווי אַ זייטיקער אָבסערוואַטאָר, נאָר ווי אַן אַקטיווער מיטקעמפער, וועלכער איז אַלע מאָל געווען פאַרוויקלט אין די קאַמפן פון די קלאָוקמאַכער און פון זייער יוניאָן.

פאַר אים איז די אַרבעטער־באַוועגונג און זיין יוניאָן געווען אַ טייל פון זיין לעבן. ער איז שטענדיק געווען אַ מענטש פון טיפע איבערצייגונגען און פּרינציפּן. פון אַ סאָציאַליסטישן וועלט־באַנעם און ער האָט קיין מאָל נישט אָפּגעגנויגט פון דעם וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר ריכטיק. די שטרענגע סאָ־ציאַליסטיש־עטישע פּרינציפּן לויט וועלכע ער האָט געלעבט האָט ער אויך אָנגעווענדעט צו אַנדערע, פאַרלאַנגט פון אַנדערע. נישט קיין וואונדער אַז ער איז אַזוי אָפט געווען קריטיש צו אַנדערע טוערס און פירערס.

מאיר קושנער איז זיין גאַנץ לעבן געווען אַן אַרבעטער אין אַ קלאָוק־שאַפּ. ער האָט געלעבט מיט די נויטן און פריידן פון זיינע ברידער און האָט נישט געקענט זיין גלייכגילטיק צו די אַרבעטס־און לוין־באַדינגונגען. ער האָט געקוקט אויף די פּראָבלעמען פון דער יוניאָן נישט פון שטאַנדפּונקט פון פּערזענלעכער אַמביציע, נאָר פון דעם וואויל פון דער גאַנצער באַוועגונג. אין זיין קאַמף איז ער געווען האַרטנעקיק און אויסגעהאַלטן. ער האָט

זיך אַלע מאָל אַנטקעגנגעשטעלט דער דעמאָראַליזאַציע און קאָרופּציע, וועלכע די קאָמוניסטן האָבן זיך באַמיט אַריינצופּלאַנצן אין אונדזערע יוניאָנס.

מאיר קושנער האָט אונדז געזאָגט אַז ער גייט נישט שרייבן אַ בוך פון לויבגעזאַנגען פאַר קיינעם, אַז זיין בוך וועט זיין אַ באַשרייבונג פון זיינע איבערלעבונגען און דערפאַרונגען, אַזוי ווי ער האָט געדענקט זיי און אַז ער און בלויז ער וויל זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם וואָס ער זאָגט אין דעם בוך.

מיר האַלטן אַז מאיר קושנער איז באַרעכטיקט צו האָבן די מעגלעכקייט און געלעגנהייט צו דערציילן פון זיין לעבן און קאַמף. מיר זיינען גליקלעך וואָס מיר האָבן אים געהאָלפן אַרויסצוגעבן זיין בוך. מיר האָפן אַז די לעזער וועלן געפינען דאָס בוך אינטערעסאַנט און מיר ווינטשן דעם מחבר אַ סך דערפאָלג.

יולי 1960. פאַרן מאיר קושנער בוך־קאָמיטעט

**הערי פישער, טשערמאַן**

**אייב זירלין, ווייס־טשערמאַן**

**יהושע פאָגעל, סעקרעטאַר**

# מאיר קושנער — אַ טרייד־יוניאָן־סאָציאַליסט

## פון יהושע פאָגעל

פאַראַן אַלערליי טרייד־יוניאָניסטן. פאַראַן אַ „פּיור און סימפּל" טרייד־יוניאָניסט. פאַראַן אַ ברויט און פּוטער יוניאָניסט. אָבער מאיר קושנער איז דאָס וואָס איך וואָלט באַצייכנט אַלס טרייד־יוניאָן־סאָציאַליסט.

וואָס מיינט דאָס?

דאָס מיינט אַ טרייד־יוניאָניסט וואָס פאַרבינדט זיין טאָג־טעגלעכן קאַמף פאַר מאַטעריעלע פאַרבעסערונגען מיט העכערע וועלט־באַפרייענדיקע אי־דעאַלן. אַזאַ סאָציאַליסט באַטראַכט זיינע טרייד־יוניאָן אויפגאַבן ווי אַן אָר־גאַנישער טייל פון זיינע פּרינציפּן וועלכע קענען איינע פון די אַנדערע ניט אָפּגעטיילט ווערן.

אָט אַזאַ מענטש איז אונדזער גענאָסע קושנער. ער האָט זיין גאַנץ לעבן אין זיך אויסגעשמידט אַ טיפן באַוואוסטזיין, אַז דער קאַמף וואָס ווערט אָנ־געפירט אויף דעם טרייד־יוניאָן געביט קען בלויז האָבן אַ האַפּט ווען אין דעם בעכער פון פּראָזאַאישע שטרעבונגען וועט אַריינגעגאָסן ווערן דער זאַפט פון יענע סאָציאַליסטישע אידעאַלן וואָס האָבן באַגייסטערט און באַפליגלט אַלע די וועלכע האָבן געווידמעט זייערע לעבנס צו שאַפן אַ בעסערע און שענערע וועלט אויף גערעכטע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע יסודות.

גענאָסע מאיר קושנער פאַרקערפּערט אין זיך אין אַ גרויסער מאָס די דאָזיקע פאַסנדיקע אייגנשאַפטן.

גענאָסע מאיר קושנער האָט סיי אין דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן און סיי אין דעם קלאָוק־פינישערס לאָקאַל 9, אַלעמאָל אַריינגעטאָן און דורכגעפלאָכטן זיין סאָציאַליסטישן גלויבן אין דער רוטינער טעטיקייט. טאַקע דער דאָזי־קער גלויבן האָט אים געשטאַרקט אין מאָמענטן פון אַנטמוטיקונג און אַנ־טוישונג. די דאָזיקע אמונה אַז דער סאָציאַליזם וועט לייזן אַלע אומרעכטן און פאַרענטפערן אַלע שאלות — דאָס האָט אים באַפּאַנצערט אין די מאָמענטן ווען קלעפּ האָבן אים געהאַמערט, ווען ער איז פאַלש פאַרשטאַנען געוואָרן און ווען „פריינד" האָבן אים פאַרלוימדעט.

פון מיין טיפסטן האַרצן ווינטש איך מיין פריינד קושנער נאָך אַ סך פרייד און נחת. ער האָט דאָס כשר פאַרדינט.

which resulted in a complete physical collapse. This illness forced him into retirement and a sudden halt to his various activities.

While recuperating from the shock of Mother's death and his own severe illness, the idea of writing his memoirs began to grow and grow until it became a compelling urge to put into words his Strife for Life. We watched him write page after page recording the events, and persons that affected and crowded his lifetime.

We, the children, are very proud of our father.

*Mrs. Florence Gardner*

*David Kushner*

## A FEW WORDS FROM MY CHILDREN

Our father was a young man when he arrived in New York City in the early 1900's. He left behind him Czarist Russia with its political, economic and religious persecutions. He came to this "goldineh medinah" with inspirations, ideals and dreams for a better, fuller and freer life only to find another bitter economic struggle going on.

Skilled with a needle, he joined the then young and weak Cloak Makers Union. He threw himself wholeheartedly into the labor movement, not as a paid officer, but as an energetic, articulate and militant rank and filer. We, as children, remember the many nights we went to bed without seeing father because of union meetings. We remember the bitter strikes, the frequent and long slack periods, the lack of money for necessities, the suffering and the heartbreaks.

Throughout these travails, there was a deep love, respect and close relationship between father, mother and children. Mother gave him courage and faith in hs intense and consummate idealistic drive to better the economic, financial and working conditions of all workers, especially the cloakmakers. He was altruistic in purpose giving fully of his time and meager funds assisting friends, and fellow workers with their personal and union problems.

Father was always very liberal in his political thinking but unalterably opposed to Communism. He furiously fought the Communists inside as well as outside the Union. He was adamant in what he thought was right even though it, at times, resulted in personal hardships.

The first great tragedy of his life was the loss of our dear brother in World War II whose body was never recovered. The second great tragedy was the death of our beloved Mother.

# עטלעכע ווערטער פון מיינע קינדער

אונדזער פֿאָטער איז נאָך געווען אַ יונגער מענטש ווען ער איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק אין די ערשטע יאָרן פון איצטיקן יאָרהונדערט. ער האָט געלאָזט הינטער זיך דאָס צאַרישע רוסלאַנד מיט זיין פּאָליטישער, עקאָנאָמישער און נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג. ער איז געקומען אין אונדזער „גאָלדענער מדינה" פול מיט באַגייסטערונג, אידעאַלן און חלומות וועגן אַ בעסער, שענער און פרייער לעבן — אָבער אָנגעטראָפן האָט ער אויף אַ שווערן, און ביטערן עקאָנאָמישן קאַמף.

אַ געניטער מיט דער נאָדל אין האַנט, האָט ער זיך באַלד אָנגעשלאָסן אין דער יונגער און שוואַכער קלאָוקמאַכערס־יוניאָן. מיטן גאַנצן האַרצן האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, נישט ווי אַ געצאָלטער באַאַמטער, נאָר ווי אַן ענערגישער, איבערגעגעבענער און קעמפערישער מיטגליד פון דער מאַסע. מיר, קינדער, געדענקען די אָפטע נעכט ווען מיר זיינען געגאַנגען שלאָפן נישט־זעענדיק דעם טאַטן, ווייל ער איז געווען פאַרנומען ביי יוניאָן־מיטינגען. מיר געדענקען די שווערע שטרייקן, די אָפטע פעריאָדן פון „סלעק", די דחקות אין דער היים. די ליידן און האַרצווייטיק.

אָבער דורך די אַלע צייטן פון מאַטערניש האָט עקסיסטירט אַ טיפע ליבע, דרך־ארץ און נאָענטע פאַרבינדונג צווישן טאַטע, מאַמע און קינדער. די מאַמע האָט אים צוגעגעבן מוט און גלויבן אין זיין געראַנגל פאַר בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען פאַרן אַרבעטער, ספּעציעל פאַרן קלאָוקמאַכער, וועלכן ער איז געווען איבערגעגעבן מיט אידעאַליזם, מיט לייב און לעבן. ער האָט געדינט זיינע גורל־ברידער מיט אַ ריין האַרץ און ער האָט זיי געשטיצט נישט בלויז אין יוניאָן־קאַמף, נאָר טייל מאָל אויך פון זיינע מאָגערע פאָנדן.

אונדזער פאָטער איז שטענדיק געווען זייער ליבעראַל אין זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען, אָבער ער איז שטענדיק געווען אַ שאַרפער קעגנער פון קאָמוניזם. ער האָט מיט ברען באַקעמפט די קאָמוניסטן אין דער יוניאָן און אויסער דער יוניאָן. ער איז געווען נישט נאָכגיביק בנוגע אַלץ וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר ריכטיק, אַפילו ווען דאָס האָט אים געבראַכט פערזענלעכן מאַטעריעלן שאָדן.

די ערשטע גרויסע טראַגעדיע אין זיין לעבן איז געווען דער אומקום פון אונדזער טייערן ברודער אין דער צווייטער וועלט־מלחמה: זיין קערפּער

איז קיינמאָל נישט אָפּגעפּונען געוואָרן. די צווייטע גרויסע טראַגעדיע איז געווען דער טויט פון אונדזער באַליבטער מוטער; דאָס האָט אונדזער פאָטער דערפירט צו אַ פולן פיזישן צוזאַמענבראָך. זיין שוואַכער געזונט האָט אים געצוואונגען צוריקצוציען זיך פון דער אַרבעט און פון יעדער אַקטיווער טעטיקייט.

נאָך דעם ווי ער איז געקומען צו זיך נאָך דער איבערטרייסלונג פון טויט פון אונדזער מוטער און פון דער שווערער קראַנקייט, האָט אָנגעהויבן ביי אים וואַקסן דער געדאַנק וועגן אָנשרייבן די זכרונות פון זיין לעבן. דער דראַנג דערצו איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, ביז ס'איז געוואָרן ביי אים אַ צוואַנג אַרויסצוברענגען אין ווערטער דעם גערעַנגל פון זיין גאַנץ לעבן. מיר האָבן זיך צוגעקוקט ווי דער דאָקומענט איז געוואַקסן זייט נאָך זייט, ווי ער האָט ביסלעכווייז פּאַראייביקט אויפן פּאַפּיר מענטשן און געשעענישן וואָס האָבן באַווירקט און אויסגעפּילט זיין לעבנסוועג.

מיר, זיינע קינדער, זיינען שטאָלץ מיט אונדזער פאָטער.

**פלארענס גאַרדנער**

**דוד קושנער**



מײַן פֿרוי פֿעני, געװעזן אַן אַקטיװע בונדיסטקע,
געשטאָרבן דעם 17 יאַנואַר 1952

קאַפּיטל 1

# קרעמענטשוג — מיין היימשטעטל

קרעמענטשוג איז מיין אַלטע היים וואו כ׳בין געבוירן געוואָרן. דאָרט האָב איך מיינע יונגע יאָרן אַדורכגעלעבט. דאָס בילד פון דער שטאָט, אירע פלעצער, אירע מענטשן און דאָס אָרט לעבן קען איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

געווען איז עס אַן אינדוסטריעלע שטאָט, מיט מילן, טאַרטאַקן וואָס האָבן באַקומען די האָלץ צוגעפירט מיטן דניעפּר. די האָלץ־אינדוסטריע איז אין אונדזער שטאָט געווען זייער אַנטוויקלט און זי האָט באַשעפטיקט פיל מענטשן. מיטן דניעפּר האָט מען צוגעפירט פיל פּראָדוקטן אין שטאָט אַריין, ווי אויך פרוכטן, ווי עפּל, באַרנעס, פלוימען. דאָס אַלץ איז מעגלעך געווען זומער־צייט. אין ווינטער איז דער דניעפּר געווען געפרוירן און דער האַנדל איז אָנגעגאַנגען אויף אַנדערע וועגן.

דער רוב געשעפטן איז געלעגן אין יידישע הענט. אַ חוץ דער האָלץ־אינדוסטריע איז אַ וויכטיקע באַשעפטיקונג אויך געווען די סיגאַרעטן־אינדוסטריע. עס זיינען געווען אויך אייזן־פאַבריקן — אויף דער צווייטער זייט פון דניעפּר — וועלכע האָבן באַשעפטיקט אַ סך אַרבעטער. ספּעציעל וויכטיק איז געווען די פאַבריק פון באַן־וואַגאָנען, וואו ס׳האָבן געאַרבעט פופצן טויזנט מענטשן. געווען זיינען אויך פאַבריקן פון פּאַפּיר און פון שאַכטלען, דרוקערייען און אַ סך קליינע וואַרשטאַטן פון שניידעריי, שוסטעריי, איינבינדעריי און אַנדערע.

אַ חוץ די טויזנטער אַרבעטער האָבן אויך אין שטאָט נישט געפעלט קיין מעקלערס און לופט־מענטשן וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט מיטן שטעקעלע אין האַנט און געזוכט אַ פּאַרדינסטל.

ניט געקוקט אויף דער פאַרצווייגטער אינדוסטריע איז קרעמענטשוג געווען אַ שטאָט פון אָרעמקייט. זייט ביי זייט מיט די גבירים, זיינען געווען פיל וואָס האָבן געלעבט פון אַ דאַר שטיקל ברויט און געהאָפט אויף אַ בעסערן מאָרגן.

קרעמענטשוג האָט פאַרמאָגט אַרום 75 טויזנט איינוואוינער, צווישן זיי — 45 טויזנט יידן. דאָס יידישע לעבן אין שטאָט איז געווען קענטיק ביז גאָר. אַז עס איז געקומען פרייטיק נאָך קבלת־שבת איז די שטאָט געוואָרן

איינגעהילט אין פינצטערניש, כמעט אַלע געשעפטן זיינען געווען פאַרמאַכט, ווייל די אייגנטימער זיינען געווען יידן.

שבת און אַ יידישער יום־טוב איז געווען אויסגעשפרייט איבער דער שטאָט. שמחת־תורה האָט מען געטאַנצט איבער די גאַסן מיט דער ספר־תורה. שטאַרק האָט זיך אָנגעזען דער איינפלוס פון די חסידים אין שטאָט. צו אַ שמחה, אַז מען האָט געפירט דעם רבין אין שול אַריין, איז די גאַס געווען פול מיט חסידים און מען האָט געטראָגן דעם רבין אויף די הענט. דער געזאַנג איז געהערט געוואָרן גאַסן־ווייט. בתי־מדרשים און חסידישע שטיבלעך איז געווען לרוב, מער פון אַלע בתי־תפלה האָט זיך אָנגעזען די גרויסע שול.

אין אַ יום־טוב, אין דער גרויסער שול, ווען דער חזן האָט געזונגען, זיינען אין דער דאָזיקער שול געקומען היכע אָפיצירן און באַאַמטע הערן דעם חזן. עס איז געווען וואָס צו הערן. אין מיין צייט איז געווען חזן אברהמל אָרנשטיין. ער איז איצט אין אַמעריקע און ער איז אַ זקן, ער איז איצט שוין זיכער אַלט איבער 100 יאָר.

קריסטן און יידן האָבן צווישן זיך געלעבט בשלום. אויב עס זיינען געווען אָנפאַלן און פּרואוון פון אַ פּאָגראָם, זיינען זיי געווען פּראָוואָצירט דורך דער מאַכט און זי האָט געבראַכט גויים פון פרעמדע שטעט דורכצופירן אַ פּאָגראָם.

ביי איינעם אַזאַ פּאָגראָם האָבן די אָנפאַלער געהאַט אַ שוואַרצן סוף. געווען צווישן אונדז יידן גיבורים און ניט קיין שרעקעוודיקע, בפרט צווישן די אַלטוואַרג־הענדלער און קצבים, האָבן זיי אָנגעלערנט אַ לעקציע די פּאָגראָמשטשיקעס אַז זיי האָבן געהאַט צו געדענקען. אין איין פאַל האָבן זיי צעהרגעט אַכציק גויים. צווישן די יידן איז קיין קרבן נישט געווען. וואָס די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן צוגערויבט האָט מען ביי זיי אָפּגענומען.

דאָס איז פאָרגעקומען אין 1906. געווען אויך פאַלן, אַז אין צייט פון פּריזיוו פלעגן יונגע גויים פון די דערפער זיך אָנשיכורן און פאַרטשעפּען יידן, פלעגן זיי כאַפּן דעם ריכטיקן אָפּשניט פון די קצבים־יונגען.

***

פרילינג־צייט ווען דער אייז אויפן דניעפּר האָט אָנגעהויבן צעגיין, איז די שטאָט געווען פאַרנומען מיט בויען דאַמבעס צו פאַרשטעלן די שטורעמדיקע וואַסערן פון אַריינדרינגען אין שטאָט.

קלויסטערס האָבן געקלונגען, געוואָרנט און גערופן נאָך הילף. טראָץ די באַמיאונגען צו טאַמעווען די ברויזנדיקע וואַסערן, האָט דאָס וואַסער אַדורכגעריסן די נישט גענוג פעסטע דאַמבעס.

מיר האָבן געוואוינט נאָענט צום דניעפּר, געהאַט אַ בהמה און אַ פערד, וואָס האָבן געהאָלפן אין דער פּרנסה. ווען די פּאַרפּלייצונג איז אָנגעקומען האָבן מיינע עלטערן נישט געוואוסט וועמען פריער צו ראַטעווען, די בהמה מיטן פערד, אָדער די קינדער, אָדער דאָס ביסל אָרעמקייט. ביז מ׳האָט זיך אַרומגעקוקט וואָס צו טאָן איז שוין דאָס וואַסער געווען אין די הייזער. די קינדער האָט מען דעמאָלט שנעל געכאַפּט אַרויף אויפן בוידעם. די גויישע שכנים קומען ראַטעווען, אָבער דאָס וואַסער פלייצט און פלייצט. אַזוי זיינען פיל פאַמיליעס געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ און מ׳האָט זיי איינ־קוואַרטירט אין דער גרויסער שול אויפן העכסטן שטאָק.

ווען דאָס וואַסער איז אָפּגעפלאָסן און דער בייזער דניעפּר איז צוריק אַריין אין זיינע גרענעצן, האָט מען אָנגעהויבן צוריקקומען אין די היימען און צוריק ברענגען אין אָרדענונג דעם שאָדן, וואָס דאָס וואַסער האָט אָנגעטאָן.

בעת אַ פּאַרפּלייצונג איז מען אין שטאָט אַרומגעשוואומען אין שיפלעך און אויף צוזאַמענגעשלאָגענע ברעטלעך, מיט אַ שטעקן אין האַנט אַלס אַ רודער. דער חורבן נאָך אַזאַ פּאַרפּלייצונג איז געווען אַ גרויסער.

יונגערהייט האָב איך נישט פאַרשטאַנען די געפאַר פון דעם שטורמישן דניעפּר. איין מאָל, שטייענדיק אויף אַ פּליט ביים ברעג, האָט מיך דאָס וואַסער געגעבן אַ שלעפּ אַוועק, און איין אויגנבליק בין איך שוין געווען אַוועק אַ שטיק פון ברעג און מער ווי הימל און וואַסער האָב איך ניט געזען. דער שטעקן וואָס כ׳האָב געהאַלטן האָט מיר נישט געהאָלפן, ווייל די פּליטע איז געוואָרן געיאָגט פונעם שטראָם אַראָפּ און אַראָפּ. כ׳האָב נישט געזען קיין הילף און נישט ווער ס׳קען מיך ראַטעווען, כ׳האָב זיך פאַרגעשטעלט אַז דאָס איז מיין סוף, כ׳וועל דערטרונקען ווערן און מיינע עלטערן וועלן אַפילו נישט וויסן וואָס מיט מיר איז געשען. כ׳האָב זיך נישט אַזוי געזאָרגט פאַר מיין ביטערער לאַגע ווי פאַר דער זאָרג פון מיינע עלטערן וועגן מיר.

מיטאַמאָל זע איך אָנקומען אַ פּאַסאַזשיר־שיף. ס׳איז געווען די שיף, וואָס איז געגאַנגען פון יעקאַטערינאָסלאַוו. די שיף איז נאָך געווען ווייט פון מיר. איך האָב אָנגעהויבן שרייען מיט אַלע כוחות נאָך הילף, מיינע געשרייען זיינען פאַרזונקען געוואָרן אין רויש פון די כוואַליעס און אָפּגעשלאָגן אַ שוואַכן עכאָ אין דער ווייטקייט. איך האָב געפאָכעט מיט די הענט און מיטן שטעקן, האָפנדיק אַז מ׳וועט מיך פון דער שיף דערזען און קומען צו הילף. ענדלעך האָט מען מיך אויף דער שיף באַמערקט און די שיף האָט זיך דער־נענטערט אין מיין ריכטונג. מ׳האָט אַראָפּגעלאָזן אַ קליין שיפל מיך אַרויפ־צונעמען. די הויכע כוואַליעס האָבן באַשווערט מיין רעטונג, ביז כ׳האָט זיי אויסגעשטרעקט מיין לאַנגן שטעקן. זיי האָבן עס אָנגעכאַפּט און אַזוי אַרום צוגעשלעפּט די פּליטע צום שיפל. מיט אַ לייטער האָבן מיך די מאַטראָסן אַרויפגענומען אויף דער שיף און מיך צוגעפירט צום ברעג.

איך בין אַוועק אין שול וואו אונדזער פֿאַמיליע האָט זיך אויפֿגעהאַלטן און זיי גאָרנישט דערציילט וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט.

די פֿאַרפּלייצונג האָט אויסער מאַטעריעלן שאָדן אָפּט מאָל אויך געבראַכט עפּידעמיעס אין שטאָט וואָס האָבן אַוועקגעריסן פֿיל מענטשלעכע לעבנס.

מען פֿלעגט אָננעמען אַלע מעגלעכע מיטלען קעגן דער עפּידעמיע. הינטער דער שטאָט איז געווען אויסגעבויט אַ גרויסער באַראַק וואָס האָט געדינט אַלס שפּיטאָל. ווען ס'האָט געבושעוועט די כאָלעריע־עפּידעמיע האָט זי זיך אַריינגעכאַפּט תיכף אויך צו אונדז אין שטאָט. האָט עמיצער באַקומען בויך־ווייטאָג איז געקומען דער דאָקטאָר און דעם חולה אַוועקגעפֿירט אין שפּיטאָל־באַראַק.

געווען פֿאַלן וואָס מ'האָט אַריינגענומען אין שפּיטאָל אַריין געזונטע מענטשן, וועלכע האָבן בכלל נישט געליטן פֿון דער עפּידעמישער קראַנקייט, ערשט זייענדיק דאָרטן האָבן זיי זיך אָנגעשטעקט מיט דער כאָליערע.

דאָס האָט אָנגעוואָרפֿן אַ שרעק אויף אַנדערע, אין אַ סך פֿאַלן האָבן מענטשן וואָס זיינען קראַנק געוואָרן אויף דער כאָליערע זיך באַהאַלטן און נישט גערופֿן קיין דאָקטאָר, מורא האָבנדיק צו גיין אין שפּיטאָל פֿון וואַנען מען איז זעלטן צוריקגעקומען אַ לעבעדיקער. די שוואַרצע קאַרעטע, וואָס האָט געפֿירט די קראַנקע אין שפּיטאָל אַריין, האָט אָנגעיאָגט אַ שרעק אויף יעדן איינעם.

איך פֿלעג נאָכלויפֿן די קאַרעטע ביז צום באַראַק, וואו מ'האָט מיך ניט אַריינגעלאָזט. איך פֿלעג אויך לויפֿן צום בית־עולם זען ווי מ'פֿירט די מתים צו קבורה. ווען מיין פֿאָטער איז געוואויר געוואָרן דערפֿון האָט ער מיך אָנגעשלאָגן און אָנגעשראָקן אַז פֿון אַזעלכע שטיק מיינע קען איך זיך אַליין אויך אָנשטעקן מיט דער קראַנקייט און שטאַרבן.

איך האָב זיך אָבער נישט צוגעהערט צו מיין פֿאָטערס וואָרענונגען, עפּעס ווי אַ בייזער רוח האָט מיך געטריבן נאָכצולויפֿן די קאַרעטע צום באַראַק. די עפּידעמיע האָט מיך אָבער אויסגעמיטן.

ווען עמיצער איז קראַנק געוואָרן, האָט מען די וואוינונג אויסגעשפּריצט מיט קאַרבאָן־עסיק. פּאָליציי איז אַרומגעגאַנגען איבער די שפּייז־קראָמען אין מאַרק און אויב זיי האָבן באַמערקט שפּייז, וואָס האָט אויסגעזען ניט פֿריש, האָבן זיי עס באַלד באַשפּריצט מיט קאַרבאָן־עסיק. הויפּטזעכלעך האָבן זיי אַכטונג געגעבן אויף דער פֿרישקייט פֿון פֿרוכט. דאָס האָט געמאַכט בדיל־הדל אַ סך אָרעמע קרעמערס, אָבער קיין אַנדער אויסוועג איז נישט געווען.

די עפּידעמיע האָט אָנגעהאַלטן ביז ס'איז געקומען אַן ענדערונג אין וועטער. ווען ס'איז געוואָרן קאַלט איז די צאָל קראַנקע געוואָרן קלענער און קלענער. די עפּידעמיע האָט אויסגעריסן פֿון שטאָט טויזנטער מענטשן. דער בית־עולם איז געוואָרן אַ זייער לעבעדיק אָרט, וואו מ'איז טאָג און נאַכט געווען פֿאַרנומען מיט מקבר זיין די קרבנות פֿון דער מגפֿה.

***

אין אַ יום־טוב־טאָג איז די שטאָט געווען פול מיט חסידים, וואָס זיינען געקומען פראַווען יום־טוב ביי זייערע רביים און גוטע יידן. די חסידים האָבן געהערט צום רייכערן קלאַס יידן, בעת די מתנגדים זיינען געווען מערסטנס אָרעמעלייט און בעל־מלאכות, שניידער, שוסטער און קליינע קרעמער.

אַז ס'איז פאָרגעקומען אַ חסידישע חתונה איז עס געווען אַ גבירישע חתונה מיט פּאָמפּע און פאַרנעם. ווען ר' יהושע גור אריה האָט חתונה געמאַכט זיין טאָכטער פאַר אַ בן־תורה, אַ רבס אַ זון, איז די שטאָט געגאַנגען אויף רעדלעך. ווען מ'האָט געפירט דעם חתן צו דער גרויסער שול — אַ מרחק פון אַ צען גאַסן — איז מוזיק געגאַנגען אין שפּיץ פון פּאַראַד, אויפן שולהויף איז געווען אויסגעשפּרייט אַ דיוואַן ביז צו דער חופּה. נאָך דער חופּה האָט מען געפירט חתן־כלה איבער די גאַסן מיט מוזיק און חסידישע טענץ. דער חתן האָט געהאַלטן איין עק פּאַטשיילע און די כלה דעם צווייטן עק און מ'איז געגאַנגען אין אַ קאַראַהאָד. ר' יהושע גור אריה האָט מיט אַ ברייטער האַנט געטיילט נדבות צו אָרעמע לייט און געגעבן אַ רייכן מאָלצייט כיד־הגביר פאַר די אָרעמעלייט — כל דכפין ייתי ויכול. אויף זיי גרויסן הויף איז געוואָרן אויפגעשטעלט אַ גרויס געצעלט, און אַ גאַנצע וואָך האָט געדויערט די שמחה. די גאַנצע שטאָט זיינען געווען מחותנים.

חסידים אין קרעמענטשוג האָבן געגעבן נדבות מיט אַ ברייטער האַנט און אויסגעהאַלטן פאַרשיידענע אינסטיטוציעס אין שטאָט, ווי שפּיטאָל, גמילת־חסדים, תלמוד־תורה א"אַנד.

צוויי שטאָטישע רבנים זיינען געווען חסידישע. איינעם האָט מען גערופן דער קראָקאָווער רב, דער צווייטער איז געווען דער שאראזער רב. דער שאַראזער רב איז געווען מער וועלטלעכער ווי דער קראָקעווער רב, וועלכער איז געווען אַ קנאישער חסיד.

דער פאָטער מיינער און זיידע זיינען געווען מתנגדים, זיי האָבן נישט געהאַלטן פון די „גוטע יידן" און פון די „רבילעך". מיך האָט אָבער יינגלוויז געצויגן צו די חסידים, צו זייערע חסידישע הולאַנקעס, זייער פראַווען שלש־סעודות, זייער זינגען, טאַנצן און זייער התלהבות. שמחה און פריידן איז געווען ביי זייערע צוזאַמענקומען. זיי האָבן אויך אַרויסגעוויזן איבערגעבנקייט איינער צום צווייטן און זיי האָבן זיך אויך געהאָלפן אין דער פרנסה.

ס'איז געווען זייער אינטערעסאַנט צו זען, ווען דער רבי איז געקומען צו פאָרן, וואָס פאַר אַ קבלת־פּנים די חסידים האָבן אים געגעבן, מיט וואָס פאַר אַ פריידן און התלהבות זיי האָבן אים אויפגענומען, און שפּעטער ביים פראַווען טיש, מיט וואָס פאַר אַ אויפגעשפּיצטע אויערן זיי האָבן אויפגעכאַפּט יעדעס וואָרט פון רבינס הייליקן מויל.

צו שלש־סעודות זיינען די חסידים געזעסן אַרום טיש מיטן רבין אויבנאָן. ער פלעגט מאַכן אַ המוציא האָט אָפּגעביסן אַ שטיקל און דאָס איבעריקע צע־טיילט שיריים צו די חסידים. עס איז געוואָרן אַ שטופּעניש און אַ כאַפּעניש פאַר אַ שטיקל שיריים, צו קענען עס אַהיים ברענגען און צעטיילן צווישן דער פאַמיליע און אין דעם זכות געהאָלפן ווערן. שפּעטער האָט דער ר'בי פאַרזוכט פון אַ טעלער אַ ביסל קאַשע. אין איין אויגנבליק האָבן זיך די חסידים גע־געבן אַ וואָרף צום טעלער קאַשע און מיט די הוילע הענט אַריין אין טעלער און געכאַפּט וויפל ס'האָט זיך געלאָזט. אַ קליי̇ניקייט — שיריים פון רבין!

אין קאָנטראַסט צו דער חסידישער פריילעכקייט איז ביי די מתנגדים אין שול געווען אַן אומעט. זיי האָבן אויסגעזען פאַרזאָרגט. חסידים האָבן געדאַוונט מיט פרייד און די מתנגדים האָבן געדאַוונט מיט געבעט. די מתנגדים האָבן זיך מתקנא געווען אין די חסידים וואָס האָבן צוויי רבנים אין שטאָט, זיינען זיי געקומען צו דער קהלה מיט אַ פאָדערונג, אַז אויך זיי זאָלן האָבן אַן אייגענעם רב, וואָס זיי ווילן אַראָפּברענגען פון דער ליטע.

עס איז זיי טאַקע געלונגען אַראָפּצוברענגען אַ רב אַ גרויסן בן־תורה, אַ מטופל מיט אַ סך קינדער און אַ גרויסער אָרעמאַן דערצו.

גייענדיק אין שול אָדער מקוה, אָנגעטאָן אין טלית מיט אַ מאַנטל פון אויבן, איז ער קיינמאָל נישט געגאַנגען אויפן טראָטואַר, נאָר אין מיטן גאַס, וועלנדיק אויסמיידן אַן אשה אָדער אַן ערל. יעדן שבת האָט ער געהאַלטן אַ דרשה אין שול. די מתנגדים האָבן אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד.

קיין גרויסער שלום־בית איז נישט געווען צווישן די חסידים און די מתנגדים. געווען אַ פאַל, אַז פאַר פסח, ווען מ'האָט געבאַקן מצות, האָט זיך געטראָפן, אַז איינער פון די אַרבעטער איז צוגעגאַנגען נעמען וואַסער פון פאַס, געפינט ער דאָרט אַ ברויט. ס'איז געוואָרן אַ טומל און מ'איז געלאָפן פרעגן אַ שאלהביים חסידישן רב. דער רב האָט געפּסקנט אַז אַלץ אין דער בעקעריי איז חמץ. הערנדיק דעם פּסק, ווערט די אָרעמע בעקערס פינצטער פאַר די אויגן. וואו וועלן זיי נעמען געלט צו קויפן פריש מעל? איז איינעם איינגעפאַלן אַ געדאַנק צו גיין מיט דער זעלבער שאלה צום מתנגדישן רב. גערעדט און געטאָן. דער רב דער ליטוואַק, אויסהערנדיק די געשיכטע, האָט פאַרשטאַנען די שווערע סיטואַציע פון די בעקערס און האָט געפּסקנט אַז די מצות וואָס מ'האָט געבאַקן ביז מ'האָט געפונען דאָס ברויט ביים פאַס זיינען כשר, נאָר די טייג, וואָס מ'האָט געהאַלטן אין דער אַרבעט, זאָל מען אַרויס־וואַרפן און כשרן פון דאָס ניי דעם פאַס.

ווען די שטאָט איז געוואויר געוואָרן פון דער געשיכטע, אַז איין רב זאָגט חמץ און דער צווייטער זאָגט כשר, איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע. די חסידים האָבן איינגעריסן וועלטן און געצאָרנט אויפן מתנגדישן רב. דער מתנגדישער רב האָט זיך פאַרענטפערט, אַז ער האָט ניט געוואוסט אַז די בעקערס זיינען

געווען פריערביים חסידישן רב מיט דער זעלבער שאלה. דאָס האָט אָבער נישט איינגעשטילט דעם רעש, די קריגערייַ צווישן די צדדים האָט זיך צעפלאַקערט.

די זעלבע געשיכטע האָט זיך איבערגעחזרט מיט אַ שאלה אויף אַ הון. אַן אָרעמע יידענע הערנדיק פון חסידישן רב דעם פסק־דין „טרפה״, האָט נעבעך געוואָלט האָבן אַ הון אויף שבת, איז זי אַוועק מיט דער זעלבער שאלה צום מתנגדישן רב, וועלכער האָט געפסקנט כשר.

דער שמש פון ליובאַוויטשער שול, אַ פאַנאַטישער חסיד, איז געוואָרן מלא חמה אויפן מתנגדישן רב. ער איז אַוועק צום רב אין הויז אים געזידלט און מביש געווען און זיך געוואָרפן אויף אים מיט די פויסטן. די בני־בית פון רב האָבן געמאַכט אַ גוואַלד און דער שמש איז אַרויסגעלאָפן פון הויז.

די געשעעניש האָט אַרויסגערופן אַ גערודער אין שטאָט. די שטאָט יידן איז געלאָפן זען וואָס ס'איז געשען. זעענדיק אַנדערע לויפן — בין איך אויך געלאָפן אַ באַרוועסער צום רבס הויז. קליין און גרויס איז אַוועק צום רב, זען וואָס ער מאַכט, וואָס ס'איז פאָרגעקומען, יידן האָבן פאַרמאַכט די געשעפטן, איבערגעלאָזן די וואַרשטאַטן און אַוועק צום רב.

דער שמש זעענדיק וואָס ער האָט אָפּגעטאָן, האָט מורא באַקומען פאַרן צאָרן פון קהל, האָט ער זיך באַהאַלטן אין דער ליובאַוויטשער שול. זיין גליק איז געווען וואָס מ'האָט אים נישט געפונען — וואָלט מען אים געפּאַקט, וואָלט אים די אויפגערעגטע מאַסע דורס געווען. אַגב, דעם שמשס קינדער זיינען שפּעטער אויסגעוואַקסן סאָציאַליסטן און רעוואָלוציאָנערן. מיט איינעם פון זיי בין איך געווען צוזאַמען אַרעסטירט אין 1903, זיין נאָמען איז געווען מאיר גורעוויטש.

דער קאַמף צווישן די חסידים און מתנגדים האָט זיך נאָך לאַנג געצויגן. די חסידים וואָס האָבן געהאַט די דעה איבער דער קהלה אין קרעמענטשוג, האָבן אויס נקמה אויפגעהערט צאָלן שכירות דעם מתנגדישן רב און די מתנגדים האָבן אַליין געמוזט אים אויסהאַלטן פון זייערע מאָגערע הכנסות, צוליב דעם האָט די גרויסע משפחה וואָס דער רב האָט געהאַט, געלעבט נאָך מער אין דחקות.

די מחלוקה מיט די חסידים האָבן זיך לאַנג געשלעפּט, ביז זיי האָבן מסכים געווען צו האָבן אַ דין־תורה ביי ר' יצחק אלחנן, ער זאָל פּסקענען ווער ס'איז געווען גערעכט אין דעם פסק־דין מיט די מצות.

ר' יצחק אלחנן האָט געהאַלטן פאַר ריכטיק דעם פסק פון מתנגדישן רב, ער האָט אָבער געוואָרנט, אַז מען מוז אויסמיידן סתירהדיקע פסק־דינס און ער האָט גערופן צו שלום צווישן יידן.

מיט דעם האָט זיך די מחלוקה איינגעשטילט.

אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז דער מתנגדישער רב אַוועק פון קרעמענטשוג.

זיינע אָנהענגער האָבן געווײנט וואָס ער פאַרלאָזט זיי, זיי האָבן באַשולדיקט די חסידים אַז זיי האָבן אים פאַרטריבן מיט דעם וואָס זיי האָבן אים אָנגעטאָן צרות.

***

דער גייסט פון השכלה האָט זיך אַריינגעריסן אין קרעמענטשוג אַרום אָנהייב 20טן יאָרהונדערט. בחורים פון דער ישיבה וואו ס'האָבן געלערנט זינדלעך פון רייכע חסידישע עלטערן, האָבן אָנגעהויבן אַריינקוקן אין טריף־פסולע ביכער. מ'האָט אָנגעהויבן זיך לערנען רוסיש. דער דראַנג צו השכלה האָט זיך געלאָזן מערקן אין שטאָט. ישיבה־בחורים האָבן אָנגעהויבן פירן דיסקוסיעס איבער פּאָליטיק, זיי האָבן שוין אפילו געשטעלט פראַגן צי ס'איז דאָ אַ גאָט. אין דער זעלבער צייט האָט אויך אָנגעהויבן אויפשטייגן די אַרבעטער־באַוועגונג צווישן דער ידישער יוגנט. אויך אָרעמע יוגנטלעכע האָבן זיך אָנגעהויבן לערנען רוסיש און זיך באַקענען מיט דעם וואָס ס'גייט אָן אין דער גרויסער דרויסנדיקער וועלט.

האָט געטראָפן אַ פאַל אַז עטלעכע ישיבה־בחורים האָבן געוואָלט אויס־פּרואוון דעם כוח פון אַ גוטן יידן, אַ בעל־מופת, וועלכער איז געשטאָרבן. אָבער נאָך זיין טויט האָבן יידענעס נאָך אַלץ געגלייבט אין זיין כוח און זיינען געגאַנגען אין אַן עת־צרה אויף זיין קבר און געבעטן הילף פאַר אַ חולה, פּרנסה, אַ שידוך פאַר אַ טאָכטער מיט אַ גראָען צאָפּ. אַנדערע זיינען געגאַנגען אויף זיין קבר אָפּשרייען אַ גזרה, געזוכט געהאָלפן צו ווערן. מען פלעגט איבערלאָזן אויף זיין קבר אַ קוויטל, אַז דער הייליקער ייד זאָל זיך מיען אויף יענער וועלט. דערביי איז געלעגן אַ פּושקע אויף אַריינצוואַרפן צדקה.

עטלעכע ישיבה־בחורים, וואָס האָבן אָנגעהויבן צווייפלען אין גאָט און אין רבינס כוח, זיינען אַוועק אויפן בית־עלמין, אַריין אין אוהל פון דעם צדיק און האָבן פאַראומרייניקט דעם קבר פון צדיק.

אויב דער צדיק — האָבן די צעלאָזענע בחורים געזאָגט — האָט אַ כוח אויפצוטאָן וואונדער, וועט ער זיי באַשטראָפן פאַר טאָן אַזאַ מיאוסע זאַך. אויב אָבער עס וועט זיי גאָרנישט געשען, איז דער צדיק טויט ווי אַלע טויטע.

דער שומר פון בית־עלמין האָט באַמערקט די מיאוסקייט וואָס די בחורים האָבן אָפּגעטאָן, האָט ער גערופן פּאָליציי, וועלכע האָט זיי אַרעסטירט.

ווען מען איז אין שטאָט געוואויר געוואָרן וועגן דער מיאוסער טאַט, איז געוואָרן אַ גרויסער טומל. די דאָזיקע בחורים זיינען געווען זינדלעך פון רייכע חסידישע טאַטעס. די עלטערן האָבן געטאָן וואָס מ'דאַרף, כדי זייערע זינדלעך צו באַפרייען פון אַרעסט און אויסמיידן אַן עפנטלעכן משפּט. די געשיכטע איז אָבער אַזוי שנעל נישט פאַרגעסן געוואָרן, טראָץ דעם וואָס צו קיין משפּט איז נישט געקומען.

איינער פון די בחורים איז יאָרן שפּעטער געוואָרן אַ קאָמוניסטישער קאָמיסאַר. אַנדערע פון זיי האָבן שטודירט אין אוניווערסיטעטן און געוואָרן אינזשיניערן און אַדוואָקאַטן.

די יוגנט אין קרעמענטשוג האָט אין יענע יאָרן דורכגעמאַכט אַ גרויסע איבעראַנדערשונג, אַ דאַנק דער השכלה און אַ דאַנק דעם אויפשטייג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

## קאַפּיטל 2

# מיין פאַמיליע

איך בין געבוירן געוואָרן אין קרעמענטשוג, אוקראַינע, אין יאָר 1883. מיינע עלטערן זיינען געווען אָרעמע מענטשן, זיי האָבן אַ גאַנץ לעבן שווער געהאָרעוועט און קוים, קוים געהאַט אויף חיונה.

מיין טאַטע בנימין איז געבוירן געוואָרן אין די צייטן פון ניקאָלאַי דעם ערשטן, ווען מ'האָט געכאַפּט יידישע קינדער פאַר קאַנטאָניסטן, ד"ה ווען מען האָט קליינע יינגלעך געכאַפּט אין די גאַסן און זיי אַוועקגעפירט פאַר סאָלדאַטן אין דעם צאַרס אַרמיי. מען האָט די קינדער מיט צוואַנג אָפּגעשמדט און יעדער אַזאַ סאָלדאַט האָט געדינט 25 יאָר אין דער אַרמיי. די דאָזיקע כאַפּונקעס זיינען געווען אַ שרעקלעכע טראַגעדיע פאַר די יידישע פאַמיליעס און יידן פלעגן דעריבער זוכן פאַרשיידענע מיטלען אויסצומיידן דאָס דאָזיקע אומגליק, אַז קליינע קינדער זאָלן אַרויסגעריסן ווערן פון זייערע היימען און ערגעץ וואו אָפּגעשמדט ווערן און פאַרשווינדן אָן אַ שפור.

דעמאָלט, ווי שטענדיק, האָבן זיך צווישן די יידן געפונען אויך מענטשן מיט גרויזאַמע הערצער, זיי זיינען געווען מוסרים, זיי האָבן אָנגעוויזן דער נאַטשאַלסטווע וואו עס איז ערגעץ אויסבאַהאַלטן אַ יידיש יינגל. זיינען ביינאַכט געקומען דעם צאַרס משרתים און אַוועקגעריסן דאָס יינגל פון טאַטע־מאַמע, פון דער היים און אַוועקגעשלעפּט אין דער אַרמיי. געוויינטלעך, פלעגן די עלטערן שוין קיינמאָל זייער קינד פאַר די אויגן ניט זען. דער זון פלעגט אין די פינף און צוואַנציק יאָר, וואָס ער האָט געמוזט דינען אין דער אַרמיי פון צאַר, פאַרגעסן אין זיינע עלטערן, ניט געוואוסט וואו און ווער זיי זיינען, ער איז געוואָרן אַ גוי.

ווען מיין פאָטער איז געווען אַ קליין יינגל, האָט מיין זיידע אויך מורא געהאַט, אַז מ'וועט זיין זון חלילה אַוועקכאַפּן פאַר אַ סאָלדאַט. דער זיידע האָט דערפון געהאַט אַ סך האַרצווייטאָג ביז, איין מאָל, האָט דער זיידע זיך אָנגענומען מיט מוט, — ער האָט גענומען זיין יינגל און איז מיט אים אַרויף אויפן

בוידעם. דאָרט האָט דער זיידע מיט אַ קצבישער האַק אים אָפּגעהאַקט אַ פינגער פון דער רעכטער האַנט.

דאָס קינד האָט געליטן שרעקלעכע ווייטאָגן. דער זיידע האָט דאָס יינגל ניט אַרונטערגענומען פון בוידעם, כדי קיינער זאָל זיך פון דער זאַך נישט דערוויסן. דעם קינדס גאַנצע האַנט איז געוואָרן געשוואָלן און פאַרגיפטעט. רופן אַ דאָקטאָר האָט מען מורא געהאַט, די פּאָליציי זאָל זיך ניט דערוויסן פון דער גאַנצער זאַך. אַזוי איז דאָס יינגל אָפּגעלעגן 6 חדשים אויפן בוידעם. געווען טעג, וואָס אַלע אין הויז האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס יינגל וועט די יסורים ניט איבערהאַלטן און וועט שטאַרבן — ביז עס האָט אָנגעהויבן אים בעסער ווערן, ביסלעכווייז איז דאָס יינגל געזונט געוואָרן. ער איז אָבער פאַרבליבן אַן אייביקע קאַליקע. דאָס איז ניט געווען קיין אויסנאַם־פאַל. אַזעלכע זאַכן פלעגט מען דעמאָלט אָפּטאָן קליינע יינגלעך אָדער עלטערע בחורים — אַבי אויסצומיידן דעם ביטערן גורל פון אַ קאַנטאָניסט.



מיינע עלטערן בנימין און פערל מיט זייער אייניקל גדליה פון זייער טאָכטער בת־שבע.

מיין זיידע האָט געהאַנדלט מיט בהמות. ווען מיין פאָטער איז אונטער־געוואַקסן, האָט ער אים אַרויסגעהאָלפן אין זיינע מסחרים. עס געדענקט זיך ווי מיין זיידע פלעגט דערציילן, אַז ווען ער האָט באַדאַרפט זיין אין אַ צווייטער שטאָט אָדער דאָרף, פלעגט ער אַלע מאָל גיין צופוס — ווייל ער האָט פשוט ניט געהאַט אויף הוצאות־הדרך. גייענדיק אַמאָל אויפן וועג אין אַ דאָרף אַריין, האָט אים געטראָפן אַזאַ פאַל: עס איז אים אויסגעקומען צו גיין ביינאַכט. פלוצים זעט ער, ווי עס קומט אים אַנטקעגן אַ טשאַדע וועלף. ווען ער האָט דאָס דערזען, איז אים געוואָרן פינצטער פאַר די אויגן, ער האָט אָבער דעם שכל ניט פאַרלוירן. ער האָט געוואוסט, אַז אויב ער וועט אָנהויבן אַנטלויפן וועט זיין ערגער, די וועלף זיינען שנעלער פאַר אים. האָט ער זיך אַוועקגע־לייגט אויף דער ערד ווי אַ טויטער. ווען די וועלף זיינען צו אים צוגעקומען, האָט ער ניט געגעבן קיין ריר מיט קיין אבר. די גאַנצע טשאַדע האָט אים אַרומגעשמעקט. איין וואָלף איז צו אים צוגעקומען און זיך אויף אים משתין געווען. דאָס זעלבע האָבן אַנדערע וועלף נאָכגעטאָן און זיי זיינען אַוועקגעלאָפן פון אים. ווען ער איז צוריק אַהיים געקומען, איז ער געווען מער טויט ווי לעבעדיק. שבת האָט ער אין שול געבענטשט גומל וואָס ער איז לעבן געבליבן.

ווען נאָך אַ שרעק איבערלעבונג פלעגט דער זיידע דערציילן:

דאָס איז געווען די צייט פון פוילישן אויפשטאַנד קעגן רוסלאַנד אין 1863. מיין זיידע האָט דעמאָלט צוגעשטעלט פלייש פאַר דער פוילישער אַרמיי. עס איז געפאַלן אויף אים אַ חשד, אַז עפּעס איז נישט אין אָרדנונג מיט זיין צושטעלן די פלייש. צוליב דעם בלבול האָט מען אים אַרעסטירט. אין יענער צייט האָט דאָס געקאָנט מיינען טויט־שטראָף. אַדאַנק דער הילף פון מענטשן, וואָס האָבן געוואוסט וואו אַ טיר צו עפענען — און אַ ביסל האָט מען געשמירט — איז אים געלונגען זיך אויסצודרייען. דעמאָלט איז ער מיט זיין גאַנצער פאַמיליע אַוועק און זיך באַזעצט אין קרעמענטשוג. ער האָט זיך זייער שטאַרק געפּלאָגט, נישט געהאַט דאָס שטיקל ברויט פאַר די קינדער. ער האָט געטאָן פאַרשיידענע אַרבעטן און לסוף איז ער געוואָרן אַ שמש אין אַ שולכל. צו דעם האָט ער אויך אויסגעפלעט פאַרשיידענע זאַכן און אַזוי אַרום האָט ער אַרויס־געקוועטשט דאָס שטיקל פּרנסה פאַר זיין פאַמיליע. די באָבע איז געווען אַ הייבאַם.

מיין מאַמעס מוטער איז געווען דעם זיידנס צווייטע פרוי. מיין זיידע האָט געהאַט צוויי זין. מיין פאָטער בנימין און מיין פאָטערס ברודער משה, וועלכער איז געוואָרן אַ שניידער. מיין באָבע האָט געהאַט פיר קינדער פון דעם ערשטן מאַן: צוויי טעכטער און צוויי זין. אַלע האָבן זיי געהאַט קינדער און צוזאַמען איז געווען אַ גרויסע משפּחה.

אַלע האָבן זיך געהאַלטן זייער פריינדלעך, מען איז געגאַנגען צו גאַסט איינער צום צווייטן, צו אַ חתונה, אַ ברית און אַנדערע פאַמיליע שמחות.

ווען איך בין שוין געווען אַ גרויסער בחור, האָב איך געהאַט אַ „דזשאַב" פון טראָגן שלח־מנות פון מיין באָבען צו די קימפּעטאָרינס, ביי וועלכע זי האָט אָפּגענומען די קינדער. מיט די פאַרדינטע פאָר רובל פון די שלח־מנות, האָב איך זיך געקויפט אַ העמד אויף פּסח, אָדער אַ פּאָר שיך אויף יום־טוב.

מיין באָבע גאָלדע האָט געהאַט אַ גוטן שם אין שטאָט אַלס אַן „אָפּנעמערין". דאָקטוירים פלעגן פון איר האַלטן ווי אַזוי זי טוט איר אַרבעט. מען האָט געהאַט פאַר איר גרויס רעספּעקט אין קרעמענטשוג. איר וואָרט איז געווען הייליק. זי פלעגט זאָגן אַ דעה די קינדער ווי אַזוי זיי זאָלן זיך פירן. אַז ס'איז געקומען אַ יום־טוב, האָט זי געגעבן די קינדער אַ פּאָר רובל און די אייניקלעך האָט זי געגעבן געלט אויף באַקליידן זיך, זיי זאָלן ניט אַרומגיין נאַקעט און אָפּגעריסן. מיר האָבן איר אַלע ליב געהאַט. איך געדענק, אַז ווען זי איז קראַנק געוואָרן זיינען מיר, די אייניקלעך, געלאָפן מיט אונדזערע מוטערס אין שול אַריין און ביים ארון־קודש געבעטן גאָט, אַז די טייערע באָבע זאָל ווערן געזונט. אויך אויפן בית־עלמין זיינען מיר געלאָפן בעטן ביי די צדיקים, אַז זיי זאָלן בעטן אין הימל, אַז די טייערע באָבע זאָל צוריק געזונט ווערן.

ווען מיין באָבע איז געשטאָרבן בין איך געווען אַרום 10 יאָר אַלט. זי איז געשטאָרבן פרייטיק פאַר ליכט צינדן, די לויה האָט געזאָלט זיין זונטיק. ס'איז געוואָרן אַ סכסוך וועגן דעם, צי די לויה זאָל פאָרקומען שבת אָוונט, אָדער זונטיק. די קינדער האָבן געוואָלט עס זאָל זיין זונטיק און דער זיידע האָט געשריגן, אַז ס'דאַרף זיין שבת אָוונט. איין זון אירער, עליע, וועלכער האָט זיך געהאַלטן פאַר ניט קיין „פאַנאַטישן", האָט פאַרלאַנגט די לויה זאָל פאָרקומען זונטיק — און ער האָט אויסגעפירט. מיין פעטער עליע איז געווען אַ שניידער, ער האָט געהאַט זיין אייגענעם וואַרשטאַט און האָט אויך געהאַט אַ גרויסע משפּחה: אַכט מיידלעך און איין יינגל.

שבת ביינאַכט האָט מען געמאַכט דער באָבען איר „רעכט". יעדע קימפּע־טאָרין, וואָס די באָבע האָט ביי איר אָפּגענומען אַ קינד, האָט געברענגט אַ ליכט. דאָס הויז איז געווען פול מיט ברענענדיקע ליכט. טייל ליכט האָט מען אויך אַוועקגעגעבן אין שול. אַרום איר זיינען געשטאַנען די ליכט און נידעריק אויף דער ערד, אויף נידעריקע בענקלעך זיינען געזעסן די קינדער און געוויינט אַ גאַנצע נאַכט. אויך מיר, אייניקלעך, זיינען געזעסן און געוויינט. זונטיק אין דער פרי איז געווען די לויה, איינע פון די גרעסטע לויות אין שטאָט, קינד און קייט זיינען איר נאָכגעגאַנגען. מ'האָט איר אַריינגעטראָגן אין שול־הויף (אין דערזעלבער שול האָט זי אַריינגעגעבן אַ גאַנץ ש"ס) וואָס איז געווען איבערגעפילט מיט מענטשן, יידן האָבן געהאַלטן משניותן אין די הענט.

מען האָט איר געמאַכט אַ הספּד און נאָכגעזאָגט די גרעסטע שבחים. די גאַנצע שטאָט קרעמענטשוג האָט איר אָפּגעגעבן דעם לעצטן כבוד. פאַרן טויט האָט זי זיך אָנגעגרייט ארץ־ישׂראל־ערד, מ׳האָט געמאַכט אַ קישעלע און אָנגעפּילט מיט די ערד, מיט וועלכער מען האָט איר פאַרשאָטן דאָס פּנים אין קבר און צוגעדעקט מיט שערבלעך די אויגן. דאָס האָט אָנגעוואָרפן אויף מיר אַ מורא. איך האָב זיך נאָך דעם געשראָקן צו גיין אין גאַס ביינאַכט — דאָס בילד פון דער באָבען אין קבר איז מיר כסדר געשטאַנען פאַר די אויגן. די באָבע פלעגט קלייבן קניפּלעך, יעדעס מאָל ווען זי האָט אָפּגענומען אַ קינד, האָט זי געמאַכט אַ קניפּל, האָבן זיך ביי איר אָנגעזאַמלט אַ גאַנצער באַרג קינפלעך — האָט מען זיי איר מיטגעגעבן אין קבר אַריין.

נאָך מיין באָבעס טויט האָט די משפּחה זיך אָנגעהויבן אַרומקריגן איבער דער ירושה. מיין זיידע מיט דער באָבען האָבן געהאַט אַ הויז. די הויז איז געווען אויף ביידנס נעמען, אַזוי, אַז אין פאַל פון איינעמס טויט, זאָל אַ האַלבע הויז גיין צו זיינע קינדער, און אין צווייטן פאַל, זאָל אַ האַלב הויז גיין בירושה צו אירע קינדער. דאָס איז געוואָרן אָפּגעשריבן ביי אַ נאָטאַר, געזעצלעך. די באָבע האָט אָפּגעשריבן, אַז מיין מאַמע זאָל קריגן אַ גרעסער חלק, ווייל זי איז געווען די עלטסטע טאָכטער, דאָס האָט אַרויסגערופן אַ ביסעלע בייז בלוט ביי די אַנדערע קינדער. אונדזער פאַמיליע האָט סיי־ווי אַלע יאָרן געוואוינט צו־זאַמען מיט דעם זיידן און באָבען, זינט זיי האָבן געקויפט די הויז, אָבער קיינער פון דער משפּחה האָט ניט געזאָגט קיין וואָרט פאַר וואָס מיר וואוינען אין דער הויז.

נאָך די שלושים האָט מיין מאַמעס שוועסטער אויך זיך געוואָלט אַריינציען אין הויז. זי האָט קיינעם גאָרניט געזאָגט נאָר גענומען אַ וואָגן, אַרויפגעלייגט אַלע אירע בעבעכעס און צוגעפאָרן צום הויז. איז געגאַנגען מיין מוטערס ברודער, משה דער שוסטער, און אויך געברענגט זיין ביסל אָרעמקייט. מיין פאָטער מיט דעם זיידן האָבן זיי געלאָזט אַריינציען זיך אין הויז, אָבער דער אַנדער ברודער, עליע דער שניידער, האָט דערפון ניט געהאַלטן. האָבן די ביידע ברידער זיך גענומען שלאָגן, און דער זיידע האָט זיך אַריינגעמישט, אָבער געהאַלטן האָט ער מיט משהן דעם שוסטער.

עליע, דער שניידער, איז געווען ניט פריינטלעך צום זיידן. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ ראַדיקאַלן מענטש. עס געדענקט זיך, ווען מ׳האָט געוואָלט אַריינגעבן אין שול דעם ש״ס, וואָס די באָבע האָט געלאָזן פאַר דער שול, האָט דער פעטער עליע געוואָלט לייגן אַ סטעמפּל מיט דער באָבעס נאָמען אויף יעדער גמרא, אָבער דער זיידע איז געווען קעגן דעם, ער האָט געהאַלטן, אַז מען מעג אויף דער גמרא אָנשרייבן דעם נאָמען פון מנדב, מ׳טאָר אָבער ניט אַרויפלייגן קיין סטעמפּל. דער סוף דערפון איז געווען, אַז מען איז געגאַנגען צו אַ דין־תּורה, דער רב האָט געפּסקנט, אַז מען דאַרף אָנשרייבן מיט דער האַנט

דעם נאָמען פון מנדב. האָט עליע פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אויך אָנגעבן די דאַטע מיטן געגויעץ נאָמען פון דער באָבען. דער זיידע האָט איינגעשטימט און עליע האָט דאַן צורו געלאָזט.

ווען איך בין געוואָרן עלטער בין איך געוואָר געוואָרן, אַז מיין פעטער עליע דער שניידער האָט סימפּאַטיזירט מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ער איז געווען אַ וואוילער מענטש.

דער טאַטע האָט געוואָלט אָפּקויפן די רעשט פון האַלבן הויז פון די אַנדערע יורשים, ביז ענדלעך ער האָט עס אָפּגעקויפט. עס האָבן זיך אָבער אָנגעהוימן נייע צרות. ער האָט אָפּגעקויפט דאָס האַלבע הויז מיט געבאָרגט געלט, פאַר וועלכן ער האָט געדאַרפט צאָלן פּראָצענט. דער פּראָצענט איז געווען אַזוי הויך, אַז אין אַ קורצער צייט האָט עס אויסגעמאַכט אַזוי פיל וויפל די געבאָרגטע סומע. און דער חוב איז נאָך כסדר געווען חוב. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די מאַמע האָט געדאַרפט שווער אַרבעטן, כדי צו קענען צאָלן די חובות און אין דער זעלבער צייט צו קענען אויסהאַלטן די משפחה. מיר זיינען געווען פיר קליינע קינדער און אַן איניקל, אַ יתומה נאָך מיינס אַ שוועסטער. מיר האָבן געהאַט אַ בהמה, פלעגט די מאַמע שטיין אויף דער גאַס גאַנץ פרי און פאַרקויפן הייסע מילך. זי פלעגט אויך ווינטער האָדעווען געגנדז און פאַרקויפן זיי פורים־צייט — אַבי צו העלפן מיין פאָטער אין דער פרנסה. מיינע עלטערן האָבן זיך ליב געהאַט און געפירט אַ שיין לעבן, כאָטש עס איז געווען אַן אָרעם לעבן.

באַלד נאָך דער חתונה איז מיין פאָטער געוואָרן אַ קצב. צוליב זיין מום אויף דער רעכטער האַנט, האָט ער די אַרבעט ניט געקענט טאָן, האָט ער געקויפט אַ פערד מיט אַ בריטשקע און איז געוואָרן אַ בעל־עגלה, צו קאָנען מפרנס זיין בני־בית. די פאַמיליע איז זיך מיט דער צייט צעוואַקסן. מיר זיינען געווען עלף מענטשן: מיין מאַמע איז געווען פאַרנומען מיט די קינדער און האָט נישט געקענט צוהעלפן אין דער פרנסה. שפּעטער צו, ווען די מיידלעך, מיינע שוועסטער, זיינען געוואָרן עלטער, האָבן זיי אַרויסגענומען אַרבעט אַהיים, (ווייל אין יענע צייטן זיינען יידישע מיידלעך נישט געגאַנגען אַרבעטן אין פאַבריקן). עס איז אין אונדזער שטאָט געווען אַ פאַבריק פון קאָנפעקטן. פלעגן מיינע שוועסטער נעמען אַהיים די קאָנפעקטן און זיי וויקלען אין שיינע פאַפּירלעך. פון דער אַרבעט פלעגן זיי פאַרדינען אַ פאָר רובל אַ וואָך. זיי האָבן געאַרבעט ביז שפּעט אין דער נאַכט, און אַזוי אַרום צוגעהאָלפן מיין פאָטער צו דערנערן די משפחה. ביי דעם אַלעם איז אין הויז קיינמאָל נישט געווען קיין שטיקל ברויט צו דער זעט. איך געדענק, ווי מיין מאַמע פלעגט וויינען ביים דערציילן, אַז מיר האָבן געהאַט אַ שוועסטערל, שיינע־רחל, אַ זייער געראָטן קינד. צו צוועלף יאָר איז זי קראַנק געוואָרן און געוואָרן פאַראַליזירט. די מאַמע און אַלע אין שטוב האָבן זיך אָפּגעמוטשעט מיט דעם קינד פיר יאָר

צייט. איך בין נאָך געווען אַ קליין ייִנגעלע און איך געדענק ווי דאָס שוועסטערל איז געלעגן אויפֿן אויוון, אין אַ גרויסן מולטער און געגאַנגען אונטער זיך... דער לשון איז ביי איר געווען אָפּגענומען. עס איז געווען אַ ביטער רחמנות אויף איר. דער טויט האָט איר באַפֿרייט פֿון די צרות. כ׳וועל דאָס קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן.

מיין עלטסטע שוועסטער איז געווען כיענקע. וועגן איר האָט מיין מוטער אַלע מאָל גערעדט מיט גרויס ווייטאָג. איין מאָל האָט מיין שוועסטער באַקומען אַן אָנצינדונג אין מויל. איר צושטאַנד איז געווען אַן ערנסטער און זי האָט געמוזט האָבן אַן אָפּעראַציע. מען האָט ביי איר אויסגעשניטן אַ ביין פֿון מויל, דערפֿון איז איר דאָס מויל פֿאַרקרימט געוואָרן אויף אַ זייט. איך האָב איר זייער ליב געהאַט, זי איז געווען אַ גוטע נשמה. קיין מזל האָט זי אָבער נישט געהאַט אין איר לעבן. זי איז געווען אַ קלוגע און אַלע האָבן איר ליב געהאַט, אָבער צוליב איר אומגליקלעך פּנים און צוליב דער אָרעמקייט אין הויז, האָט מען איר חתונה געמאַכט פֿאַר אַן עלטערן ייִד, וואָס האָט אויסגעקוקט אַ סך עלטער פֿון מיין טאַטן. דערצו איז ער געווען אַ פֿוילער מענטש און ספּעציעל — פֿויל צו אַרבעטן. זיי האָבן געוואוינט ביי מיין פֿאָטער אין הויז. איך האָב פֿיל מאָל זיך צוגעזען ווי זי האָט געוויינט אויף איר ביטער מזל. זי פֿלעגט קלאָגן און זאָגן: הלוואי וואָלט איך ניט חתונה געהאַט, וואָלט עס געווען בעסער פֿאַר מיר. מיט דער צייט האָט זי געבוירן אַ קינד, אַ מיידעלע. זי האָט איר אַ נאָמען געגעבן באַשע.

איין מאָל אין מיטן דער נאַכט האָט איר מאַן אַרויסגעגנבעט פֿון מיין פֿאָטערס שופֿלאָד 75 רובל, וואָס דער טאַטע האָט געהאַט אָפּגעשפּאָרט. ער האָט דאָס געלט צוגענומען ביינאַכט און פֿאַרשוואונדן. שפּעטער האָט ער געשריבן, אַז ער געפֿינט זיך אין לאָנדאָן, און אַז ער האָט דאָס געטאָן כדי צו קענען געבן פּרנסה זיין פֿאַמיליע. די בושה און ווייטאָג וואָס מיין שוועסטער האָט דערפֿון געהאַט, איז ניט מעגלעך איבערצוגעבן. נאָך אַ געוויסער צייט איז ער צוריקגעקומען קיין קרעמענטשוג. ער האָט אָנגעהויבן בעטן, אַז מ׳זאָל אים מוחל זיין, אַז זיין ווייב זאָל מיט אים ווידער וואוינען, מיין שוועסטער האָט דערפֿון ניט געוואָלט הערן. מיין פֿאָטער האָט געהאַלטן, אַז זי זאָל זיך מיט אים גטן. די מומע מיט דער באָבען האָבן זיך אַריינגעמישט צו מאַכן שלום. אַזוי ווי דער פֿאָטער האָט אים ניט געוואָלט אַריינלאָזן אין הויז, זיינען זיי אַוועק וואוינען אין יעקאַטערינאָסלאַוו. ער איז דאָרט געוואָרן אַ קוימען־קערער און זיך געמוטשעט צו האָבן אויף חיונה.

מיין שוועסטער האָט געבוירן נאָך אַ קינד, אַ ייִנגעלע. זיי האָבן געוואוינט אין אַ נאַסן קעלער, פֿון דעם מין לעבן האָט דאָס קינד באַקומען אַ לונגען־אָנצינדונג און איז געשטאָרבן. מיין שוועסטער האָט זיך שטאַרק גענומען צום האַרצן איר קינדס טויט און איז אַליין קראַנק געוואָרן. ווען מיינע עלטערן

האָבן זיך דערפון דערוואוסט, איז מיין פאָטער אַוועק קיין יעקאַטערינאָסלאַוו און זי אַהיים גענומען. די דאָקטוירים האָבן געזאָגט אַז זי האָט אַ לונגען־פעלער. נאָך אַ שטיקל צייט איז זי געשטאָרבן, און איבערגעלאָזט אַ יתומה, אַ מיידעלע פון 6 יאָר.

ווען דאָס קינד איז עלטער געוואָרן, איז זי אַוועק אַרבעטן אין אַ פאַבריק פון מאַכאָרקע, ד״ה טאַבאַק פאַר ליולקעס. זי איז געווען אַ שיינע מיידעלע, האָט פרי באַקומען אַ חתן און חתונה געהאַט.

מיין פאָטער האָט ניט געהאַט קיין פאַרגעניגן אויף די עלטערע יאָרן פון זיינע קינדער און אייניקלעך. ווען מיין צווייטע שוועסטער בת־שבע איז גע־גאַנגען חתונה האָבן, האָב איך ניט געהאַט קיין פאָר שיך אָנצוטאָן און בין געגאַנגען אַ באָרוועסער צו מיין שוועסטערס חתונה, וואָס איז פאָרגעקומען אין שול־הויף. דער חתן, דער שוואָגער מיינער, סאַלאַמאָן, איז געווען עלטער פון מיין שוועסטער מיט צען יאָר. ער איז געווען אַ בוי־אַרבעטער. שפּעטער איז ער געוואָרן אַן אונטערנעמער ביים בויען הייזער און איז געווען אַ בעל־פרנסה אין קרעמענטשוג.

נאָך פערציק יאָר אַרבעטן אַלס שמש אין שול, האָט מען מיין זיידן אָפּ־געזאָגט פון דער שטעלע, ווייל — האָבן די בעלי־בתים געזאָגט — ער איז שוין צו אַלט. זוכנדיק אויף חיונה, איז ער געגאַנגען צו בעלי־הבתים טאָן פאַרשיידענע אַרבעטן. ער האָט אויך געזוכט אַנדערע פאַרדינסטן, ווי פריוואַטע „לאָטערייקעס״. אַנומלט האָט ער „אויסגעפּלעט״ („געראַפּלט״) אַ גאָלדן חנוכה־לעמפּל. איך מיט נאָך אַ יינגל האָבן אַרויסגעצויגן די נומערן. איז דאָס גליק געפאַלן אויף מיין טאַטנס נומער, וועלכער האָט זיך אָפּגעשפּאָרט געלט צו קויפן דעם נומער. דער גאָלדענער חנוכה־לעמפּל איז ווערט געווען ביי דריי הונדערט רובל, מיין פאָטער האָט אים פאַרקויפט און פאַר דעם געלט האָט ער אַ צייט געהאַט אויף חיונה.

*
**

ווען איך האָב גענומען גיין אין חדר האָט דער רבי מיינער מיך געהאַלטן אין איין דערמאָנען, אַז איך זאָל זאָגן דעם טאַטן, ער זאָל שיקן געלט פאַר שכר־לימוד. קליינערהייט האָט די זאַך מיך ניט געאַרט. ווען איך בין אָבער געוואָרן אַ גרעסער יינגל, און דער רבי פלעגט מיך מאַטערן וועגן געלט פאַר מלמדות, פלעג איך עס זאָגן דעם טאַטן. דער טאַטע, וואָס איז שטענדיק געווען געקוועלט מיט געלט, האָט מיר געהייסן זאָגן דעם רבין, אַז די צווייטע וואָך וועט ער באַצאָלן. איינמאָל ווען איך האָב עס געזאָגט דעם רבין, איז ער געוואָרן אין כעס און מיר געזאָגט, אַז אויב איך וועל ניט ברענגען מאָרגן דאָס געלט זאָל

איך ניט קומען אין חדר אַריין. איך האָב עס געזאָגט מיין טאַטן, ער האָט אָבער דאָס געלט ניט געהאַט. איך האָב זיך געשעמט צו קומען אין חדר אַריין, כ'האָב געוואוסט אַז דער רבי וועט מיך פאַרשעמען פאַר די קינדער אויב איך וועל אים דאָס געלט ניט געבן, בין איך צו מאָרגנס אין דער פרי, — אנשטאָט גיין אין חדר — אַרומגעקראָכן איבער דער שטאָט. עס איז גראָד געווען זייער אַ קאַלטער טאָג, און עס האָט געשנייט, בין איך שיר ניט געפרוירן געוואָרן. מנחה און מעריב צייט בין איך געגאַנגען אַהיים. אַזוי איז עס צוגעגאַנגען ביי מיר עטלעכע טעג — און איך בין אין חדר ניט געגאַנגען.

דער רבי, ווען ער האָט געזען, אַז איך קום שוין ניט עטלעכע טעג, איז ער אַוועק צו מיין פאָטער געוואָר ווערן פאַר וואָס איך קום ניט אין חדר. מיין פאָטער האָט אים געזאָגט, אַז ער ווייסט פון גאָרניט. אין אָוונט, האָט מיין פאָטער מיך גענומען אויספרעגן, און איך האָב אים דערציילט דעם גאַנצן אמת, אַז דער רבי האָט מיר ניט געהייסן קומען אין חדר אָן געלט. דער רבי האָט אָבער די גאַנצע זאַך אָפּגעלייקנט, ער האָט מיר אין די אויגן געזאָגט אַ ליגן מיין טאַטן. דער פאָטער האָט מיך גוט אָנגעשלאָגן פאַר ניט גיין אין חדר.

מיין מוטער האָט זיך אָנגענומען פאַר מיר, אפשר זאָגט דאָס קינד דעם אמת, האָט זי געטענהט, און ניט דער רבי. ווען עס איז אָפּגעגאַנגען מיין פאָטערס כעס האָב איך אים געזאָגט, אַז איך וויל בעסער גיין אין דער תלמוד־תורה. ערשטנס, דאַרף מען ניט צאָלן קיין געלט, און צווייטנס, מען לערנט דאָרט אויך בעסער, און ווען מען ענדיקט די תלמוד־תורה גייט מען אַריין אין אַ פאַך־שול און מען לערנט זיך אויס אַ מלאכה.

געווען איז אין שטאָט אַ פרוי, אַ גבירטע, מיטן נאָמען זעליקמאַן. זי האָט אויסגעבויט אַ פאַך־שול פאַר אָרעמע קינדער פון שטאָט, זיי זאָלן האָבן אַ פאַך ווען זיי וועלן אויסוואַקסן. מען האָט די פרוי גערופן „ראָזע די געלע". זי איז געווען זייער אַ גוטהאַרציקע און געהאָלפן פיל מענטשן. ווען איך האָב מיין פאָטער געזאָגט, אַז איך וויל גיין אין תלמוד־תורה, ענטפערט ער מיר, אַז דאָרט וועט מען מיך ניט אַריינגעמען, ווייל אין שטאָט האַלט מען אים פאַר אַ גביר.

בין איך אַליין אַוועק צו די אויפזעער פון תלמוד־תורה, און זיי דערציילט מיין סיטואַציע. זיי האָבן מיר געענטפערט, אַז זיי וועלן די זאַך באַטראַכטן און מיר צו וויסן געבן זייער באַשלוס. ניט קענענדיק זיך דערוואַרטן אויף זייער ענטפער, בין איך נאָך אַ געוויסער צייט אַליין אַוועק צו די בעלי־בתים פון דער תלמוד־תורה, געוואָר צו ווערן זייער באַשלוס. זיי האָבן מיר געענטפערט, אַז זיי קענען מיך ניט אַריינגעמען ווייל מיין פאָטער איז אַ גביר, ער האָט אַן אייגן הויז. אזוי איז דאָס געווען אין דעם יידישן לעבן אין קרעמענטשוג, אַ מענטש האָט געקענט זיין אויף צרות און זיך מוטשען, אָבער אַז ער האָט געהאַט עפּעס אַ שטיקל נחלה האָט ער שוין געהייסן אַ גביר — האָט

דער גביר געקענט אויסגיין פֿאַר נויט. שפּעטער איז מיר אויסגעקומען צו טרעפֿן זיך מיט פֿרוי זעליקמאַן ווען איך האָב זיך שוין געלערנט פֿאַר אַ שניידער. איך האָב איר דערציילט די געשיכטע, אַז איך האָב ניט געקענט אַריינקומען אין דער תלמוד־תורה, האָט זי מיר געענטפֿערט, פֿאַר וואָס איך בין ניט געקומען צו איר, זי וואָלט מיר געהאָלפֿן.

⁂

איך האָב זיך זייער גוט געחברט מיט מײַנעם אַ קוזין בערקע (ער האָט געהאַט דעם זעלבן נאָמען וואָס מײַן עלטערער ברודער). מיר האָבן זייער אָפֿט פֿאַרברענגט צוזאַמען. זײַן פֿאָטער האָט אים געגעבן אַ בעסערע דערציאונג ווי איך האָב באַקומען. זײַן פֿאָטער האָט זיך זייער געמיט פֿאַר זײַן פֿאַמיליע, כאָטש קיין רײַכער מאַן איז ער ניט געווען, ער האָט געהאַנדלט מיט אַלטע זאַכן אויפֿן מאַרק. מײַן קוזין איז שפּעטער אַרײַן אין דער „יעוורעיסקאַיאַ אוטשילישטשע״ — אַ יידישע שול וואו מען האָט געלערנט רוסיש. דאָרט האָט ער זיך געלערנט עטלעכע יאָר און זיך אויסגעלערנט שרײַבן און לייענען רוסיש. איך האָב זיך אויך באַמיט אַרײַנצוגיין אין דער שול, אָבער מען האָט מיר אָפּגעזאָגט ווייל איך האָב ניט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען.

ווען מײַן קוזין איז אַרויס פֿון דער שול, האָט מײַן פֿעטער אים אַוועקגעגעבן אויף דער לער צו אַ שניידער. האָב איך אויך זיך גענומען לערנען שניידעריי ביי דעם זעלבן בעל־הבית וואָס ער. ווען כ׳האָב שוין געקענט אַ ביסל די מלאכה, האָט זיך מיר געמאַכט אַ געלעגנהייט צו פֿאָרן אַרבעטן אין אַ צווייטער שטאָט. מײַן פֿאָטערס אַ פֿרײַנד, — אַ שניידער פֿון ווערכני־פּראָווסקי איז געקומען קיין קרעמענטשוג זוכן שניידער־געזעלן פֿאַר זײַן וואַרשטאַט, האָט ער געפֿרעגט מײַן פֿאָטער צי איך וואָלט וועלן פֿאָרן דאָרט אַהין אַרבעטן. איך בין מסכים געווען און אַזוי בין איך אַוועק אַרבעטן שניידעריי קיין ווירכני־פּראָווסקי, אין יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע.

ביי דעם בעל־הבית האָב איך געאַרבעט צוויי יאָר. אין יענער צייט איז דער צאַר ניקאָלאַי דער צווייטער געקרוינט געוואָרן. אין שטעטל, וואו איך האָב געאַרבעט, איז געווען זייער פֿריילעך. די אײַנוואוינער האָבן זיך אַמוזירט און געפֿייערט די קרוינונג פֿון קייזער. מוזיק האָט געשפּילט און דער עולם איז געווען יום־טובדיק.

די יידישע באַפֿעלקערונג איז געווען זייער אַ פֿרומע. שבת זײַנען אַלע געשעפֿטן געווען פֿאַרמאַכט. יידן האָבן מערסטנס געלעבט פֿון האַנדל מיט די אַרומיקע פּויערים. דער האַנדל צווישן די פּויערים און די יידן איז געווען זייער אַ לעבעדיקער. די פּויערים האָבן געקויפֿט אין די יידישע קראָמען. די פּריצים, ווען זיי פֿלעגן קומען אין שטעטל אַרײַן, פֿלעגן זיי מאַכן אַ גאַנצן האַרמידער, אַרײַנפֿאָרנדיק אין שטעטל מיט בריטשקעס מיט 6 פֿערד „נאַ

שפּיץ". די גלעקלעך אויף די פערד האָבן געקלונגען פון ווייטן און אָנגעזאָגט אַז דער פּריץ קומט. אַזוי זיינען זיי צוגעפאָרן צו אַ קראָם, איינגעקויפט וואָס זיי האָבן געדאַרפט און געלאָזט דעם יידן אַ גאַנץ פיינעם פדיון.

אין שטעטעלע זיינען געווען צוויי יידישע שניידערס. איינער פון זיי האָט געאַרבעט מער פאַר די פּויערים און שטעטלדיקע, און דער צווייטער האָט גע־אַרבעט ס׳רוב פאַר די רייכע פּריצים. די פּויערים האָבן ליב זייערע קליידער זאָלן זיין היפּשלעך שווער, אויסגעשטעפּט אויף דער מאַשין אַ סך מאָל, אָנגע־פּילט מיט וואַטאַלינע, זיי זאָלן זיין גוט וואַרעם.

מיין בעל־הבית האָט מערסטנס געאַרבעט פאַר די פּויערים. זיי פלעגן אים גוט באַצאָלן און דער בעל־הבית מיינער האָט זיי אויך געמאַכט אַ גוט שטיקל אַרבעט, פון וועלכן זיי זיינען געווען זייער צופרידן. איך האָב געוואָלט טוישן מיין וואַרשטאַט און גיין אַרבעטן צו דעם בעסערן שניידער, וועלכער האָט געאַרבעט פאַר די פּריצים. אָבער מיין בעל־הבית האָט מיך ניט געלאָזט. ער האָט מיך געצוואונגען בלייבן ביי אים, ווען ניט — וואָלט איך געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

ווי דאָס גאַנצע שטעטל, איז אויך מיין בעל־הבית געווען אַ פרומער. איך האָב געמוזט גיין מיט אים יעדן שבת אין דער פרי אין שול אַריין דאַווענען. שבת בייטאָג האָב איך געמוזט גיין זאָגן תהילים. איך פלעג ניט טראָגן קיין נאָזטיכל אין קעשענע נאָר אין דער האַנט.

ווען איך בין געקומען אַהיים אויף יום־טוב, איז מיין קוזין באַלד געקומען מיך זען. ער האָט זיך מיט מיר צעשמועסט און מיך געפרעגט, צי איך רעכן צוריקפאָרן נאָך יום־טוב אַרבעטן אין דעם זעלבן שטעטל. ער האָט מיך אָנ־געהויבן צוצורעדן, אַז איך זאָל נישט צוריקפאָרן. אַ גאַנצן יום־טוב האָט ער מיך געפּרואווט איבעררעדן איך זאָל דאָ בלייבן, ביז איך האָב אים צוגעזאָגט צו בלייבן אַרבעטן אין קרעמענטשוג, און איך בין געבליבן און געאַרבעט ביי מיין פאַך אין שטאָט. דער קוזין האָט אָנגעהויבן רעדן מיט מיר און עפענען מיר די אויגן וועגן ביטערן לעבן פון די יידן אין די קליינע שטעטלעך, וואָס מען לאָזט זיי ניט וואוינען אין די גרויסע שטעט. צום ביישפּיל, אונדזער פעטער עליע דארמען, וועלכער וואוינט אין קיעוו. ווען מיר זאָלן וועלן פאָרן צו אים, קענען מיר ניט בלייבן נעכטיקן אין קיעוו, מיר האָבן נישט קיין רעכט דערצו, מיר וואָלטן זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן פון דער פּאָליציי. יידישע קינדער קענען ניט גיין אין קיין שולע זיך לערנען, בלויז אַ קליינער פּראָצענט קען דאָס דערגרייכן. ביי אונדז אין קרעמענטשוג זיינען דאָ אַ סך שולן, אָבער נאָר פאַר קריסטן. עס איז נאָר דאָ איין שולע פאַר יידישע קינדער, אָבער וועלכע ווערט אויסגעהאַלטן פון דער קהילה.

ער האָט מיר אויפגעקלערט, אַז אויך אין אוניווערזיטעט לאָזט מען אַריין זייער ווייניק יידן. און אַפילו אַז אַ ייד גייט שוין אין אוניווערזיטעט, מוז ער זיין

פון רייכע עלטערן, ווייל עס קאָסט זייער אַ סך געלט. ער האָט מיר אויפגע־קלערט די באַדינגונגען מיינע און פון אַ סך אַנדערע ווי איך, וועלכע אַרבעטן ביי שניידעריי: מען אַרבעט ביז שפּעט ביינאַכט, אפילו שבת צונאַכטסן דאַרף מען נאָך הבדלה גיין צו דער אַרבעט. אַ סך אַרבעטער גייען גאָרנישט אַהיים עסן, נאָר עסן ביים בעל־הבית. עטלעכע וואָכן פאַר אַ יום־טוב אַרבעט מען גאַנצע נעכט. די לערן־ייִנגלעך דאַרפן טאָן פאַרשיידענע אַרבעטן פאַר דער בעל־הביתטע, ווי האַלטן ריין דאָס הויז, העלפן טראָגן די פּעקלעך פון מאַרק, ווען די בעל־הביתטע גייט איינקויפן דאַרף ער וויגן דאָס קינד אאַז״וו. דאָס לערן־ייִנגל האָט ניט קיין צייט זיך צו לערנען די אַרבעט, מען לערנט אים בלויז בלאָזן דעם אייזן פאַרן פּרעסן, פון וואָס מען קריגט קאָפּ־ווייטאָג צוליב דעם טשאַד. דאָס לערן־ייִנגל מוטשעט זיך געוווג אָן, ביז ער קען זיך אויס־לערנען שניידעריי. דאָס האָט אַזוי געדויערט אַ דריי יאָר, ווייל בערך אויף אַזאַ צייט האָט מען אָוועקגעגעבן אַ ייִנגל אויף דער לער.

## קאַפּיטל 3

# די ערשטע טריט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג

דעם גורל פון דעם לערנייִנגל וועלכן דער קוזין מיינער האָט מיר גע־שילדערט, האָב איך אַליין דורכגעמאַכט. מיין קוזין האָט מיך אויך באַקאַנט געמאַכט מיט אַ צווייטן שניידער מיטן נאָמען ביבע, מיט וועמען איך בין באַלד געוואָרן גוט באַפריינדעט. (ווען ער איז אין יאָרן אַרום געקומען קיין אַמעריקע, האָבן מיר די פריינדשאַפט אָנגעהאַלטן ביז ער איז געשטאָרבן). דער דאָזיקער ביבע האָט מיך אָנגעהויבן צו אַגיטירן, אַז מיר שניידערס פון שטאָט זאָלן זיך צוזאַמענעמען און אָרגאַניזירן און ניט זיך לאָזן אויסנוצן ווי די שקלאַפן, אַז אַרבעטן זאָלן מיר נאָר פון 6 פרי ביז פאַרנאַכט, און אויך אַז שבת ביינאַכט נאָך הבדלה זאָל מען ניט דאַרפן גיין אַרבעטן (דאָס האָט דעמאָלט געהייסן אויסבעסערן די באַדינגונגען).

עס איז טאַקע געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון די שניידערס אין וואַלד אַריין. דער וואַלד האָט זיך געפונען אויף דער צווייטער זייט דניעפּר, מיר האָבן גענומען שיפלעך און אַריבערגעשיפט זיך אין וואַלד אַריין. דאָרט האָב איך אויך געטראָפן מיין קוזין. איך האָב אים געפרעגט פאַרוואָס ער האָט גע־האַלטן פאַר מיר די זאַך בסוד, האָט ער געזאָגט אַז עס איז בעסער, אַ צווייטער זאָל מיך אָרגאַניזירן.

ביי דעם מיטינג האָבן גערעדט צוויי פרעמדע מענטשן, וועמען איך האָב ניט געקענט. איינער איז געווען דוד פון ווילנע, דער צווייטער — שלמהקע

פון האלימע. זיי זיינען געווען שניידערס (אַ סך יאָרן שפּעטער האָב איך זיי ביידן געטראָפן אין אַמעריקע). אַלע פאַרזאַמלטע שניידער־אַרבעטער זיינען געווען באַגייסטערט. מיר האָבן געשאַפן קאָמיטעטן פון באַזונדערע גרופּעס. נאָך דעם זיינען גערופן געוואָרן אָפטע פאַרזאַמלונגען פון יעדער גרופּע און מיר האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן צום שטרייק. זינט יענער ערשטער פאַר־זאַמלונג, האָט מיין קוזין מיך שוין מיטגענומען צו יעדער פאַרזאַמלונג.

דאָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1895 אָדער 1896. מיר האָבן זיך באַמיט צו קריגן קוואַרטירן צו שלאָפן פאַר די אַרבעטער וואָס זיינען געקומען פון פרעמדע שטעט און פלעגן געוויינטלעך שלאָפן ביי זייערע בעל־הבתים, כדי זיי זאָלן האָבן וואו צו שלאָפן ווען מען וועט אַרויס אין שטרייק.

דעם טאָג איידער מיר זיינען אַרויס אין שטרייק, האָבן מיר געהאַט אַ געהיימע פאַרזאַמלונג. נאָך דעם איז יעדער אַוועק אויף זיין קוואַרטיר. מיין קוזין, ביבע, מאָריס יאַנאָוויטש, בערל דייטשמאַן, יודל אַראָנאָף און שלמהקע זיינען געווען די פאָרשטייער וואָס האָבן אָנגעפירט מיטן שטרייק.

דער שטרייק האָט אַרויסגערופן אַ טומל אין שטאָט. יעדער האָט דערפון גערעדט. מען האָט ניט געוואוסט וואו די שטרייקערס געפינען זיך. יעדער שאָפּ האָט אָבער געהאַט איינעם וואָס איז געווען באַפולמעכטיקט צו פאַרהאַנדלען מיטן בעל־הבית. אין קרעמענטשוג איז געווען אַ צעך פון בעלי־בתים, אַ מין אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטס־געבער, וועלכע האָט טיילמאָל אויסגעגליכן סכסוכים צווישן איין אַרבעטס־געבער און אַ צווייטן, אַמאָל אויך צווישן אַ בעל־הבית און אַן אַרבעטער. איצט, ווען מען איז אַרויס אין אַ שטרייק, האָבן זיי געמסרט צו דער פּאָליציי, אַז מיר זיינען סאָציאַליסטן. מיר זיינען גערופן געוואָרן אין פּאָליציי און אויסגעפרעגט. מען האָט אַ סך שטרייקערס געפרעגט פאַרוואָס זיי שטרייקן. האָבן זיי געענטפערט, אַז זיי ווילן נישט אַרבעטן אַזוי שפּעט ביינאַכט און ווען עס קומט שבת ווילן זיי בעסער אַרויסגיין מיט מיידלעך, איידער זיצן אין וואַרשטאַט און אַרבעטן. מען האָט אויך געפרעגט, ווער עס האָט אונדז געהייסן שטרייקן און צי מען האָט געהאַט „סאָבראַניעס", האָבן מיר געענטפערט, אַז קיינער האָט אונדז ניט אָנגערעדט צום שטרייקן און מיר האָבן ניט געהאַט קיין שום „סאָבראַניעס".

מיר האָבן אַזוי געשטרייקט אַ דריי וואָכן צייט, ביז די בעלי־בתים האָבן איינער נאָכן צווייטן אָנגעהויבן נאָכצוגעבן אונדזערע פאָדערונגען און דורכ־געקומען מיט די קאָמיטעטן פון די וואַרשטאַטן. מיר זיינען איינגעגאַנגען אויף 14 שעה אַ טאָג אַרבעט, פון 7 פרי ביז 9 אָוונט. די בעלי־בתים האָבן זיך ניט געקענט צוגעוואוינען, אַז מיר זאָלן אַהיימגיין פרי. עס פלעגט ביי זיי זיין איינגעפירט, אַז נאָכן אָוונטברויט, אַרום 7 אָדער 8 אָוונט, פלעגן זיי זיך לייגן שלאָפן אויף אַ צוויי שעה און אויפשטיין אַרום 9 אָדער 10 אַ זייגער און אָנהויבן פריש אַרבעטן. די אַרבעטער פלעגן זיך שעמען אַוועקלייגן די אַרבעט אין דער

צייט, ווען דער בעל־הבית שטייט און אַרבעט, איז מען אַזוי געזעסן און גע־אַרבעט ביז 12 ביינאַכט, טויט מידע און פאַרשלאָפן. איצט, אַז מיר האָבן אויס־געקעמפט אַ 14 שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, זיינען מיר שוין געוואָרן שטיקלעך מענטשן. מען האָט אונדז אין שטאָט אַ נאָמען געגעבן די „זעקסטלעך", ווייל מיר האָבן געשטרייקט צו קענען אַרבעטן פון 6 פרי ביז 6 אָוונט.

איך האָב געאַרבעט אין אַ וואַרשטאַט צוזאַמען מיט מיין קוזין און נאָך אַ פריינד מיינעם יאַנקל דראַפּקין. מיין קוזין איז געווען דער „פּרעדסטאַוויטעל", דאָס הייסט אַ מין פּאַרזיצער. אונדזער בעל־הבית איז ווי געוויינטלעך גע־גאַנגען שלאָפן אַרום 7 אָוונט און אויפגעשטאַנען 9 צוריק צו אַרבעטן, אָבער אין דער צייט זיינען מיר געווען גרייט אַהיים צו גיין. מיין קוזין פלעגט געבן דעם צייכן אַז עס איז שוין 9 אַ זייגער און מיר פלעגן אויפשטיין און אַרויס אין גאַס. עס האָט דעם בעל־הבית גוט פאַרדראָסן.

נאָך דער אַרבעט פלעגן מיר זיך טרעפן אויף דער גאַס, אויף דער בערזע, כאַפּן פרישע לופט און שמועסן צווישן זיך. מיר האָבן געהאַט גענוג צייט זיך צוזאַמענריידן און פלאַנירן ווייטערע פאַרזאַמלונגען. שבת־צו־נאַכטס זיינען מיר מער ניט געגאַנגען אַרבעטן און אויסגענוצט די צייט פאַר צוזאַמענטרעפן זיך. דאָרט האָבן מיר געענוי אַרומגערעדט די באַדייטונג פון אַ שטרייק. מיר האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, וואָס עס מיינט זיך אינטערעסירן מיט פּאָליטיק און מיט די רעכט פון אַרבעטער צו קענען לעבן אַ מענטשלעך לעבן. מיר האָבן פּאַקטיש אָרגאַניזירט אַ גוטע אַקטיווע אָרגאַניזאַציע און האָבן אָנגעהויבן אַריינעמען נייע מיטגלידער. אין אָנהייב האָבן מיר געהאַט אַ קאָנטראָל און אַריינגענומען נאָר אַזעלכע, וואָס זיינען געווען געטריי צו אונדזערע אידייען. שפּעטער איז עס ביי אונדז געוואָרן אַ מאַסן־באַוועגונג. מיר האָבן שוין ניט געקענט קאָנטראָלירן די ערלעכקייט פון נייע מיטגלידער. מיר האָבן בלויז זיך באַמיט, ווי וויט מעגלעך, אַז עס זאָלן זיך ניט אַריינכאַפּן קיין שפּיאָנען אין אונדזער אָרגאַניזאַציע.

אין דער אָרגאַניזאַציע זיינען אַריינגעקומען מענטשן פון פאַרשיידענע שיכטן אין קרעמענטשוג. געווען צווישן זיי אויך זין און טעכטער פון רייכע עלטערן, מיט וועמען כ'וואָלט ביי אַנדערע געלעגנהייטן זיך קיינמאָל ניט צוזאַ־מענגעקומען. זיי זיינען אַריין אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, ווערנדיק פאַרכאַפּט פון די אידעאַלן פון פרייהייט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. זיי האָבן דערמיט איינגעשטעלט זייער אייגענע פרייהייט, ווייל עס האָט זיי געדראָט פאַרשיקונג קיין סיביר. די באַוועגונג איז אָבער געווען פול מיט לעבן און באַגייסטערונג. איינער פאַרן צווייטן איז געווען אַן אמתער פריינד און חבר.

דער פירער פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַלטער דראַפּקין. ער פלעגט אָנטייל נעמען אין אַלע וויכטיקע פאַרזאַמלונגען. ווען ער פלעגט קומען צו אַ גרויסן מאַסן־מיטינג און רעדן פאַר אונדז, פלעגט ער זיך פאַרמאַסקירן מיט

אַ באַרד, אַז מען זאָל אים ניט דערקענען. ער האָט זיך געהיט פאַר פּראָוואָקאַטאָרן אָדער שפּיאָנען. די „פּרעדסטאַוויטעלעס״ האָבן אָנגעהאַלטן די פאַרבינדונגען מיט די גרופּעס, זיי האָבן פאַרשפּרייט ליטעראַטור צווישן די מיטגלידער, גע־רופן מיטינגען, האָבן אָנגעהאַלטן פאַרבינדונגען מיט דער אינטעליגענץ פון שטאָט, וועלכע זיינען געקומען האַלטן לעקציעס פאַר די מיטגלידער אאַז״וו. אין דער זעלבער צייט האָבן זיי געדאַרפט זיין קאָנספּיראַטיוו און זיך היטן פאַר שפּיאָנען און מוסרים. די „פּרעדסטאַוויטעלעס״ האָבן שפּעטער באַריכטעט זייערע טעטיקייטן צו די פירער פון שטאָט־קאָמיטעט. מיר האָבן געהאַט לעק־ציעס וועגן ליטעראַטור, פּאָליטישער עקאָנאָמיע, וועגן דער פּאָליטישער לאַגע אין רוסלאַנד און וועגן פאַרשיידענע פּראָבלעמען פון אַרבעטער און זייער קאַמף פאַר פרייהייט. מען האָט אונדז דערציילט וועגן אַרבעטער אין אַנדערע לענדער, וועלכע האָבן זיך שוין דערוואָרבן געוויסע פרייהייטן און בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען, מעגלעכקייטן פאַר דער יוגנט זיך צו לערנען. עס האָט אונדז געגעבן לעקציעס אַן אַפּטייקער מיטן נאָמען קריסע, ער איז געווען אַ וואוילער, ליבער מענטש. אַ צווייטער מיטן נאָמען באַריס, וועלכער איז געווען אַ פעלד־שער, און האָט זיך געלערנט אויף דאָקטאָר, האָט אונדז אויך געגעבן לעקציעס. אַ דריטע איז געווען אַ מיידל מיטן נאָמען אָלע, אַ קינד פון רייכע עלטערן. עס זיינען געווען פיל גימנאַזיסטן וועלכע זיינען געקומען לערנען די אַרבעטער לייענען און שרייבן.

די פרייהייטס־באַוועגונג האָט זיך אויך זייער פאַרשפּרייט צווישן דער שטודירנדיקער יוגנט. כמעט יעדער פון זיי האָט געהאַלטן פאַר אַ פליכט צו קומען העלפן דער זאַך פון דער רעוואָלוציע. כאָטש פיל פון זיי זיינען ניט געווען אָפיציעל פאַרבונדן מיט דער באַוועגונג, האָבן זיי אָבער געהאָלפן מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקענט. צו אונדזערע מיטינגען פלעגן קומען וויכטיקע מענטשן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. זיי האָבן אונדז געגעבן אינ־סטרוקציעס ווי אַזוי אָנצוגיין מיט דער אַרבעט. אין אַ יום־טוב פלעגן קומען די פירער אויף אַ מיטינג און אונדז אויפקלערן פאַרשיידענע זאַכן. מיר האָבן געהאַט גרויס פאַרגעניגן פון זייערע רעדעס און קיינמאָל ניט געטראַכט, אַז אין זייערע רייען קען אויך זיצן אַ פּראָוואָקאַטאָר.

ווען עס איז געקומען צום ערשטן מאַי, האָבן מיר זיך גענומען צו אים גרייטן ווי צו אַ גרויסן יום־טוב. אַלטער דראַפּקין, וואָס האָט אָנגעפירט מיט אונדזער שניידער־שטרייק און איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע פירער פון דער אָרגאַניזאַציע, האָט געדאַרפט שטיין צום פּריזיוו. מען האָט אים גענומען פאַר אַ סאָלדאַט און מען האָט אים באַשטימט צו דינען אין דווינסק. איידער ער איז אַוועק אין דער אַרמיי, האָבן מיר אים געמאַכט אַ פייערלעכע געזעגענונג און עס זיינען געהאַלטן געוואָרן פייערלעכע חברישע רעדעס. חברים האָבן אָפּגעשאַצט זיין וויכטיקע רעוואָלוציאָנערע אַרבעט און האָבן אויסגע־

דריקט די האָפענונג אין קורצן צו קענען אים האָבן צוריק אין די רייען. ער אַליין האָט אין זיין געזעגענונגס־רעדע אויפגעפּאָדערט ווייטער אָנצוגיין מיט אונדזער טעטיקייט אָן שום מורא. עס זיינען דאָ, זאָגט ער, פאַרשיידענע געפאַרן, אָבער דאָס וועט אונדז ניט אָפּשרעקן אין אונדזער קאַמף פאַר דער באַפרייאונג, נאָר דורך קאַמף וועלן מיר באַפרייען דאָס רוסישע פאָלק און דעמאָלט וועלן אויך די יידישע מאַסן קריגן פולע רעכט צו קענען לעבן ווי מענטשן.

זיין רעדע, וועלכע ער האָט געהאַלטן מיט קאָפּ און האַרץ, איז אַריין אין אונדזערע הערצער און אין אונדז אַרויסגערופן באַגייסטערונג. איך וועל זיי רעדע קיינמאָל ניט פאַרגעסן. אַלטער דראַפּקין האָט טאַקע אויפגעשטעלט ביי אונדז אין קרעמענטשוג אַ שטאַרקע און טעטיקע אָרגאַניזאַציע.

אַן אַנדער פירערין אין דער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ פרוי מיטן נאָמען זינע. זי האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיטן שניידער שולמאַן. וואָס האָט אויך באַלאַנגט צו דער באַוועגונג. אָבער ער איז ניט געווען פון די אַקטיווע. ער האָט אָפט געהאַלטן רעדעס פאַר אונדז וועגן דער באַדייטונג צו זיין אָרגאַניזירט און צו קעמפן פאַר אַ בעסערן מאָרגן און פאַר דער פרייהייט פון רוסלאַנד. זינע איז געווען באַקאַנט צווישן אונדז ווי די „מאַמע פון דער באַוועגונג". די מאַסן אַרבעטער האָבן ניט געוואוסט איר ריכטיקן נאָמען. זי איז געקומען פון אַן אָרעמער פאַמיליע און געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף די מיידלעך, מיט איר פיינעם כאַראַקטער האָט זי זיי צוגעצויגן צו זיך און זיי האָבן זיך אַלע געהאַלטן צוזאַמען ווי אין פאַמיליע. צווישן די מיידלעך איז געווען איינע דאָראַ בריינסקע וואָס האָט אַריינגעצויגן אין דער באַוועגונג איר ברודער דוד (איז לעצטנס גע־שטאָרבן אין פילאַדעלפיע וואו ער איז געווען דער סעקרעטאַר פון די יידישע געווערקשאַפטן).

אין דער באַוועגונג איז אויך געווען אַ מיידל קלאַראַ, זייער אַן איבער־געגעבענע, און אַ מיידעלע מאַניע, וואָס איז געווען פול מיט לעבן און זייער אַ שיינע. עס זיינען אויך געווען טעטיק די צווי ברידער פינקעלשטיין. מאַניאַ און קלאַראַ האָבן ביידע חתונה געהאַט מיט די צווי ברידער פינקעלשטיין (זיי וואוינען איצט אין קאַליפאָרניע). עס איז אויך געווען אַ מיידל מלכה, וואָס האָט שפּעטער אויך עמיגרירט קיין אַמעריקע; ווייטער איז געווען אַ מיידל וואָס מען האָט זי גערופן קלאַראַ די קליינע, זי איז געווען זייער איבערגעגעבן צו דער אָרגאַניזאַציע (די לעצטע יאָרן האָט זי געוואוינט אין שיקאַגאָ). מיר אַלע זיינען געווען איין גרופּע און מיר האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען אין קרעמענ־טשוג, דער גרעסטער טייל האָט שפּעטער עמיגרירט קיין אַמעריקע, אַ גרויסע צאָל פון זיי זיינען שוין געשטאָרבן.

אין קרעמענטשוג איז געווען אַ דרדקי־מלמד, זייער אַ פרומער און אַ גרויסער עקשן. ער האָט געהאַט צווי טעכטער. ער האָט זיך דערוואוסט, אַז די עלטערע טאָכטער האָט געשעפטן מיט די סאָציאַליסטן, איז ער אַריין אין

רציחה און געסטראַשעט די טאָכטער, אַז ער וועט איר איבערגעבן די פּאָליציי. זיינע דראָונגען האָבן אָבער ניט געהאָלפן, האָט דער פאָטער איר פאַרשלאָסן אין אַ צימער און ביי איר צוגענומען די קליידער. זי איז געווען פאַרשפּאַרט ווי אין אַ תפיסה. איר יינגערע שוועסטער איז געקומען צו מיר (מיר האָבן געוואוינט אויף דער זעלבער גאַס) און מיר דערציילט וואָס ס'איז געשען און געבעטן, אַז מען זאָל עפּעס טאָן און אַרויסנעמען זי פונעם פאַרשלאָסענעם צימער. איך האָב זיך פאַרשטענדיקט מיט נאָך חברים און צוזאַמען געפּלאַנט ווי אַזוי דאָס מיידל צו באַפרייען. מיר האָבן אָפּגעוואַרט ווען דער פאָטער איז געגאַנגען דאַווענען מנחה און מעריב, זיינען מיר געקומען מיט זאַכן פאַר איר אָנצוטאָן, ווייל דער פאָטער האָט זי פשוט געלאָזן אין בלויזן העמד. מיר האָבן צעבראָכן די פענצטער זי זאָל קענען אַרויס און זי אַוועקגעפירט צו אַ חברטע אין הויז. דאָרט איז זי געווען צוויי וואָכן און שפּעטער איז זי אַוועקגעפאָרן אַרבעטן קיין האָמעל. דער אמת איז, אַז איך האָב נאָך איר געבענקט. מיר האָבן געוואוינט שטענדיק אויף דער זעלבער גאַס און מיר זיינען געווען פריינדלעך — בין איך געפאָרן אַהין זי זען. אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז זי געפאָרן קיין אַמעריקע און חתונה געהאַט מיט איינעם בראָמבערג, אַ קרעמענטשוגער, וועלכער איז שוין פון פריער געווען אין אַמעריקע.

ווען אַלטער דראַפּקין איז אַוועק אין דער אַרמיי, האָט מען אונדז צו־געשיקט אַ פאַרטרעטער אויף זיין אָרט. זיין אָרגאַניזאַציע־פּסעוודאָנים איז געווען ליאָווע. ווי אַ פרעמדער מענטש האָט ער זיך אָבער געוואָרפן אין די אויגן און ניט געקענט לאַנג זיין אַקטיוו אין קרעמענטשוג. אונדזער באַוועגונג איז כסדר געוואַקסן, עס זיינען צוגעקומען נייע מיטגלידער, מיר האָבן געטאָן פאַרשיידענע אַרבעטן אָבער קיינעם פון אונדזערע מענטשן האָט מען דערווייל ניט אַרעסטירט.

פון יעקאַטערינאָסלאַוו איז געקומען צו אונדז איינער מיטן נאָמען בדחן. ער איז געווען אַ לערער, אַ פיינער, אינטעליגענטער מענטש, באַהאַוונט אין יידישע זאַכן. ער איז פריער געווען אַ ציוניסט, און שפּעטער איז ער געוואָרן אַ בונדיסט. ווען ער איז אַריין אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, האָט ער זיך אויסגעלערנט שוסטעריי, כדי ער זאָל אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג זיין גלייך מיט אַלעמען. ער איז געווען אַן אביון אין פולן זין פון וואָרט און דערצו האָט ער געהאַט אַ גרויסע פאַמיליע. זיין וואוינונג איז גע־וואָרן דער צענטער פון אונדזער באַוועגונג. נאָר די אינטעליגענטן, וועלכע האָבן געטאָן קאָנספּיראַטיווע אַרבעט, זיינען ניט געקומען צו אים אין הויז. ווי געזאָגט, איז אונדז ניט איינגעפאַלן, אַז עס געפינט זיך אַ פּראָוואָקאַטאָר אין אונדזערע רייען. אָבער אין אַ געוויסן אָוונט, דאָס איז געווען אין 1898, זיינען מיר, אַ גרופּע חברים, זיך צונויפגעקומען אויף דער ברעג, כדי צו פּלאַנעווען אַ געוויסע אַרבעט. עס איז געווען אַרום 8 אַ זייגער אָוונט, מיטאַמאָל זעען מיר

פון דער ווייטנס אָנקומען אַ גרויסע גרופּע פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע, זיי זיינען געגאַנגען אין אונדזער ריכטונג. מיר האָבן דערשמעקט אַז די זאַך איז ניט גלאַטיק, זיינען מיר יינגלעך און מיידלעך, געלאָפן צו די היימען וואו עס האָבן געוואוינט אונדזערע חברים און יעדן אָנגעזאָגט אַז די פּאָליציי קומט און מען זאָל די טרפהנע ליטעראַטור באַהאַלטן אָדער פאַרברענען. אַ טייל זיינען אַוועק פון הויז, אַז די פּאָליציי זאָל זיי ניט טרעפן. דערווייל האָב איך דערזען ליאָוען, דעם פירער פון שטאָט־קאָמיטעט, האָב איך אים געוואָרנט, אַז די פּאָליציי זוכט אים, איז ער שוין ניט אַהיימגעגאַנגען, אויך פיל אַנדערע זיינען פון גאַס שוין ניט אַהיימגעגאַנגען. ווען די פּאָליציי איז געקומען צולויפן, אַריין אין די היימען ווי די ווילדע הינט און געגומען זוכן, האָבן זיי קיין אומלעגאַלע ליטעראַטור שוין ניט געפונען, אַלץ איז געוואָרן באַצייטנס באַהאַלטן. די פּאָליציי האָט אָבער אַרעסטירט אַלע די וועלכע זיי האָבן געטראָפן אין הויז און ביי די וועלכע זי האָט אין דער היים ניט געטראָפן, האָבן זיי אַוועקגעשטעלט זשאַנדאַרמען צו היטן, אַז ווען דער מענטש וועט קומען זאָל מען אים אַרעסטירן. אַ סך אונדזערע מענטשן האָבן אָבער אויסגעמיטן זייער היים, טייל זיינען שנעל אַוועק קיין יעקאַטערינאָסלאַוו. איך און מיין קוזין בערקע, ביבע און ליאָווע, און נאָך עטלעכע זיינען אַ גאַנצע נאַכט אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן און געזען ווי מען פירט די אַרעסטירטע אין טורמע אַריין. גאַנץ פרי האָבן מיר באַגלייט ליאָווען, וועלכער איז אַוועק פון שטאָט, כדי אויסצומיידן אַן אַרעסט. איידער ער איז אַוועקגעפאָרן האָט ער אונדז געוואָרנט, אַז עס איז קיין ספק ניט, אַז מיר האָבן אַ פּאָוואָקאַטאָר אין אונדזערע רייען און אונדזער דרינגנדע אויפגאַבע איז אויסצוגעפינען ווער דער פּראָוואָקאַטאָר איז.

ער איז אַוועקגעפאָרן מיט אַ שיף קיין יעקאַטערינאָסלאַוו. אויך אַנדערע זיינען אַהין געפאָרן. ביבע האָט ניט געוואָלט אַהיימגיין, נאָך אַ נאַכט זיך אַרומדרייען איז ער געגאַנגען צו דער אַרבעט אין דער פרי אין זיין וואַרשטאַט. פּאָליציי איז אָבער געקומען אין וואַרשטאַט און אים אַרעסטירט. אַ גאַנצן מעת־לעת האָט מען געהאַלטן אין איין אַרעסטירן די מיטגלידער פון אונדזער אָרגאַניזאַציע.

מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז די אַרבעט פון אַ פּראָוואָקאַטאָר און אייגעזען אַז ליאָווע איז געווען גערעכט. איך בין צו דער אַרבעט נישט געגאַנגען, שפּעטער האָט מען מיר דערציילט, אַז די פּאָליציי איז געקומען צו מיין בעל־הבית מיך זוכן. די מאַמע האָט מיר אויך דערציילט, אַז אין אונדזער הויז האָט די פּאָליציי געמאַכט אַן אָבלאַווע, זוכנדיק אומלעגאַלע ליטעראַטור. זיי האָבן אָבער גאָרניט געפונען. די פּאָליציי האָט געפרעגט אויף מיר. מיינע עלטערן האָבן דערקלערט, אַז זיי ווייסן ניט וואו איך בין אַוועקגעקומען. דעם זעלבן פאַרנאַכט בין איך אַוועקגעפאָרן מיט דער שיף קיין יעקאַטערינאָסלאַוו. איך האָב אַפילו ניט געהאַט קיין אַדרעס אין יעקאַטערינאָסלאַוו וואו אַריינצוגיין.

איך בין אַוועק אויף דער בערזע, וואו חברים זיינען זיך צונויפגעקומען. דאָרט האָב איך געטראָפן יאַנקל פינקעלשטיינען, וועלכער איז אויך אַנטלאָפן פון קרעמענטשוג. ער האָט מיך גענומען צו זיך אַהיים. דאָרט האָב איך געטראָפן זיין ברודער מאיר און מאַניע און אַנדערע קרעמענטשוגער פון אונדזער באַוועגונג. מיר האָבן צוזאַמען געפּרואווט אַריינטראַכטן, ווער עס האָט געקענט זיין דער פּראָוואָקאַטאָר. עס איז אונדז ניט איינגעפאַלן, אַז דער פּראָוואָקאַטאָר איז איינער פון די אַקטיווסטע אין דער אָרגאַניזאַציע.

יאַנקל פינקעלשטיין האָט געזאָגט, אַז מען ווייס ווער דער פּראָוואָקאַטאָר איז. מען האָט איינעם אַרויסגעלאָזט פון טורמע און דאָרטן אין טורמע האָט ער עס זיך דערוואוסט. איצט, ביים גרויסן אַרעסט, האָט מען טאַקע דעם פּראָוואָקאַטאָר אויך אַרעסטירט, כדי אונדז אָפּצונאַרן מיר זאָלן זיך ניט קענען אָריענטירן, ווער עס האָט געמסרט. דער חברה־מאַן איז זייער אַקטיוו אין דער אָרגאַניזאַציע און אַלע האָבן פון אים געהאַלטן. איך פּערזענלעך האָב אים פיינט געהאַט. ווען איך האָב אַמאָל געזאָגט ביבען, אַז איך האָב דעם מענטשן ניט ליב, האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך מאַך אַ טעות, אַז ער איז אַ גוטער חבר און ער באַמיט זיך צו אָרגאַניזירן אַלע אַרבעטער פון זיין זאַוואָד, וואו ער האָט געאַרבעט.

ווען די פּאָליציי האָט אויסגעפּאַרשט די אַרעסטירטע און געוואָלט פון זיי אַרויסקריגן ידיעות וועגן דער אָרגאַניזאַציע און זיי זאָלן זיך מודה זיין אין באַלאַנגען צו דער אָרגאַניזאַציע, האָבן די חברים געלייקנט די באַשולדיקונגען. דעמאָלט האָט די פּאָליציי אַריינגעבראַכט דעם מסור און ער, וועלכער איז געווען טעטיק אין דער אָרגאַניזאַציע, האָט געזאָגט יעדן אין די אויגן אַריין, אַז ער האָט באַלאַנגט צו דער באַוועגונג און וואָס פאַר אַ טעטיקייט דער אַרעסטירטער האָט געפירט.

מיין קוזין האָט מען אויך אַרעסטירט און אָפּגעהאַלטן ביי דער אויספאָרשונג אַ וואָך צייט, פון אָנפאַנג האָט ער זיך געהאַלטן זייער גוט. שפּעטער, ווען מען האָט אים געוויזן פאָטאָגראַפיעס פון אים מיט אַנדערע גרופּן, און דער פּראָוואָקאַטאָר האָט אָנגעהויבן דערציילן וועגן מיין קוזינס טעטיקייט, איז מיין קוזין געוואָרן צעטומלט און ער האָט אויך אָנגעהויבן רעדן זאַכן, וואָס ער האָט ניט געדאַרפט. די וואָס האָבן גערעדט מער ווי מען האָט געדאַרפט, האָט מען זיי דערווייל אַרויסגעלאָזט אויף דער פריי. אַלטער דראַפּקין האָט מען אַרעסטירט אין דער אַרמיי און געבראַכט קיין קרעמענטשוג אין טורמע אַריין. מען האָט אים פאַרמשפּט און פאַרשיקט קיין סיביר, וואו ער איז געשטאָרבן.

דעם אַפּטייקער גרישע און דעם דאָקטאָר באָריס האָט מען אַרעסטירט און פאַרשיקט קיין סיביר. ביבען האָט מען געהאַלטן אין טורמע ביז ער האָט געדאַרפט גיין אין דער אַרמיי, און פון טורמע האָט מען אים (זיין ריכטיקער נאָמען איז געווען יעקב מאַרקין) גלייך געשיקט אין דער אַרמיי דינען. ביבע

האָט זיך געהאַלטן פעסט ווי אַ רעוואָלוציאָנער, זיי האָבן פון אים גאָרניט געקענט אַרויסקריגן, טראָץ דעם וואָס דער פּראָוואָקאַטאָר האָט אים געזאָגט זאַכן אין די אויגן, האָט ער אַלץ געלייקנט. דערפאַר האָבן זיי אים געהאַלטן אין טורמע ביזן גיין אין דער אַרמיי. ער האָט אָפּגעדינט פיר יאָר, נאָכדעם איז ער אַוועקגעפאָרן צו זיין שוועסטער קיין אַמעריקע. ער איז געווען מיינער אַ גוטער פריינד. אין אַמעריקע איז ער געוואָרן זייער טעטיק אין דער פּועלי־ציון באַוועגונג. ער איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק.

זינאַ שולמאַן איז אָפּגעזעסן אין תּפיסה איבער אַ יאָר. זי האָט זיך שטאָלץ געהאַלטן און פון איר האָבן זיי קיין סודות ניט אַרויסגעקריגן. ווען זי איז אַרויס פון טורמע האָט זי חתונה געהאַט מיט דניאל שולמאַן. זי איז אַרויס זייער אַן אָפּגעשוואַכטע. די טורמע האָט זי פיזיש צוזאַמענגעבראָכן. עס האָט איר אויך וויי געטאָן, וואָס אַזאַ שיינע אַקטיווע באַוועגונג, ווי עס איז געווען אין קרעמענטשוג, איז צובראָכן געוואָרן צוליב דער מסירה פון אַ נידערטרעכטיקן פּראָוואָקאַטאָר. ער איז געווען אַ קריסט, אַן אינזשיניער.

עס איז אַוועק אַ געוויסע צייט און מען האָט זיך גענומען צוריק אויפבויען די אָרגאַניזאַציע.

## קאַפּיטל 4

# אין לאָנדאָן אויף עמיגראַציע

נאָך צוויי וואָכן זיין אין יעקאַטערינאָסלאַוו האָב איך באַשלאָסן דאָרט צו פאַרבלייבן און אויך דאָרט ווערן אַקטיוו אין דער באַוועגונג. גייענדיק אַמאָל אויף דער פּראָספּעקטער גאַס זע איך מיטאַמאָל מיין פאָטער אָנקומען. פרעג איך אים: „וואָס טוסטו דאָ, טאַטע?" זאָגט ער מיר, אַז ער איז געקומען מיר נעמען אַהיים, אַז איצט איז פאַר מיר זיכערער צו זיין אין קרעמענטשוג ווי אין יעקאַטערינאָסלאַוו, ווייל דאָ זוכט מען שוין די, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון קרעמענטשוג. עפּעס איז מיין פאָטער אויסן געווען מיט זיין ריידן, אָבער וואָס ער מיינט, האָט ער מיר נישט געזאָגט. איך האָב געפאָלגט מיין פאָטער און בין אַהיים געפאָרן. ווי נאָר איך בין געקומען אַהיים, איז מיין קוזין געקומען צו מיר און מיר צוגערעדט, אַז מיר ביידע זאָלן פאָרן קיין לאָנדאָן, וואו עס געפינט זיך שוין זיין ברודער און מיין שוועסטער. אין אָנהייב האָב איך נישט געוואָלט הערן דערפון, אָבער מען האָט מיך אָנגעהויבן צורעדן פון אַלע זייטן. בין איך צום סוף מסכים געווען.

מיר האָבן געהאַט אַ שווערע נסיעה, מיר האָבן געדאַרפט גנבענען די גרענעץ. ווען מיר זיינען שוין געווען אויף דער דייטשער זייט האָט מען אונדז

געוואָלט צוריקשיקן. איך האָב געבעטן, מען זאָל אונדז לאָזן צורו, אַז מיר האָבן נישט קיין געלט צוריקצופאָרן. מיין קוזין האָט זיך געבעטן ביים דאָקטער ביי דער גרענעץ אונדז נישט צוריקצושיקן. דעם דאָקטאָרס האַרץ איז ווייכער געוואָרן און ער האָט אונדז געלאָזט פאָרן ווייטער.

מיר זיינען אַוועק צו דער שיף קיין ברעמען און געפאָרן קיין לאָנדאָן. דאָס איז געווען אין 1898.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען צו מיין שוועסטער אין לאָנדאָן, זיינען מיר געווען אָנטוישט פון די באַדינגונגען אין וועלכע זיי האָבן געלעבט. נישט געווען ביי זיי קיין באַדצימער, וואָס איז פאַר מיר געווען זייער נויטווענדיק, ווייל אין דער צייט וואָס איך בין געווען אין יעקאַטערינאָסלאַוו, האָב איך זיך אָנגע־שטעקט מיט דער „טשיסטקאָ" (עס איז אַזאַ מין הויט־קראַנקהייט) פון וועלכער איך האָב שטאַרק געליטן איידער איך בין דערפון פטור געוואָרן. פון דער צווייטער זייט אָבער, בין איך נאָך דעמאָלט געווען אַ יונגער בחור, אַ באַ־גייסטערטער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. איך האָב דעמאָלט נאָך זייער ווייניק פאַרשטאַנען וועגן סאָציאַליזם. כ'האָב אָבער געוואוסט, אַז מיר קעמפן פאַר אַ בעסער לעבן און פאַר פרייהייט. ווען איך האָב געזען אין לאָנדאָן די גרויסע אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס און די מיטינגען אין היידפאַרק מיט די פענער, און די פרייהייט פון רעדן אָן שום מורא — האָט עס אויף מיר געמאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק. מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין ענגליש, זיינען מיר געגאַנגען צו יידישע מיטינגען. און דאָ, האָבן מיר צו אונדזער איבערראַשונג, געזען יידישע מיטינגען פון פאַרשיידענע פאַרטייען און גרופן, וואו מען האָט פריי און אומגעשטערט געקענט רעדן וואָס מען האָט געוואָלט.

עס האָבן גערעדט סאָציאַל־דעמאָקראַטן, אַנאַרכיסטן און אַנדערע. זיי האָבן געשטורעמט, געוועקט דעם עולם און אַגיטירט פאַר זייערע פראָגראַמען. צווישן די אַגיטאַטאָרן זיינען געווען פיל געקומענע פון רוסלאַנד. זיי האָבן אַגיטירט פאַר פרייער ליבע, קעגן רעליגיע און פאַר אַנאַרכיסטישע אידייען. אַ סך מענטשן האָט געצויגן צו זייערע מיטינגען און אויך מיר זיינען אָפט געגאַנגען אַהין. ספּעציעל ווען עס האָט גערעדט ראָקער, ער פלעגט ציען אַ גרויסן עולם. ער איז געווען אַ פעאיקער אָראַטאָר און האָט גוט געקענט דערקלערן אַ זאַך. אַ צווייטער גוטער רעדנער איז געווען איינער קאַפּלאַן, אַ געלערנטער מענטש, ספּעציעל אין יידיש וויסן. עס פלעגט קומען אויך עמאַ גאָלדמאַן פון אַמעריקע און האַלטן רעדעס וועגן אַנאַרכיזם. זי איז געווען זייער אַ פעאיקע רעדנערין.

אויף מיר און מיין קוזין האָט די פּראָפּאַגאַנדע פון אַנאַרכיזם נישט גע־ווירקט. מיר האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, אָבער מיר זיינען אָפט געגאַנגען אויך צו די אַנאַרכיסטישע מיטינגען, ספּעציעל ווען עס האָט גערעדט ראָקער. אויך די סאָציאַליסטן האָבן געהאַט גוטע רעדנער.

עס איז אין לאָנדאָן דעמאָלט געווען אַ גרויסע גרופּע יידישע רעוואָלו־

ציאָנערן פון „בונד". זיי האָבן זיך גערופן דער „וועקער־פאַראיין". זיי האָבן זייער פיל אַרויסגעהאָלפן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד, און ספּעציעל — דעם „יידישן אַרבעטער בונד".

כמעט אַלע עמיגראַנטן אין לאָנדאָן האָבן זיך געהאַלטן ווי איין משפחה, עפּעס ווי עס וואָלט געווען אַ המשך פון רעוואָלוציאָנערן לעבן אין רוסלאַנד. עס איז דאָרט געווען אַ מיידל פון ווילנע פעני (זי האָט שפּעטער עמיגרירט קיין אַמעריקע און חתונה געהאַט מיט אַ געוויסן עלשטיין. ער איז שוין גע־שטאָרבן, זי וואוינט איצט אין קאַליפאָרניע). זי איז געווען אַ קליידער־מאַכערין און האָט געהאַט אַ וואַרשטאַט ביי זיך אין הויז. צו איר פלעגן אַריינקומען אַלע ווילנער לאַנדסלייט און דאָרט פאַרברענגען צוזאַמען. אויך איך און מיין קוזין פלעגן אַריינקומען צו איר אין הויז. אַהין פלעגט אויך אַריינקומען אַ מיידל ליזע, וועלכע איז געקומען פון ווילנע צוזאַמען מיט אירע עלטערן. די ליזע, אַ יונג מיידל פול מיט לעבן, האָב איך ליב באַקומען. איך בין געווען צו יונג זיך צו דערקלערן איר אין ליבע. זי איז געווען זייער איבערגעגעבן דער באַ־וועגונג פון „בונד". זי האָט איבערגעלאָזט אירע עלטערן אין לאָנדאָן און איז אַוועקגעפאָרן קיין רוסלאַנד, צו קענען ווייטער אַרבעטן פאַר דער רעוואָלוציע. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן וואָס פאַר אַ טייער מיידל זי איז געווען, פול מיט לעבן און באַגייסטערונג. מיר זיינען כסדר געווען צוזאַמען, אָפט געקומען צוזאַמען צו פעני אין הויז אַריין. צווישן דער רוסישער עמיגראַציע אין לאָנדאָן האָבן זיך אויך געפונען פּראַוואָסלאַווונע רוסן, אויך געוועזענע גע־נעראַלן און אָפיצערן פון דער רוסישער אַרמיי. זיי האָבן געשאַפן אַ באַזונדער גרופּע. זיי האָבן זיך גוט געהאַלטן מיט די יידישע חברים. איך געדענק נאָך עטלעכע נעמען פון זיי: איינער פון זיי איז געווען טיפלאָוו, זייער אַ פיינער מענטש. ער האָט אָנגעפירט אַ ביבליאָטעק מיט יידישע און רוסישע ביכער און צייטונגען. דאָרט איז געווען אַ טרעפפּונקט פאַר די געקומענע פון רוסלאַנד. די ביבליאָטעק איז געווען אין ווייטשעפּל, אַ באַקאַנטער קוואַרטאַל אין לאָנדאָן. ווען עס איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע פון 1905 זיינען זיי אַלע צוריקגעפאָרן קיין רוסלאַנד. ווייטער זיינען געווען: טשייקאָווסקי, טשיריקאָוו, בורצעוו, וועלכער האָט אויפגעדעקט דעם באַוואוסטן פּראָוואָקאַטאָר אַזעף. אויך קראָ־פּאָטקין איז דעמאָלט געווען אין לאָנדאָן. ווען עס האָט אויסגעבראָכן די רע־וואָלוציע פון 1917, זיינען אַ סך אַוועק צוריק קיין רוסלאַנד.

אַרום 1900, ווען איך בין געווען אין לאָנדאָן, איז דאָרט אָנגעקומען דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד", וואָס איז געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן זשענעוו. דער בונדישער צענטראַל־קאָמיטעט האָט מיטגעבראַכט מיט זיך זיין דרוקעריי און ער האָט דאָ ווייטער אָנגעהויבן אַרויסגעבן זיין אָרגאַן „דער יידישער אַרבעטער". אין שפּיץ פון צ"ק איז געשטאַנען אַרקאַדי קרעמער, וואָס האָט זיך אין לאָנדאָן גערופן אַלעקסאַנדער. אים האָט אויך צוגעהאָלפן

אין דער אַרבעט ליאָווע פון קרעמענטשוג, וועגן וועלכן איך האָב פריער דער־ציילט (ליאָווע איז געווען זיין פּסעוודאָנים, זיין אמתער נאָמען איז געווען איסאַר ראַבקין). איך האָב אָנגעהויבן אַריינצוקומען צו די בונדיסטן און איך האָב זיך באַקענט אויך מיט זייערע פירערס. וועגן אַלעקסאַנדערן קען איך זאָגן, אַז ניט בלויז איז ער געווען אַ גרויסער אידעאַליסט, נאָר לויט מיין מיינונג איז ער געווען אַ הייליקער. צום „בונד" איז דעמאָלט אָנגעקומען אַ סך געלט, פון אַמעריקע און פון אַנדערע לענדער. די פירערס האָבן זיך געקענט דערלויבן צו לעבן אַ נאָרמאַל, זאָט לעבן, אָבער זיי האָבן זיך ניט פאַרגונען קיין ריכטיקן מאָלצייט אָפּצועסן. איך געדענק אַז אין דער וואוינונג, וואו זיי האָבן זיך געפונען, האָט שטענדיק פון דער קאַנדעלאַבּרע פון באַלקן אַראָפּגעהאַנגען אַ טשייניק אויף אַ שטריקל. אין דעם פלעגן זיי קאָכן טיי. זיי פלעגן קויפן געטריקנטע פיש מיט ברויט, דאָס פלעגט זיין זייער עסן, און פאַרטרינקען, האָבן זיי מיט טיי. דער דאָזיקער אידעאַליזם זייערער האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק און איך האָב זיך דערנענטערט צום „בונד". איך האָב אָנגעהויבן אַרומלויפן איבער די סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע מיטינגען און אַרבעטער־לאָקאַלן, איך פלעג פאַרקויפן דעם בונדישן זשורנאַל „דער יידישער אַרבעטער" און פאַרשיידענע אַנדערע אויסגאַבעס פון „בונד".

מיין קוזין האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ, אַז ער וויל זיך לערנען אויף דאָקטער מעדיצין. ער האָט שווער געאַרבעט בייטאָג און ביינאַכט זיך געלערנט. אַלעקסאַנדער קרעמער האָט אים געהאָלפן מיט לעקציעס און געלט. שפּעטער איז ער אַוועקגעפאָרן צו זיין ברודער קיין אַמעריקע, וויל ער האָט געוואָלט זיין צוזאַמען מיט דער משפחה. אין אַמעריקע האָט ער געענדיקט זיין שטודיום פון מעדיצין איז געוואָרן אַ דאָקטאָר און האָט געהאַט דערפאָלג אין זיין פּראַקטיק. ווען איך וואָלט געהאַט גענוג שכל, וואָלט איך אויך געדאַרפט ווידמענען זיך לערנען, און מיין וועג אין לעבן וואָלט געווען אַן אַנדערער. איך בין אָבער געווען יונג, און פאַנאַטיש איבערגעגעבן צו מיין אידעאַל פון סאָציאַליזם, בין איך פאַרבליבן ביי דער באַוועגונג אַלע מיינע יאָרן.

איך בין אין לאָנדאָן געווען אַ מיטגליד פון דער מאַנטל־מאַכער יוניאָן, און איך האָב פאַרדינט 2 פונט אַ וואָך. דזשאַן דייטש איז דאָרט געווען סעקרעטאַר. איך האָב באַלאַנגט צו דער „וועקער־גרופּע", וואָס האָט געהאָלפן דעם „בונד" אין רוסלאַנד. איך האָב אויך באַלאַנגט צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פעדעראַציע. איך האָב אויך געהאָלפן גרינדן דעם יידישן ברענטש פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פעדערעישאַן. ווען מען האָט געהאַלטן ביים איינסטאָלירן דעם ברענטש, האָב איך פאַר מיין אייגן געלט געלאָזט מאַכן די פאָן פון ברענטש. דאָס האָט מיך געקאָסט 5 פונט. פון איין זייט פאָן האָב איך געלאָזט אויסהעפטן דאָס בילד פון קאַרל מאַרקס און אויף דער צווייטער זייט דאָס בילד פון דער געטין פון פרייהייט.

מיין קוזין איז געווען אין כעס אויף מיר, פאַרוואָס איך האָב אויסגעגעבן אַזוי פיל געלט אויף אַ פאָן. איך בין אָבער געווען באַגייסטערט פאַר מיין אידעאַל, און אַזוי בין איך פאַרבליבן אַלע מיינע יאָרן.

אין לאָנדאָן האָט זיך דעמאָלט געפונען אַ געוויסער לעווין פון מינסק, אָדער פון ווילנע, איך געדענק ניט גענוי, האָב איך זיך מיט אים זייער באַפריינדעט. געאַרבעט האָט ער אין אַן אָפיס פון שיפס־קאַרטן פאַר עמיגראַנטן. זיין שוואָגער באַטשקע קאַהאַן איז געווען אַ טעטיקער סאָציאַליסט (שפּעטער, בעת דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש, זיינען זיי דאָרט אַוועק און מער האָב איך פון זיי נישט געהערט).

לעווין מיט באַטשקע קאַהאַן זיינען געקומען צו דער אינסטאַלירונג פון יידישן ברענטש פון דער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע. זיי האָבן בייגעוואוינט די צערעמאָניע פון אַריינטראָגן די פאָן בעת דער פייערונג. באַטשקע קאַהאַן האָט געפרעגט ווער עס האָט געמאַכט די פאָן, האָט מען אים געזאָגט, אַז דאָס האָט געמאַכט מאיר קושנער און עס געגעבן אַ מתנה דעם ברענטש. אַלע האָבן געהאַלטן באַגייסטערטע רעדעס און געוואונטשן מיר זאָלן אויפבויען אַ גרויסע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָנדאָן. מען האָט מיר געגעבן אַ קאָמפּלימענט אַז איך בין אַ גוטער איבערגעגעבענער חבר פאַר דער באַוועגונג. גענאָסע היידעמאַן, דער פירער פון דער פעדעראַציע, האָט אין זיין רעדע זיך אָפּגעשטעלט אויף דער פאָן און אויף מיין פערזאָן. ער האָט באַוואונדערט, וואָס אַזאַ יונגער מענטש ווי איך, זאָל זיך לאָזן קאָסטן אַזוי פיל געלט און אַרויסווייזן אַזוי פיל איבערגעבנקייט דער באַוועגונג. ער האָט פאָרגעשלאָגן, אַז מיין נאָמען זאָל אַריינגעשטעלט ווערן אין דעם טשאַרטער פון ברענטש.

איך האָב זיך געפילט זייער דערהויבן.

לעווין און באַטשקע קאַהאַן האָבן דעמאָלט געגרינדעט אַ ניי יידיש וואָכנבלאַט, וואָס איז געווען דער אָרגאַן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פעדעראַציע. דער רעדאַקטאָר פון דעם דאָזיקן זשורנאַל איז געווען אַ קריסט, זיין נאָמען איז געווען בעק, וואָס האָט געקענט שרייבן יידיש. אַ טשעקאָווער פאַקט: דער רעדאַקטאָר פון דעם קעגנערישן יידישן אַנאַרכיסטישן אָרגאַן „אַרבעטער פריינד" איז אויך געווען אַ קריסט — דער דייטש ראָקער.ביידע זיינען זיי געווען געלערנטע מענטשן און ביידע האָבן זיך שאַרף באַקעמפט פון אַ יידישער טריבונע. מיט נייגעריקייט האָבן מיר יעדן פרייטאָג געוואַרט אויף נייע נומערן פון די זשורנאַלן. מיר זיינען אַלע געווען פאַרקאָכט אין די פּראָבלעמען פון דער דיסקוסיע וועגן אַנאַרכיזם און סאָציאַליזם. ראָקער פלעגט אַחוץ דעם שרייבן, אויך האַלטן אָפטע פייערלעכע אַנאַרכיסטישע רעדעס, וואו ער האָט גערופן זיינע צוהערער צו זיין גרייט צו דער רעוואָלוציע וואָס קען קומען אַ ליאַדע טאָג. דעמאָלט וועט מען אַלץ צונעמען ביי די רייכע קאַפּיטאַליסטן און מען וועט מיט כוח איינפירן די אַנאַרכיסטישע (אום)אָרדענונג. ער האָט אויך געהאַלטן

פייערדיקע רעדעס קעגן רעליגיע, פאַר פרייער ליבע. דער גרעסטער טייל צוהערער האָט זיך נישט געקענט פונאַנדערקלייבן אין דעם קנויל פּראָבלעמען און פּראָגראַמען פון אַנאַרכיזם און סאָציאַליזם און אין וואָס באַשטייט דער אונטערשייד צווישן די צוויי אידייען. דאָך האָט מען זיך געאַמפּערט און דיסקוטירט און דערביי זיך געהאַלטן פריינדלעך.

ווען עס האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגיין „די נייע וועלט" האָב איך אויך די דאָזיקע צייטונג אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן. איך בין אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן און זי פאַרשפּרייט וואו עס האָט זיך געלאָזט. מאיר ווײַנשטיין פון „פאָרווערטס", וואָס איז דעמאָלט אויך געווען אין לאָנדאָן, דאַרף דאָס געדענקען. די דאָזיקע צייטונג האָט מיך אָפּגעקאָסט אַ סך געלט, עס איז דאָרט שטענדיק געווען אַ דוחק אין געלט און איך פלעג כסדר צוטראָגן אַ פונט אָדער צוויי, די צייטונג זאָל קענען דערשיינען רעגולער. מען האָט מיר צוגעזאָגט, אַז איך וועל דאָס געלט צוריק קריגן, אָבער ווען איך האָב געדאַרפט, אין 1901, פאָרן אַהיים צו מײַנע עלטערן קיין רוסלאַנד זיך שטעלן צום פּריזיוו (אַנדערש וואָלט זיי געדראָט אַ גרויסע שטראָף), און איך האָב נישט געהאַט אויף קיין הוצאות און איך האָב געמאָנט דאָס געלט — האָט מען מיר געענטפערט אַז מען האָט ניט קיין געלט מיר צו געבן. האָב איך דעמאָלט געשריבן צו מיין שוועסטער, זי זאָל מיר שיקן אַ ביסל געלט אויף הוצאות. איך האָב זיך דערמאָנט, ווי מיין קוזין פלעגט מיר וואָרענען, איך זאָל ניט פאַרטאַכלעווען מיין געלט, ווייל ווען איך וועל אַליין דאַרפן און כ'וועל נישט האָבן, וועט מיר קיינער נישט געבן. ער איז געווען גערעכט: עס איז טאַקע אַזוי געווען.

אײדער איך בין אַהיים געפאָרן קיין רוסלאַנד, האָט אַלעקסאַנדער קרעמער מיר פאַרטרויט אַ פּאַרטייאישן סוד: אויפן וועג אַהיים, האָט ער מיר געבעטן, זאָל איך זיך אָפּשטעלן אין ווילנע און זען אַ געוויסע מיידל, אַ מאָדיסטקע; זי וועט מיך אַוועקפירן צו זען איינעם, וואָס וועט מיר איבערגעבן געוויסע זאַכן. אַ שריפטלעכן אַדרעס, זאָגט ער, קען ער מיר ניט געבן, איך דאַרף דעם אַדרעס געדענקען אויפן קאָפּ. איך האָב אים דערציילט, אַז איך קען אַ ווילנער, וועלכער איז געווען אין קרעמענטשוג אין 1896 מיטן נאָמען באַבע. קרעמער האָט מיר געזאָגט אַז ער קען דעם מענטשן, אַז מ'קען אים אָנטרויען. און אַז איך וועל קענען אים טרעפן אויף דער בערזע אין ווילנע, וואָס איז אויף דייטשער גאַס. ער האָט מיר צום סוף אָנגעזאָגט, צו זיי זייער פאַרזיכטיק מיט מיין וואַליזע אויף דער באַן.

פאָרנדיק אויף דער באַן, האָב איך אין דעם אין גאַנצן פאַרגעסן, איך האָב אַוועקגעשטעלט די וואַליזע וואָס ער האָט מיר געגעבן און מיינע זאַכן און געכאַפּט אַ דרעמל. איך כאַפּ זיך אויף — זע איך אַז כ'בין שוין אין ווילנע, די וואַליזע מיט מיינע זאַכן זיינען נישטאָ. איך האָב געמאַכט אַ טומל און פּאָליציי איז אָנגעקומען און מיר אָנגעהויבן פרעגן וואָס איך האָב געהאַט אין דער־

האַליזע. אי די וואַליזע, אי מיינע זאַכן זיינען פאַרפאַלן געוואָרן, איך האָב זיי שוין מער קיינמאָל ניט געזען. מען האָט מיר געהאַט געוואָרנט פאַר די ווילנער גנבים, אָבער איך האָב דאָס ניט גענומען ערנסט, נו — האָב איך דערפאַר טייער באַצאָלט. איך בין געבליבן אָן אַ גראָשן געלט און בלויז ביי דעם וואָס כ׳האָב געהאַט אויף זיך. די פּאָליציי האָט מיך געפרעגט וואָס איך האָב בדעה צו טאָן, האָב איך זיי געענטפערט, אַז איך וועל שיקן אַ טעלעגראַמע צו מיינע עלטערן, זיי זאָלן מיר אַרויסשיקן געלט. די פּאָליציי האָט מיר געראַטן שפּעטער געוואָר צו ווערן צו די וואַליזע איז געפונען געוואָרן און מיך אויסגעפרעגט פון וואַנען איך קום, — איך האָב געזאָגט פאַרשיידענע תירוצים, ווייל כ׳האָב ניט געוואָלט אויסזאָגן, אַז איך קום פון לאָנדאָן.

איך בין פאָרזיכטיק אַוועק אויף דער דייטשער גאַס צו געפינען מיין באַ־קאַנטן חבר. איך האָב איך דאָרט טאַקע באַלד דערזען, כ׳האָב אים געזאָגט אַז איך קום פון לאָנדאָן און איך וויל זען דאָס מיידל וועלכע קרעמער האָט מיר אָנגעוויזן.

ער האָט מיך צו איר אַוועקגעפירט, איר נאָמען גערעדנק איך שוין ניט, איך האָב איר איבערגעגעבן אַלע ענינים פון דער אָרגאַניזאַציע, וועגן וועלכע קרעמער האָט מיר געהייסן איר צו וויסן טאָן. צום סוף האָב איך איר דערציילט, אַז איך האָב ניט קיין געלט אַהיים צו פאָרן, האָט זי מיר צוגעזאָגט צו באַקומען געלט אויף הוצאות, איך האָב דורך איר אויך באַקומען אַן אָרט וואו זיך דערווייל אויפצוהאַלטן.

איך האָב געשיקט בריוו צו לעווינען קיין לאָנדאָן, כ׳האָב אים דערציילט וואָס עס האָט מיט מיר געטראָפן אויף דער באַן און אים געבעטן צו זען מיר שיקן עפּעס געלט צו קענען אַהיימפאָרן. ער האָט מיר אַפילו ניט געענטפערט. דאָס איז געווען דער דאַנק, וואָס איך האָב באַקומען פאַר מיין כסדרדיקער הילף פאַרן זשורנאַל „די נייע וועלט״. צוויי וואָכן האָב איך געוואַרט אין ווילנע, מען האָט מיר דערווייל גענומען צו פאַרשיידענע פאַרזאַמלונגען. דאָס מיידל האָט סוף־כל־סוף געקריגן די בייטיקע סומע אויף מיינע הוצאות און איך בין אַהיים געפאָרן קיין קרעמענטשוג.

איך בין אַהיים געקומען אָן אָפּגעריסענער, אָן מלבושים, אָן געלט און כ׳האָב אַפילו ניט געהאַט ווער ס׳זאָל מיר קענען אַרויסהעלפן. מיינע עלטערן האָבן ניט געהאַט קיין געלט מיר צו קויפן מלבושים. מיין לאַגע איז געווען אַ טרויעריקע און עס האָט מיר פאַרדראָסן, ספּעציעל דאָס, וואָס כ׳האָב געקענט האָבן געלט, אָבער איך האָב עס מיט אַ ברייטער האַנט אויסגעגעבן צו שטיצן די באַוועגונג און פריינד.

קאַפּיטל 5

# צוריק אין דער היים

ווען איך בין געקומען אַהיים אין 1901 בין איך גלייך אַריין אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. איך האָב געהאָלפן אָרגאַניזירן די שניידערס פון קרעמענטשוג. אין 1902 האָבן מיר אַרויסגערופן אַ שטרייק פון אַלע קרעמענ־טשוגער שניידערס. איך געדענק, אַז מען האָט געדופן אַ גרויסע פאַרזאַמלונג הינטערן שטאָט. די פּאָליציי האָט זיך דערוואוסט ווענן דער פאַרזאַמלונג איז זי, צוזאַמען מיט זשאַנדאַרמען, געקומען אונדז אַרעסטירן. מיר האָבן אָבער פון דער וויטנס דערזען די פּאָליציי, זיינען מיר זיך אַלע צעלאָפן. ווען די פּאָליציי און די זשאַנדאַרמען זיינען צוגעקומען צום וואַלד וואו מיר האָבן געהאַט די פאַרזאַמלונג האָבן זיי שוין קיינעם ניט געפונען. שפּעטער האָט מען אָנ־געהויבן צו אַרעסטירן די שטרייקערס. מען האָט זיי געמאַטערט ווער עס זיינען די פירערס פון שטרייק. די וואָס זיינען ניט געווען קיין קרעמענטשוגער האָבן געמוזט אַוועקפאָרן פון שטאָט. איינער פון זיי איז געווען היימאַן גאָלדבערג (איצט אַ מיטגליד פון לאָקאַל 9 פון די קלאָוקמאַכער־יוניאָן און אַן אַקטיווער טוער פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד).

דעם שטרייק האָט מען פאַרשפּילט. אָבער באַלד נאָך דעם האָבן מיר ווייטער גענומען אָרגאַניזירן אַלע פאַכן פון שטאָט און מיר האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט די אַרבעטער־באַוועגונג אין קרעמענטשוג.

אין גיכן זיינען מיר שוין געווען אַזוי שטאַרק, אַז מיר האָבן זיך פאַר־נומען צו אָרגאַניזירן אַן עפנטלעכע דעמאָנסטראַציע אין שטאָט, מיט פענער צו פייערן דעם ערשטן מאַי. דאָס איז געווען אין 1903. אויף דער דעמאָנסטראַ־ציע האָט מען מיך אַרעסטירט צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע מענטשן. אין אַרעסט האָט די פּאָליציי מיט געוואַלד אונדז אויסגעטאָן די זאַכן און געהאַלטן אונדז צוזאַמען מיט שיכורים און גנבים, מען האָט אונדז אָבער ניט געשלאָגן. אין די היימען האָט די פּאָליציי געמאַכט רעוויזיעס, זיי האָבן אָבער אין ערגעץ קיין אומלעגאַלע זאַכן ניט געפונען. בלויז ביי איינעם, וואָס מען האָט אַרעסטירט מיט אונדז, האָט מען געפונען אַ פּעקעלע מיט פּראָקלאַמאַציעס, דערפאַר האָט אים די פּאָליציי מערדערלעך געשלאָגן. איך האָב אים שפּעטער געפרעגט: אַז דו ביסט געגאַנגען אויף אַ דעמאָנסטראַציע האָסטו די ליטעראַטור אין הויז ניט געקענט באַהאַלטן אַזוי ווי אַנדערע האָבן געטאָן? ביי אונדז אין הויז האָט מען אויך געמאַכט אַ רעוויזיע, אָבער גאָר ניט געפונען, ווייל איך האָב די ליטעראַטור באַהאַלטן אויף אַ זיכער אָרט. ביי אונדז אין הויז איז געווען אַ קאַמער וואו מיר האָבן געהאַלטן האָלץ אויף ווינטער, האָב איך הינטערן האָלץ אויסגעגראָבן אַ טיפע גרוב און דאָרט אין אַ קאַסטן באַהאַלטן די „סחורה" און

פון אויבן צוגעדעקט מיט האָלץ. געווען אַ צייט וואָס דאָרטן האָב איך אויך באַהאַלטן פאַר אַ ווײַלע די טיפּאָגראַפיע אויף וועלכער מיר האָבן געדרוקט די אומלעגאַלע פּראָקלאַמאַציעס.

מען האָט אונדז געהאַלטן דריי מאָנאַטן אין פּאָליציי־אַרעסט. מיר האָבן פאַרלאַנגט מען זאָל אונדז אַריבערפירן אין אַ טורמע, האָט מען געענטפערט, אַז די טורמע איז איבערגעפולט און עס איז דאָרט ניטאָ קיין פּלאַץ. שפּעטער איז געקומען אַ זשאַנדאַרמסקער פּאָלקאָווניק און אונדז אָנגעהויבן אויספרעגן: וועמען מיר קענען, צי מיר זיינען געגאַנגען אין דער דעמאָנסטראַציע. ער האָט אָנגערופן פאַרשיידענע נעמען און געפרעגט צי מיר קענען זיי. מיר האָבן אַלץ געלייקנט. שפּעטער האָט מען גענומען אונדזערע פּאָטאָגראַפיעס און וויטער געפאָרשט. ענדלעך איז אָנגעקומען אַ באַפעל פון פּעטערסבורג, און מען האָט אונדז אַרויסגעלאָזט אונטער פּאָליציי־אויפזיכט. מיר האָבן זיך געדאַרפט מעלדן איין מאָל אַ וואָך אין דער פּאָליציי.

ווען איך בין אַרויס פון אַרעסט, בין איך ווידער געוואָרן טעטיק אין דער אָרגאַניזאַציע. מ׳האָט מיר אַ נאָמען געגעבן „מאיר לאָנדאָן”, דערפאַר וואָס איך בין געווען אין לאָנדאָן. גאַנץ קרעמענטשוג האָט אָנגעהויבן אַזוי מיך רופן, און מען האָט שוין ניט געוואוסט קיין צווייטן נאָמען. ווען עס איז אויסגע־בראָכן די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה, זיינען אָנגעקומען ידיעות וועגן פּאָגראָמען אין פאַרשיידענע שטעט אין רוסלאַנד. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס זעלבע קען אויך פאָרקומען אין אונדזער שטאָט, האָבן מיר זיך גענומען אָרגאַניזירן אַ זעלבטשוץ. מיר האָבן זיך גענומען לערנען ווי צו באַגיין זיך מיט אַ רעוואָלווער. מיר האָבן זיך איינגעשאַפן געווער און עס באַהאַלטן אויף אַ זיכערן אָרט.

דערווייל איז אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם אין אַלעקסאַנדריע, פּאָלטאַווער גוּ־בערניע. געשען איז דאָס יום־כיפור צו כל־נדרי. ווען מיר האָבן זיך וועגן דעם דערוואוסט, זיינען מיר זיך צוזאַמענגעקומען אין שולהויף. אין קרעמענטשוג איז געווען אַ גרויס יידיש געשעפט, וואָס האָט צווישן אַנדערע אויך פאַרקויפט רעוואָלווערן. מיר האָבן געבעטן דעם סוחר, ער זאָל אונדז געבן אַ ביסל געווער, וועלן מיר אַוועק קיין אַלעקסאַנדריע פאַרטיידיקן יידישע לעבנס. אין אָנהייב האָבן די בעלי־בתים אונדז נישט געוואָלט געבן געווער, שפּעטער האָבן זיי זיך מישב געווען און מסכים געווען דערצו, און האָבן אונדז געגעבן אַ צאָל געווער. מיר זיינען זיך ווידער צוזאַמענגעקומען אויף דעם גרויסן שולהויף. מיר האָבן געשיקט גרופּעס קיין אַלעסאַנדריע, פאָרזיכטיק, קיינער זאָל ניט באַמערקן און די פּאָליציי זאָל זיך ניט דערוויסן. די פירערס פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס זיינען געווען אונטער דער אויפזיכט פון דער פּאָליציי, האָבן געמוזט פאָרן די לעצטע, ווען ס׳איז געווען גוט פינצטער.

מיר זיינען אָנגעקומען קיין אַלעקסאַנדריע 12 אַ זייגער ביינאַכט. עס האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט אין שטעטל נאָכן פּאָגראָם. מיר זיינען אַוועק

אין אַ יידישן האָטעל, אָבער דער בעל־הבית האָט אונדז ניט געוואָלט אַריינלאָזן, ער האָט מורא געהאַט. מיר זיינען אָבער אַריין אין האָטעל מיט כוח. 6 אַ זייגער פּאַרטאָג האָבן מיר איינגעטיילט די מענטשן אין גרופּעס, יעדע גרופּע באַשטימט צו אַ געוויסער געגנט אין שטאָט, גרייט מיט געווער אין האַנט צו באַגעגענען די כוליגאַנעס, אויב עס וועט זיך זיי נאָכאַמאָל פאַרגלוסטן צו מאַכן אַן אָנפאַל אויף שוצלאָזע מענטשן.

פאַרטאָג, ווען מיר זיינען אַרויס אין שטאָט, האָבן מיר דערזען אַ שרעקלעך בילד: פּעדערן זיינען געווען צעשפּרייט איבער די גאַסן, צעבראָכענע כלים, שטולן, צעריסענע טליתים, און די הייזער זיינען געלעגן צעשלאָגענע יידן. דער גרעסטער טייל יידן איז זיך פאַר שרעק צעלאָפן. קיין דערמאָרדעטע יידן זיינען צום גליק ניט געווען. די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן אָבער דערהרגעט צוויי קריסטלעכע סטודענטן, וואָס האָבן זיך אָנגענומען פאַר די פּאָגראָמירטע יידן.

מיר האָבן געוואָלט אָנטיילנעמען אין דער לוויה פון די צוויי קריסטלעכע סטודענטן און דורך דעם אָפּגעבן זיי כבוד פאַרן איינשטעלן זייער לעבן פאַר גערעכטיקייט, די יידן אין אַלעקסאַנדריע האָבן אונדז אָבער אָפּגערעדט דערפון און אונדז געבעטן אַז מיר זאָלן פאָרן צוריק אַהיים, ווייל זיי האָפן, אַז ס'וועט שוין זיין שטיל. זיי האָבן געהערט, אַז עס ווערט אַריינגעשיקט אַ גרויסע צאָל רעזערוו־פּאָליציי, צו מאַכן אָרדענונג. מיר האָבן זיי געפאָלגט און פאַרלאָזט אַלעקסאַנדריע. פון דער באַן זיינען מיר אַראָפּ אַ סטאַציע פאַר קרעמענטשוג און אין קליינע גרופּעס זיך אַריינגעשאַרט צוריק אין שטאָט אַריין, כדי עס זאָל ניט פאַלן קיין חשד און מען זאָל אונדז ניט כאַפּן מיט געווער. אַזוי זיינען מיר אַריין צופוס אין שטאָט. אַלץ איז אַדורך בשלום. מיר האָבן דאָס געווער געוואָלט צוריקגעבן דעם סוחר, האָט ער עס ניט געוואָלט צוריק נעמען, מיר האָבן דאָס געווער באַהאַלטן.

נאָך דער 1מאַי־דעמאָנסטראַציע, וואָס מיר האָבן געהאַט אין 1903, איז קיין קרעמענטשוג געוואָרן אַראָפּגעבראַכט אַ גאַנצע דיוויזיע קאָזאַקן מיט אַ באַנדע שפּיאָנען. אויף די יידן אין שטאָט איז געפאַלן אַ שרעק און מען האָט מורא געהאַט אַז עפּעס זאָל ניט געשען. טראָץ דעם טעראָר איז אָבער די אָרגאַניזאַציע ווייטער אָנגעגאַנגען מיט איר אַרבעט, פאַרקערט: מיר זיינען געווען נאָך מער אַקטיוו.

אַן אַקטיווער מיטגליד האָט צוליב די שפּיאָנען און מסירות לאַנג ניט געקענט בלייבן אין קרעמענטשוג. נאָך אַ קורצער צייט האָט ער געמוזט אַוועק אין אַ צווייטער שטאָט און דאָרט ווייטער אַרבעטן פאַר דער באַוועגונג. טאָמער האָט מען אים דאָרט אַרעסטירט פאַר ניט קיין שווערן פאַרברעכן, האָט מען אים געוויינלעך צוריקגעשיקט קיין קרעמענטשוג, אונטער פּאָליציי־אויפזיכט. נאָך אַ צייט זיינען כמעט אַלע אָנפירער פון דער באַוועגונג אין קרעמענ־טשוג געווען אונטער דער אויפזיכט פון פּאָליציי. מיר האָבן אָפּגעמאַכט צווישן

זיך, אַז מיר אַלע גייען זיך מעלדן אין דעם זעלבן טאָג און אין דער זעלבער שעה, עס וועט הייסן, אַז טאַקע דאָרטן האָבן מיר זיך באַקענט, ווייל אויב מען וועט אונדז כאַפּן אויף אַ פאַרזאַמלונג, וועלן מיר זאָגן, אַז מיר זיינען אין פּאָליציי געוואָרן באַפריינדעט און מיר זיינען געקומען צו גאַסט איינער צום צווייטן.

מיר האָבן געהאַט גליק וואָס ביי אונדז איז פאַרבייגעפלאָסן דער דניעפּער; זומער־צייט האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אונדזערע פאַרזאַמלונגען אויפן טייך. מיר פלעגן צופאָרן מיט שיפלעך צו ערטער, וואו מיר האָבן זיך געקענט אויס־באַהאַלטן און אָפּהאַלטן די פאַרזאַמלונג. טייל מאָל פלעגן מיר האָבן די פאַר־זאַמלונג אין וואַלד אויף דער צווייטער זייט דניעפּער. אַזעלכע פאַרזאַמלונגען פלעגן מיר אָפט אָפּהאַלטן. ווינטער האָבן מיר אָפּגעהאַלטן קלענערע פאַר־זאַמלונגען אין פּריוואַטע הייזער. די אַרבעט איז געגאַנגען אַ גאַנץ יאָר, אָן איבעררייס, כאָטש די באַדינגונגען זיינען געווען זייער שווערע.

די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער פלעגן יעדן זונטיק קומען קיין קרעמענטשוג אין קלויסטער אַריין. די פּויערים האָבן אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די יידן, ווייל מען האָט זיי לייכט געקענט אויפהעצן צו אַ פּאָגראָם. אונדזער באַוועגונג האָט דאָס גענומען אין אַכט און מיר פלעגן אַרויסגעבן פּראָקלאַמאַציעס צו דער יידישער באַפעלקערונג, אַז מ׳זאָל קיין מורא נישט האָבן. מיר האָבן אויך אַרויסגעגעבן פּראָקלאַמאַציעס צו דער נישט־יידישער באַפעלקערונג וועגן דעם. די קאָזאַקן זיינען געוואָרן ווילד געפינענדיק די פאַרשפּרייטע פּראָקלאַמאַציעס, זיי האָבן אָבער נישט געוואוסט ווער עס פאַרשפּרייט די דאָזיקע אויפרופן. נישט קוקנדיק דערויף וואָס די קריסטלעכע באַפעלקערונג אין שטאָט האָט געלעבט פריינדלעך מיט די יידן האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ זעלבסטשוץ, מיר זאָלן זיין גרייט אויף יעדן פאַל.

די קאָזאַקן וואָס זיינען אַראָפּגעקומען האַלטן אָרדנונג און באַשיצן דעם צאַר, האָבן זיך גאָרנישט לייטיש אויפגעפירט אין שטאָט, זיי האָבן זיך גע־טשעפּעט צו מיידלעך. טאָמער איז ערגעץ פאָרגעקומען אַ יידישע שמחה, זיינען זיי אומגעריכטערהייט אַהין געקומען און זיך געלאָזט וואוילגיין. די מחותנים האָבן מורא געהאַט זיי צו פאַרטרייבן. פרויען האָבן מורא געהאַט אַהיימצוגיין ביינאַכט אַליין. אַ קאָמיטעט פון דער קהילה האָט וועגן דעם אינטערווענירט ביים גענעראַל און געבעטן, אַז זיינע קאָזאַקן זאָלן לאָזן צו רו די פרויען און אויפפירן זיך מער מענטשלעך. דער גענעראַל האָט צו־געזאָגט, אַז ער וועט זיינע קאָזאַקן באַפעלן זיך אויפצופירן אָנשטענדיק. ער האָט זיין וואָרט געהאַלטן און די קאָזאַקן זיינען טאַקע געוואָרן אַ ביסל גע־לאַסענער. פּלוצלונג איז דער גענעראַל דערמאָרדעט געוואָרן. אין שטאָט איז געוואָרן אַ טומל. יידן האָבן מורא געהאַט מ׳זאָל ניט זאָגן, אַז יידן האָבן אים געהרגעט. מען האָט גערעדט אַז עס קען זיין, אַז דאָס איז געווען אַן

אַטענטאַט פון די רעוואָלוציאָנערן. די לאַגע איז געוואָרן נאָך אָנגעשטרענגטער, ווען די אַנטיסעמיטן האָבן אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אַ קלאַנג, אַז יידן האָבן אים געהרגעט.

באַלד איז אויסגעפונען געוואָרן, אַז די מערדער זיינען געווען זיינע אייגענע באַדינער, קאָזאַקן. זיי זיינען ביינאַכט אַריין צו אים, אים אויסגע־שטאָכן די אויגן און נאָכדעם אים דערמאָרדעט. די שטאָט האָט פרייער אָפּגע־אָטעמט. די מערדער זיינען באַשטראָפט געוואָרן, טייל צום טויט און טייל אויף לאַנגע יאָרן תפיסה. דער משפט איז פאָרגעקומען שבת, און יידן זיינען געלאָפן קוקן ווי מען פירט די מערדער געשמידט אין קייטן צום מיליטערישן געריכט. אין געריכט האָבן זיי זיך פאַרטיידיקט, אַז דער גענעראַל איז געווען שלעכט צו זיי.

אונדזער באַוועגונג האָט אויסגענוצט דעם פאַל און האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו די קאָזאַקן, אַז דער גענעראַל האָט שלעכט באַהאַנדלט ניט בלויז זיינע קאָזאַקן נאָר אויך די גאַנצע באַפעלקערונג. די פּראָקלאַמאַציע האָט אַפּעלירט צו די קאָזאַקן, זיי זאָלן באַהאַנדלען די אַרבעטער ווי גלייכע מענטשן.

אונדזער באַוועגונג האָט זיך גענומען צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער פון די פאַבריקן, מילן, וואַרשטאַטן. מיר האָבן באַשלאָסן צו רופן אַ גרויסע מאַסן־פאַרזאַמלונג. די וואָס זיינען געווען אונטער פּאָליציי־אויפזיכט האָבן ניט געדאַרפט קומען. עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן גרופּעס, יעדע גרופּע אַרבעטער האָט געזאָלט קומען באַזונדער, פון אַן אַנדער וועג. מיר האָבן אַוועקגעשטעלט פּאַטרולן אַכטונג צו געבן, אויב פּאָליציי באַווייזט זיך. די פאַרזאַמלונג האָט זיך אָנגעהויבן אין אָרדענונג, די פּאַטרולן האָבן אַכטונג געגעבן, די רעדנערס האָבן גערעדט, דער גרויסער עולם האָט זיך צוגעהערט אויפמערקזאַם. פּלוצלונג האָבן די פּאַטרולן דערזען, ווי קאָזאַקן לויפן שנעל אויף די פערד, גלייך אין דער ריכטונג פון דער פאַרזאַמלונג. מען האָט דאָס גלייך געלאָזט וויסן דעם קאָמיטעט־פאָרשטייער, ער האָט באַלד גענומען אַ שיפל און גיך אַריבער דעם דניעפּער. ווען די קאָזאַקן זיינען אָנגעקומען, איז שוין יעדער פון אונדז געזעסן אין וואַלד מיט זיין צוגעגרייט פּעקל עסן, עס זאָל הייסן, אַז מיר זיינען דאָ געקומען אויף אַן אויספלוג פאַרברענגען. די קאָזאַקן האָבן אונדז אַרומגערינגלט מיט זייערע פערד און אונדז געפירט אין דער פּאָליציי. דאָרט איז געזעסן דער הויפּט פון דער געהיים־פּאָליציי. מען האָט אַריינגערופן יעדן באַזונדער, יעדן איינעם אויסגעפרעגט ווער עס איז געווען דער אָנפירער, ווער עס האָט גערעדט, צו וואָס יעדער איז אַהין גע־קומען. כאָטש אַ גרויסע מאַסע מענטשן איז אַרעסטירט געוואָרן, האָט דאָך די פּאָליציי פון קיינעם גאָרניט אַרויסגעקראָגן. יעדער האָט געזאָגט, אַז ער איז געקומען פאַרברענגען. טראָץ דעם האָט די פּאָליציי פאַרשפּאַרט אין

טורמע אַלע די, וועמען פּאָליציי האָט חושד געווען אַז זיי זיינען די פּירערס, צווישן זיי אויך מיין פריינד חיים פעלדמאַן, וועלכן מען האָט באַפּרייט ערשט נאָך אַ פּאָר וואָכן זיצן אין טורמע. די איבעריקע אַרעסטירטע האָט מען באַלד אַרויסגעלאָזט אָבער דערביי צעשלאָגן אויף אַ חיהשן אופן: אין דער פּאָליציי־געביידע איז געווען אַ לאַנגער שמאָלער קאָרידאָר, האָבן זיך פון ביידע זייטן אויסגעשטעלט פּאָליציאַנטן מיט נאַגייקעס און שטעקנס, די אַלע וואָס מען האָט אַרויסגעלאָזט האָבן געדאַרפט אַדורכגיין די דאָזיקע שורה מיט פּאָליציי־לייט, יעדער האָט געכאַפּט קלעפּ, דער וואָס איז אַדורכגעלאָפן שנעלער האָט באַקומען מער קלעפּ — און געשלאָגן האָבן זיי אומברחמנותדיק, מיט די נאַגייקעס איבער די קעפּ. מיין ברודער איז אויך געווען צווישן די צעשלאָגענע, ער האָט באַקומען אַ לאָך אין קאָפּ און מיר האָבן אים געמוזט אָוועקפירן צו אַ דאָקטאָר.

לעבן דער פּאָליציי־סטאַנציע איז געווען אַ שטאָטיש טעאַטער. יונגע בחורים און מיידלעך פלעגן דאָרט שפּאַצירן. דאָרט פלעגט אָפט קומען אַ פּאָליצייאישער אָקאָלאָדאָטשני, וואָס האָט געיאָגט און געטריבן די יונגוואַרג און באַצויגן צו זיי זייער אכזריותדיק. ער פלעגט אויך אָרגאַניזירן גרופּעס כוליגאַנעס צו באַפאַלן די שפּאַצירנדיקע יוגנטלעכע. האָט די אָרגאַניזאַציע באַשלאָסן זיך מיט אים אָפּצורעכענען און אַ געוויסן אָוונט האָט מען אים באַגאָסן מיט קאַרבאָל. ער האָט אָנגעהויבן שרייען נאָך הילף, אָבער ביז עמיצער פון די פּאָליציי איז געקומען איז שוין קיינער אויפן פּלאַץ ניט געווען. מען האָט אים גלייך געפירט אין שפּיטאָל אַריין. ער איז אויפן אָרט באַהאַנדלט געוואָרן דורך אַ דאָקטאָר וואָס איז געווען אונדזערס אַ מענטש. דער דאָקטאָר האָט געטאָן אַלץ וואָס ער האָט געקענט צו ראַטעווען זיינע אויגן. די פּאָליציי האָט אָבער ניט געהאַט קיין צוטרוי צו דעם דאָזיקן דאָקטאָר און מען האָט דעם קראַנקן אַוועקגעפירט קיין כאַרקאָוו. מען האָט שפּעטער דערציילט אַז ער האָט פאַרלוירן איין אויג, אַנדערע האָבן געזאָגט אַז ער האָט פאַר־לוירן ביידע אויגן.

יענעם אָוונט האָט מיטן אָקאָלאָדאָטשני געדאַרפט מיטקומען אויך דער פּריסטאַוו, און אויך אים האָט מען באַשלאָסן צו טאָן דאָס זעלבע. אָבער צו זיין גליק האָט ער זיך דעמאָלט ניט באַוויזן. מיר האָבן אָבער ניט אויפגעגעבן אונדזער פּלאַן זיך נוקם צו זיין אויך אָן אים פאַר זיין אכזריותדיקן באַהאַנדלען אונדזערע מענטשן.

אין שטאָט איז געווען נאָך אַ פּאָליציי־סטאַנציע, אָבער קעגן דעם פּריסטאַוו פון יענער סטאַנציע האָבן מיר ניט געפּלאַנט קיין שום זאַך, ווייל יענער איז געווען אַ רואיקער מענטש און ער האָט אונדז קיין צרות ניט אָנ־געטאָן. ער האָט ליב געהאַט צו נעמען אַ פּאָר רובל אין דער יד אַריין און האַלטן זיך פון דער ווייטנס.

די פּאָליציי האָט ניט געקענט געפינען דעם אָנפּאַלער אָבער זי האָט געזוכט עמיצן פאַר אַ קרבן, האָט זי אַרעסטירט אַן אומשולדיק ייִנגל, אַ שטובן־מאַלער. פאַר אַ באַווייז קעגן אים האָט זי פאַרהאַלטן זיין מאַנטל, וואָס איז געווען אַ ביסל באַגאָסן מיט בענזין; פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט געהאַט אַ שייכות צו זיין אַרבעט. ער איז געהאַט געווען אַרעסטירט ביי דער גרויסער פאַרזאַמלונג אין וואַלד, נאָר מען האָט אים פריי־געלאָזן. איצט האָט די פּאָליציי אויף אים געוואָרפן דעם בילבול, אַז ער האָט עס געגאָסן דעם קאַרבאָל אויפן פּאָליציאַנט.

מען האָט אים איינגעזעצט אין תפיסה און זיין מאַנטל האָט מען געשיקט קיין פּעטערבורג אויף אַן אַנאַליז. די עלטערן האָבן אָנגעשטעלט אַן אַדוואָ־קאַט אים צו פאַרטיידיקן, אָבער ער האָט גאָרניט געקאָנט אויפטאָן. ווען איך בין אַוועקגעפאָרן פון רוסלאַנד אין 1905, איז ער נאָך געזעסן אַרעסטירט אומשולדיקערהייט. ער איז געווען פון די ייִנגערע חברים פון דער באַוועגונג.

אָבער די פּאָליציי האָט זיך מיט דעם אַרעסט ניט באַרואיקט. דער פּריסטאַוו איז אַרומגעלאָפן איבער דער שטאָט ווי אַ משוגענער הונט. ער האָט געזוכט זיך נוקם זיין אין אונדז. ביי יעדן איינעם וואָס איז געווען אונטער פּאָליציי־אויפזיכט האָט מען געמאַכט אַ רעוויזיע אין הויז. אַז דער פּריסטאַוו האָט געזען אַ פרעמדן מענטשן אין גאַס, וואָס איז אים ניט געפעלן, האָט ער אים באַלד אַרעסטירט. ער פלעגט לויפן אויף דער בערזע און יעדן איינעם קוקן אין פּנים אַריין. מיר האָבן אים אַ נאָמען געגעבן „חיים דער משוגענער" אָדער „חיים טענצער". ביי אונדז אין שטאָט איז געווען אַ משוגענער, אַז מען האָט אים געגעבן אַ קאָפּיקע האָט ער גענומען זיך דרייען און טאַנצן און זינגען די ווערטער „חיים טאַנצן". האָבן מיר דעם פּריסטאַוו אַ נאָמען געגעבן „חיים טענצער". אין אָנהייב האָט ער ניט געוואוסט וואָס די חברה שרייען, ווען זיי דערזעען אים אויף דער בערזע, עס איז אים ניט איינגעפאַלן אַז דאָס מיינט מען אים. שפּעטער האָט אים אָבער דערציילט ווער מען מיר רופן „חיים טענצער" און „חיים דער משוגענער", איז ווען ער איז געקומען אויף דער בערזע און געהערט ווי מען רופט אים „חיים טענצער", האָט ער אָנגע־הויבן אונדז יאָגן און טרייבן פון דער גאַס. אָבער עס האָט אים גאָר ניט געהאָלפן, אַלע אין שטאָט האָבן אים גערופן ביי דעם נאָמען. אויך אין די פּראָקלאַמאַציעס האָבן מיר אים אַזוי גערופן, און אפילו די קריסטן, וואָס האָבן אים ניט ליב געהאַט, האָבן אים גערופן „חיים טענצער".



מיין פרוי פעני (לינקס) אַלס מיידל און מיין שוועסטער קיילקע אַרום 1905.
מיין פרוי איז געווען אַ טעטיקע בונדיסטקע.

קאַפּיטל 6

# איך בוי אַ פאַמיליע־לעבן

אין 1902 האָב איך זיך באַקענט מיט מיין צוקונפטיקער פרוי פינקעלע ווען זי איז געקומען קיין קרעמענטשוג צו איר שוועסטער חיה־שרה. זי פלעגט אַרבעטן אין דווינסק, שפּעטער האָט זי געאַרבעט אין ריגע. פון דאָרטן האָט זי געמוזט אַוועק, ווייל זי איז געווען פאַרמישט אין פּאָליטישע זאַכן. איר שוועסטערס מאַן, דוד ברוידע, איז געווען אַ שניידער, זיי האָבן געהאַט איין קינד. פינקל, אַזוי האָב איך זי גערופן, איז געווען אַ קלוגע און גוטע פון נאַטור. זי איז געקומען אַרבעטן אין דעם וואַרשטאַט וואו איך האָב געאַרבעט און ווען איך האָב איר דאָס ערשטע מאָל דערזען, האָט מיר דאָס האַרץ אַ טיאָכקע געגעבן. זי האָט געהאַט בלאָנדע געקרייזלטע האָר, אַ שיינע פיגור און איז שטענדיק געווען נעט אָנגעטאָן. זי האָט געאַרבעט ביי מאַנטלען און געווען אַ גוטע שניידערקע. איך האָב געפּרואווט פאַרבינדן אַ פריינדשאַפט מיט איר, ווייל זי איז מיר אַריין אין האַרצן און איך האָב זי באַלד ליב באַקומען. איך האָב עס איר דערווייל ניט געהאַט די געלעגנהייט צו זאָגן. מיר פלעגן

רעדן צווישן זיך ביי דער אַרבעט וועגן אַלץ אין דער וועלט. די איבעריקע אַרבעטער זיינען געווען אייפערזיכטיק אויף מיר און זיי האָבן מיר כסדר צוגעוואָרפן שטעכווערטלעך. אין גאַס האָב איך מיט איר ניט געקענט גיין, ווייל איך בין געווען אונטער פּאָליציי־אויסזיכט. זי האָט געהאַלטן ביי איר שוועסטער אין הויז אַ געהיימע ביבליאָטעק. פאַר אַזאַ זאַך האָט מען פאַר־שיקט אויף יאָרן קיין סיביר.

די פּאַרטיי האָט איר איבערגעגעבן פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטן, ווייל מען האָט געהאַט צו איר צוטרוי. אַ מאָטיוו דערפאַר איז אויך געווען דאָס, וואָס זי איז געווען אַן עלעגאַנטע, אַ שיינע און איז געווען פיין אָנגעטאָן, אַזאַ פּערזאָן רופט אַרויס ווייניקער חשד ביי דער פּאָליציי. זי האָט אויסגעזען ווי אַ רייכע טאָכטער. ווען איך פלעג איר באַגעגענען אין גאַס, האָב איך זיך געמאַכט ווי איך קען זי נישט, כדי ניט צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער פּאָליציי. זי האָט אָפט געטראָגן פעקלעך מיט אויפרופן, פּראָקלאַמאַציעס און פאַרשיידענע געהיימע ליטעראַטור פון איין אָרט אויפן צווייטן. זי איז כסדר געווען אין געפאַר, זי האָט אָבער געהאַט מוט און איז געווען אַן איבער־געגעבענע טועריןֿ. זי איז צוליב דעם ניט געגאַנגען אויף קיין פאַרזאַמלונגען און ניט געוויזן זיך אויף דער בערזע, כדי עס זאָל אויף איר קיין פאַרדאַכט ניט פאַלן.

איר קוזינע, „דאָרע די שוואַרצע", ווי מען האָט זי גערופן, איז געווען אויך אַן אַקטיווע טועריןֿ אין דער באַוועגונג, און אויך איר שוועסטער האָט איר צוגעהאָלפן.

די אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסן איר אַריינציען אין דער אַרבעט ביי דער אומלעגאַלער דרוקעריי, וואו מען האָט געדרוקט אונדזערע פּראָקלאַמאַציעס און פאַרשיידענע אַנדערע ליטעראַטור. אָבער שפּיאָנען האָבן אויסגעפונען דאָס אָרט פון דער דרוקעריי און מיר האָבן באַשלאָסן אָפּלייגן דאָס דרוקן און איינאָרדענען אַ דרוקעריי אויף אַן אַנדער אָרט. דערווייל האָט מיר פינקל געזאָגט, אַז זי וויל פאָרן קיין פּאָלאָצק צו זען זיך מיט איר פאָטער, ווייל טאָמער וועט מען איר אַרעסטירן, וויל זי פריער זיך זען מיט איר פאָטער. זי איז אַוועקגעפאָרן קיין פּאָלאָצק צו איר טאַטן און אין אַ קורצער צייט אַרום איז זי צוריקגעקומען קיין קרעמענטשוג.

דערווייל איז געוואָרן אַרעסטירט דער חבר, וועלכער איז געווען מיט איר פאַרבונדן ביי דער אַרבעט פון דער געהיימער ביבליאָטעק, ער האָט אויך געהאַט אין זיינע הענט דעם ענין פון דער דרוקעריי, וואו זי האָט גע־דאַרפט אָנהויבן ווערן אַקטיוו. שפּיאָנען האָבן אָנגעהויבן זיך אַרומדרייען און האַלטן אַן אויג אויך אויף איר הויז. זי האָט געמוזט אויפגעבן די אַרבעט אין דער געהיימער ביבליאָטעק און זי האָט אָנגעהויבן זיין אָפּן טעטיק אין דער אָרגאַניזאַציע. זי איז שוין געגאַנגען צו פאַרזאַמלונגען און זיך

געוויזן אויף דער בערזע. מיר האָבן זיך דאָרט אָפּטער געטראָפן און איך האָב זיך אין איר נאָך שטאַרקער פאַרליבט. עס זיינען נאָך איר נאָכגעלאָפן אַ סך פיינע בחורים, אָבער איר שוועסטער, וועלכע האָט געהאַלטן פון מיר, האָט איר צוגערעדט צו מיר, אַז איך בין אַ זייער וואוילער בחור. זי האָט אויף אַלץ געענטפערט, אַז זי קלערט ניט פון חתונה האָבן, זי וויל בעסער זיין טעטיק אין דער אָרגאַניזאַציע.

צוליב איר גלייכגילטיקייט צו מיין ליבע בין איך קראַנק געוואָרן און געמוזט ליגן אין בעט. אַ סך באַקאַנטע פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען געקומען מיך מבקר־חולה זיין, זי איז אָבער ניט געקומען צו מיר. „דאָרע די שוואַרצע" (דאָרע בעלקין), איר קוזינע וועלכע איז געווען מיינע אַ פריינדין, האָב איך געפרעגט פאַרוואָס פינקעלע קומט מיר נישט באַזוכן. איך האָב זי גע־בעטן, אַז זי זאָל פועלן ביי איר, אַז זי זאָל קומען צו מיר. דאָרע האָט טאַקע מיט איר גערעדט און איר דערציילט, אַז מאיר דער לאַנדאַנער האָט זי זייער ליב. איך האָב געמיינט, אַז זי וועט איר זאָגן מיט קלאָרע ווערטער, אַז איך וויל, זי זאָל חתונה האָבן מיט מיר און אויב זי באַשטייט ניט זאָל זי דאָס זאָגן אָפן און וועל איך זיך מוזן אָפּגעוואוינען פון איר.

ענדלעך, איז פינקעלע, צוזאַמען מיט דער שוואַרצער דאָרע, געקומען צו מיר. דאָרע איז אַ ביסל אונטערגעזעסן און אַוועקגעגאַנגען. בלייבנדיק אַליין מיט פינקעלען, האָב איך איר גאַנץ אויפריכטיק דערציילט וועגן מיין ליבע צו איר און זי געבעטן זי זאָל מיט מיר חתונה האָבן. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי קען מיר נאָך ניט געבן קיין ענטפער. בין איך צוגעשטאַנען צו איר, זי זאָל מיר אויפקלערן פאַרוואָס. האָט זי מיר דערציילט, אַז איר קוזין דרייט איר אַ קאָפּ, ער וויל מיט איר חתונה האָבן, נאָר זי האָט אים אָפּגעזאָגט. דאַן האָט זי מיך געבעטן צוואַרטן אַ פּאָר וואָכן, וועט זי זיך באַשליסן וואָס צו טאָן.

איך האָב מיט איר איינגעטענהט ביז שפּעט אין דער נאַכט. צום סוף איז זי באַשטאַנען, אַז מיר זאָלן חתונה האָבן, אָבער ניט איצט, מען דאַרף פריער אָפּשפּאָרן אַ פּאָר רובל צו קענען זיך איינאָרדענען און צו קענען מאַכן אַ לעבן. איך בין געווען זייער גליקלעך פון איר ענטפער, און בין מסכים געווען אויף אַלץ וואָס זי האָט געזאָגט. פון דעמאָלט אָן זיינען מיר אומעטום געגאַנגען צוזאַמען.

דערווייל איז קראַנק געוואָרן איר שוועסטער אויף אַ לונגען־אַנטצינדונג אַזוי מען האָט איר גענומען אין שפּיטאָל אַריין, זי האָט געהאַט אַ קליין קינד. איך האָב איר געבעטן, אַז דאָס קינד זאָל דערווייל זיין ביי מיינע עלטערן, אָבער זי האָט דערפון ניט געוואָלט הערן. זי איז געבליבן צו האָבן אויפזיכט אויפן קינד און אויף איר שוועסטער אין שפּיטאָל. זי האָט געדאַרפט אַרבעטן ביז 9 אַ זייגער אָוונט, נאָך דעם לויפן אין שפּיטאָל צו ברענגען דער שוועסטער

מילך. פון דער יאָגעניש איז זי געוואָרן אויסגעמאַטערט. איך בין מיט איר יעדע נאַכט געגאַנגען אין שפּיטאָל און זיך באַמיט איר צו העלפן מיט וואָס איך האָב נאָר געקענט. ווען איר שוועסטער איז אַרויס פון שפּיטאָל געזונט, האָט דער פאָטער איר געשריבן זי זאָל קומען צופאָרן אין פּאָלאָצק מיטן קינד, וועט זי קענען קומען צו זיך. אַזוי ווי פעני איז אויך געווען אויסגעמאַטערט פון דער אַרבעט אַרום דער קראַנקער שוועסטער, האָבן ביידע שוועסטער באַשלאָסן צו פאָרן קיין פּאָלאָצק זיך אויסרוען.

זיי זיינען דאָרט געווען עטלעכע וואָכן און זיינען צוריקגעקומען קיין קרעמענטשוג אויסגערוטע. זיי האָבן טאַקע בעסער אויסגעזען. פעני איז געגאַנגען צוריק צו דער אַרבעט און איז געבליבן וואוינען ביי דער שוועסטער. זי האָט געאַרבעט מיט מיר אין איין שאַפּ און זי איז צוריק געוואָרן טעטיק אין דער אָרגאַניזאַציע.

ווען איר שוועסטער האָט זיך שוין געפילט אַ סך בעסער, האָב איך איר מיט פעניך פאַרבעטן צו מיינע עלטערן אין הויז. איך האָב זיי פאָרגעשטעלט פאַר מיינע עלטערן, וועלכע האָבן זיי שיין אויפגענומען. איך האָב געזאָגט מיינע עלטערן, אַז מיר גייען חתונה האָבן. מיין פאָטער איז געווען דערפון צופרידן און האָט צוגעזאָגט צו געבן אונדז דאָס הויז. מיר האָבן זייער אָנגענעם פאַרבראַכט דעם אָוונט. איך מיט פעניך האָבן שוין אָנגעהויבן פּלאַנעווען ווי אַזוי אָפּצושפּאָרן אַ פּאָר רובל צו קענען זיך איינאָרדענען.

אַלץ איז געגאַנגען נאָרמאַל, מיר זיינען געווען צופרידן, געאַרבעט און אויך געווען טעטיק אין דער אָרגאַניזאַציע. פּלוצלונג איז אויסגעבראָכן די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה; פעניס שוואָגער האָט זיך געריכט צו ווערן גענומען אין מיליטער. ער האָט אָבער ניט געהאַט קיין חשק צו דינען פּאָניען און — ווער ווייס ? — אפשר אויך מער ניט צוריקקומען... האָט ער באַשלאָסן צו פאָרן קיין לאָנדאָן. ער האָט אָבער ניט געהאַט קיין געלט, האָט ער געשריבן צו זיין שווער וועגן דעם. דער שווער האָט אים געענטפערט ער זאָל קומען קיין פּאָלאָצק.

פעני איז דערווייל אַוועקגעפאָרן קיין פּאָלאָצק צו אירע עלטערן אויף סוכות. פעניס שוואָגער האָט אויך באַשלאָסן צו פאָרן קיין פּאָלאָצק אויף יום־טוב. פעניס שוועסטער האָט מיך צוגערעדט, אַז איך זאָל אַהין פאָרן מיט איר מאַן, וועל איך זיך באַקענען מיט פעניס עלטערן. איך האָב זיך געלאָזט צורעדן און כ׳בין אויך געפאָרן אין פּאָלאָצק. מיר זיינען דאָרט געווען איבער יום־טוב. פעניס פאָטער איז נישט געווען צופרידן וואָס איך בין געקומען, ווייל ער האָט געהאַלטן אַז פעני דאַרף חתונה האָבן מיט איר קוזין.

נאָך יום־טוב האָט דוד, מיין צוקונפטיקער שוואָגער, באַקומען געלט פון זיין שווער אויף הוצאות און ער איז אַוועקגעפאָרן קיין לאָנדאָן. איך בין

צוריקגעפֿאָרן קיין קרעמענטשוג און פֿעני איז געבליבן אין פּאָלאָצק. ווען איך האָב נאָר געהאַט אַ געלעגנהייט, האָב איך באַזוכט פֿעניס שוועסטער. איך האָב איר אַ ביסל צוגעהאָלפֿן. איין מאָל באַקום איך אַ בריוו פֿון פֿעניס פֿאָטער, אַז איך זאָל ווירקן אויף זיין טאָכטער אין קרעמענטשוג, זי זאָל קומען צו אים קיין פּאָלאָצק. פֿעני האָט מיר אויך געשריבן דאָס זעלבע. איך האָב געדאַרפֿט שטאַרק אין איר אַריינרעדן ביז זי האָט מסכּים געווען צו פֿאָרן צו אירע עלטערן. זי האָט ניט קיין חשק געהאַט צו פֿאָרן, אָבער זי האָט זיך געלאָזט איבעררעדן. אין דער זעלבער צייט איז פֿעניס פֿאָטער געווען קעגן דעם, אַז פֿעני זאָל צוריקפֿאָרן קיין קרעמענטשוג, אַלץ צוליב דעם וואָס ער האָט געוואָלט, אַז פֿעני זאָל חתונה האָבן מיט איר קוזין, דעם סטאָליער.

פֿעני האָט אָבער ניט געוואָלט הערן דערפֿון. איר שוועסטער האָט ווידער געהאַלטן, אַז פֿעני זאָל יאָ צוריקפֿאָרן קיין קרעמענטשוג. עס איז געווען אַן אמתע סומאַטאָכע. פֿעני האָט זייער ליב געהאַט איר פֿאָטער, האָט זי ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. אין פּאָלאָצק האָט זי זיכער ניט געוואָלט בלייבן. נאָך אַ געוויסער צייט באַקום איך פֿון פֿענין אַ בריוו, אַז זי קומט צופֿאָרן קיין קרעמענטשוג. איך האָב איר אָפּגעוואַרט ביי דער סטאַציע. זי האָט געוואָלט גיין וואוינען צו איר קוזינע דאָרט די שוואַרצע. איך האָב זי געבעטן צו וואוינען ביי מיינע עלטערן אין הויז: אויב דיר וועט דאָרט ניט געפֿעלן, וועסטו זיך קענען דינגען אַ צימער פֿאַר זיך, ביי אונדז וועסטו קענען שלאָפֿן מיט מיין שוועסטערביילקע צוזאַמען, האָב איך איר געזאָגט.

זי איז מסכּים געווען צו גיין צו מיינע עלטערן אין הויז. מיין מאַמע פֿלעגט אויפֿשטיין אין דער פֿרי און איר דערלאַנגען אין בעט אַריין אַ גלאָז וואַרעמע מילך (זי האָט ליב געהאַט הייסע מילך אין דער פֿרי). פֿעני פֿלעגט זיך קעגנשטעלן, זי האָט ניט געוואָלט מיין מוטער זאָל איר באַדינען. מיר האָבן אַלע אין הויז זי באַלד ליב געקריגן, און זי האָט באַשלאָסן צו בלייבן וואוינען ביי מיינע עלטערן.



מיין פּלימעניצע באַשע די יתומה, וואָס האָט זיך אויסגעהאָדעוועט ביי דער באָבען.



אַ גרופּע קרעמענטשוגער סאָציאַליסטן אין 1904

שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: בנימין מידווידאָווסקי מיין שוואָגער, מאיר גורעוויטש, יאַנקל דראבקין, דערהרגעט פון די קאָמוניסטן, געווען אין אַמעריקע, און יאַנקל שניידער.

זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס: סאָניע בראָמבערג, קלאַראַ די קליינע, פעני מיין פרוי (אַלס מיידל), דאָראַ בעלקין און איד.

קאַפּיטל 7

# 1905 אין קרעמענטשוג

אַזוי איז אונטערגעקומען דאָס יאָר 1905. די רעוואָלוציע האָט אויך פאַרכאַפּט אונדזער שטאָט. איך מיט פעניו האָבן שוין געהאַט אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל געלט אויף איינאָרדענען זיך. אָבער דער רעוואָלוציאָנערער שטורעם האָט אונדז באַלד פאַרכאַפּט. מיר האָבן פאַרגעסן אין אַלעם און זיך אַריינגעוואָרפן אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. אונדזער אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן זייער טעטיק. מיר האָבן פּראָקלאַמירט אַ גרויסן שטרייק. מיר האָבן אָפּגעשטעלט די אַרבעט אין אַלע פאַבריקן און וואַרשטאַטן. די גאַנצע שטאָט איז געוואָרן ווי פאַראַליזירט. קיין אַרבעטער האָט ניט געאַרבעט. דער פּאָליצמייסטער און דער גראַדאָנאַטשאַלניק פון שטאָט האָבן צונויפגערופן מענטשן אין מיטן מאַרק און פאַר זיי געהאַלטן רעדעס, זיי זאָלן זיך ניט לאָזן אָנרעדן פון די רעוואָלוציאָנערן, וואָס מאַכן אַלע צרות אין שטאָט, נאָר זיי זאָלן צוריקגיין צו דער אַרבעט. זיי האָבן אויך געוואָרנט, אַז מען וועט זיך אָפּרעכענען מיט די וואָס וועלן ניט זיין געהאָרכזאַם. קיינער האָט אָבער ניט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט צו זייערע רייד. מיר זיינען ווייטער אָנגעגאַנגען מיטן שטרייק מיט נאָך מער ענערגיע. מיר האָבן פונאַנדערגעטיילט אויפרופן, גערופן צום קאַמף קעגן צאַר. מיר האָבן אויך געפירט די אַרבעט אויף דער צווייטער זייט שטאָט „איבערן קראַקאָף״, וואו עס זיינען געווען פיל פאַבריקן, און עס האָבן געוואוינט זייער אַ סך אַרבעטער. אויך דאָרט האָבן די אַרבעטער אונדז פריינדלעך אויפגענומען. אונדזערע דעלעגאַציעס האָבן דאָרטן אומעטום אָפּגעשטעלט די אַרבעט און די אַרבעטער האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן דער גרויסער מאַניפעסטאַציע. אַלץ איז געגאַנגען כשורה, ביז מיר זיינען צוגעקומען צו דער גרויסער קראַקאָפער וואַגאָנען-פאַבריק, וואו עס האָבן געאַרבעט אַרום צען טויזנט אַרבעטער. די פאַבריק האָט באַלאַנגט צו דער רוסישער רעגירונג. ווען מיר זיינען צוגעקומען צו דער פאַבריק, האָט מען אונדז נישט אַריינגעלאָזן. מען האָט פאַרקלאַפּט די טויערן פון דער פאַבריק. עס איז פונקט געווען מיטאָג-צייט, וואָס האָט זיך דאָרט געצויגן צוויי שעה. עמיצער פון דער דעלעגאַציע איז געפאַלן אויף אַ פּלאַן: דער רעדנער האָט זיך געשטעלט אויפן אַקסל פון אַ צווייטן און ער האָט אַריבערגערעדט איבערן טויער צו די אַרבעטער, וועלכע האָבן געגעסן מיטאָג. דער רעדנער, אַן אינטעליגענטער בחור, האָט געהאַלטן אַ פייערדיקע רעדע, אויפקלערנדיק די אַרבעטער זייער עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לאַגע און זיי גערופן צו פירן אַ קאַמף פאַר זייער פרייהייט. ער האָט אויך גערעדט קעגן דער מלחמה, אין

װעלכער די רעגירונג האָט אַרײַנגעשלעפּט דאָס לאַנד. עס איז געװען אַן אױסגעצײכנטע רעדע.

פֿון דער פֿאַבריק האָט מען געלאָזט װיסן דער פּאָליצײ װעגן דער זאַך. אָבער ביז די קאָזאַקן זײַנען געקומען זײַנען מיר שױן געהאַט אַװעק. די קאָזאַקן האָבן גענומען יאָגן אַלעמען פֿון די גאַסן. קײנער האָט ניט געטאָרט זײַן אין גאַס. אַרעסטירט האָט מען דערװײַל קײנעם ניט. דעם צװײטן פֿרימאָרגן, דאָס איז געװען אַ שבת, זײַנען טױזנטער אַרבעטער אַרױס אין די גאַסן. מיר האָבן דאָרט געזען צום ערשטן מאָל פּנימער, װאָס מיר האָבן זײ גאָר ניט געקענט פֿון פֿריער. מיר האָבן זיך אַלע געזאַמלט אױף אַ גרױסן לײדיקן פּלאַץ און געװאַרט מען זאָל אָנהײבן רעדן. פֿיל פֿון די אַרבעטער האָבן אפֿילו ניט געװאוסט נאָך װאָס זײ זײַנען געקומען. מען האָט זײ געהײסן קומען דאָ אַהער, זײַנען זײ געקומען.



מײַן שװעסטער פֿרומקע דײַטשמאַן אַרום 1906, געשטאָרבן אין עלטער פֿון 31 יאָר (1907).

מיטאַמאָל זיינען אָנגעקומען מאַסן קאָזאַקן און פּאָליציי און האָבן אַרומגערינגלט די טויזנטער פּאַרזאַמלטע. צווישן עולם האָבן זיך אַרומ־געדרייט אַ סך געהיים־אַגענטן פון דער פּאָליציי. זיי האָבן קיינעם ניט גע־טשעפּעט, ווייל זיי האָבן געוואָלט אויסגעפינען, ווער עס איז דער פירער פון דער דעמאָנסטראַציע.

אַרום 12 אַ זייגער בייטאָג האָט איינער אָנגעהויבן ריידן. ער איז געווען אַרומגערינגלט פון אייגענע חברים, עטלעכע האָבן אים געהאַלטן אויף די הענט, ער זאָל קענען ריידן צום עולם. אַזוי ווי ער האָט אָנגעהויבן ריידן, האָט זיך די פּאָליציי מיט די קאָזאַקן אַ וואָרף געטאָן צו יענעם ווינקעלע, וואו דער רעדנער האָט זיך געפונען. דעם רעדנער האָבן זיי נישט געכאַפּט, ווייל ער האָט זיך באַלד אויסגעמישט מיט דער גרויסער מאַסע פּאַרזאַמלטע. די פּאָליציי האָט אַרעסטירט אַרום הונדערט בחורים און דעם גרויסן עולם אַרבעטער פונאַנדערגעטריבן.

די אַרעסטירטע האָט מען געפירט אין דעם צווייטן פּאָליציי־בנין. מיין פאָטער איז אויך געווען צווישן עולם אַרעסטירטע. ער איז נייגיריק געווען צו זען וואָס עס קומט פאָר און אויך געוואָלט זען וואו איך, פעני און מיין ברודער יחיאל זיינען. פּונקט דעמאָלט האָט די פּאָליציי אָנגעהויבן יאָגן דעם עולם, מיין פאָטער איז ניט אַזוי שנעל אַוועק, האָט ער באַקומען אַ זעץ מיט אַ נאַגייקע פון אַ קאָזאַק און אַרעסטירט געוואָרן.

די אַרעסטירטע האָט מען געהאַלטן אַ שטיקל צייט. פּאָליציי האָט גע־וואָלט פון זיי עפּעס אַרויסקריגן, אָבער עס איז איר ניט געלונגען. מען האָט פאַרשריבן זייערע נעמען און מען האָט זיי אַרויסגעלאָזן. דאָס איז געשען דערפאַר, ווייל זיי זיינען געווען אַרעסטירט אין דער צווייטער פּאָליציי־סטאַנציע, וואו מען האָט זיך באַצויגן צו די אַרעסטירטע מיט מער איינזען. אין אַ סך פאַבריקן איז דערווייל אָנגעגאַנגען דער שטרייק וועלכער האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע וואָכן און אומעטום האָבן די אַרבעטער געזיגט און באַקומען אַ לוין־העכערונג אויך.

די פּאָליציי און זשאַנדערמעריע האָבן נישט געקענט אַראָפּשלינגען דעם פּאַטש אין פּנים, וואָס דער גענעראַל־שטרייק און די גרויסע דעמאָנסטראַציע האָבן זיך איינגעגעבן, האָבן זיי אָנגעהויבן נעמען נקמה. זיי האָבן אָנגעהויבן צו אַרעסטירן די אַלע וועלכע זיינען געווען אונטער פּאָליציי־אויפזיכט. ווי אויך די, וואָס זיינען געווען אונטער אַ חשד ביי זיי. דעם רעדנער האָבן זיי נישט באַוויזן צו אַרעסטירן, ווייל איידער זיי זיינען געקומען אים אַרעסטירן, איז ער אַוועק אין אַ צווייטער שטאָט.

די ערשטע צייט בין איך ניט געשלאָפן אין דער היים, נאָר אַוועק שלאָפן צו מיין מומען. ווען פּאָליציי האָט געמאַכט אַ רעוויזיע ביי אונדז אין הויז, האָבן זיי מיך ניט געפונען. זעענדיק פעניַן אין הויז, האָבן זיי געפרעגט ווער זי איז, מיין פאָטער האָט געענטפערט, אַז זי איז זיין טאָכטער, זיינען זיי אַוועק.

מיר איז געוואָרן זייער ענג אין קרעמענטשוג, איך האָב געפילט, אַז איך מוז אַוועק פון שטאָט. איך בין געווען אונטער פּאָליציי־אויפזיכט און כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז אויב זיי וועלן מיר איצט כאַפּן, וועט מען מיך פאַר־שיקן קיין סיביר. דעם רוב פון מיינע גוטע פריינד האָט מען שוין געהאַט אַרעסטירט: דאָרע די שוואַרצע, איר פריינד, מאיר דער שוואַרצער (מאיר גורעוויטש) און פיל אַנדערע.. מיר זיינען אַלע געווען אַן אינטימע היימישע גרופּע, זיך געהאַלטן ווי אמתע חברים, ווי ברידער און שוועסטער.

ס׳איז געוואָרן קלאָר, אַז איך מוז פאַרלאָזן קרעמענטשוג. מיינע עלטערן האָבן געהאַלטן, אַז איך זאָל פאָרן קיין אַמעריקע, ס׳איז בעסער און זיכערער, ווי פאָרן אין אַ צווייטער שטאָט, וואו מען קען מיך אויך אַרעסטירן. איך האָב זיך געלאָזט איבעררעדן פון מיינע עלטערן. איך האָב געוואָלט אַז פעני זאָל אויך פאָרן, אָבער זי האָט געהאַלטן, אַז איך זאָל פאָרן פריער אַליין און זיך דאָרט איינאָרדענען, זי האָט מיר געגעבן די האַנט, אַז נאָך דעם וועט זי קומען צו מיר קיין אַמעריקע.



איך (זיצנדיק) און מיין פרוי (אַלס מיידל) און איר ברודער פּאַלקע ביכאָווסקי. ער איז געווען אַ בונדיסט.
דאָס בילד איז פון קרעמענטשוג — 1905

קאַפּיטל 8

# איך פֿאָר קיין אַמעריקע

איך האָב זיך אָנגעהויבן גרייטן אין וועג אַריין. אין אונדזער הויז האָב איך מורא געהאַט אַריינצוגיין, און מיט דער באַן האָב איך נישט געקאָנט פֿאָרן. מען וואָלט מיך געקענט אַרעסטירן אויף דער באַן־סטאַנציע. האָט מיין פֿאָטער געדונגען אַ בריטשקע, וועלכע האָט מיך געפֿירט צו דער באַן־סטאַנציע נאָך קרעמענטשוג. מיין פֿאָטער און פֿעני האָבן מיך באַגלייט.

אין לאָנדאָן בין איך אָנגעקומען אין סוף 1905 און דאָרט פֿאַרבליבן וואַרטן אויף דער שיפֿסקאַרטע קיין אַמעריקע. אין לאָנדאָן האָב איך זיך געזען מיט פֿעניס שוואָגער דוד ברוידע. איך האָב געבעטן ער זאָל פֿאָרן מיט מיר קיין אַמעריקע, האָט ער נישט געוואָלט. ער איז פֿאַרבליבן וואוינען אין לאָנדאָן און האָט שפּעטער אַהין אַראָפּגענומען זיין פֿרוי און קינד. איך האָב אויסגענוצט די פֿרייע צייט צו זען זיך מיט אַלטע פֿריינט פֿון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פֿעדעראַציע. זיי האָבן דאָרט געהאַט אַ קלוב, וואָס האָט זיך גערופֿן „פֿאָלקס־קיך”, ווייל ס'איז דאָרט געווען אַ רעסטאָראַן בייטאָג און אין אָוונט איז עס פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קלוב מיט לעקציעס און מיטינגען. זיי האָבן דאָרט אויך געהאַט אַ ביבליאָטעק. איך האָב דאָרט פֿאַרבראַכט אַ סך צייט ביזן פֿאָרן קיין אַמעריקע.

דעם ערשטן מאַי האָבן די סאָציאַליסטן איינגעאָרדנט אַ גרויסע דעמאָנ־סטראַציע, וועלכע איך בין געגאַנגען זען. צו מיין פֿרייד האָב איך געזען טראָגן די פֿאָן, וועלכע איך האָב געהאַט געמאַכט אַלס מתּנה פֿאַרן יידישן ברענטש פֿון דער פֿעדעראַציע. איך האָב געזאָגט איינעם פֿון די דעמאָנסטראַנטן, אַז די פֿאָן וואָס זיי טראָגן דאָ איז מיינע אַ מתּנה, קוקט ער מיך אָן ווי אַ משוגענעם: — „מיר האָבן קיינמאָל ניט געהערט אייער נאָמען” — זאָגט ער. איך האָב שטאַרק חשק געהאַט צו גיין אין ברענטש און זאָגן דאָרט די חברים: „דאָס איז מיין פֿאָן, וואָס איר טראָגט, חברים, טראָגט איר מיט שטאָלץ”, אָבער איך האָב עס ניט געטאָן. לעווין, וואָס איז געווען דער אַרויסגעבער פֿון „די נייע וועלט”, איז שוין ניט געווען אין לאָנדאָן, ער איז צוריקגעפֿאָרן קיין רוסלאַנד. איך האָב אַ סך געטראַכט וועגן דעם פֿאַל מיט דער פֿאָן. עס האָט מיר באַוויזן אַז דער פּשוטער מיטגליד טוט אָפֿט מאָל גרויסע זאַכן פֿאַר דער באַוועגונג, אָבער זיין אַרבעט ווערט פֿאַרזען און ניט אָפּגעשאַצט.

דעם 15טן מאַי בין איך אַוועקגעפֿאָרן פֿון לאָנדאָן און סוף מאַי 1906 בין איך געקומען קיין אַמעריקע. איך בין באַלד אַוועק צו מיין קוזין דעיוויס דייטשמען. אין דער היים איז ער געווען אַ שניידער. ער איז געווען אַן ענערגישער מענטש און שטאַרק אַמביציעז, האָט ער דאָ שטודירט מעדיצין

און איז געוואָרן אַ דאָקטאָר. איך האָב זיך דורכגעשמועסט מיט אים וועגן טרעפן זיך מיט די קרעמענטשוגער לאַנדסלייט, וואָס זיינען געווען אין דער באַוועגונג, כדי מיר זאָלן גרינדן אַ פאַראיין צו העלפן די קרעמענטשוגער רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. מיר האָבן אָרגאַניזירט אַזאַ גרופּע און ענערגיש זיך גענומען צו דער אַרבעט. מיר האָבן דורכגעפירט פיל אונטערנעמונגען און געשאַפן געלט וואָס מיר האָבן אַוועקגעשיקט קיין קרעמענטשוג. דאָס איז געווען מיין ערשטע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אין אַמעריקע. מיין שוועסטער האָט געהאַט צו מיר טענות פאַרוואָס איך באַזאָרג זיך נישט צוערשט מיט אַרבעט, אַז איך זאָל קענען מאַכן אַ לעבן און אַראָפּנעמען פעניין קיין אַמעריקע.

איך האָב באַקומען אַרבעט ביי שניידעריי. די ערשטע צייט האָב איך פאַרדינט 6 דאָלאַר אַ וואָך, אָבער איך בין נישט געווען צופרידן. איך האָב געשריבן צו מיינע עלטערן אַז איך וואָלט וועלן פאָרן צוריק קיין רוסלאַנד, דאָס זעלבע האָב איך געשריבן צו מיין פעני. פעני האָט מיר געענטפערט, אַז זי האָט געהערט אַז דאָס לעבן אין אַמעריקע איז נישט גוט און זי האַלט נישט ביים פאָרן קיין אַמעריקע, זי פאָרט אַרבעטן קיין יעקאַטערינאָסלאַוו. וואָס עס וועט זיין ווייטער — שרייבט זי — ווייסט זי ניט. אַזוי האָב איך אָפּגעלעבט אַ יאָר אין אַמעריקע, איך האָב זיך צוגעוואוינט צום היגן לעבן. פעני האָט געאַרבעט אין יעקאַטערינאָסלאַוו און האָט גוט פאַרדינט, און איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו טאָן — זאָל איך צוריקפאָרן קיין רוסלאַנד, ווייל פעני וויל נישט קומען קיין אַמעריקע, אָדער כ׳זאָל דאָ פאַרבלייבן?

דערווייל זיינען אויסגעבראָכן די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד. אויך אין יעקאַטערינאָסלאַוו איז פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם, אַ סך יידן זיינען דערהרגעט געוואָרן. מיין פאָטער, ווען ער האָט דערהערט, אַז אין יעקאַטערינאָסלאַוו איז אַ פּאָגראָם, איז ער באַלד אַהין געפאָרן, אָפּגעזוכט פעניין און איר געבראַכט קיין קרעמענטשוג. זי איז געווען זייער נערוועז. זי האָט מיר באַלד געשריבן אַ בריוו, אַז זי האָט געענדערט איר מיינונג און אַז זי האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין אַמעריקע.

איך האָב איר גלייך אַרויסגעשיקט אַ שיפס־קאַרטע, וואָס כ׳האָב גענומען אויף אויסצאָלן. פון אַ פריינדין האָב איך אויך געבאָרגט אַ ביסל געלט און כ׳האָב איר איבערגעשיקט, כדי זי זאָל קענען קומען וואָס שנעלער.

ענדלעך האָט די שיף מיט פעניין געדאַרפט אָנקומען. איך האָב דעמאָלט געהאַט ניט מער ווי 10 דאָלאַר. דאָס איז געווען מיין גאַנצער פאַרמעגן. איך האָב געדאַרפט אויפווייזן געלט אין קעסל־גאַרדן. פון דער פאַמיליע האָט מיר קיינער קיין געלט ניט געגעבן. מיין שוואָגערס אַ ברודער, באַרנעס בעקער, האָט מיר געבאָרגט הונדערט דאָלאַר, איך זאָל קענען ווייזן אַז כ׳האָב געלט. ער איז געווען זייער אַ גוטער מענטש. ווען אַלע פאָרמאַליטעטן זיינען געווען דערליידיקט, האָב איך אים באַלד צוריק אַוועקגעגעבן די 100 דאָלאַר.

ווען פעני איז אָנגעקומען, האָט מען איר ניט אַרונטערגעלאָזט פון דער שיף, ווייל זי איז געקומען צו מיר אַלס כלה. די באַאַמטע האָבן פאַרלאַנגט, אַז מיר זאָלן אויפן אָרט חתונה האָבן, אַז ניט וועט מען זי צוריקשיקן קיין רוסלאַנד. מיר האָבן טאַקע באַלד געמאַכט חתונה־פּאַפּירן ביי אַ ריכטער, ער האָט אָפּגעזאָגט דעם פּזמון דער מאַן דאַרף „סופּאָרטן" די פרוי — און האָט אונדז געהייסן גיין אַהיים.

קאַפּיטל 9

# די ערשטע יאָרן — שווערע יאָרן

איך בין אַוועק מיט פענין צו מיין יינגערער שוועסטער פרומקע, וועלכע האָט זיך אויך גערופן פעני. מיר האָבן באַלד געקריגן אַרבעט און מיר האָבן אָנגעהויבן אָפּשפּאָרן אַ פּאָר דאָלאַר. מיין מומע חיה־איטע, די פרוי פון מיין מוטערס ברודער, איז געווען זייער פריינדלעך צו אונדז און זי האָט איינגעאָרדנט פאַר אונדז אַ רעגולערע חתונה, מיט מוזיק און מיט אַ פיינעם מאָלצייט. די פאַמיליע און אַלע מיינע פריינד האָבן גוט פאַרבראַכט. די מומע חיה־איטע האָט זייער שווער געאַרבעט צוצוגרייטן די חתונה, זי האָט געקאָכט און געבאַקן און אַרויסגעוויזן דערביי גרויס ליבשאַפט צו אונדז.

עס איז באַלד געוואָרן „סלעק". אין ערגעץ איז ניט געווען צו באַקומען אַ ביסל אַרבעט. ווען עס איז געקומען דער סעזאָן ביי קלאָוקס האָט מיין שוואָגער דזשאָ דייטשמאַן מיך אַרויפגענומען צו זיך אין אַ שאַפּ אַריין. די אַרבעט איז דאָרט געווען אַ שווערע און מען האָט פאַרדינט זייער ווייניק. מיר האָבן דעמאָלט געהאַט געדונגען אַ צימער ביי אַ לאַנדספרוי, אַ קרעמענטשוגער. זי איז געווען אַ גוטע. זי האָט פאַר אונדז געקאָכט אַזוי, אַז ווען מיר זיינען אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט, האָבן מיר געהאַט גרייט עסן.

ס'איז אַוועק אַ שטיקל צייט און מיין פרוי האָט אָנגעהויבן זיך שלעכט פילן, זי האָט געמוזט אויפהערן אַרבעטן. איך האָב געדונגען אויף דער 13טער סטריט אַן אַפּאַרטמענט פון דריי צימערן אויפן דריטן שטאָק, אין פראָנט, כ'האָב געצאָלט 14 דאָלאַר אַ חודש דירה־געלט. כ'האָב פאַרדינט זייער ווייניק די דירה־געלט איז געווען צו הויך פאַר אונדז, האָבן מיר אַריינגענומען באָרדערס. איינער איז געווען היימאַן פעלדמאַן, דער צווייטער — מאיר דאַבריוועניסקי, אַ קרעמענטשוגער. שפּעטער איז געקומען קיין אַמעריקע פעלדמאַנס פרוי, איז זי אויך געבליבן וואוינען ביי אונדז. כ'האָב זיי אַוועקגעגעבן דאָס פראָנט־צימער, מאיר דאַבריוועניסקי איז געשלאָפן אין דער קיך און מיר האָבן געהאַט פאַר זיך בלויז איין צימער. מיין פרוי האָט נאָך

געמאַכט אַ שיינע „פּאַרטי״ פאַר פעלדמאַנס פרוי, עס זיינען געקומען פיל לאַנדסלייט, וואָס האָבן באַלאַנגט צום קרעמענטשוגער פאַראיין.

דזשעני, פעלדמאַנס פרוי, האָט געבוירן אַ קינד אין שפּיטאָל, אַ מיידעלע, וועלכע זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן נאָך דער העלדישער רוסישער רעוואָלוציאָנערין, סאָפי פּיעראָווסקאַיאַ.

מיין פרוי, טראָץ דעם וואָס זי האָט זיך ניט גוט געפילט, האָט דזשענין צוגעהאָלפן אומצוגיין ביים קינד. מיין הויז איז געוואָרן דער צענטער פון די קרעמענטשוגער לאַנדסלייט, ספּעציעל — פון יונגוואַרג. מען איז זיך אָפּט צונויפגעקומען ביי אונדז, געטרונקען טיי, געזונגען און פאַרבראַכט. היימאַן פעלדמאַן וועלכער האָט געקענט גוט זינגען, האָט זיך געלאָזט אָפּט הערן מיט זיין געזאַנג. מיר פלעגן דיסקוטירן וועגן שטיצן די חברים און די באַוועגונג אין קרעמענטשוג מיט געלט.

מיר פלעגן אויף די צוזאַמענקונפטן דיסקוטירן אַ סך פראַגן. צום אָפטסטן און צום הייסטן האָבן מיר דיסקוטירט וועגן דער רוסישער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע און וועגן דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל. צו וועלכער מיר האָבן זיך געפילט נאָך שטאַרק צוגעבונדן. מען האָט אויך דיסקוטירט ליטעראַרישע פּראָבלעמען, אַ שטייגער וועגן דעם ראָמאַן „סאַנין״ פון אַרציבאַשעוו, וואָס האָט גערופן די רוסישע יוגנט צו פאַרוואַרפן די רעוואָלוציאָנערע חלומות און אָפּגעבן זיך דעם פּריוואַטן לעבן. דאָס בוך האָט אַרומגעכאַפּט די שטימונגען פון אַ גרויסן טייל פון דער רוסישער שטודירנדיקער יוגנט, מען האָט דאָס אָנגערופן „סאַניזם״, די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט אַטאַקירט דעם „סאַניזם״, ווייל ער האָט געפּרוּווט אָפּשוואַכן דעם גאַנג פון דער רעוואָלוציע און אָפּציען די יוגנט פון פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע פאַראינטערעסירונגען.

קאַפּיטל 10

## נויט — אין דער גאָלדענער מדינה

מיר האָבן ביסלעכווייז זיך אָנגעהויבן ווענדן מיטן פּנים צו אַמעריקע. דער „אַרבעטער־רינג״ איז שוין דעמאָלט געווען גוט באַקאַנט ביי סאָציאַליסטישע אימיגראַנטן, האָבן מיר אויך גענומען אָרגאַניזירן אַ בראַנטש פון דעם אַרבעטער־רינג. דאָס איז אויך פאָרגעקומען ביי מיר אין הויז. מיר האָבן אויסגעאַרבעט אַ קאָנסטיטוציע פאַרן בראַנטש, וועלכע האָט אויך געהאַט אַ פּונקט, אַז מיר וועלן שטיצן די קרעמענטשוגער אַרבעטער־באַוועגונג מיט וואָס נאָר מיר וועלן קענען. דער בראַנטש האָט זיך גערופן „קרעמענטשוגער

ברענטש 36, אַרבעטער־רינג". דער ברענטש איז באַלד געוואָרן זייער טעטיק. היימאַן פעלדמאַן איז געוואָרן סעקרעטאַר פון ברענטש.

אין יענער צייט האָט אין מיין פאַמיליע געטראָפן אַן אומגליק. מיין שוועסטער, פרומקע — פעני, ווי מ'האָט איר דאָ גערופן — איז קראַנק געוואָרן און האָט דורכגעמאַכט אַ שווערע אָפּעראַציע און זי איז באַלד נאָך דעם געשטאָרבן. זי איז אַלט געווען 31 יאָר און געלאָזן צוויי קליינע קינדער. איך בין דערפון געוואָרן זייער צעבראָכן. איך מיט מיין פרוי זיינען אַ גאַנצע וואָך ניט געווען אין הויז און געזעסן שבעה ביי מיין שוועסטער באַשעווע. ווען איך בין אַהיימגעקומען האָב איך מיין הויז ניט דערקענט. עס איז געווען אָפּגעלאָזן און שמוציק. דאָס האָט מיר פאַרדראָסן און איך האָב מיינע „באָרדערס" געהייסן זוכן אַנדערע וואוינונגען.

מאיר דאַבריוועטסקי איז אַוועק קיין שיקאַגאָ, ער האָט דאָרטן שטודירט און איז געוואָרן אַ דאָקטאָר. אין רוסלאַנד איז ער געזעסן פאַר זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט אין דער ערגסטער רוסישער טורמע, אין דער פעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג. אַנדערע לאַנדסלייט האָבן זיך אַריינגעקליבן צו מיר אין הויז און זיי זיינען געווען צופרידן.

מיין פרוי האָט פאַרשוואַנגערט, עס האָט זיך איר געמאַכט אַ געשוויר אויפן פנים, וואָס מ'האָט געמוזט עטלעכע מאָל אויסשניידן. דאָס האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך צרות, ווייל כ'האָב דעמאָלט קנאַפּ פאַרדינט, כ'האָב פאַרדינט בלויז 12 דאָלאַר אַ וואָך און געאַרבעט פון 8 אין דער פרי ביז 8 אין אָונט. ווען מיין פרוי האָט געדאַרפט האָבן דאָס קינד, האָב איך ניט געהאַט קיין געלט און בין מיט איר אַוועק אין שפּיטאָל, וואָס איז דעמאָלט געווען אויף דער 17־טער גאַס ביים יוניאָן סקווער. איך האָב דאָרט דערקלערט, אַז איך האָב ניט קיין געלט און געבעטן איר אַריינעמען אין שפּיטאָל אָן געלט. מ'האָט איר געהייסן קומען ווען זי וועט דערפילן ווייטאָגן. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך איר ביינאַכט אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל און צו מאָרגנס האָט זי געבוירן אַ מיידעלע. דאָס איז געווען דעם 11טן אויגוסט 1907. איך בין באַלד אַוועק אין שפּיטאָל, אָבער מען האָט מיך ניט אַריינגעלאָזט צו איר, נאָר בלויז געלאָזט וויסן, אַז זי האָט געהאַט אַ מיידעלע. אַזוי זיינען געווען די „רולס" פון שפּיטאָל. איך האָב איר ניט געזען די גאַנצע צייט וואָס זי איז געלעגן אין שפּיטאָל. מיר האָבן דאָס קינד אַ נאָמען געגעבן נאָך מיין שוועסטער פרומקע. אין ענגליש האָבן מיר דאָס קינד גערופן פלאָרענס.

צוויי וואָכן איז מיין פרוי געווען אין שפּיטאָל, ווען איך בין געקומען איר אַהיימנעמען, האָט מען מיך געפרעגט, אויב איך וויל איבערלאָזן דאָס קינד, פאַרשטייט זיך אַז איך האָב נישט געוואָלט. ווען כ'בין געקומען אַהיים מיט מיין פרוי און מיטן קינד, האָב איך נישט געהאַט קיין פּעני אין קעשענע. איך בין אַוועק צו מיין עלטערער שוועסטער, כ'האָב באַקומען ביי איר אַ

פאַר דאָלאַר צו קענען קויפן דאָס נייטיקסטע וואָס כ׳מוז האָבן פאַרן קינד. נאָך דעם בין איך אַוועק אין דער נוירסערי און געבעטן מילך פאַר דער בעיבי, דאָרט האָב איך באַקומען יעדן טאָג אַ פלאַש מילך. דאָס איז געווען אַן אינסטיטוציע, וועלכע ס׳האָט איינגעפירט איבראַהעם שטראַוס, און וואָס האָט פונאַנדערגעטיילט מילך פאַר אָרעמע קינדער איבער דער גאַנצער שטאָט און האָט אויך געהאַט פאַרטיילונגס־שטעלעס פון מילך אין די פּאַרקן. דאָס ביסל מילך איז געווען אַ גרויסע הילף פאַר טויזנטער אָרעמע נויט־באַדערפטיקסטע קינדער איבער דער גרויסער שטאָט.

איך האָב באַלד נאָך דעם באַקומען אַרבעט אַלס פינישער ביי סוטס. ס׳איז געווען אַ סך אַרבעט. די אַרבעט איז געווען אַזוי אָרגאַניזירט, אַז פריער האָט דער אָפּערייטאָר געמאַכט דעם דזשאַקעט, נאָך דעם האָט דער פּרעסער געדאַרפט אונטערפּרעסן די אַרבעט, און נאָך דעם האָט דער פינישער אַהיימגענומען די אַרבעט און געמאַכט די ליינונג ביי זיך אין דער היים. צו מאָרגנס האָט ער צוריק געבראַכט די אַרבעט פאַרטיק אין שאַפּ אַריין. די פינישערס זיינען דעריבער דירעקט געווען אָפּהענגיק פון די פּרעסערס. כדי די פּרעסערס זאָלן פאַר זיי מאַכן גרייט די אַרבעט, האָבן די פינישערס געטאָן אַלץ אין דער וועלט צופרידנצושטעלן די פּרעסערס. מ׳האָט זיי געבראַכט עסן און ביר און געטאָן פאַר זיי פאַרשיידענע אַרבעטן און אויך אָפּט מאָל געגעבן זיי אַ פּרעזענט.

די פינישערס זיינען געווען ביי זיך דערשלאָגן, האָבן געלעבט אין אָרעמ־קייט און אויסגעקוקט אויף דער טובה פון פּרעסער, ער זאָל אים געבן די אַרבעט. מ׳האָט זיי ניט באַהאַנדלט צוגלייך מיט די קאַטערס, אָפּערעיטאָרס און פּרעסערס. קיינער פון זיי האָט ניט געטראַכט אַז אויך דער פינישער דאַרף מאַכן אַ לייטיש לעבן.

טאָמער האָט זיך געטראָפן אַז אַ פינישער וואָס האָט ניט געקענט, אָדער ניט געוואָלט נעמען די אַרבעט אַהיים, האָט אים דער פאָרמאַן פאַרגעוואָרפן, אַז ער איז אַ פּריץ, די פּרעסערס האָבן אים איגנאָרירט און אים געגעבן די אַרבעט צום לעצטן. אַזאַ איינער פלעגט זיך מוזן אַרומרייסן מיט די אָפּע־רעיטאָרס און מיט די פּרעסערס און דער פאָרמאַן האָט אָפּגעחוזקט פון פיני־שער, אַזאַ איינעם איז נמאס געוואָרן צו אַרבעטן אין אַזאַ שאַפּ, האָט ער איבערגעלאָזן דעם שאַפּ און געגאַנגען זוכן אַ בעסערן פּלאַץ. אין אַנדערע ערטער איז אָבער ניט געווען בעסער. אַזוי איז געווען די לאַגע און ס׳איז ניט געווען קיין יוניאָן וואָס זאָל לערנען די אַרבעטער, אַז איין אַרבעטער צום צווייטן דאַרף זיך באַציען ווי אַ מענטש.

איך פלעג אויך נעמען אַרבעט אַהיים און זיצן אין הויז און אַרייננייען די ליינונג אין די דזשאַקעטס. מיין פרוי פלעגט זיצן און העלפן מיר מיט די הענט, און מיט די פיס פלעגט זי וויגן דאָס קינד, כדי כ׳זאָל קענען

אויספּאַרטיקן די דזשאַקעטס און צו מאָרגנס ברענגען די פּאַרטיקע אַרבעט אין שאַפּ אַריין.

ווען ס׳איז געקומען פּרייטיק, זיינען מיר געוואָרן זייער ביזי, ווייל מיר האָבן זיך געוואָלט אָנגרייטן אויפן גאַנצן זונטיקדיקן טאָג אַרבעט אין הויז. יעדער פינישער איז געלאָפן צום פּרעסער, ער זאָל אים אונטערפּרעסן די אַרבעט. מ׳האָט ניט אין זינען געהאַט, אַז מ׳איז אויך אַ מענטש און מ׳דאַרף רוען אַ טאָג, מ׳האָט נאָר געקלערט וועגן דער אַרבעט. פרייטיק פאַרנאַכט, ווען מ׳איז אַהיימגעקומען האָט מען געקענט זען מאַסן אַרבעטער טראָגן גרויסע פּעק אַרבעט אויף די פּלייצעס. געטאָן האָט מען עס צוליב נויט, צו קענען געבן ברויט און פּרנסה די פאַמיליע.

אין אַ מאָנטיק אין דער פרי, איז דאָס בילד אַרום די שעפּער געווען אויסערגעוויינטלעך. די גאַסן זיינען געווען שוואַרץ פון מענטשן, וואָס האָבן אויף די פּלייצעס געטראָגן די פּעק אין די שעפּער אַריין. די עלעווייטאָרס זיינען ניט געווען גענוג גרויס זיי זאָלן קענען אַריינגעמען די גרויסע פּעק, וואָס די פינישערס האָבן געבראַכט, האָבן זיי געמוזט שלעפּן די שווערע פּעק איבער שטאָקן שטיגן.

דער אַרבעטסגעבער, האָט אין יענער צייט געקענט אַראָפּנעמען פון די לוינען וואָס ס׳האָט זיך אים פאַרגלוסט. אַז אַן אַרבעטער האָט זיך דערויף באַקלאָגט, האָט אים דער פאָרמאַן געזאָגט: אַז דו ווילסט נישט קענסטו גיין, מוזט ניט אַרבעטן ביי אונדז, זוך דיר אַ בעסערן שאַפּ.

סעזאָן־צייט האָב איך אַהיימגעבראַכט 15 דאָלאַר אַ וואָך, און אַמאָל 18 דאָלאַר, פאַר יענער צייט איז עס געווען אַ סך געלט. פאַר דעם געלט האָב איך געמוזט אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג אין שאַפּ, ביינאַכט צואַרבעטן אין דער היים און זונטיק אַ גאַנצן טאָג אין דער היים. מ׳האָט אפילו קיין צייט ניט געהאַט אַרונטערצוגיין אין גאַס צו כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט.

ווען ס׳איז געקומען דער קריזיס פון 1907, זיינען מענטשן ממש גע־שטאָרבן פון הונגער. יעדן טאָג האָבן זיך מענטשן אַראָפּגעוואָרפן פון הויכע פענצטער. עס איז געווען אַ שרעקלעכע צייט אין לאַנד און די רעגירונג האָט גאָר ניט געטאָן צו לינדערן די נויט.

אין יענעם יאָר איז מיין ברודער יחיאלעק געקומען צו פאָרן קיין אַמעריקע פון קרעמענטשוג. ער איז אַנטלאָפן פון פריזיוו. ער איז אַריינ־געפאַלן פונקט אין קריזיס־צייט, ער האָט געזען ווי מענטשן פלאָגן זיך איבערצוקומען דעם טאָג, ער האָט געזען דאָס שווערע אָרימע לעבן פון מיין פאַמיליע, האָט ער באַשלאָסן צוריקצופאָרן קיין רוסלאַנד. איך און פעני האָבן אים געבעטן נישט צוריקצופאָרן. ער האָט אָבער אונדז נישט געוואָלט הערן. נאָך אַ יאָר זיין אין אַמעריקע איז ער צוריקגעפאָרן קיין קרעמענטשוג. אין רוסלאַנד האָט מען אים באַלד גענומען אין דער אַרמיי און געשיקט

דינען קיין כאַרבין, אויפן ווייטן מזרח. ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה איז ער געוואָרן פאַרוואונדעט אויפן פראָנט און מ׳האָט אים געשיקט אַהיים אויף אַ יאָר צייט, ביז ער וועט ווערן געזונט. דערווייל איז אויסגעבראָכן די רוסישע רעוואָלוציע און ער איז שוין אין דער אַרמיי ניט צוריקגעגאַנגען.

ער איז געווען צופרידן וואָס ער האָט פאַרלאָזט אַמעריקע, דאָס שווערע לעבן אין אַמעריקע אין יענער צייט האָט אויף אים געמאַכט אַ שלעכטן איינדרוק. ער איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער און געגלויבט, אַז אין רוסלאַנד וועט מען אויסקעמפן אַ בעסער לעבן ווי אין אַמעריקע. דאָס איז געווען דער גרויסער טעות וואָס ער האָט געמאַכט אין זיין לעבן.

## קאַפּיטל 11

# דער „פאָרווערטס״ און דער „טענענט־שטרייק״

אין יענער צייט האָט דער „פאָרווערטס״ געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס. אַלע האָבן מיט אינטערעס געלייענט וואָס דער „פאָרווערטס״ שרייבט וועגן פאַרשיידענע פּראָבלעמען. אין 1907 האָט דער „פאָרווערטס״ געפירט אַ שאַרפן קאַמף קעגן די לענדלאָרדס, וואָס האָבן גענומען הויכע רענט און זיי האָבן אָן רחמנות אַרויסגעוואָרפן די וואָס האָבן נישט געקענט צאָלן אין צייט, און דאָס ביסל אָרעמקייט אַרויסגעשטעלט אין גאַס. אין דער ניו־יאָרקער שטאָט־רעגירונג האָט געהערשט דער „טע־מעני־האָל״, און ער האָט געהאַלטן מיט די לענדלאָרדס. דער לענדלאָרד האָט געקענט אַרויסוואַרפן אַ „טענענט״, נישט נאָר ווייל ער האָט נישט געצאָלט, נאָר אויך ווען עס איז אים נישט געפעלן זיין פּנים. ער האָט שנעל געקענט אַרויסקריגן אַ „סאָמאָנס״ און דעם טענענט איינס און צוויי אַרויסשטעלן אין גאַס מיט זיין האָב און גוטס.

דער „פאָרווערטס״ האָט געפירט אַ קאַמפּאַניע אַז מ׳זאָל מאַכן ביליקער די רענט, און אויב נויטיק — זאָל מען מאַכן אַ שטרייק צו פאַרביליקן די רענט. די פּראָפּאַגאַנדע איז הויפּטזעכלעך אָנגעגאַנגען ביי דער יידישער באַפעלקערונג פון דער געדיכט־באַוואוינטער איסט־סייד. דער שטרייק איז ענדלעך אויסגעבראָכן. מאיר לאָנדאָן איז געוואָרן באַשטימט אַלס לאָיער פון די טענענטס, אָנצופירן דעם לעגאַלן קאַמף קעגן די לענדלאָרדס. דער קאַמף איז אַריבער אין געריכט. דער פאָרשטייער פון די לענדלאָרדס איז געווען דזשאָרדזש סענטריס, דער פּרעזידענט פון אָרדן „ברית אברהם״. עס איז דעמאָלט געווען זייער טומלדיק אויף דער איסט־סייד, וואו דער

גרעסטער טייל יידישע עמיגראַנטן האָבן געוואוינט. איך האָב געוואוינט אויף דער 13טער גאַס. מיינע לענדלאָרדס, צוויי שותפים, האָבן געהאַט צוויי הייזער, איינס לעבן צווייטן. איין לענדלאָרד איז פריער געווען אַ פּרעסער. אין הויז זיינעם האָט ער אויך געהאַט אַ גראָסערי־סטאָר און ער האָט גע־צוואונגען זיינע טענענטס צו קויפן ביי אים אין סטאָר. אַז ער האָט געגעבן קרעדיט האָט ער יענעם געטאָן אַ טובה. ער האָט אָבער צו דעם ניט דער־לייגט. ער האָט איינגעשריבן אין זיין ביכעלע, וויפל ס'האָט זיך אים געגלוסט. רענט האָט מען דעמאָלט געצאָלט יעדן האַלבן מאָנאַט, ס'איז געווען לייכטער צו באַצאָלן, ווייל אַ גרעסערע סומע איז געווען שווער אָנצוקלייבן.

די אָנפירונג פון די שטרייקנדע טענענטס האָט איינגעאָרדנט מיטינגען פון יעדן הויז באַזונדער. אויך די 44 טענענטס פון אונדזער הויז האָבן אָפּ־געהאַלטן אַ מיטינג. איך האָב גערעדט צו די פאַרזאַמלטע, אַז מיר דאַרפן זען, אַז דער רענט זאָל ווערן ביליקער. ס'איז געוואָרן אויסגעקליבן אַ קאָמיטעט פון פינף מענטשן, וועלכע זאָלן גיין צום לענדלאָרד, מיסטער זייגער, — און פאַרלאַנגען פון אים אין נאָמען פון אַלע טענענטס, אַז ער זאָל אַראָפּלאָזן דעם פּרייז פון רענט מיט אַ דאָלאַר און אַ האַלב אויף אַ מאָנאַט. זייגער האָט אונדז געענטפערט, אַז ער וועט ניט אַראָפּלאָזן אפילו אַ פּעני. מיר האָבן אים דערקלערט, אַז מיר וועלן דערפאַר רופן אַ שטרייק אין זיינע צוויי הייזער, האָט ער אונדז געוואָרנט, אַז ער וועט אונדז אַרויסוואַרפן אויפן גאַס.

מיר האָבן גערופן אַ צווייטן מיטינג און אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון אונדזער אינטערוועניץ ביים לענדלאָרד. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו שטרייקן, יעדער האָט זיך בייגעשטייערט מיט 2 דאָלאַר צו דעקן די הוצאות, דרוקן ליפלעטס, אָדער אויף שטיצע אין פאַל, מ'וועט עמיצן אַרויסוואַרפן. ס'איז געוואָרן אויס־געקליבן אַ קאָמיטעט פון דריי, וואָס זאָל אָנפירן מיטן סטרייק. אין דעם קאָמיטעט זיינען אַריין איינער ליבערמאַן און שטראַסבערג, וואָס איז שפּעטער געוואָרן וויים־פּרעזידענט פון דער „אינטערנאשאנאל", און איך. שטראַסבערג איז געווען אַ ניט־פאַרהייראַטער, ער האָט געוואוינט ביי זיין ברודער, ער איז געווען אַ גוטער בחור. איך בין געוואָרן דער פאָרזיצער פון דעם קאָמיטעט. אויף מיר איז געפאַלן די גאַנצע אַרבעט, די אַנדערע צוויי האָבן נאָר אַ ביסל געהאָלפן אין דער אַרבעט. מיר האָבן אָנגעפירט אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע. מיר האָבן דעם גאַנצן בלאָק הייזער אַרויסגעפירט אין שטרייק. אַ געוויסן זונטיק האָבן מיר געמאַכט אַ דעמאָנסטראַציע פון דער 13טער סטריט, פון אַלע פענצטער האָט מען אַרויסגעהאַנגען רויטע פענער, טויזנטער מענטשן זיינען אָנגעקומען פון די אַרומיקע גאַסן — די גרעסטע טייל איטאַליענער — און צוגעקוקט זיך צו דער מאַניפעסטאַציע. דערזעענדיק דאָס, האָט דער לענד־לאָרד גערופן פּאָליציי, ס'זיינען אָנגעקומען אַן ערך 20 פּאָליציאַנטן און זיי האָבן געוואָלט אַרונטעררייסן די פענער פון די פענצטער. מיר האָבן זיי

ניט אַרייַנגעלאָזן אין הויז, האָבן זיי אָנגעהויבן קריכן אויף די פּייער־עסקעיפּס. איין פּאַליציאַנט איז דערביי אַרונטערגעפאַלן פון 4טן גאָרן, נאָר זיין גליק איז געווען וואָס ער האָט זיך פאַרטשעפּעט אין לעצטן פייער־עסקעיפּ און איז געבליבן הענגען.

אַלע 44 טענענטס האָבן באַקומען „סאָמאָנס" צו קומען אין געריכט אויף דער 57טער גאַס. מאיר לאַנדאַן איז געקומען אונדז פאַרטיידיקן. מ'האָט אונדז ניט פאַרמשפּט, דער ריכטער האָט אונדז נאָר געגעבן אַ וואָרענונג, אַז אויב מיר וועלן נאָך אַ מאָל מאַכן אַזאַ סומאַטאָכע, וועט ער אונדז לאָזן אַרעסטירן. מיר האָבן אַזוי געשטרייקט עטלעכע וואָכן. די געריכטן זיינען דעמאָלט געווען פול מיט לענדלאָרדס און טענענטס און לאָיערס. מאיר לאַנדאַן האָט פאַרטיידיקט די טענענטס אָן האָנאָראַר. די לענדלאָרדס האָבן כמעט אין אַלע פאַלן געוואונען און די ריכטער האָבן זיי געגעבן רעכט אַרויסצוואַרפן אַ טענענט אויב ער צאָלט ניט.

איידער אונדזער לענדלאָרד האָט אונדז אַרויסגעשטעלט אויף דער גאַס, איז ער געקומען צו מיר מיט אַ פּראָפּאָזיציע, אַז אַזוי ווי איך בין דער פירער פון שטרייק, לייגט ער מיר פאָר 6 מאָנאַטן פרייען רענט, אויך וועט ער מיר רעכענען 2 דאָלער ביליקער די רענט און איך זאָל אויפגעבן דעם שטרייק. האָב איך אים געענטפערט: צו וואָס טויג דיר צו געבן מיר גרעפּט, אַז איך האָב פאַר דיר אַ בעסערן פּלאַן: מיר וועלן מיט דיר אַדורכקומען אויב דו וועסט פאַר אַלע מאַכן מיט 1 דאָלאַר ביליקער די רענט, אַנשטאָט די פאַר־לאַנגטע $1.50 דעמאָלט וועלן מיר אַלע זיין צופרידן. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין ניט פון די וואָס נעמען גרעפּט און פאַרראַטן צוליב אַ פּאָר דאָלאַר.

מיט דעם זעלבן פאָרשלאָג איז זייגער געקומען אויך צו ליבערמאַנען, ער האָט אים געזאָגט, אַז איך בין דערויף מסכים. ליבערמאַן האָט אָבער פאַרשטאַנען אַז ער זאָגט ליגן. אויב קושנער וויל עס טאָן איז עס זיין זאַך, האָט ער געענטפערט, איך וועל עס ניט טאָן. ליבערמאַן איז געווען אַן ערלעכער און פיינער מענטש. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז דער גאַנצער קאָמי־טעט זאָל אַרייַנגיין צום לענדלאָרד און אים פרעגן, אויב ער איז גרייט צו סעטלען דעם שטרייק.

דער לענדלאָרד האָט ווידער אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאָג אַראָפּצולאָזן פון די רענט 1 דאָלאַר און ס'איז ווידער גאָר ניט געוואָרן.

דעמאָלט האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג ביי אַ שכן אין הויז. ס'איז געווען אַ פאָרשלאָג צו מאַכן דעם לענדלאָרד סאַבאָטאַזש, אַז ער זאָל דאַרפן היפּשע רעפּאַראַציעס און ס'זאָל אים קאָסטן געלט. מ'דאַרף אַזאַ לענדלאָרד אָנלערנען — האָט זיך אָנגערופן איינער, ער זאָל אונדז געדענקען אַ לאַנגע צייט. אָבער דער פאָרשלאָג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

ענדלעך האָט דער לענדלאָרד אַלע 42 טענענטס אַרויסגעשטעלט אין גאַס

מיט אונדזער ביסל אָרעמקייט. יעדער האָט זיך שוין געהאַט אָנגעגרייט פון פריער אַ נייעם אַפּאַרטמענט און אפילו אַ טראָק איבערצופירן די זאַכן. איך האָב ניט געגלויבט אַז דער לענדלאָרד וועט אונדז אַרויסוואַרפן פון די דירות, האָב איך זיך נישט אָנגעגרייט נישט קיין דירה און נישט קיין טראָק. איך בין אויך אינגאַנצן געווען פאַרטאָן אין שטרייק, און כ׳האָב פאַרגעסן צו זאָרגן וועגן זיך און מיין פאַמיליע. ווען יעדער האָט שוין געוואוינט אין דער נייער דירה, בין איך געבליבן אין דרויסן, דערצו האָב איך קיין געלט אויך ניט געהאַט.. בין איך אַוועקגעלאָפן צו מיין שוואָגערס אַ פריינד, וועלכער האָט באַלאַנגט צו דער „אַסמאַנער סאָסייעטי”. זיי האָבן געהאַט אַ רעליף־פאָנד, מיין שוואָגער האָט גוט געהייסן און איך האָב דאָרט באַקומען געבאָרגט 15 דאָלאַר. אָבער דערביי האָט מען מיר געגעבן אַ לעקציע, אַז אַן אָרעמאַן דאַרף ניט פירן קיין שטרייקן. כ׳האָב גענומען די 15 דאָלאַר און געקומען צו לויפן אַהיים. דער טאָג איז געווען אַ טריבער, עס האָט צו ביסלעך גע־רעגנט און דער וועטער איז געווען קאַלטלעך. מיין פרוי איז געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג אין גאַס און געהאַלטן דאָס קינד אויף דער האַנט. כ׳האָב גע־ציטערט, אַז ביידע זאָלן זיך נישט פאַרקילן. אין מיטן טאָג איז געקומען מיין פריינד היימאַן פעלדמאַן מיט דער בשורה, אַז ער האָט שוין באַקומען פאַר מיר אַ וואוינונג פון 4 צימערן אין האַרלעם, אויף דער 121סטער גאַס. איך האָב אים זייער באַדאַנקט פאַר זיין פריינדלעכקייט און בין אַוועקגעלאָפן צום „פאָרווערטס”, אַז מ׳זאָל פאַר מיר קריגן אויף גיך און ביליק אַן עקספרעס־מאַן. מען האָט פאַרלאַנגט פון מיר 10 דאָלאַר און דאָס איז געווען פאַר מיר צו טייער. צום גליק האָב איך באַקומען אַן איטאַליענישן עקספרעס־טראָק, וואָס האָט גענומען ביי מיר נאָר 3 דאָלאַר. אין קעלער האָב איך געהאַט ליגן אַ האַלבן טאָן קוילן, וואָס איז ווערט געווען 3 דאָלאַר און איך האָב עס ניט געוואָלט איבערלאָזן, ווייל צו קויפן אַנדערע האָב איך ניט געהאַט קיין געלט. איך האָב שווער געאַרבעט ביזן אָוונט אַרויסצונעמען די קוילן פון קעלער און איבערצופירן מיינע בעבעכעס פון דער 13טער צו דער 121סטער גאַס.

מיר זיינען געקומען אין דער נייער וואוינונג זייער שפּעט ביינאַכט. די נייע לענדלאָרדס, דער מאַן און זיין פרוי, האָבן אונדז אויפגענומען פריינד־לעך. זיי האָבן פאַר אונדז אָנגעהייצט דעם אויוון, עס זאָל וואַרעם זיין אין הויז. מיר זיינען געווען דורכגעפרוירן פון אַ גאַנצן טאָג ליגן אין גאַס אין אַזאַ פאַסקודנעם וועטער. די לענדליידי האָט ניט געוואוסט וואָס פריער צו טאָן פאַר אונדז. זי האָט פאַר אונדז געקויפט שפּייז און צוגעגרייט פאַר אונדז דאָס עסן, זי האָט געמאַכט טיי און אָנגעוואַרעמט מילך פאַרן קינד. איך האָב ניט געוואוסט מיט וואָס זיי צו דאַנקען פאַר זייער גוטסקייט, כ׳האָב זיך נישט געקענט פאָרשטעלן אַז לענדלאָרדס קענען זיין אַזעלכע פיינע מענטשן, נאָך דער שלעכטער דערפאַרונג מיט די לענדלאָרדס אויף דער 13טער

גאָס. פעני האָט געקושט די לענדליידי און געוויינט פאַר פרייד. איך האָב זיי געוואָלט באַצאָלן פאַר דעם עסן, האָבן זיי ניט געוואָלט נעמען.

דער לענדלאָרד פון דער 13טער סטריט האָט זיך דערוואוסט, וואו איך וואוין, איז ער געקומען און דערציילט מיין נייעם לענדלאָרד, אַז איך בין אַ „טראָבלמאַכער״ און אים געראַטן, אַז ער זאָל פון מיר וואָס גיכער פּטור ווערן. האָט מיין לענדלאָרד אים געזאָגט אַז ער האָט ניטש קיין מורא פאַר מיר. ער איז נאָך דעם געקומען צו מיר און האָט מיר דערציילט די גאַנצע געשיכטע. ער איז געווען אַן אמתער דזשענטעלמאַן. מיר זיינען געוואָרן פריינד, ספּעציעל מיט מיין פרוי, וועמען זיי האָבן זייער געגליכן. זיי האָבן אונדז אָפּט געפרעגט, אויב מיר נייטיקן זיך אין געלט, וועלן זיי אונדז גערן באָרגן, ווען איך וועל אַרבעטן וועל איך זיי אָפּגעבן. די לענדלעידי איז אַוועק אין גראָסערי־סטאָר און האָט דאָרט אָנגעזאָגט דעם גראָסערימאַן אונדז צו געבן קרעדיט וויפל מיר דאַרפן, און זי, די לענדלעידי, איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן געלט. ס׳איז פאַר אונדז געווען אַ גליק צו טרעפן אַזעלכע גוטע מענטשן.

## קאַפּיטל 12

# אין דער אַרבעטער־באַוועגונג

געענוג אויף צו מאַכן אַ לעבן האָב איך נישט פאַרדינט אָבער פאַרנומען אין דעם ברענטש פון אַרבעטער־רינג בין איך געווען כסדר. עס זיינען צוגעקומען אַ סך נייע מיטגלידער, אָבער ניט דווקא קיין קרעמענטשוגער לאַנדסלייט, עס זיינען געקומען מענטשן פון אַנדערע שטעט אין רוסלאַנד. עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין אונדזער ברענטש דייוו האַלפּערן, וועלכער איז געווען אַ מיטגליד פון נאַציאָנאַלן עקזעקוטיוו־באָרד פון אַרבעטער־רינג, מאָריס זיגמאַן, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן פּרעזידענט פון אינטערנעשאָנאַל לײדיס גאַרמענט וואָירקערס יוניאָן. איינער, ווינער האַלפּערן האָט אַריינגעבראַכט אין ברענטש גאַנצע 36 נייע מיטגלידער. די צוגעקומענע האָבן געוואָלט ענדערן די קאָנסטיטוציע פון ברענטש, אַז מ׳זאָל שטיצן ניט בלויז די קרעמענטשוגער רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־באַוועגונג, נאָר בכלל די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד. מיר, קרעמענטשוגער, האָבן געטענהט, אַז מיר קענען ניט שטיצן אַלעמען, ווייל מיר וועלן ניט קענען שאַפן אַזוי פיל געלט. דערפאַר קאָנצענטרירן מיר זיך אויף אונדזער שטאָט קרעמענטשוג. אָבער מיר זיינען באַזיגט געוואָרן און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אונדזער ברענטש שטיצט די אַלגעמיינע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד.

פאַרשיידענע פראָבלעמען זיינען אויפגעשוואומען צו באַטראַכטן אין אונדזער ברענטש. מיר האָבן גענומען אַ שטעלונג צו יעדער וויכטיקער געשעעניש אין אַרבעטער־לעבן, און אויך אין אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אַזוי, למשל, ווען די שרייבערס פון „פאָרווערטס" זיינען אַרויס אין שטרייק און געגאַנסע צביון איז געווען איינער פון זיינע הויפּט־פירער איז אַ שרייבער־קאָמיטעט געקומען צו אונדזער ברענטש 36 און פאַרלאַנגט פון אונדז אַז מיר זאָלן זיך סאָלידאַריזירן מיטן שטרייק.

מאָריס זיגמאַן, דייוו האַלפּערן און ווינער האָבן געוואָלט דורכפירן אַ רעזאָלוציע קעגן דעם „פאָרווערטס". איך מיט פאָלע קוירען און היימאַן פעלדמאַן און נאָך אַנדערע האָבן ניט געלאָזט אַדורכפירן די רעזאָלוציע.

עס איז דעמאָלט אויך דערשינען „די וואַרהייט", וועמענס רעדאַקטאָר ס'איז געווען מילער. ער האָט עס געפירט אַ קאַמף קעגן דעם „פאָרווערטס" און קעגן זיין רעדאַקטאָר אייב קאַהאַן. מילער וואָס איז אַמאָל אַליין געווען רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס" און אַ סאָציאַליסט, איז שפּעטער געוואָרן אַ מאַכער פון טעמעני־האָל, צולהכעיס אייב קאַהאַנען, האָט ער געשטיצט דעם שטרייק פון די שרייבער אין „פאָרווערטס".

אין ברענטש איז אויך אויפגעשוואומען די פראַגע וועגן דיספּוט צווישן א. קאַהאַן און יעקב גאָרדין וועגן „געגנבעטע" ליטעראַטור. אייב קאַהאַן האָט געשריבן, אַז אין גאָרדינס אַ דראַמע געפינט זיך „געגנבעטע" זאַכן פון אַנדערע שרייבער. מיר האָבן באַשלאָסן ניט צו מישן זיך אין אַזעלכע פראַגן, ווייל זיי רירן ניט אָן די אַרבעטער־אינטערעסן, און זיי האָבן ניט צו טאָן מיט קיין יידישע פראָבלעמען. מאָריס זיגמאַן, וועלכער איז געווען אַ קעגנער פון „פאָרווערטס" האָט אָבער פאַרלאַנגט, מיר זאָלן זיך יאָ מישן. אין די שפּעטערע יאָרן, נאָך 1910, האָט זיגמאַן, וועלכער איז אויסגעוואַקסן אַ וויכטיקער יוניאָן־פירער, איינגעזען, אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות מיט זיין באַקעמפן דעם „פאָרווערטס" און זיין רעדאַקטאָר אייב קאַהאַן. ער האָט עס שטאַרק באַדויערט און שפּעטער געוואָרן אַ פריינד פון קאַהאַנען און פון „פאָרווערטס".

היימאַן פעלדמאַן פון אונדזער ברענטש איז אויסגעוויילט געוואָרן אין דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון אַרבעטער־רינג. עס האָט דעמאָלט אין דער עקזעקוטיווע זיך פונאַנדערגעפלאַקערט אַ קאַמף צווישן „יונגע און אַלטע". דער גענעראַל־סעקרעטאַר ראָזענבלאַט איז געווען דער אָנפירער פון דער אָפּאָזיציע, צו וועלכער עס איז אויך צוגעשטאַנען היימאַן פעלדמאַן מיט נאָך אַנדערע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע, צוזאַמען האָבן זיי געפירט דעם קאַמף קעגן די „אַלטע פירער" פון אַרבעטער־רינג. דאָס פראָבלעם „יונג און אַלט" האָט דעמאָלט אויפגעטרייסלט די גאַנצע אַרבעטער־רינג

באַוועגונג. די פראַגע איז שאַרף דיסקוטירט געוואָרן אין יעדן ברענטש. אין אונדזער ברענטש בין איך געשטאַנען אויף דער זייט פון די אַלטע פירער אין כ׳האָב געפירט אַ קאַמף קעגן היימאַן פעלדמאַנס שטעלונג.

צום סוף האָט דער סעקרעטאַר ראָזענבלאַט געמוזט רעזיגנירן פון זיין אַמט. מיט דעם האָט זיך דער דאָזיקער קאַמף געענדיקט. מיט דער צייט איז די פראַגע „יונג און אַלט״ אויסגעוועפט געוואָרן און עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ האַרמאָנישע אַרבעט.

⁂

אין 1908 בין איך צוריק אַריין אין לאָקאַל 9 פון דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן. איך האָב אָנגעהויבן אָפטער קומען צו די מיטינגען און ווערן דאָרט אַקטיוו. צו יענער צייט האָבן אַ סך קלאָוקמאַכער נאָך מורא געהאַט צו באַלאַנגען צו דער יוניאָן און דאָס ביסל מענטשן וואָס האָט אויפגעהאַלטן די יוניאָן זיינען געווען אמתע פּיאָנערן און אידעאַליסטן. זיי האָבן מקריב געווען זייער פּריוואַט לעבן און האָבן אין גאַנצן זיך געווידמעט דער יוניאָן. זיי האָבן געהאַט שוועריקייטן אַריינצוקומען אין אַ שאַפּ אַרבעטן, ווייל די אַמאָליקע פּאַרמאַנס און העד־פּרעסערס זיינען געווען ערגער פון די באַלעבאַטים. זיי האָבן ניט געוואָלט אַריינלאָזן יוניאָן־מענטשן צו דער אַרבעט ווייל זיי האָבן מורא געהאַט, אַז זיי וועלן אָרגאַניזירן די אַרבעטער פון זייערע שעפּער און ווער ווייסט, אפשר גאָר אַרויסרופן אַ שטרייק אין זייער שאַפּ. האָבן זיי באַקעמפט די יוניאָן מיט ניט ווייניקער שנאה ווי די באַלעבאַטים.

די איבערגעגעבענע יוניאָן־טוער האָבן גענוג געהאַט אויסצושטיין ליידן און אפילו הונגער צוליב דעם וואָס זיי האָבן געטריי געדינט זייער אידעע.

ווי ווייט די אַמאָליקע טוערס זיינען געווען מיטן גאַנצן האַרץ איבערגעגעבן דער יוניאָן קען דינען דער פאָלגנדיקער פאַל וואָס איז געשען פאַרן גרויסן שטרייק פון 1910 :

ווען עס איז געקומען די צייט צו עפענען דעם האָל צו אַ מיטינג גערופן אין מאַנהעטן לייסייאום, אויף וועלכן עס האָט געזאָלט אַרויסטרעטן מאיר לאָנדאָן, האָט דער אייגנטימער פאַרלאַנגט די רענט־געלט פאָראויס. די סומע האָט באַטראָפן 25 דאָלער, אָבער די יוניאָן־קאַסע איז געווען ליידיק. דערווייל האָט זיך אָנגעקליבן אַן עולם קלאָוקמאַכער פאַרן האָל. פּאָליאַקאָוו האָט גענומען איינטענהן מיט דעם האָל־אייגנטימער, ער זאָל עפענען דעם זאַל, און אַז פון דעם איינטריט־געלט וועט זיין צו באַצאָלן די 25 דאָלער. אָבער יענער איז געווען איינגעשפּאַרט. אין פאַרצווייפלונג, האָט פּאָליאַקאָוו זיך געלאָזט איבער דער צווייטער עוועניו. אויפן וועג האָט ער אָנגעטראָפן מאַקס

פיין, דעם סעקרעטאַר פון די פֿאַראייניקטע יידישע געווערקשאַפֿטן, ער האָט אויך געזאָלט רעדן ביי דעם מיטינג. פּאָליאַקאָוו האָט פיינען דערציילט די גאַנצע מעשה.

ניט זאָגנדיק קיין וואָרט, האָט פיין אויפגעשפיליעט דעם זשילעט, אַרויסגענומען זיין זייגער און געלאָפן צום נאָענטסטן פאַון־שאַפּ אים צו פֿאַר־זעצן און געבן פּאָליאַקאָוון דאָס געלט צו באַצאָלן פֿאַרן האָל.

דזשאַן דייטש האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער טיר איינצומאָנען די פּאָר סענט איינטריט־געלט. אָבער פיינס זייגער איז אַזוי שנעל ניט אַרויס־גענומען געוואָרן פון פאַון־שאַפּ. די יוניאָן האָט געהאַט בילכערע אויסגאַבן ווי אָפּגעבן פיינען די 25 דאָלער.

די יוניאָן־פירער זיינען געווען פֿאַרצווייפלט, ווייל זיי האָבן פּשוט ניט געהאַט די מיטלען אויפצוהאַלטן דאָס שטיקל אָפיס פון דער יוניאָן. עס איז געשטאַנען די פראַגע פון אויפגעבן דעם אָפיס און אָפּשטעלן די אַרבעט. צווישן די אַקטיווסטע טוער אין יענער צייט זיינען געווען סאָול פּאָליאַקאָוו, אברהם ראָזענבערג, דזשאַן דייטש, מאָריס זיגמאַן, וואָלף, מיטשעל גאָרדאָן, גאָלד־דאָווסקי מאָריס, דייטש ־ראַפּער און פיל אַנדערע.

מאיר לאָנדאָן האָט זיך דערוואוסט אַז מען האַלט ביים צומאַכן דעם יוניאָן־אָפיס פון די קלאָוקמאַכער, איז ער געקומען צו אַ מיטינג, וואו די פראַגע איז געוואָרן דיסקוטירט. ער האָט אַפּעלירט צו די יוניאָן־טוערס נישט צו פֿאַר־מאַכן דעם אָפיס, ווייל עס וועט זיין אַ קלאַפּ פֿאַר דער יוניאָן־באַוועגונג. ווי לאַנג די יוניאָן עקזיסטירט איז נאָך דאָ אַ האָפענונג אויסצוקעמפן בעסערע באַדינגונגען. דערביי האָט מאיר לאָנדאָן אַרויסגענומען 25 דאָלאַר פון זיין טאַש, אַ צושטייער אויף רענט אויפצוהאַלטן דעם אָפיס. ער האָט אַפּעלירט צו מאַכן אַן אַקציע צו אָרגאַניזירן די קלאָוקמאַכער אין דער יוניאָן, צו אָרגאַניזירן אויף די גאַסן לעבן די שעפּער מיטינגען און אויפקלערן די אַרבעטער, אַז כדי צו פֿאַרבעסערן זייער לאַגע, מוזן זיי זיין אָרגאַניזירט אין דער יוניאָן. ער האָט אונדז צוגעגעבן מוט און קוראַזש און גערופן אונדז מיט מער ענערגיע פירן דעם קאַמף. ביי דעם מיטינג איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן אַן אַפּעל צו אַלע קלאָוקמאַכערס. דער אַפּיל האָט געהאַט אַ גוטן אָפּרוף. די פירערס אין דער יוניאָן זיינען געוואָרן אויפגעלעבט, זעענדיק אַז די אַגיטאַציע זייערע האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג. אין דער גאַס, צווישן די קלאָוקמאַכער, האָט מען גערעדט צווישן זיך אַז מיר דאַרפן זיין אָרגאַניזירט. עס זיינען טאַקע פֿאָרגעקומען מיטינגען לעבן די שעפּער, וואו עס זיינען אויפ־געטראָטן מיט הייסע רעדעס מאָריס זיגמאַן, סאָל פּאָליאַקאָוו, ראָזענבערג, גאָלדאָווסקי, דזשאַן דייטש, וואָלף מעטץ, מיטשעל און אַנדערע חברים. גע־רעדט האָט מען מערסטנס מיטאָג־צייט ווען די אַרבעטער זיינען אַרויס אויף לאָנטש. צווישן די קלאָוקמאַכער איז געוואָרן אַ שטיקל באַוועגונג, זיי האָבן אָנגעהויבן אָפּטער קומען אין אָפיס פון דער יוניאָן. דאָס איז געווען נאָכן

שטרייק פון די „וועיסטמאַכערינס", וואָס האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אין אַמעריקע און האָט דערוועקט מוט און קאַמפּלוסטיקייט צווישן די קלאָוק־מאַכערס.

### קאַפּיטל 13

## דער גרויסער שטרייק פון 1910

האָט די יוניאָן באַשלאָסן צו רופן אַ גרויסן מאַסן־מיטינג פון די קלאָוק־מאַכערס אין מעדיסאָן סקווער גאַרדן. דער מיטינג איז געוואָרן באַשטימט אויף בייטאָג צווישן 2 און 3 אַ זייגער. די קלאָוקמאַכער האָבן געוואָרפן די אַרבעט און מאַסנווייז געקומען צום גרויסן מיטינג. דער מעדיסאָן סקווער גאַרדן איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן, פיל האָבן געמוזט שטיין אין דרויסן. אויף דעם מיטינג איז אויך אַרויסגעטראָטן דער פירער פון די אַמעריקן פעדערעישאָן אָוו לעיבאָר סעמועל גאָמפּערס. ער האָט געזאָגט צו דער מאַסע, אַז אויב איר ווילט ווירקלעך פאַרבעסערן אייער לאַגע און איר ווילט שטרייקן, מוזט איר זיך אַנטשליסן צו באַלאַנגען צו דער יוניאָן. די גרויסע מאַסן קלאָוקמאַכערס האָבן הילכיק געשריגן: יאָ! מיר ווילן זיין אין דער יוניאָן! מאיר לאָנדאָן האָט געהאַלטן איינע פון זיינע בעסטע רעדעס. ער האָט באַגייסטערט די קלאָוקמאַכערס, ס'איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ רעזאָלוציע צו רופן אַ שטרייק כדי אויסצוקעמפן בעסערע באַדינגונגען.

אויף דער אינטערנאַשאָנעל־קאָנווענשאָן אין באָסטאָן, אין מאַי 1910, איז געוואָרן באַשלאָסן צו רופן אַ שטרייק פון קלאָוקמאַכערס. דער „פאָר־ווערטס" האָט געווידמעט אַ ספּעציעלן נומער דער קאָנווענשאָן און דעם שטרייק וואָס ווערט געגרייט. די גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג האָט אַרויס־געוויזן אינטערעס צום שטרייק. פריינד פון דער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן אַלע אויסגעדריקט פרייד און גרייטקייט צו העלפן. די באַגייסטערונג פאַרן שטרייק איז כסדר געוואַקסן.

די קלאָוקמאַכער־דעלעגאַטן, וואָס זיינען צוריקגעקומען פון דער קאָנ־ווענשאָן זיינען באַגריסט געוואָרן פון דער גאַנצער קלאָוקמאַכער־יוניאָן, אויך דער „פאָרווערטס" האָט זיי באַגריסט. מען האָט מיט ענערגיע גענומען זיך גרייטן דורכצופירן דעם גרויסן שטרייק פון די קלאָוקמאַכער.

די יוניאָן האָט גערופן אַ מיטינג פון אַלע אַקטיוויסטן אויסצוקלייבן אַ קאָמיטעט וואָס זאָל אָנפירן מיטן שטרייק. מיטשעל איז באַשטימט געוואָרן פאַר טשערמאַן פון האל־קאָמיטעט. אַלס טשערמאַן פון דעם פּיקעט־קאָמיטעט איז באַשטימט געוואָרן מאָריס זיגמאַן. פון אָרגאַניזאַציע־קאָמיטעט איז געוואָרן טשערמאַן מאָריס גאָלדאָווסקי. פון סעטלמענט־קאָמיטעט, וואָס דאַרף אונטער־האַנדלען מיט די מאַנופעקטשורערס איז באַשטימט געוואָרן פאַר טשערמאַן אברהם ראָזענבערג. דער פּרעזידענט פון דער אינטערנאַשאָנעל. ס'איז אויך

באַשטימט געוואָרן אַ פינאַנץ־קאָמיטעט, אַ רעדנער־קאָמיטעט. דזשאַן דייטש, דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אינטערנאַשאָנעל האָט אויך באַלאַנגט צו דעם אַלגעמיינעם שטרייק־קאָמיטעט. די אַלע אָנפירערס האָבן צוזאַמען געבילדעט דעם גרויסן שטרייק־קאָמיטעט.

מיך האָט מען אויסגעקליבן אַלס וויס־טשערמאַן פון קאָלאָמבוס־האָל און ווינער אַלס טשערמאַן פון דעם האָל.ביידע זיינען מיר געווען פון לאָקאַל 9.

דעם 6טן יולי, 1910 האָט מען אונדז, אַלע אַקטיווע טוערס פון דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן, גערופן צו אַ מיטינג אין בעטהאָווען־האָל אויף דער 5טער גאַס. מען האָט אונדז געגעבן פעקלעך פון דער צייטונג „נייע פּאָסט" וואו ס'איז געווען די מעלדונג, אַז דעם 7טן יולי, 2 אַ זייגער בייטאָג, זאָלן די קלאָוקמאַכער אַרויס אין שטרייק, פאַרלאָזן די שעפּער און זיך צונויפקומען אין די צוגעגרייטע האָלס, יעדער שאַפּ אין אַ באַשטימטן האָל. די אָנפירער פון שטרייק, די טשערלייט, די וויס־טשערלייט און די סעקרעטאַרן און אַלע אַנדערע אַקטיוויסטן זיינען געזעסן אַ גאַנצע נאַכט אין בעטהאָווען־האָל. 6 אַ זייגער אין דער פרי זיינען מיר אַרויס צו די שעפּער פונאַנדערצעטיילן די „נייע פּאָסט". אויפן יוניאָן־סקווער איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ פּלאַט־פאָרם וואו עס זיינען געשטאַנען די פירערס פון דער יוניאָן און פון דער אַרבעטער־באַוועגונג ווי מאיר לאָנדאָן, אייב קאַהאַן, אייבראַהאַם ראָזענבערג, סאל מעטץ, מאָריס גאָלדאָווסקי, וואָלף, כאול פּאָליאַקאָוו, מאָריס זיגמאַן, דייטש און אַנדערע.

2 אַ זייגער האָבן די אַרבעטער געדאַרפט פאַרלאָזן די שעפּער, עס איז אַריבער אַ היפּש ביסל צייט און די שטרייקערס האָט מען נאָך אַלץ ניט געזען. מיר האָבן זיך זייער געשראָקן, אפשר זיינען גאָר די קלאָוקמאַכער נישט אַרונטער פון די שעפּער. אָבער אַרום 4 אַ זייגער האָבן די קלאָוקמאַכער אָנגעהויבן צו שטראָמען פון אַלע זייטן. אונדזערע הערצער זיינען געוואָרן פול מיט פרייד, די אַרבעטער האָבן פאַרביימאַרשירט פאַר דער פּלאַטפאָרם מיט אויסגעשרייען און באַגריסונגען. אַלע זיינען אַוועק אין די באַשטימטע האָלס. דאָרטן האָבן מיר יעדן שאַפּ געגעבן אָנווייזונגען. מיר האָבן דאָרט פון יעדן שאַפּ אויסגעקליבן אַ שאַפּ־טשערמאַן, אַ סעקרעטאַר און אַ קאָמיטעט, וואָס זאָלן אַכטונג געבן אויף זייער שאַפּ, שיקן פּיקעטס צו היטן דעם שאַפּ, אַז עס זאָלן ניט זיין קיין סקעבס.

דער שאַפּ־טשערמאַן האָט געדאַרפט אָפּגעבן אַ ראַפּאָרט דעם טשערמאַן פון האָל ווי אַזוי עס גייט די אַרבעט אַרום זיין שאַפּ. טאָמער זיינען געווען וועלכע עס איז פּראָבלעמען האָט מען עס באַלד געמאָלדן צום האָל־טשערמאַן. אַלע טשערלייט פון די שעפּער האָבן יעדן פרייטיק געהאַט אַ מיטינג. די טשערלייט האָבן דאָרט אָפּגעגעבן באַריכטן פון זייערע קאָמיטעטן און דער טשערמאַן פון האָל האָט גלייכצייטיק באַריכטעט צו די שאַפּ־טשערלייט וועגן דער לאַגע פון שטרייק.

מיר האָבן אָרגאַניזירט מיטינגען מיט גוטע רעדנערס, וועלכע האָבן געוועקט דעם עולם צו האָבן מוט. מיר האָבן איינגעאָרדנט קאָנצערטן פאַר די שטרייקנדע. מיר האָבן זיך ניט פאַרלאָזט אויף די שאַפּ־טשערלייט, נאָר אויך אָפּגעהאַלטן מיטינגען דירעקט מיט די אַרבעטער פון שאַפּ און אויס־געפונען ווי עס אַרבעטן די פּיקעטס און צי זיי טוען גוט זייער אַרבעט.

איך בין געווען אַזוי פאַרנומען מיטן שטרייק, אַז איך האָב ניט געהאַט קיין צייט אַהיים צו גיין צו זען מיין פרוי און קינדער. בייטאָג בין איך געווען מיט די שטרייקנדע אין האָל און ביינאַכט בין איך געגאַנגען קוקן צי די שטרייקער שטייען אין די פּיקעטן. מיין פרוי האָט זיך ניט גוט געפילט נאָך דער קימפּעט, זי איז געווען מיט צוויי קליינע קינדער און קיין געלט האָב איך ניט געהאַט פון וואָס צו לעבן. איך בין געגאַנגען צום טשערמאַן פון האָל, מיטשעל, און אים געבעטן ער זאָל מיר אויסצאָלן 3 אָדער 5 דאָלאַר אַ וואָך איך זאָל האָבן פאַר מיין פאַמיליע אויף אַן אָרעם שטיקל ברויט. איך האָב עס ניט באַקומען. בין איך געווען געצוואונגען אויפגעבן מיין וואוינונג און אַוועקשיקן מיין פרוי מיט די צוויי קינדער צו מיין שוועסטער אויף דער פאַרם. מיין פרוי האָט ניט געוואָלט פאָרן אויף דער פאַרם, זי האָט ביטער געוויינט, אָבער איך האָב ליידער גאָר נישט געקענט טאָן, ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין שום מיטלען צו קענען אויפהאַלטן מיין פאַמיליע. איך האָב געבעטן מיין שוועסטער צו לאָזן מיין פרוי מיט די קינדער אויף דער פאַרם, און ווען כ׳וועל גיין אַרבעטן וועל איך איר באַצאָלן, כ׳האָב איר געזאָגט אַז איך האָף, אַז דער שטרייק וועט זיך אין קורצן ענדיקן און כ׳וועל קענען אין גיכן צוריק אויסהאַלטן מיין פאַמיליע. מיין שוועסטער האָט מיך געמוסרט, אַז מען האָט ניט קיין געלט אויסצוהאַלטן דאַרף מען ניט שטרייקן, און אַז מען וויל קען מען געפינען אַנדערע אַרבעט, מען מוז ניט דווקא אַרבעטן ביי קלאָוקס. אָבער אַ שוועסטער איז דאָך פאָרט אַ שוועסטער, האָט זי גע־נומען מיין פרוי און די קינדער צו זיך אויף דער פאַרם. דעמאָלט, האָב איך זיך אינגאַנצן געווידמעט דעם שטרייק. איך האָב ניט באַקומען קיין פּעני פון שטרייק־קאָמיטעט, איך פלעג עסן אַ געזאַלצענעם בייגל פאַר אַ פּעני, אָדער איך פלעג קויפן פאַר 5 סענט אַ גלאָז ביר, צום ביר האָט מען דעמאָלט צוגעגעבן אַ צובייס פון זופּ, הערינג און אַרבעס, מיט דעם האָט מען זיך געקענט אָנעסן. אַזוי איז עס געגאַנגען אַ גאַנצע וואָך. מיין מומע חיהטע האָט מיך געבעטן, איך זאָל צוקומען פרייטיק צו נאַכטס צום עסן, פלעג איך קומען פרייטיק אָוונט און דאָרט בלייבן איבערנעכטיקן. מיין מומע איז געווען אַ הויז־וועכטערין און האָט געאַרבעט זייער שווער, זי האָט געדאַרפט אַכטונג געבן אויף אַ גרויס הויז פון 6 שטאָק.. איר מאַן איז געווען אַ מענער־פּרעסער און האָט שווער געאַרבעט מיטן אייזן. געוואוינט האָבן זיי אויף קענען סטריט.

דעם גרעסטן טייל פון טאָג פלעגן מיר זיין אין די האָלס, ביינאַכט פלעגן מיר אַרומגיין אַרום די שעפּער און זען צי די אַרבעטער פּיקעטן די שעפּער.

אין דער פרי פלעגט די „טרייד־יוניאָן ווימענס ליג״ אַרויסטראָגן מילך מיט בייגל פאַר די פּיקעטערס פון אַ גאַנצע נאַכט. די אָנפירערס פון דער „ווימענס ליג״ זיינען געווען: מרס. רוזוועלט, מרס. מאָסקאָוויטץ, מרס פּאַרקינס, מרס. שניידערמאַן און פיל אַנדערע. דאָס איז געווען אַ ליבעראַלע אָרגאַניזאַציע וואָס פלעגט העלפן די אַרבעטער אין קאַמף פאַר בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען.

אַ פּאָר וואָכן נאָך דעם ווי מיין פרוי איז אַרויסגעפאָרן אין פאַרם, האָב איך דערהאַלטן פון איר אַ בריוו, אַז אונדזער זונעלע דייוו איז ניט געזונט. זי וואָלט וועלן קומען אַהיים. כ׳האָב דאַן געבאָרגט אַ פּאָר דאָלאַר און בין פרייטיק אַרויסגעפאָרן אין פאַרם צו זען וואָס עס איז מיטן קינד. אַהינ־קומענדיק האָט מיר דאָס האַרץ פאַרקלעמט. דאָס קינד איז געווען זייער קראַנק. און מיין פרוי איז געזעסן און געוויינט. קיין דאָקטאָר האָט מען נאָך ניט געהאַט גערופן. מיר זיינען אַוועקגעפאָרן מיטן קינד אין דער שטאָט נארוויטש, אַוועק מיטן קינד אין שפּיטאָל. צום גליק האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ גוטן דאָקטאָר, אַן אַלטן מאַן, וועלכער איז געווען באַקאַנט פאַר אַ גרויסן ספּעציאַליסט. ער האָט באַטראַכט דאָס קינד און פעסטגעשטעלט, אַז עס האָט מאָמס. אין זייער אַ פאַרלאָזטן צושטאַנד, ווי עס איז איצט, ווייסט ער ניט, האָט ער געזאָגט, צי דאָס קינד וועט בלייבן לעבן. ער האָט געגעבן אַ מעדיצין, זאָגנדיק אַז ער איז ניט זיכער, אויב די מעדיצין וועט העלפן. מיר זיינען צוריק אַהיימגעפאָרן מיטן קינד אויפן פאַרם. נאָכן נעמען די מעדיצין האָט דאָס קינד געעפנט די אויגן און ס׳האָט אָנגעהויבן בעסער ווערן. דער דאָקטאָר האָט אָנגעזאָגט מיין פרוי נישט צו געבן דעם קינד די ברוסט, נאָר צוגעוואוינען אים צו עסן. אַזוי האָט מען געטאָן, און דאָס קינד איז געזינטער געוואָרן און ער איז איצט אַ געזונטער דערוואַקסענער מענטש.

מיין פרוי האָט נאָר געוואָלט צוריק קיין ניו־יאָרק. איך האָב אָבער דאָס ניט געקענט טאָן, ווייל מיר האָבן שוין אין ניו־יאָרק קיין וואוינונג ניט געהאַט און דער שטרייק איז נאָך געווען אין פולן גאַנג. אַזוי שנעל, זאָג איך איר, ווי דער שטרייק וועט זיך ענדיקן, וועל איך דינגען אַ וואוינונג און דיך אַהיים נעמען מיט די קינדער.. זי האָט זיך פאַר מיר געקלאָגט, אַז די שוועסטער באַהאַנדלט זי ניט גוט.

דער שטרייק איז פאַרענדיקט געוואָרן אַ פּאָר טעג פאַר לעיבאָר דעי. אַ טייל פון די שטרייקערס זיינען ניט געווען צופרידן פון די קאָמפּראָמיסן וואָס דער שטרייק־קאָמיטעט האָט געמאַכט און זיי האָבן געשריגן אַז די פירערס האָבן פאַרראַטן. מערסטנס זיינען דאָס געווען מיטגלידער פון פּיקעט־קאָמיטעט זיי זיינען אַרומגעלאָפן און געשריגן אַז די פירערס האָבן פאַר־קויפט די שטרייקערס, זיי האָבן אַרומגעזוכט די פירערס און האָבן זיי גע־וואָלט שלאָגן, זיי זיינען געלאָפן צום „פאָרווערטס״ זוכן דאָרט די יוניאָן־פירערס, האָט מען זיי אין דער געביידע פון „פאָרווערטס״ ניט געוואָלט אַריינלאָזן, האָבן זיי געמאַכט אַ גרויסן טומל, געבראָכן שויבן און האָבן געמאַכט

אויסרופן קעגן „פאָרווערטס" אויך. זיי זיינען צוריק אַוועק צו די ערטער וואו די שטרייקערס האָבן זיך געזאַמלט און געפירט אַ שאַרפע אַגיטאַציע צווישן די קלאָוקמאַכערס, ספעציעל צווישן די איטאַליענישע, קעגן די פירערס פון שטרייק.

צו מאָרגנס, דאָס איז געווען אַ שבת, האָבן זיי צוויפגעזאַמלט טויזנטער קלאָוקמאַכערס און אַוועקגעמאַרשירט צו דער געביידע פון „פאָרווערטס", וואו זיי האָבן ווידער אַ מאָל געמאַכט אויסרופן קעגן „פאָרווערטס" און קעגן די יוניאָן־פירערס וואָס האָבן כלומרשט פאַרראַטן דעם שטרייק.

מאיר לאָנדאָן איז אַרויס אויפן באַלקאָן פון „פאָרווערטס"־געביידע און האָט געפּרואווט באַרואיקן די פאַרזאַמלטע און זיי אויפקלערן אַז זיי זאָלן זיך ניט לאָזן פאַרפירן פון פאַרשיידענע פיינטלעכע עלעמענטן צו דער יוניאָן וואָס ווילן צעברעכן דעם שטרייק. דער „פאָרווערטס" האָט אַרויסגעלאָזט אַ ספעציעלע ביילאַגע מיט אַ רוף צו די קלאָוקמאַכערס, זיך ניט צו לאָזן פאַר־פירן פון דעם פּיקעט־קאָמיטעט און פאַרשיידענע שונאים, וועלכע לויערן אויף דער יוניאָן. אויב איר זייט ניט צופרידן פון אַ פּונקט, וואָס איז איינגעשריבן אין „אַגרימענט", פאַרוואָס ברענגט איר ניט אַרויף די פראַגע אויף אַ יוניאָן־מיטינג און באַהאַנדלען די פראַגע ווי גוטע יוניאָן־לייט, אויף אַזאַ אופן וואָס זאָל ניט צעברעכן די יוניאָן.

ווען די אומצופרידענע האָבן איבערגעלייענט וואָס דער „פאָרווערטס" האָט געשריבן, האָבן זייערע צעהיצטע געמיטער אַביסל זיך באַרואיקט. ערשט דאַן האָט מען געזען, וואָס פאַר אַ שאָדנס דער פּיקעט־קאָמיטעט האָט אָנ־געמאַכט. די גאַנצע מיספאַרשטענדעניש איז געקומען צוליב דעם וואָס אין אָפּמאַך איז געווען אַ פּונקט אַז די אַרבעטער פון יעדן שאָפּ וועלן זיין פאַר־טראָטן דורך אַ „דעלעגאַט" וואָס וועט אין זייער נאָמען פאַרהאַנדלען מיטן באַלעבאָס. האָבן אַ סך אַרבעטער זיך דערשראָקן פאַרן וואָרט „דעלעגאַט".

האָט די „סעטלמענט"־קאָמיסיע אָפּגעהאַלטן נאָך אַ קאָנפערענץ מיט דער „קלאָוק־מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן", און מען האָט איבערגעביטן דאָס וואָרט „דעלעגאַט" אויף „שאָפּ־טשערמאַן", ער וועט דאָס זיין דער פאָר־שטייער פון די אַרבעטער און מיט אים וועלן די מאַנופעקטשורערס דאַרפן פאַרהאַנדלען. מיט דעם האָט זיך איינגעשטילט דער גרויסער טומל, וואָס די פּיקעט־קאָמיסיע האָט אָנגעמאַכט. מאָריס זיגמאַן איז געווען דער טשערמאַן פון דער פּיקעט־קאָמיסיע, האָט ער זי פונאַנדערגעלאָזן. דער שטרייק איז ענדגילטיק געוואָרן פאַרענדיקט און די אַרבעטער אין די האָלס האָבן גוט־געהייסן דעם „אַגרימענט". דאָס ענדיקן דעם שטרייק האָט אַרויסגערופן גרויס צופרידנקייט אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס. ס'איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ זיג פון דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע.

דער לעיבאָר־דעי, וואָס איז אויסגעפאַלן אין די טעג, איז געווען אַ

דאָפּלטער יום־טוב. דער שטרייק־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן אין דעם דאָזיקן לעיבאָר־דעי צו מאַרשירן צוזאַמען מיט די אַמעריקאַנער אַרבעטער און צו פייערן בעת דעם דאָזיקן יום־טוב אויך דעם זיג פון די קלאָוקמאַכערס.

דער מאַרשרוט פון די אַרבעטער איבער דער פינפטער עוועניו איז געווען זייער אײַנדרוקספול. מאַסן מענטשן האָבן זיך צוגעקוקט צום מאַרש. אַלע צייטונגען האָבן צומאָרגנס באַריכטעט וועגן דער גרויסער דעמאָנסט־ראַציע פון די אַרבעטער, בפרט פון די קלאָוקמאַכערס, וועלכע זיינען מערסטנס געווען עמיגראַנטן פון אייראָפּע. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן יענעם אײַנדרוקספולן מאַרשרוט פון די קלאָוקמאַכערס אין לעיבאָר דעי.



סאול פּאָליאַקאָוו, איינער פון די פּיאָנערן פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, גרינדער פון דער „אינטערנאַשא־נאַל לײדיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן". געווען אַ מיטגליד פון לאָקאַל 9. געשטאָרבן אין 1935.

קאַפּיטל 14

# שווערער קאַמף נאָך אַ געוואונענעם שטרייק

נאָך לעיבאָר־דעי האָט מען אָנגעהויבן שיקן די אַרבעטער אין די שעפּער. ווי זיגער זיינען די אַרבעטער צוריקגעקומען צו דער אַרבעט. די באַלעבאַטים האָבן ניט דערוואַרט, אַז די אַרבעטער וועלן קומען אין די שעפּער און זיי זאָגן דעות. ווען מען האָט אָנגעהויבן „סעטלען״ די פּרייזן פאַר אַרבעט האָבן די פאָרשטייער פון די אַרבעטער געפאָדערט זייערע רעכט אויפן גרונט פון נייעם אָפּמאַך, האָבן די מאַנופעקטשורערס ניט געקענט פאַרטראָגן אַזאַ זאַך, אַז די אַרבעטער זאָלן זיי זאָגן אַ דעה, וויפל מען דאַרף קריגן באַצאָלט פאַר אַ שטיק אַרבעט. זיי זיינען ניט געוואוינט געווען צו אַזאַ זאַך. זיינען דערפאַר פאָרגעקומען אַ סך צוזאַמענשטויסן צווישן די מאַנופעקטשורערס און די שאַפּ־טשערמאַנס. די וואָס האָבן געאַרבעט פון וואָך, ווי די פּרעסערס און קאַטערס, האָבן ניט געהאַט קיין צו גרויסע שוועריקייטן ביים „סעטלען״ די פּרייזן. אַז דער מאַנופעקטשורער האָט ניט געוואָלט נאָכגעבן די געפאָדערטע פּרייזן, איז דער שאַפּ געוואָרן אָפּגעשטעלט דורכן טשערמאַן, אָבער דאָס איז נישט אַריבער אָן קאָנפליקטן. די מאַנופעקטשורערס פלעגן אַ סך מאָל באַליידיקן די טשערמאַנס. אָפט פלעגט דער מאַנופעקטשורער גלייך אָפּזאָגן פון דער אַרבעט דעם טשערמאַן מיט דער גאַנצער קאָמיטע, דאַן איז געקומען צו אַ קאָנפליקט מיט דער גאַנצער יוניאָן. די פּאָליטיק פון דער „אַסאָסיאיישאָן״ פון די באַלעבאַטים איז דעמאָלט געווען אָנצוטאָן דער יוניאָן די פאַרשיידנסטע צרות. זיי האָבן אויך געהאָפט אויף אַ אומצופרידנקייט פון די קלאָוקמאַכערס קעגן זייער אייגענער יוניאָן, זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז די יוניאָן איז נאָך ניט ווי געהעריק אָרגאַניזירט, אַז דער גאַנצער אַפּאַראַט פון דער יוניאָן איז נאָך ניט איינגעשטעלט, זיי האָבן געפּרואווט אויף אַזאַ אופן זי צעברעכן.

דערווייל האָט מען באַשטימט סאול פּאַלאַקאָוו אין דעם אָפיס פון שטרייק־קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך געפונען אויף דער 19טער גאַס, דאָרטן איז דעמאָלט געווען דער צענטער פון דער אינדוסטריע פון די קלאָוקס, ער האָט דאָס געהאַט אויסצושטיין די גרויסע צרות אין קאַמף מיט דער „מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן״.

דער שטרייק־קאָמיטעט האָט צוליב דעם באַשטימט ביזנעס־אַגענטן און דיסטריקט־מענעדזשערס וועלכע זאָלן אויסגלייכן די פאַרשיידענע סכסוכים צווישן די באַלעבאַטים און די אַרבעטער. פאַר יעדן לאָקאַל איז די שטאָט געוואָרן איינגעטיילט אין סעקציעס. עס זיינען געווען אַ סך סעקציעס אין האַרלעם, דאַון־טאַון, בראָנקס, בראָנזוויל א״אַנד. יעדע סעקציע האָט אויס־

געוויילט 5 דעלעגאַטן צום עקזעקוטיוו־באַרד וואָס איז באַשטאַנען פון 30 מיטגלידער. די דעלעגאַטן פון האַרלעם פון מיין לאָקאַל 9 זיינען געווען: בענדער, פיליפ קאַהאַן, פיליפ גרייפער, ראַבינאָוויטש און איך. אין דער דאַון־טאַונער סעקציע זיינען דערוויילט געוואָרן דזשעק האַלפערן, קיידע קאַהאַן, מאָריס דייטש, סאַפּיראָ, גראַפשטיין און מאַטעס. פון דער בראָנקסער סעקציע: גאָלדנער, סאַלאַמאָן נידעלמאַן, כאַזאַנאָוויטש, מאַלץ און איזי קאַהאַן, פון בראָנזוויל; נייטען ראָזענבערג, גענדערסקי, פאַלעווסקי, פרידמאַן, טעמקען און די איטאַליענער מאַניסאַנע און ניפּאָ אונקוירסי.

די דאָזיקע עקזעקוטיווע האָט אויסגעוויילט 5 דעלעגאַטן צום דזשאָינט־באַרד: דזשעק האַלפערן, מאָריס דייטש, דער איטאַליענער מאַניסאַני, גראַב־שטיין און איך. מאָריס דייטש איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון לאָקאַל 9, גאָלדנער — פאַרן פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר. און גייער — פאַר פינאַנץ־סעקרעטאַר און מענעדזשער פון לאָקאַל, ער איז געווען אַ סאָציאַליסט און אַן ערלעכער מענטש, געשעצט פון אַלעמען. ער האָט אָבער ניט גוט געקענט די פּראָבלעמען פון די שניידערס, און ספּעציעל פון די פינישערס, און אונדזער לאָקאַל איז דעמאָלט, נאָכן שטרייק פון 1910, באַשטאַנען פון אַן ערך 18 ביז 20 טויזנט מיטגלידער.

נאָך דעם ווי דער דזשאָינט־באַרד איז שוין געווען אין פולן צוזאַמענ־שטעל האָט מאיר לאָנדאָן דורכגעפירט די „אינסטאַלעישן" פון דער דזשאָינט־באַרד. דזשעק האַלפערן איז דערוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פון דער דזשאָינט־באַרד, מאיר פערלשטיין — אַלס סעקרעטאַר און קליימאַן — אַלס פינאַנץ־סעקרעטאַר. פערלשטיין און קליימאַן זיינען געווען מיטגלידער פון לאָקאַל 23, האַלפערן איז געווען אַ מיטגליד פון מיין לאָקאַל 9. זיי זיינען אַלע געווען פעאיקע מענטשן אויף זייערע פּאָסטנס און גוטע באַיעס. מאיר לאָנדאָן האָט זייער געהאַלטן פון זיי, ער האָט געזאָגט אַז זיי זיינען פּאַסיקע מענטשן פאַר דער אַרבעט אין דער יוניאָן.

נאָכן גרויסן שטרייק פון 1910 איז די קלאָוקמאַכער־יוניאָן שטאַרק אויס־געוואַקסן. פאַרן שטרייק האָט זי געהאַט בלויז עטלעכע טויזנט מיטגלידער, נאָכן שטרייק איז די מיטגלידערשאַפט אויסגעוואַקסן ביז 60 טויזנט. מען האָט געדאַרפט איבערשטעלן די גאַנצע אַרבעט פון דער יוניאָן, מען האָט געדאַרפט אויף דאָס ניי איבעראָרגאַניזירן די אַרבעט אין די שעפּער, ווייל זייער אַ סך נייע שעפּער זיינען צוגעקומען, מען האָט געדאַרפט „סעטלען" די פרייזן פאַר די אַרבעטער אאַז"וו. מאיר לאָנדאָן האָט אונדז אין דעם אַלעם אַ סך אַרויסגעהאָלפן. ער איז דאַן געווען דער „ליגל אַדווייזער" (יורידישער ראַטגעבער) פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. ער האָט געהאָלפן די פירערס פון דער יוניאָן איינצושטעלן די גאַנצע אַרבעט פון דער יוניאָן. ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט לייב און לעבן פאַר די קלאָוקמאַכער־יוניאָן און בעתן שטרייק

האָט ער אויפגעגעבן זיין אָפיס. ער האָט זיך אין גאַנצן אָפּגעגעבן מיט דעם שטרייק אָן איין פּעני געלט, און ער האָט געהאָלפן אַנדערע יוניאָנס אויך. מאיר לאָנדאָן איז געווען אַ גרויסער אידעאַליסט און אַן איבערגעגעבענער סאָציאַליסט און האָט פיל געטאָן פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג. עס איז נישטאָ אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אַזאַ מין מאיר לאָנדאָן און עס וועט נישט זיין.

***

נאָך דעם שטרייק פון 1910 איז אָנגעקומען אַ בריוו פון דער „פרייער אַרבעטער שטימע" צום דזשאָינט־באָרד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן מיט אַ גרויסן חשבון פאַר אַריינגעגעבענע מעלדונגען און אַנאָנסן אין דער צייט פון שטרייק. די פינאַנץ־קאָמיסיע האָט אָנגעפרעגט דעם פינאַנץ־סעקרעטאַר קליימאַן ווער עס האָט אַריינגעגעבן אַזוינע אַדווערטייזמענטס אין דער „פרייער אַרבעטער שטימע", האָט דער פינאַנץ־סעקרעטאַר געזאָגט, אַז ער ווייס פון גאָר נישט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז קיינער האָט ניט אַריינגעגעבן קיין שום „אַדווערטייזמענטס" אין דער „פרייער אַרבעטער שטימע", די צייטונג האָט דאָס אַליין געטאָן אָן דעם וויסן פון דער יוניאָן. די פינאַנץ־קאָמיטע האָט זיך דעריבער אָפּגעזאָגט אויסצוצאָלן דעם ביל פון דער „פרייער אַרבעטער שטימע". בעתן שטרייק האָט די „פרייע אַרבעטער שטימע" טאַקע געשריבן נאָטיצן און אָפּרופן לטובת דעם שטרייק, אָבער יעדער איינער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי שרייבט דאָס צוליב אידעאישע מאָטיוון, כדי אונטערצושטיצן דעם גערעכטן קאַמף פון די אַרבעטער, און קיינער האָט זיך ניט פאָרגעשטעלט אַז זי וועט דערפאַר פאָדערן באַצאָלט.

די „פרייע אַרבעטער שטימע" האָט דאַן אָנגעהויבן צו אַטאַקירן די פירערס פון „דזשאָינט־באָרד" פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן מיט פאַרשיידענע באַשולדיקונגען, צווישן אַנדערע — פאַרוואָס מען גיט ניט אָפּ קיין עפנטלעכן פינאַנץ־באַריכט פון דעם גרויסן שטרייק.

אייב קאַהאַן, דער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", איז נאָך דעם געקומען צו אַ זיצונג פון דער דזשאָינט־באָרד און האָט געפרעגט פאַר וואָס די „פרייע אַרבעטער שטימע" אַטאַקירט אַזוי שטאַרק די פירערס פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. האָט מען אייב קאַהאַנען דערציילט די גאַנצע געשיכטע. אייב קאַהאַן איז דעמאָלט אַרויסגעקומען מיט אַן אַרטיקל אין „פאָרווערטס" וואו ער האָט פאַרטיידיקט די פירערס פון אונדזער יוניאָן קעגן די אַטאַקן פון רעדאַקטאָר פון דער „פרייער אַרבעטער שטימע". עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ קריגעריי צווישן דעם „פאָרווערטס" און דער „פרייער אַרבעטער שטימע". אייב קאַהאַן האָט אָבער נישט דערציילט די אמתע מאָטיוון פון דער קריטיק פון דער

„פרייער אַרבעטער שטימע״. דער קאַמף איז אָנגעגאַנגען אַ שטיק צייט, די פּאַסירונג דערמאָנט זיך מיר אָפט ווען איך זע ווי מאַטעריעלע אָדער פּערזענלעכע אינטערעסן וויקלט מען איין מיט פּרינציפּן, אַז מען זאָל ניט קענען זען דעם אמתן זין פון קאַמף.

קאַפּיטל 15

# נייע פּראָבלעמען

נאָך דעם ווי דער שטרייק איז געוואונען געוואָרן האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַ שווערער טאָג־טעגלעכער קאַמף אין די שעפּער צווישן דער יוניאָן און די באַלעבאַטים ביים דורכפירן אין לעבן דעם „פּראָטאָקאָל״ (אַזוי האָט מען גערופן דעם אָפּמאַך וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן דער יוניאָן און די „מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישן״). דער הויפּט־קאַמף בעתן שטרייק איז געווען אַרום דער פראַגע פון „קלאָזד שאַפּ״, די יוניאָן האָט געפאָדערט אַז די באַלעבאַטים זאָלן קענען צונעמען נאָר מיטגלידער פון דער יוניאָן. סוף־כל־סוף איז מען איינגעגאַנגען אויפן קאָמפּראָמיס וואָס עס האָט פאָרגעלייגט לואי בראַנדייס, — „פּרעפערענשל יוניאָן־שאַפּ״, ד״ה, אַז דער באַלעבאָס קען צונעמען צו דער אַרבעט וועמען ער וויל, אָבער אויב ער לאָזט איבער אַ נייעם אַרבעטער אויף שטענדיק מוז יענער ווערן אַ מיטגליד פון דער יוניאָן. די באַלעבאַטים האָבן נאָכן שטרייק מיט אַלע מיטלען סאַבאָטירט דעם „פּראָטאָקאָל״, און די יוניאָן־טוערס און שאַפּ־טשערלייט האָבן געמוזט אָנווענדן איבערמענטשלעכע כוחות כדי קעגנצושטעלן זיך די כסדר־דיקע סאַבאָטאַזש־אַקטן פון די באָסעס.

די ערשטע פּראָבלעם איז געווען מיט די „סקעבס״ וואָס האָבן פאַרראַטן דעם שטרייק. ווען די אַרבעטער זיינען אַריין אין די גרויסע שעפּער, האָבן זיי דאָרט געטראָפן די סקעבס. די יוניאָן־לייט האָבן נישט געוואָלט אַרבעטן מיט זיי צוזאַמען, אָבער די יוניאָן האָט גאָרניט געקענט טאָן קעגן דעם, ווייל לויט דעם פּראָטאָקאָל האָט די יוניאָן בלויז געקענט זיי מאַכן פאַר מיטגלידער, אָבער נישט זיי באַזייטיקן פון שאַפּ. אָבער ביסלעכווייז האָט מען זיי אַרויסגעשטויסן פון די שעפּער, ווייל די באַלעבאַטים האָבן זיי מער נישט געדאַרפט האָבן, און זיי האָבן אויך געוואָלט אַ סוף מאַכן צו די „פּייטס״ אין די שעפּער. די סקעבס זיינען געווען געצוואונגען אָדער צו ווערן יוניאָן־לייט, אָדער פאַרלאָזן די אַרבעט. אַ טייל פון זיי זיינען געפאָרן קיין קליוולאַנד און האָבן דאָרטן אָנגעהויבן „סקעבן״. די יוניאָן האָט נאָך אַ שטיק צייט געהאַט פון זיי צרות ביז די זאַך איז געוואָרן נאָרמאַל.

שאַרפער איז געווען דער קאַמף אַרום די רעכטן און פליכטן פון אַ שאַפּ־טשערמאַן. עס זיינען אָפט פאָרגעקומען פאַלן, אַז אַ ניט יוניאָן־אַרבעטער איז אַרויפגעקומען אַרבעטן אין אַ יוניאָן־שאַפּ און דער שאַפּ־טשערמאַן האָט אים נישט געלאָזט זיך זעצן צו דער אַרבעט, ווייל ער איז ניט קיין יוניאָן־מאַן. אַזעלכע פאַלן האָבן אַרויסגערופן קריגערייען מיט די באָסעס, ווייל לויט דעם פּראָטאָקאָל האָט דער שאַפּ־טשערמאַן ניט געהאַט קיין רעכט אים שטערן אַרבעטן, ער האָט בלויז געקענט מאַכן אים פאַר אַ יוניאָן־מאַן, אָדער ער האָט געקענט באַלייגן אַן אָנקלאָגע אין דער יוניאָן, אַז אַ ניט־יוניאָן־מאַן אַרבעט אין שאַפּ. דעמאָלט האָט דער ביזנעס־אַגענט פון דער יוניאָן געדאַרפט אַרויפקומען מיט דעם פאָרשטייער פון דער „אַסאָסיאיישאָן" פון די באַלעבאַטים און זען ווירקן אויפן אַרבעטער, ער זאָל ווערן אַ יוניאָן־מאַן. און אויב דער אַרבעטער האָט אַלץ נישט געוואָלט ווערן אַ יוניאָן־מאַן, האָט די יוניאָן ערשט דעמאָלט רעכט געהאַט צו פאַרלאַנגען פון באַלעבאָס, ער זאָל דעם אַרבעטער אַראָפּשיקן פון דער אַרבעט. אַזוי זיינען געווען די באַדינגונגען פון דעם „פּראָטאָקאָל".

***

פאַרן שטרייק פון 1910 האָט מען אין די קלאָוק־שעפּער נישט אויסגעניצט די לעכלעך פאַר די קנעפּ, נאָר עס זיינען געווען ספּעציעלע „באָטנהאָל"־קאָנטראַקטאָרס וואָס האָבן די אַרבעט געמאַכט. די באַלעבאַטים פון די שעפּער האָבן גאָר נישט געהאַט צו טאָן מיט די „באָטנהאָל"־אַרבעטער. נאָכן שטרייק פון 1910 האָבן די דאָזיקע אַרבעטער זיך אָרגאַניזירט אין אַ יוניאָן אונטערן נאָמען „באָטנהאָל־מייקערס יוניאָן, לאָקאַל 64". פאַר מענעדזשער האָבן זיי גענומען איינעם פון זייערע פאַכלייט מיטן נאָמען שטיינבערג. ער איז געווען זייער אַן אינטעליגענטער מענטש, אַ גוטער סאָציאַליסט וואָס איז געקומען קיין אַמעריקע פון רוסלאַנד. נאָך דעם ווי ער איז געוואָרן מענעדזשער איז ער געקומען צום דזשאָינט־באָרד מיט אַ פּלאַן אָפּצושאַפן די שעפּער פון די „באָטנהאָל"־קאָנטראַקטאָרס, נאָר מען זאָל מאַכן די אַרבעט דירעקט אין די קלאָוק־שעפּער און די "באָטנהאָל"־אַרבעטער זאָלן ווערן באַשעפטיקט אין די קלאָוק־שעפּער גופא. די דזשאָינט־באָרד האָט אויסגעקליבן אַ קאָמיטע וועגן דעם ענין, איך בין אויך געווען אין דער דאָזיקער קאָמיטע. מיר האָבן אויסגעפאָרשט די פראַגע און מיר זיינען געקומען צום דזשאָינט־באָרד מיט אַ באַריכט וואָס האָט אונטערשטיצט דעם פאָרשלאַג פון מענעדזשער שטיינבערג׳ ד"ה, אַז די קלאָוק־מאַנופאַקטשורערס זאָלן איינפירן די „באָטנהאָל"־מאַשינען אין זייערע שעפּער און די „באָטנהאָל"־אַרבעטער זאָלן אַרבעטן ביי זיי דירעקט און ניט ביי קאָנטראַקטאָרס. די קאָנטראַקטאָרס האָבן אָנגעהויבן פירן אַ שאַרפן קאַמף קעגן דעם דאָזיקן באַשלוס, אָבער עס האָט זיי גאָר ניט געהאָלפן, מען האָט אָנגעהויבן איינפירן די נייע סיסטעם אין די שעפּער.

אין אַ געוויסן טאָג, געווען איז דאָס אין 1913, איז אַרום 12 בייטאָג אין אָפּיס פון דעם לאָקאַל געקומען אַ „באָטנהאָל"־אַרבעטער (איך געדענק שוין נישט זיין נאָמען) און האָט אויפן אָרט דערשאָסן דעם מענעדזשער שטיינבערג. מען האָט אים אַרעסטירט, האָט ער געזאָגט, אַז די קאָנטראַקטאָרס האָבן אים אָנגעשטעלט צו דערשיסן שטיינבערגן. מען האָט אַרעסטירט עטלעכע פירערס פון דער אַסאָסיאיישאַן פון די קאָנטראַקטאָרס, אָבער מען האָט זיי באַלד אַרויסגעלאָזט אויף בעיל. זיי זיינען געווען פאַרבונדן מיט געוויסע פּאָליטישנס. האָט דער דיסטריקט־אַטוירני זיי דערלויבט צו זען זיך מיט דעם מערדער אין דער תפיסה. נאָך דעם וויזיט האָט ער געענדערט זיין דערקלערונג און ער האָט געזאָגט אַז ער האָט דערשאָסן שטיינבערגן דערפאַר וואָס ער האָט אים פאַרפאָלגט, אים נישט געוואָלט געבן קיין אַרבעט, דערפאַר האָט זיין פאַמיליע געליטן הונגער אאז"וו. נו — האָט ער זיך נוקם געווען אין שטיינבערגן. אין דער יוניאָן איז די שטימונג געווען אַ וואַקלדיקע, מען האָט נישט געוואָלט דערפירן צו דעם, אַז דער מאַן זאָל גיין אויף דער עלעקטרישער שטול, האָט מען דעם ענין פאַרנאַכלעסיקט. האָבן די פּאָליטישנס, וואָס די קאָנטראַק־טאָרס זיינען געווען מיט זיי פאַרבונדן, געמאַכט דערפון אַ לייכטע „קעיס". אָבער דער געטרייער יוניאָן־טוער שטיינבערג האָט דערפאַר באַצאָלט מיט זיין לעבן.

⁂

מיטן אַראָפּשיקן אַן אַרבעטער וואָס האָט נישט געוואָלט אַריינגיין אין דער יוניאָן האָט זיך עס אָבער ניט געענדיקט. נאָך דעם האָט דער באָס ווידער אַ מאָל גענומען צו דער אַרבעט אַ ניט־יוניאָן־מאַן, און די פריערדיקע שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן אויפסניי. אַ סך מאָל האָבן די באָסעס, פאַר כעס וואָס זיי מוזן אַראָפּשיקן די ניט־יוניאָן־לייט, אַראָפּגעשיקט פון דער אַרבעט אויך יוניאָן־לייט, וואָס ער האָט ניט געטאָרט טאָן. אויף דעם באָדן זיינען פאָרגעקומען כסדרדיקע צוזאַמענשטויסן אין די שעפּער און די יוניאָן האָט די אַלע ענינים געדאַרפט אויסגלייכן. עס זיינען פאָרגעקומען נאָך אַנדערע סכסוכים, אַ שטייגער ווען דער באַלעבאָס האָט געהאַט אויסצוקלייבן צווישן אַ יוניאָן־מאַן און אַ ניט־יוניאָן־מאַן, פלעגט ער געוויינטלעך אויסקלייבן דעם צווייטן. פלעגט אָפט מאָל דער שאַפּ־טשערמאַן צוליב אַזאַ זאַך ווערן אין כעס און אַלס פּראָטעסט אַראָפּנעמען אַלע אַרבעטער פון דער אַרבעט, איז איצט דער מאַנעפעקטשורער געוואָרן אין כעס, ווייל דער טשערמאַן האָט נישט געהאַט קיין רעכט אָפּצושטעלן דעם שאַפּ, האָט ער דעם טשערמאַן אַראָפּ־געשיקט פון שאַפּ, די אַרבעטער זיינען געלאָפן אין דער יוניאָן זיך צו באַ־קלאָגן. די יוניאָן האָט זיי צוריקגעשיקט צו דער אַרבעט און דער מאַנע־פעקטשורער האָט ניט געוואָלט צוריק אַריינצונעמען צו דער אַרבעט דעם שאַפּ־טשערמאַן. האָט די יוניאָן געהייסן אַלע אַרבעטער צוריקגיין צו דער

אַרבעט און וועגן שאַפּ־טשערמאַן האָט זיך אָנגעהויבן פירן אַ באַזונדער מלחמה מיטן מאַנופאַקטשורער.

אַן אַנדער שיקאַנע פון די באַלעבאַטים מיט וועלכער זיי האָבן געוואָלט אונטערגראָבן די יוניאָן איז געווען דאָס פּריווילעגירן איין אַרבעטער לגבי אַנדערע. זיי פלעגן די אַרבעט נישט צעטיילן גלייך צווישן אַלע אַרבעטער נאָר פלעגן געבן איינעם מער און אַ צווייטן ווייניקער. ספּעציעל איז דאָס געווען אַ פּראָבלעם אין „סלעק״־צייט ווען עס איז בכלל געווען ווייניק אַרבעט. די יוניאָן האָט געפירט קעגן דעם אַ ביטערן קאַמף, וואָס האָט גע־דויערט ביז 1914, ווען עס איז באַשטימט געוואָרן דער ערשטער אומפּאַר־טייאישער טשערמאַן. די יוניאָן האָט זיך פאַרקלאָגט צו אים און ער האָט אַרויסגעגעבן אַ דעציזיע לטובת דער יוניאָן, אַז די באַלעבאַטים דאַרפן צע־טיילן די אַרבעט גלייך צווישן אַלע אַרבעטער.

פון דעם קען מען זען ווי די יוניאָן איז געווען פאַרוואָרפן מיט אַ סך פּראָבלעמען און אָנקלאַגעס. דער דזשאָינט־באָרד האָט יעדן פרייטיק פאַר־נאַכט געהאַט אַ מיטינג אויפצונעמען אַזעלכע קאָנפליקטן, אויסהערנדיק די פאַרשיידענע דעלעגאַציעס פון די שעפער, האָט מען געאורטיילט ווי צו האַנדלען. אַזעלכע קאָנפליקטן מיט די באָסעס איז געווען אַזוי פיל אַז די זיצונגען פלעגן דויערן ביז 3 ביינאַכט.. אחוץ די פּראָבלעמען פון אַראָפּשיקן פון דער אַרבעט, האָט מען אויך געהאַט אַ סך אָנקלאָגעס אַז דער באָס זאָגט זיך אָפּ צו געבן אַ סענט מער פאַרן שטיקל אַרבעט אָדער ער דיסקרימינירט קעגן אַן אַרבעטער אאַז״וו. אָפט פלעגט דער דזשאָינט־באָרד דאַרפן זיצן אויך שבת אַ גאַנצן טאָג און נאַכט און טיילמאָל אויך זונטיק, כדי צו קענען אויפנעמען די אַלע פראַגן. דאָס איז געפאַלן זייער שווער אויף די מיטגלידער פון דזשאָינט־באָרד ווייל זיי זיינען דאָך אויך געווען אַרבעטער אין שאַפּ און האָבן געדאַרפט אַרבעטן שווער צו מאַכן אַ לעבן פאַר זייערע פאַמיליעס. אָפט האָבן זיי אַ גאַנצע וואָך נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו גיין אַ היים פאַר־צו זען זייערע קינדער.

די פרייזן פאַר אַרבעט זיינען נאָך דעמאָלט ניט געווען ענדגילטיק „גע־סעטלט״. לויט דעם „פּראָטאָקאָל״ האָבן די אַרבעטער ניט געטאָרט אַליין וואַרפן די אַרבעט צוליב אַזעלכע קאָנפליקטן. עס זיינען אָבער געווען היצקעפּ וואָס האָבן ביי יעדער קלייניקייט גלייך געוואָרפן די אַרבעט. דאָס האָט פאַר־שאַפט דעם דזשאָינט־באָרד אַ סך אומאַנגענעמלעכקייטן. מען האָט אויפ־געקלערט די אַרבעטער אַז זיי טאָרן אַליין ניט אָפּשטעלן די אַרבעט, אַז אויב עס אַנטשטייען סכסוכים מיטן באַלעבאָס, דאַרפן די אַרבעטער קומען מיט אַן אָנקלאַגע אין דער יוניאָן, דאַן וועט דער יוניאָן־פאָרשטייער צוזאַמען מיט אַ באַאַמטן פון די „מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן״ אויסגלייכן דעם ענין מיטן באַלעבאָס, אָבער ווען די אַרבעטער שטעלן אַליין אָפּ די אַרבעט, מעג די „אַסאָסיאיישאָן״ נישט פאַרהאַנדלען דעם ענין מיט דער יוניאָן. צוליב דער

גרויסער צאָל אַזעלכע ענינים האָט מען אָפּט געדאַרפט אָפּשטעלן די מיט־גלידער פון דזשאָינט־באָרד אין מיטן דער אַרבעט, זיי זאָלן קומען צו אַ דרינגנדיקן מיטינג.

אחוץ דעם דזשאָינט־באָרד איז אויך געווען אַ באָרד אָוו דירעקטאָרס, וואָס איז באַשטאַנען פון אַלע לאָקאַל־מענעדזשערס פון דער יוניאָן, פון אַלע דיסטריקט־מענעדזשערס, דעם מענעדזשער פון דזשאָינט־באָרד און דעם פּאָרזיצער און סעקרעטאַר פון דזשאָינט־באָרד. מאיר לאָנדאָן איז אויך אָפט געקומען צו די זיצונגען פון דער באָרד אָוו דירעקטאָרס, זייער אָפט איז אויך געקומען דער פּרעזידענט פון אינטערנעשאָנעל, ראָזענבערג, און דער גע־נעראַל־סעקרעטאַר — דזשאָן דייטש. די באָרד אָוו דירעקטאָרס צוזאַמען מיט מאיר לאָנדאָן פלעגן אויסאַרבעטן די פּאָליטיק פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און נאָך דעם איז עס איבערגעגאַנגען צום דזשאָינט־באָרד צום באַשטעטיקן. אויף אַזאַ דעמאָקראַטישן אופן האָט מען אין יענער צייט געפירט די אַרבעט אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן.

אין די שעפּער האָט מען דעמאָלט געאַרבעט שבת ביז 1 בייטאָג (די פרומע קלאָוקמאַכערס, וואָס האָבן ניט געוואָלט אַרבעטן אום שבת, האָבן געאַרבעט זונטיק ביז 1 בייטאָג). די מיטגלידער פון דזשאָינט־באָרד האָבן געהאַט זיצונגען פרייטיק צו נאַכטס ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, זיי איז געבליבן קוים אַ פּאָר שעה צום שלאָפן, שבת אין דער פרי האָבן זיי געדאַרפט לויפן צו דער אַרבעט און אין אָוונט — ווידער אַ מאָל שאַפּ־מיטינגען אאַז״וו. אַזוי זיינען זיי אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבעט אומדערמידלעך אַ גאַנצע וואָך.

דער מענעדזשער פון דער „מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן" לאַדזינ־סקי און זייער לאָיער קאַהאַן זיינען געווען ביטערע שונאים פון דער יוניאָן. די „אַסאָסיאיישן" האָט נאָר געזוכט פּטור צו ווערן פון דער יוניאָן און פון דעם „פּראָטאָקאָל". די יוניאָן איז אָבער געשטאַנען אויף דער וואַך, עס זיינען פאָרגעקומען כסדרדיקע רייבונגען צווישן די צוויי אָרגאַניזאַציעס און אַ סך „קעיסעס" זיינען געבליבן העגנען אין דער לופטן און מ׳האָט ניט געקענט אַדורכקומען. ס׳איז ניט געווען עמיצער וואָס זאָל האָבן דאָס לעצטע וואָרט און ברענגען צו אַן ענדגילטיקן באַשלוס. ענדלעך איז מען אַדורכגעקומען צו שאַפן אַן „אַרביטריישאָן קאָמיטע" וואָס זאָל דעצידירן אין אַלע פראַגן וואו די יוניאָן מיט דער „אַסאָסיאיישן" האָבן נישט געקענט אַדורכקומען. צו דעם קאָמיטעט האָבן געהערט לואי בראַנדייס אַלס פּאָרזיצער, און מיט־גלידער דזשאָרדזש גאָרדאָן, בערנאַרד באַטעל, הערבערט לעהמאַן, אַרטור וואָלף און לינדזיי ראַדזשערס. דער קאָמיטעט איז זיך צוזאַמענגע־קומען איין מאָל אין דריי חדשים. ס׳רוב האָט דער קאָמיטעט זיך געדאַרפט פאַרנעמען מיט די ענינים פון שאַפּ־טשערלייט און אַקטיווע מיטגלידער פון דער יוניאָן וואָס די באָסעס האָבן אַרונטערגעשיקט פון דער אַרבעט, אָבער ביז די „אַרביטריישן קאָמיטי" האָט געהאַט אַ זיצונג און דערליידיקט די

פראַגע האָבן די דאָזיקע אַרבעטער אַרומגעדרייט זיך אין גאַס אָן אַרבעט און אָן מיטלען אויסצוהאַלטן זייערע פאַמיליעס. די דאָזיקע אַרבעטער האָבן אָבער ניט געהאַט קיין געדולד און קיין מעגלעכקייט צו וואַרטן אַזוי לאַנג, האָבן זיי אויף אייגענער האַנט געמאַכט אַ „סטאָפּעדזש" אין שאַפּ און דאָס האָט נאָך פאַרערגערט די לאַגע. די „אַסאָסיאיישן" האָט באַלד געראַטן דעם באָס אין גאַנצן אַראָפּשיקן אַלע אַרבעטער פון דער אַרבעט, אַזוי אַרום זיינען די קאָנפליקטן געוואָרן נאָך מער פאַרשאַרפט.

***

וואַלן צום דזשאָינט־באָרד פלעגן דעמאָלט פאָרקומען יעדע 6 חדשים. אויך אין די לאָקאַלן זיינען די באַאַמטע, עקזעקוטיוו־באָרד און ביזנעס־אַגענטן אויסגעקליבן געוואָרן יעדן האַלב יאָר. אַז איינער האָט געוואָלט לויפן אויפן אַמט פון ביזנעס־אַגענט, האָט ער געדאַרפט אויספילן אַן אַפּליקאַציע און אויך אָפּגעבן אַן עקזאַמען פאַרן דזשאָינט־באָרד. ביים עקזאַמען זיינען געווען אַלע פירער פון דער יוניאָן און טיילוויז פון דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע האָבן עקזאַמינירט די קאַנדידאַטן וואָס זיינען געלאָפן אויפן אַמט פון ביזנעס־אַגענט. דער ציל פון עקזאַמען איז געווען צו זען צו דער קאַנדידאַט איז פּאַסיק צו זיין אַ פאַרטרעטער פון דער יוניאָן. דער עקזאַמען איז געווען אַ גאַנץ ערנסטער און ער האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. דער עקזאַמינירטער איז געקומען מיט אַ ציטער, טאָמער וועט ער דורכפאַלן. מאיר לאָנדאָן און אַנדערע פירער זיינען געווען די, וועלכע האָבן געשטעלט דעם קאַנדידאַט די פראַגן. דער קאַנדידאַט האָט געדאַרפט וויסן אַלע איינצלהייטן פון דעם „אַגרימענט" פון דער „אַסאָסיאיישן" מיט דער יוניאָן, ספּעציעל די פּונקטן וועגן „קאָלעקטיוו באַרגענינג". דער ערנ־סטער אופן ווי דער עקזאַמען איז אַדורכגעפירט געוואָרן האָט אַרויסגערופן רעספּעקט ביי יעדן איינעם, וואָס האָט עס בייגעוואוינט.. אחוץ וועגן דער יוניאָן זיינען אויך געשטעלט געוואָרן פראַגן וועגן דער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל, און דער קאַנדידאַט האָט געדאַרפט אויף זיי ענטפערן. דער קאַנדידאַט האָט אויך געדאַרפט זיין באַקאַנט ווי אַן ערלעכער מענטש און האָבן אַ גוטן נאָמען אין דער יוניאָן. דער עקזאַמיניר־קאָמיטעט האָט דאַן באַשלאָסן, צו מען זאָל אים אַרויפשטעלן אויפן וואַל־צעטל. אַלע זיינען געווען קאַנדידאַטן ניט פון די לאָקאַלס נאָר פון די דזשאָינט־באָרד. די לאָקאַלס האָבן נאָר גע־קענט רעקאָמענדירן די קאַנדידאַטן.

ווען עס זיינען פאָרגעקומען וואַלן אין לאָקאַל 9, האָבן מיר געמאַכט אַן עקזאַמען פאַר די קאַנדידאַטן צום עקזעקוטיוו־באָרד און אויסגעפאָרשט זייער רעקאָרד אין שאַפּ אויסצוגעפינען צי זיי זיינען פּעאיק צו זיין עקזע־קוטיוו־באָרד־מיטגלידער. איך בין ווידעראַמאָל דערוויילט געוואָרן אין עקזעקוטיוו־באָרד צוזאַמען מיט דזשעק האַלפּערן, ער איז אחוץ דעם דער־

ווילט געוואָרן אַלס טשערמאַן פון דזשאָינט־באָרד, און פּערלסטיין פאַר סעק־רעטאַר. די צוויי מענטשן האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין זייער גוט אין דער אַרבעט. און אַרבעט איז געווען אַ סך. כדי זיי זאָלן זיך קענען אײַנגאַנצן אָפּ־געבן דער יוניאָן, האָט מען באַשלאָסן צו מאַכן זיי פאַר באַצאָלטע באַאַמטע. זייער אויפגאַבע איז געווען האַלטן אַן אויג אויף דער גאַנצער יוניאָן ווי אויך אָרגאַניזירן די ניט־יוניאָן שעפּער, וואָס האָבן זיך נאָך ניט געהאַט אָנגעשלאָסן אין דער יוניאָן נאָכן גענעראַל־שטרייק. אַ סך שעפּער האָבן זיך געפונען אויסער ניו־יאָרק ווי אין פּאַסעיק, עסבערי־פּאַרק, און אין אַנדערע ערטער.

דער לאָקאַל 23 האָט אַרויסגערופן אַ טומל פּאַרוואָס מען האָט נישט באַשטימט וואַנדער פאַר אַ באַצאָלטן באַאַמטן פון דזשאָינט־באָרד. ער איז אָבער ניט געווען אַזוי פעאיק ווי דזשעק האַלפּערן און מאיר פּערלסטיין. האַלפּערן און מאָריס זיגמאַן האָבן זיך ספּעציעל באַמיט צו אָרגאַניזירן די אָפּענע שעפּער. אין עסבערי־פּאַרק איז געווען אַ גרויסער שאַפּ פון מילער און מאַנדלבוים, אין פּאַסעיק איז געווען אַ גרויסער שאַפּ פון די ברידער בראַס און אַנדערע. די יוניאָן האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין די דאָזיקע שעפּער און האָט די באַסעס געצוואונגען צוריק צו ברענגען זייערע שעפּער קיין ניו־יאָרק. זיי זיינען ענדלעך אַדורכגעקומען מיט דער יוניאָן און זיי זיינען אַריין אין דער „מאַנופאַקטשורערס אַסאָסיאיישאָן", וואָס האָט געהאַט דעם אַגרימענט מיט דער יוניאָן.

סאל פּאָליאַקאָוו האָט דעמאָלט געהאַט דעם וויכטיקסטן פּאָסטן אין דער יוניאָן, ער האָט געדאַרפט פאַרהאַנדלען מיט דער „אַסאָסיאיישאָן". פּאָליאַ־קאָוו האָט באַלאַנגט צום לאָקאַל 9 און איז געווען אַ מיטגליד פון עקזעקו־טיוו באָרד. איין מאָל איז ער געקומען צו אַ זיצונג און דערקלערט, אַז עס זיינען דאָ גרויסע שעפּער, וואו די פינישערס אַרבעטן פון דער וואָך און פאַר־דינען פון 12 ביז 16, מאַקסימום 18 דאָלער אַ וואָך, דאָס איז געווען דער גרעסטער פּרייז. ער האָט אָנגעגעבן נעמען פון אַזעלכע שעפּער: בראַנער בראָדערס, סינגער בראָדערס און אַנדערע שעפּער. די עקזעקוטיווע פון לאָקאַל 9 האָט באַשלאָסן, אַז מען זאָל אָפּשטעלן די שעפּער וואָס אַרבעטן פון וואָך פאַר אַזעלכע ביליקע פּרייזן און מען זאָל בכלל אויפגעבן די וואָך־אַרבעט און אומעטום איינפירן אַרבעט אויף שטיק. די עקזעקוטיווע פון לאָקאַל האָט באַשטימט אַ קאָמיטע, וואָס זאָל רופן די פינישערס צו אַ מי־טינג און זיי מעלדן, אַז זיי טאָרן ווייטער ניט אַרבעטן פון דער וואָך. צו דער קאָמיטע האָבן באַלאַנגט ראַבינאָוויץ, בענדער, איזי קאָהן, מאָריס דייטש און איך. מען האָט אויך גערופן שאַפּ־מיטינגען, וואו מען האָט אַלע אַרבע־טער אויפגעקלערט דעם באַשלוס פון דער עקזעקוטיוו באָרד. די פינישערס וואָס האָבן געאַרבעט פון דער וואָך, האָבן שטאַרק באַקעמפט דעם באַשלוס פון דער עקזעקוטיוו־באָרד, זיי האָבן ניט געוואָלט אויפגעבן די וואָך־אַר־בעט. מיר האָבן געפּרואווט זיי דערקלערן, אַז די וואָך־אַרבעט ברענגט

גרויס שאָדן דעם גאַנצן טרייד פון קלאָוקס, ווייל בלויז אין אַ קליינער צאָל שעפּער אַרבעטן די פיגישערס פון דער וואָך, און זיי קריגן ניט גענוג באַצאָלט פאַר דער אַרבעט, און צוליב דעם איז פאַראַן אַ קאָנקורענץ צווישן איין אַרבעטער מיט אַ צווייטן, און מען קען ניט סעטלען די אַרבעט אין פיל שעפּער.

צום באַדויערן האָבן די אָפּערייטאָרס נאָך פאַרערגערט די לאַגע פון די פינישערס. זיי האָבן אָנגערעדט די פינישערס ניט אויפצוגעבן די וואָך־אַרבעט. זיי האָבן דאָס געטאָן צוליב זייערע אייגענע עגאָיסטישע אינטערעסן. די אָפּערייטאָרס פלעגן אַרבעטן פון שטיק און האָבן געוואָלט אַרויסגעבן וואָס מער אַרבעט. דער פינישער אין שאַפּ, אַחוץ זיין אייגענער אַרבעט, פלעגט דאַרפן דערלאַנגען דעם אָפּערייטאָר אַרבעט צו דער האַנט. איז דער אָפּערייטאָר געווען פאַראינטערעסירט אַז דער פינישער זאָל זיך נישט צו שטאַרק איילן מיט זיין אייגענער אַרבעט, נאָר ער זאָל וואָס מער דערלאַנגען דעם אָפּערייטאָר, אַזוי אַז ער, דער אָפּערייטאָר, זאָל קענען וואָס מער פּראָדוצירן און וואָס מער פאַרדינען, ווייל ער האָט דאָך געאַרבעט פון שטיק. איי, וואָס וועט זיין מיטן אָרעמען פינישער, וואָס פאַרדינט זייער ווייניק? — דאָס האָט דעמאָלט דעם אָפּערייטאָר ווייניק געקימערט. אַזוי האָבן די אָפּערייטאָרס געשטערט דורכצופירן אין יענער צייט אַ וויכטיקע רעפאָרם לטובת די פינישערס פון זייער אייגענער יוניאָן.

דער מענעדזשער איז גלייכצייטיק דער פינאַנץ־סעקרעטאַר פון לאָקאַל 9 איז דעמאָלט געווען גייער. ער איז געווען אַן ערלעכער מענטש און אַ גוטער סאָציאַליסט. אָבער ער איז נישט געווען קיין קלאָוקמאַכער, נאָר אַ פריערדיקער אינשורענס־אַגענט, האָט ער דעם טרייד נישט געקענט און האָט נישט פאַרשטאַנען די אַלע פּראָבלעמען פון די פינישערס. גייער האָט אויך נישט געהאַט קיין שטאַרקן איינפלוס אויפן דזשאָינט־באָרד און ניט אויף די אָפּערייטאָרס. אַזוי אַז ער האָט זיי נישט געקענט באַאיינפלוסן לטובת די פינישערס, ער איז אָבער מיט האַרץ געווען איבערגעגעבן דעם לאָקאַל 9.

דערפאַר האָבן מיר געהאַט איבערגעגעבענע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע, האָבן זיי אַרויסגעהאָלפן דעם מענענדזשער אין דער אַרבעט און זיי האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַרבעט פון לאָקאַל, אין שאַפּ־מיטינגען פון די פינישערס און בכלל אין דער גאַנצער אַרבעט פון דער יוניאָן.

געלט איז דאַן אַריינגעקומען גענוג, אַזוי אַז מיר האָבן געקענט אָנגיין ווי געהעריק מיט דער אַרבעט. אַ צייט נאָכן שטרייק פון 1910 איז אין דער קאַסע פון לאָקאַל 9 געווען איבער 100 טויזנט דאָלער.

פאַרן שטרייק איז די לאַגע פון די פינישערס געווען אַ סך אַן ערגערע

ווי פון אַנדערע קלאָוקמאַכערס. עס איז געווען איינגעפירט, אַז פינישערס האָבן גענומען אַרבעט אַהיים אויף שבת און זונטיק און כדי אַרויסצוגעבן וואָס מער אַרבעט פלעגן זיי נעמען מיידלעך צו דער אַרבעט אין דער היים. מאַנכע פינישערס פלעגן האַלטן אַ היפּשע צאָל מיידלעך. אַ פינישער איז געווען אַ מין קאָנטראַקטאָר. ער האָט געצאָלט די מיידלעך פון 3 ביז 5 דאָלער אַ וואָך. אַ גוטע און שנעלע אַרבעטערין פלעגט פאַרדינען ביז 6 דאָלער אַ וואָך. ס'איז געווען אַזאַ לאַגע, אַז דער פינישער, וואָס איז געווען דער אַממערסטן עקספּלואַטירטער אַרבעטער אין שאַפּ, האָט אַליין אויך עקספּלואַטירט אַנדערע כדי צו פאַרדינען אַ פּאָר סענט מער.

די מיידלעך, וואָס זיינען אויך געווען מיטגלידער פון לאָקאַל 9, פלעגן קומען זיך באַקלאָגן אַז זיי ווערן שטאַרק עקספּלואַטירט דורך די פינישערס. פאַרן שטרייק פון 1910, ווען די יוניאָן איז געווען שוואַך, האָט זי ווייניק גע־קענט אויפטאָן. אָבער נאָכן שטרייק, ווען די יוניאָן האָט געהאַט אַ סך מער מאַכט, האָט די עקזעקוטיווע פון לאָקאַל 9 אָנערקענט אַז עס איז אומדער־לאָזבאַר אַז אַ פינישער, וועלכער מוז אַליין קעמפן קעגן דעם וואָס ער ווערט עקספּלואַטירט אין שאַפּ, זאָל אַליין אין דער זעלבער צייט זיין אַ עקספּלואַטאַטאָר, האַלטן 4־5 אָדער אפילו מער מיידלעך און צאָלן זיי הונ־גער־לוינען. האָט די עקזעקוטיווע באַשלאָסן אַז אַ פינישער קען האַלטן נישט מער ווי איין מיידל ווי אַ געהילף. דאָס האָט אַ ביסל פאַרבעסערט די לאַגע, אָבער נישט קיין סך, ווייל די איינציקע מיידלעך האָבן נישט באַ־קומען קיין העכערע לוינען און זיי פלעגן ווייטער קומען זיך קלאָגן אַז זיי קענען נישט מאַכן קיין לעבן.

דער דאָזיקער קאַמף האָט אַזוי אָנגעהאַלטן עטלעכע יאָר. סוף־כל־סוף האָט די עקזעקוטיווע ווידעראַמאָל אויפגענומען די פראַגע אין דער גאַנ־צער ברייט. איך האָב פאָרגעשלאָגן אַז דער פינישער זאָל זיך טיילן מיטן פאַרדינסט גלייך אויף גלייך. די עקזעקוטיווע האָט באַשלאָסן, אַז די מייד־לעך זאָלן אַרבעטן אויף פּראָצענטן. די פינישערס האָבן זיך געמוזט אונ־טערגעבן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ דינגעניש וועגן די פּראָצענטן. מען האָט אויסגעאַרבעט אַ סיסטעם אַז די מיידלעך פלעגן קריגן פון 35 ביז 45 פּראָצענט. אָבער אַ טייל פינישערס פלעגן אָפּנאַרן די מיידלעך, זיי פלעגן באַהאַלטן אַ ביסל „טיקעטס" און דאָס מיידל האָט באַקומען איר פּראָצענט פון ווייניקער „טיקעטס". די מיידלעך פלעגן דאָס אַנטדעקן און זיי זיינען געקומען זיך באַקלאָגן צו דער „גריוועגס־קאָמיטי". האָט מען אַרויסגערופן די אָנגעקלאָגטע פינישערס און מען האָט געפּרוּווט דערפירן צו אַן אויס־גלייך ווי מען האָט געקענט. אַ סוף צו דעם דאָזיקן סיסטעם פון צווייזיי־טיקער עקספּלואַטאַציע האָט גענומען ערשט דעמאָלט, ווען מען האָט אין 1919 איינגעפירט וואָך־אַרבעט אין גאַנצן טרייד. די געהילף מיידלעך

זיינען דעמאָלט געוואָרן פולע אַרבעטער אין שאַפּ און צו דעם אַלטן סיסטעם פון סוב־קאָנטראַקטן ביי פינישערס האָט אין גאַנצן גענומען אַ סוף.

***

אונדזער לאָקאַל האָט איינגעפירט סעקציע־מיטינגען אין אַלע טיילן פון שטאָט, אָבער די מיידלעך האָבן נישט געוואָלט קומען צו די מיטינגען צוזאַמען מיט די מענער. זיי האָבן געטענהט, אַז זיי האָבן באַזונדערע פאַך־אינטערעסן און אויף די אַלגעמיינע מיטינגען לייגט מען דערויף ניט קיין אַכט. איך האָב פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל אָרגאַניזירן באַזונדערע סעקציעס פאַר פרויען. אין אָנהויב זיינען געווען פיל קעגנערס קעגן מיין פאָרשלאַג, אפילו אויף די סעקציע־מיטינגען זיינען אַ סך אַרויסגעטראָטן קעגן מיין פאָרשלאַג. עס האָט גענומען אַ צייט און איך האָב עס דורכגעפירט ביים עקזעקוטיוו־באָרד און מען האָט אָרגאַניזירט אַ „לעידיס־ברענטש", אין יעדער סעקציע האָבן זיי באַקומען ערטער אין דער עקזעקוטיווע, פונקט אַזוי ווי די מענער־סעקציעס. די פינף פאָרשטייערינס פון דעם „לײדיס־ברענטש" זיינען געווען: איוואַ פאַשע, רעזניק, מינאַוויטש, טאַקער, אײדאַ באַקס, ריטע און קאַרפּ. איידאַ באַקס איז געווען די פּאָרזיצערין פון „לײדיס־ברענטש". ווען די פרויען האָבן אָנגעהויבן זיך פאַרזאַמלען אויף זייערע סעקציע־מיטינגען איז זייער ערשטע טענה געווען, אַז מען באַהאַנדלט זיי ניט ווי גלייכבאַרעכטיקטע אַרבעטער אין די שעפּער, אַז מען צאָלט זיי קלענערע פרייזן. זיי האָבן געהאַט אַנדערע טענות אויך.

מיר פלעגן אָפּהאַלטן סעקציע־מיטינגען אַלע מיטוואָך. צו ערשט פלעגט מען אָפּגעבן באַריכטן פון די שעפּער, נאָך דעם האָט יעדער פריי געקענט אַרויסזאָגן זיין מיינונג וועגן אַלע יוניאָן־פראַגן. מערסטנס פלעגן די פינישערס זיך באַקלאָגן, אַז זיי פאַרדינען ווייניק און מאַכן נישט קיין לעבן. די עקזעקוטיווע האָט אָנגעהויבן די זאַך אויספאָרשן און האָט אויסגעפונען, אַז זיי ווייזן נישט אַרויס גענוג פעסטקייט ביים „סעטלען" די פרייזן פאַר אַרבעט; עס איז נישט געווען קלאָר, צי איז דאָס דערפאַר וואָס זיי האָבן מורא פאַרן באַלעבאָס אָדער פאַרן שאַפּ; אויף יעדן פאַל האָט דער עקזעקוטיוו־באָרד פון לאָקאַל 9 באַשלאָסן אָנצושטעלן ספּעציעלע מענטשן, וואָס זאָלן פאַר זיי סעטלען די פרייזן, מען האָט זיי גערופן „פרייז־אַדזשאָסטערס". דער לאָקאַל האָט זיי געצאָלט 4 דאָלער אַ טאָג.

ווען אונדזערע „אַדזשאָסטערס" האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך די אָפּערייטאָרס טראָגן אַ טייל שולד אין דעם וואָס די פינישערס קענען ניט אויסקעמפן פאַר זיך אַ בעסערן פרייז. די אָפּערייטאָרס פלעגן די ערשטע „סעטלען" דעם פרייז פאַר זיך און וועגן די

פינישערס האָבן זיי זיך נישט געקימערט. נאָך דעם ווי די באַלעבאַטים האָבן געהאַט דערליידיקט מיט די אָפּערייטאָרס האָבן זיי אָנגעהויבן אונ־טערהאַנדלען מיט די פינישערס. אָבער ווען עס איז געקומען צו די פיני־שערס זיינען די באַלעבאַטים געוואָרן שטייפער, ווייל זיי האָבן שוין געהאַט אין האַנט די אָפּערייטאָרס. זיי האָבן געמאַכט געוואַלדן פאַרוואָס די פיני־שערס ווילן אַזאַ „הויכן" פרייז, דער פאַרמאַן פלעגט געוויינטלעך שטעלן זיך אויף דער זייט פון באַלעבאָס; און די אָפּערייטאָרס האָבן זיך געהאַלטן אָן אַ זייט און האָבן די פינישערס נישט אַרויסגעהאָלפן מיט קיין וואָרט, פאַרקערט: זיי האָבן געהאַט טענות צו די פינישערס אַז צוליב זיי הייבט מען נישט אָן די אַרבעט. די אָפּערייטאָרס פלעגן באַקומען אַ פּאָר סענט מער אויף אַ שטיקל אַרבעט, אָבער אַז דער פינישער דאַרף אויך באַקומען אַ לייטישן לוין, כדי צו קענען מאַכן אַ לעבן — וועגן דעם האָבן די אָפּע־רייטאָרס נישט געדאגהט. זיי פלעגן טייל מאָל סטראַשען די פינישערס אַז אויב זיי וועלן נישט „סעטלען" וואָס גיכער, וועלן זיי מאַכן די אַרבעט פון די פינישערס אויף דער מאַשין. מיט איין וואָרט: די אָפּערייטאָרס פלעגן אין גאַנצן איגנאָרירן די פינישערס און האָבן געהאַט אין זינען נאָר זיך אַליין. האָבנדיק קעגן זיך אַלעמען: דעם באַלעבאָס, דעם פאַרמאַן און פאַקטיש אויך דעם אָפּערייטאָר — איז דער פינישער געווען צו שוואַך אויסצו־קעמפן זיינס.

די „פרייז־אַדזשאָסטערס" פון אונדזער לאָקאַל איז טייל מאָל אויס־געקומען צו קעמפן נישט בלויז מיטן באַלעבאָס און פאַרמאַן נאָר אויך מיט די אָפּערייטאָרס. אונדזערע „אַדזשאָסטערס" פלעגן אָפט מאָל דערמאָנען די אָפּערייטאָרס, אַז זיי האַנדלען ניט ווי גוטע יוניאָן־לייט און ווי אַן אַר־בעטער דאַרף האַנדלען צו אַ צווייטן אַרבעטער, לכל־הפחות דאַרפן די אָפּערייטאָרס נישט טאָן אַזעלכעס וואָס זאָל שטערן די פאַרהאַנדלונגען פון אונדזערע „פרייז־אַדזשאָסטערס" אויסצוקעמפן אַ ביסל אַ בעסערן פרייז פאַרן פינישער.

אונדזער עקזעקוטיווע האָט באַשלאָסן צו פאָדערן פאַר די פינישערס אַזאַ פרייז אַז עס זאָל אויסמאַכן דעם פינישער צו פאַרדינען אַ מינימום פון 50 סענט אַ שעה. מיר האָבן זיך געווענדט צום דזשאָינט־באָרד ער זאָל באַשטעטיקן אונדזער באַשלוס און דער דזשאָינט־באָרד האָט עס גוטגעהייסן. דער לאָקאַל פון די אָפּערייטאָרס האָט אונדז באַלד נאָכגעטאָן און האָט גע־פאָדערט פון דזשאָינט־באָרד ער זאָל גוטהייסן פאַר זיי אַ מינימום פון 65 סענט אַ שעה.

די עקזעקוטיווע האָט זיך אָבער נישט באַגניגנט בלויז מיט דעם. זי האָט אויסגעטיילט אַ קאָמיטע (וואָס איז באַשטאַנען פון איזי קאהאן, אייבראהאם קאהאן, ראָזענבערג, בענדער, סאָלאָמאָן און איך), וואָס זאָל

אויסגעפינען די פּאַקטישע פּאַרדינסטן פון די פינישערס און צו ווערט דער מינימום אָפּגעהיט אין די שעפּער. די קאָמיטע האָט באַאויפטראַגט די טשערלייט און די סעקרעטאַרן פון די סעקציעס זיי זאָלן אויפנעמען ביי די מיטגלידער זייערע פּאַקטישע פּאַרדינסטן און צו היטן זיי זאָלן באַקומען דעם באַשטימטן מינימום. אַ באַזונדער פּראָבלעם איז געווען די שטיק־אַרבעט פון די סעמפּל־מאַכערס און די „אלטעריישאָן"־שניידערס אין די דעפּאַרטמענט־סטאָרס. די און ענלעכע פּראָבלעמען האָבן מיר איבערגעשיקט צו דער עקזעקוטיווע.

אונדזער לאָקאַל האָט דעמאָלט געציילט אַרום 20 טויזנט מיטגלידער. די גרויסע מערהייט זיינען געווען פינישערס, אפשר אַ 14־15 טויזנט אָדער מער. אָבער די סעמפּל־מאַכערס און „אלטעריישאָן"־שניידערס האָבן זיך געהאַלטן פאַר די אַריסטאָקראַטן פון לאָקאַל, אַ שטייגער ווי די קאַטערס פון לאָקאַל 10, און ווען מיר האָבן אויפגענומען פראַגן פון די פינישערס אויף די סעקציע־מיטינגען, פלעגן זיי נישט אַרויסווייזן קיין שום אינטע־רעס דערצו.

אויפן סמך פון איר אויספאָרשונג איז די קאָמיטע געקומען צו דער עקזעקוטיווע מיט אַ רעקאָמענדאַציע אַז מען זאָל פאָדערן אַ מינימום פון 60 סענט אַ שעה פאַרדינסט. דאָס האָט נאָך געדאַרפט גוטגעהייסן ווערן פון דזשאָינט־באָרד. אַזוי ווי דזשעק האַלפּערן איז געווען דער טשערמאַן פון דער דזשאָינט־באָרד און אַ מיטגליד פון אונדזער לאָקאַל 9, און מאיר פּערלשטיין דער סעקרעטאַר, האָט אויך געשטיצט דעם פאָרשלאַג, האָט די דזשאָינט־באָרד דעם פאָרשלאַג גוטגעהייסן. מען האָט אָבער אויך געדאַרפט האָבן אַ צושטימונג פון דער גענעראַל־עקזעקוטיווע פון דער „אינטערנא־שאנאל", וועמענס פּרעזידענט איז דעמאָלט געווען בנימין שלעזינגער. אַ קאָמיטע פון אונדזער לאָקאַל וואָס איז באַשטאַנען פון מאיר קושנער, אב. קאהאן, איזי קאהאן, פיליפ קאהאן און גאלדער איז געקומען צו דער עק־זעקוטיווע פון דער „אינטערנאשאַנאַל" און געפאָדערט צו באַשטעטיקן דעם מינימום פון 60 סענט אַ שעה. לעפקאָוויטש, וואָס איז געווען וויס־פּרעזידענט און אויך אַ מיטגליד פון לאָקאַל 9, האָט געמאַכט אַ פאָרשלאַג גוטצוהייסן דעם פאַרלאַנג, אָבער פּרעזידענט שלעזינגער האָט געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז די אָפּערייטאָרס זאָלן אויך באַקומען אַ העכערונג אויף 75 סענט אַ שעה. לעפקאָוויטש האָט געזאָגט שלעזינגערן, אַז די אָפּערייטאָרס האָבן גאָרנישט אַזאַ פאַרלאַנג, אַזאַ פאָרשלאַג איז פון זייער זייט נישט גע־קומען. האָט זיך שלעזינגער אָנגערופן: „איך בין אַן אָפּערייטאָר און אַ מיטגליד פון לאָקאַל איינס". ס'איז צווישן זיי פאָרגעקומען אַ ווערטער־אויסטויש און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אויך די אָפּערייטאָרס זאָלן פאַרלאַנגען אַ העכערונג ביז 75 סענט אַ שעה. די ווענדונג פון לאָקאַל 9 איז אויך גוטגעהייסן געוואָרן.

נאָכן באַשלוס האָט די עקזעקוטיווע פון אונדזער לאָקאַל צונויפגערופן אַ גרויסן מיטינג פון אַלע פינישערס אין קופּער־יוניאָן. דער מיטינג איז גערופן געוואָרן אויף אַ שבת־צו־נאַכט. מיר האָבן איינגעלאַדן אַלע מיט־גלידער פון עקזעקוטיוו־באָרד פון אָפּערייטאָרס לאָקאַל איינס און די מיט־גלידער פון דזשאָינט־באָרד, ווי אויך מאיר לאָנדאָן פערזענלעך. דער טשער־מאַן פון דעם מיטינג איז געווען דזשעק האַלפּערן. ער האָט געמאָלדן דעם פאַרזאַמלטן עולם וועגן דעם באַשלוס פון עקזעקוטיוו־באָרד, אַז פון איצט אָן ווערט דער לוין פון די פינישערס באַשטימט אויף דער באַזע פון אַ מינימום פון 60 סענט פאַר אַ שעה. ער האָט אַפּעלירט צו די פינישערס, זיי זאָלן ניט מורא האָבן נישט פאַרן פאַרמאַן און נישט פאַרן באַלעבאָס, זיי זאָלן דרייסט פאָדערן זייערע רעכט און דער לאָקאַל וועט זיי העלפן און טאָן אַלץ וואָס מ׳קען, זיי זאָלן קענען מאַכן אַ לעבן. האַלפּערן האָט אויך אַפּעלירט צו די אָפּערייטאָרס פון לאָקאַל 1, זיי זאָלן זיך נישט שטערן ווען אונדזערס אַ קאָמיטע וועט פּרוּוון סעטלען דעם נייעם פּרייז מיט די באַלעבאַטים. זיי, אַלס יוניאָן־לייט, דאַרפן העלפן געווינען דעם קאַמף, ווייל דאָס וועט אויך זיין פאַר זייערע נוצן.

עס האָט נאָך דעם געהאַלטן אַ רעדע דער מענעדזשער פון דעם אָפּע־רייטאָרס לאָקאַל, קאַטלער, און עס האָט אויך גערעדט אַ פאָרשטייער פון דזשאָינט־באָרד, זיי האָבן ביידע צוגעזאָגט זייער מיטהילף ביים דורכפירן דעם באַשלוס.

דער לעצטער רעדנער איז געווען מאיר לאָנדאָן. ער האָט געהאַלטן אַ פייערדיקע רעדע פול מיט פּאַטאָס און באַגייסטערונג: „איר דאַרפט ניט מורא האָבן פאַר קיינעם". האָט מאיר לאָנדאָן גערופן צום איבער־געפּאַקטן זאַל מיט פינישערס. „די יוניאָן וועט אייך באַשיצן; איר זייט באַרעכטיקט צו קריגן באַצאָלט, וואָס עס קומט אייך פאַר דער אַרבעט, כדי איר זאָלט קאָנען מאַכן אַ לעבן פאַר זיך און אייערע פאַמיליעס". ער האָט געגעבן אַ ביישפּיל פאַרגלייכנדיק די אָפּערייטאָרס און פינישערס צו אַ מאַן און פרוי, וועלכע לעבן צוזאַמען און זיי זיינען ביידע קראַנק געוואָרן. מען האָט גערופן דעם דאָקטאָר. דער דאָקטאָר האָט פאַרשריבן פאַר ביידע קראַנקע צו נעמען כינע מיט שנאַפּס, צוזאַמען וועלן זיי געזונט ווערן פון דער פאַרקילונג. דער מאַן האָט געקויפט כינע מיט שנאַפּס, האָט ער געגעבן דעם ווייב די כינע און זיך האָט ער גענומען דעם שנאַפּס. ער איז געזונט געוואָרן און זיין פרוי איז נאָך מער קראַנק געוואָרן. האָט מען ווידער גע־רופן דעם דאָקטאָר, האָט דער דאָקטאָר געזען וואָס עס איז געשען, — דער מאַן האָט אויסגעטרונקען דעם גאַנצן שנאַפּס און דעם ווייב האָט ער גע־געבן די גאַנצע כינע, איז די פרוי פון צופיל כינע געוואָרן מער קראַנק. זאָגט דער דאָקטאָר צום מאַן: „טוט אַ געטרייער מאַן אַזאַ זאַך? אַן איי־

גענער פרוי, שעמען דאַרפט איר זיך. דאָס האָט לאָנדאָן געזאָגט ווי אַ ביי־שפּיל וועגן דער באַציאונג פון די אָפּערייטאָרס צו די פינישערס ווען עס קומט צו סעטלען די פּרייזן.

מאיר לאָנדאָנס רעדע האָט אַרויסגערופן פאַרדרוס ביי די אָפּערייטאָרס. זיי האָבן ניט געקענט פאַרטראָגן, אַז מען האָט זיי געזאָגט דעם אמת אין די אויגן אַריין. מאיר לאָנדאָן האָט אָבער ניט געקענט אַנדערש: ער האָט געמוזט זאָגן וואָס ער טראַכט, אפילו ווען ער פערזענלעך וועטליידן דערפון. ער האָט טאַקע אָפּט געליטן פאַרן אמת.

אַמאָל בעת אַ וואַל־קאַמפּאַניע צום קאָנגרעס האָט ער געהאַלטן אַ רעדע קעגן די ציוניסטן, האָבן זיי געפירט אַ קאַמף קעגן אים, אַז ער זאָל נישט קענען געוויילט ווערן צום קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן (פון ניו־יאָרקער 12טן דיסטריקט). ער איז טאַקע אַדורכגעפאַלן צו די קאָנגרעס־וואַלן, עס האָט אים געפעלט אַ קליינע צאָל שטימען. אָבער פאַר זיין אָפּנהאַרציקייט האָט מען אים זייער אַ סך געאַכטעט אין דער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג און אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אַלע האָבן אים זייער געשעצט. עס איז ניטאָ קיין צווייטער מאיר לאָנדאָן, וואָס זאָל קענען פאַרנעמען זיין אָרט אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

## קאַפּיטל 16

# נייע מענטשן און נייע פּראָבלעמען

נאָכן שטרייק פון 1910 איז די לאָקאַל־פירערשאַפט באַשטאַנען פון אינטעליגענטע און ערלעכע מענטשן. זיי זיינען געווען איבערגעגעבן דער יוניאָן מיט לייב און לעבן. זיי האָבן געהאַט דעם פולן צוטרוי און רעספּעקט פון אַלע מיטגלידער אין לאָקאַל און בכלל פון אַלע קלאָוקמאַכערס אין דער יוניאָן.

אויך די סעקציעס, די האַרלעמער, די בראָנקסער און די בראָנזווילער, האָבן געטאָן זייער גוטע און ערנסטע אַרבעט. יעדער מיטגליד האָט גע־קענט קומען צום וואָרט, אַרויסברענגען זיינע טענות און פאָדערונגען. מיר האָבן אויפגענומען די אַלע אָנקלאַגעס און זיי געברענגט צום באַהאַנדלען ביי די זיצונגען פון עקזעקוטיוו־באָרד. מיר האָבן באַהאַנדלט די פּראָבלעמען אויף אַ שטילן יוניאָנמעסיקן אופן. צו די מיטינגען פון די דריי סעקשאָנס פלעגט קומען אַ בעסערער עלעמענט מענטשן. די דאַון־טאַון־סעקציע איז געווען די גרעסטע, ווייל די גרעסטע טייל פינישערס האָבן דעמאָלט גע־

וואוינט אויף דער איסט־סייד. אויף די דאָרטיקע מיטינגען זיינען געקומען דזשעק האַלפּערן, סאל פּאָליאַקאָוו, מיטשעל גראַפּשטיין, מאטעס לעפקאָוויטש, מאָריס דייטש און דיביידע קאהאנס.

אַרום 1913 האָט אין די סעקציעס אָנגעהויבן אַריינקומען אַן אַנדער עלעמענט, אַ פּראָסטער, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן רייסן צו פירערשאַפט. די דאָזיקע פּראָסטע און אומוויסנדיקע אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן העצן קעגן די פירער פון דער יוניאָן. אין זייער קריטיק האָבן זיי זיך באַנוצט מיט אַ ביליקער, פּראָסטער שפּראַך, צו וועלכער מען איז פריער נישט גע־וואוינט געווען צו הערן אין דער יוניאָן. זייערע העצעס האָבן אָנגעהויבן געפינען צוהערערס צווישן די אויסגעהאָרעוועטע אַרבעטער, וועלכע האָבן — נישט געקוקט אויף די לעצטע געווינסן — נאָך אַלץ געלעבט אין אָרעמ־קייט און אין נויט. די אָרעמע אומוויסנדיקע אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן שטיצן די דאָזיקע פּראָסטע עלעמענטן, וועלכע האָבן זיך געריסן צו מאַכט.

ווען סעם פּאָליאַקאָוו אָדער דזשעק האַלפּערן זיינען געקומען צו אַ סעקציע־מיטינג האָט מען זיי באַגעגנט מיט אַ סך טענות: אַז מען מאַכט נישט קיין לעבן, אַז די באָסעס שיקן אַרונטער די אַקטיווע מיטגלידער ווען זיי פאָדערן אַ יוניאָן־שאָפּ, אַז מען טוט גאָר נישט צו סעטלען די פּרייזן אאז"וו. לואיס היימאַן האָט אונטערגעהעצט די פינישערס אַז מען טוט פאַר זיי גאָר נישט. האַלפּערן און פּאָליאַקאָוו פלעגן פּרואוון אויפקלערן די אַרבעטער, אַז מען מוז זיך האַלטן ביים „אַגרימענט", אַז אויב מען שיקט אַראָפּ אַן אַרבעטער מוז מען זיך ווענדן צום אַרביטריישאָן־קאָמיטעט, מיט בראַנדייסן אין שפּיץ, און נישט וואַרפן גלייך די אַרבעט, ווייל דאָס גיט דעם באָס אַ תירוץ אַראָפּצושיקן אַלע אַרבעטער. אָבער דאָס האָט ווייניק געהאָלפן. די נייע חברה־לייט, וואָס האָבן זיך געריסן צו דער מאַכט, האָבן אָנגעהאַלטן דעם טומל אַז מען טוט פאַר די פינישערס גאָר נישט און זיי האָבן צוגעזאָגט אַז זיי וועלן אַלץ סעטלען.

צוערשט האָבן די דאָזיקע נייע עלעמענטן באַקומען קאָנטראָל איבער די סעקציעס, דער עיקר איבער דער דאַון־טאַון־סעקציע. געווען צווישן זיי עטלעכע וואָס האָבן געקענט אַביסל שרייבן יידיש, זיינען זיי געוואָרן די פירערס פון די נייע אומדערפאַרענע מיטגלידער. זיי האָבן געשאַפן אַזעלכע „פריינדשאַפט־גרופּעס", וואָס פלעגן אין די אָוונטן זיך שלעפּן איבער די באַרן און שיכורן. געווען צווישן זיי אַ כיטרע מענטשל, מאס איז געווען זיין נאָמען, ער האָט געטראָגן אַ בערדל און געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פרומען ייד. ער האָט די אַרבעטער צוגעזאָגט גאָלדענע גליקן, אויב זיי וועלן אים נאָכפאָלגן. ער האָט זיי געוואונען אויף אַ כיטרען אופן. ער פלעגט זיי פאַרבעטן צו זיך אַהיים און פלעגט פאַר זיי מאַכן „פּאַרטיס" וואו מען האָט דערלאַנגט פון כל־טוב און משקה אויך און מען האָט פריילעך

פאַרברענגט. זיין ווייב איז געווען אַ קעכין, זי האָט געקאָכט אויף חתונות, שמחות און גרויסע פּאַרטיס, פלעגט זיך אַהיימברענגען אַ סך גוט עסן פון געבליבענעם, האָט מען דאָס אַלץ סערווירט די געסט, און אויף אַזאַ אופן האָט דער ביטרער מענטש באַקומען אַן איינפלוס אויף אַ גרופּע פינישערס. אויב ער האָט געוואָלט עפּעס דורכפירן אין לאָקאַל 9, האָט ער אונטערגע־שטעלט זיינע מענטשן זיי זאָלן שרייען און זידלען, און אַליין איז ער גע־שטאַנען אָן אַ זייט און זיך רואיק צוגעקוקט. אָבער ער איז נישט געווען אַליין, ס'זיינען נאָך געווען אַנדערע אַזעלכע. אַ צווייטער אַזאַ איז געווען איינער פישער. ער פלעגט שטענדיק מאַכן אַ גרויסן טומל אין דער דאַון־טאַונער סעקציע, אָבער ווען ער איז דערוויילט געוואָרן אין עקזע־קוטיוו־באָרד איז ער געוואָרן דער שטילסטער מענטש און ער האָט זיך גיך אַוועקגערוקט פון דער חברה טומלערס. אַ דריטער — ער איז אויך אַריין אין עקזעקוטיוו־באָרד — האָט געהייסן סעם פיאַסעצקי. ער איז געווען אַן ערלעכער מענטש אָבער שרעקלעך אומוויסנדיק, ער האָט נישט געקענט אָנשרייבן זיין אייגענעם נאָמען און ער האָט אפילו נישט געוואוסט ווי צו שטעלן אַ פראַגע. אויף אַ זיצונג פון דער עקזעקוטיווע פלעגט ער זאָגן צום טשערמאַן: „פרעגט מיר אַ פראַגע", די ערשטע צייט פלעגט דער טשערמאַן — דאָס איז דעמאָלט געווען ה. גאָלדבערג — נישט פאַרשטיין און אים געענטפערט אַז ער האָט אים נישט צו פרעגן קיין פראַגן, מיר, די מיטגלידער פון עקזעקוטיוו־באָרד פלעגן לאַכן, ווייל מיר האָבן געוואוסט וואָס ער מיינט, עס האָט אונדז גענומען אַ שטיק צייט ביז מיר האָבן דעם דאָזיקן סעם אויסגעלערנט ווי צו שטעלן אַ פראַגע. אַט אַזעלכע טיפּן האָבן זיך דאָס געריסן צו פאַרכאַפּן די עקזעקוטיוו־באָרד.

ביסלעכווייז זיינען אַ סך פון זיי אויסגעקליבן געוואָרן אין דער עקזע־קוטיווע. אַחוץ די דערמאָנטע זיינען מיט דער צייט אַריין: דעיוו מיינער, דזשאָ קעסטען, שטשוקין, רובין, באָרנשטיין, גאָלדבערג (דער קליינער ווי מ'האָט אים גערופן), אַמיסלאַווסקי, וואָרצל, פּילדיס, פּאַרבער, סעם פישער, פינקלשטיין, קאַופמאַן, בעקענשטיין א. אנד. טייל פון זיי האָבן זיך מיט דער צייט שטאַרק געענדערט און זיי זיינען געוואָרן גוטע, טעטיקע, פּאַראַנט־וואָרטלעכע עקזעקוטיוו־מיטגלידער. מאַנכע פון זיי זיינען אויך געוואָרן ביזנעס־אַגענטן, ווי דזשאָ קעסטין, הייט, ב. י. עטקין, שוסטער און סאָמער.

אין לאָקאַל 9 איז אָבער געווען רואיקער ווי אין אַנדערע לאָקאַלס, ווי צום ביישפּיל אין אָפּערייטאָרס לאָקאַל 1. דאָרטן איז געווען אַ גרופּע מיט־גלידער אַזעלכע עקסטרעמע און רעוואָלטירנדיקע אַז די מער טאָלעראַנטע האָבן געקוקט אויף זיי ווי אויף ווילדע מענטשן, דאָס איז געווען משה רובינס גרופּע.

*
**

צום לאָקאַל 9 האָבן באַלאַנגט ניט בלויז פינישערס, נאָר אויך שטיק־שניידערס, „סעמפּל"־מאַכערס און אויך „אַלטעריישאָן"־שניידערס, וואָס האָבן געאַרבעט אין דעפּאַרטמענט סטאָרס. אַ טייל מיטגלידער פון לאָקאַל 9 זיינען געווען איטאַליענער.

נאָך 1910 האָט אַ גרופּע „סעמפּל"־מאַכערס און שטיק־שניידערס פון לאָקאַל 9 זיך אָרגאַניזירט און דערקלערט אַז זיי ווילן נישט זיין צוזאַמען מיט די פינישערס אין לאָקאַל 9. זיי האָבן געפאָדערט אַ באַזונדער לאָקאַל פאַר זיך. די „סעמפּל"־מאַכערס און די שטיק־שניידערס האָבן זיך געהאַלטן אין דעם קלאָוק־טרייד פאַר די אַריסטאָקראַטן, און זיי האָבן געפירט אַ שטאַרקן קאַמף אין דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן צו זיין זעלבסטשטענדיק. זייער פירער איז געווען איינער קירשנבוים. ער איז געווען אַן אינטעליגענטער אַרבעטער. איך בין מיט זיי געווען איינשטימיק, כ'האָב געהאַלטן אַז מען דאַרף זיי געבן אַ טשאַרטער פאַר אַן אייגענעם לאָקאַל, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט קיין געמיינזאַמע אינטערעסן מיט די פינישערס. די שטיק־שניידערס האָבן אַליין געהאַלטן מיידלעך און אפילו מענער־פינישערס, וואָס האָבן פאַר זיי געאַרבעט. די מיידלעך אָדער די מענער־פינישערס פלעגן זיך דאַרפן מיט זיי אַרומקריגן — אַרויסצוקריגן פון זיי אַ פּאָר סענט מער פאַר דער אַרבעט.

דערפאַר האָב איך געהאַלטן, אַז מען זאָל זיי געבן אַ באַזונדער לאָקאַל. אָבער צווישן זייערע מענטשן זיינען געווען אויך אַזעלכע, וואָס זיינען געווען קעגן דעם, ווי סאל פּאָליאַקאָוו, מיטשל פּיטשערסקי, גראָבשטיין, מאטע קורץ און נאָך אַנדערע. זיי האָבן אַפּעלירט צו דער „אינטערנאשאנאל" מען זאָל זיי נישט געבן קיין באַזונדער טשאַרטער, אָבער די קאָנווענשאָן פון דער „אינטערנאשאנאל" האָט באַשלאָסן יאָ צו געבן זיי אַ טשאַרטער, און זיי האָבן אָרגאַניזירט אַ נייעם לאָקאַל, וואָס האָט באַקומען דעם נומער 3. ברודער פענצטער איז געוואָרן דער ערשטער סעקרעטאַר פונעם נייעם לאָקאַל.

אַרום 1911־1912 האָט זיך אָרגאַנייזרט אַ גרופּע איטאַליענער אין דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן און האָבן געפאָדערט פון דזשאָינט־באָרד אַ סעפּאַראַטן לאָקאַל פאַר זיך, מאָטיווירנדיק די פאָדערונג מיט דעם, אַז זיי פאַרשטייען נישט וואָס מען רעדט אויף די יוניאָן־מיטינגען, ווייל מער רעדט מערסטנס יידיש, און ווען אפילו מען רעדט ענגליש פאַרשטייען אויך נישט אַלע, ווייל אַ סך פון זיי רעדן בלויז איטאַליעניש.

זיי האָבן אָנגעהויבן צו פירן אַ שאַרפן קאַמף אין דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן, זיי האָבן שטאַרק אַגיטירט די איטאַליענישע מיטגלידער פון דער

יוניאָן און עס איז געוואָרן אַ גרויסע באַוועגונג צווישן די איטאַליענער פּאַר אַן אייגענעם לאָקאַל. דער פירער פון דער באַוועגונג איז געווען אַ געוויסער לאַפּאַרטאַ, היינט וואָלט מען אים גערופן אַ רעגעלער פאַשיסט. ס'איז געווען אָבער אַ גרופּע איטאַליענער אין לאָקאַל 9, — צו זיי האָבן געהערט נינפאַ, מאַליסאַנאָ, קורשי און נאָך אַנדערע, וועלכע זיינען געווען קעגן לאַפּאַרטאַ, ווייל ער האָט אָנגעפירט אַ דעמאַגאָגישן קאַמף קעגן דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן. קורשי איז געווען זייער אַן ערלעכער מענטש און אַ גוטער סאָציאַליסט. זיי האָבן געפירט אַ שאַרפן קאַמף קעגן לאַפּאַרטאַ.

דער קאַמף אַרום דעם ענין פון באַזונדערע לאָקאַלס, צי פאַר די „סעמפּל"־מאַכערס צי פאַר די איטאַליענער, האָבן געדויערט היפּשע עטלעכע יאָר. סוף־כל־סוף זיינען זייערע פאָדערונגען פאַרווירקלעכט געוואָרן און עס זיינען געשאַפן געוואָרן פאַר זיי באַזונדערע שפּראַך־לאָקאַלס. אויך די פּויליש־רוסישע קלאָוקמאַכער האָבן באַקומען אַן אייגענעם שפּראַך־לאָקאַל.

צוליב די אַלע ענדערונגען איז דער לאָקאַל 9 נאָך אַ צייט געוואָרן אַ לאָקאַל בלויז פון די פינישערס. אין אַ געוויסער מאָס איז דאָס געווען אַ פאַרבעסערונג, ווייל דער לאָקאַל האָט זיך געקענט מער אָפּגעבן מיט די אינטערעסן פון די פינישערס און מער זאָרגן דערפאַר זיי זאָלן קענען מאַכן אַ לעבן.

***

עס איז אין לאָקאַל אויך אַנטשטאַנען אַ גרופּע, וועלכע האָט אָנגעהויבן פירן אַ קאַמף, אַז מען זאָל נישט אַרבעטן שבת (מיר האָבן געאַרבעט שבת ביז 1 אַזייגער ב"מ.). זיי האָבן זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט רבנים און זיי האָבן אַריינגעשיקט צום דזשאָינט־באָרד אַ בריוו אונטערגעשריבן פון די רבנים, וואו זיי האָבן פאַרלאַנגט נישט צו לאָזן די קלאָוקמאַכער אַרבעטן אום שבת. דער דזשאָינט־באָרד האָט געהאַלטן, אַז דאָס האָט ניט צו טאָן מיט דער יוניאָן נאָר מיט די באַלעבאַטים, אויב זיי ווילן, האָבן זיי אַ רעכט צו האַלטן זייערע שעפּער פאַרמאַכט אום שבת.

מיר, פון דער יוניאָן, זיינען געווען פאַראינטערעסירט אויסצוגעפינען ווער זיינען די פירער פון דער גרופּע, וואָס וויל מען זאָל שבת ניט אַרבעטן. אויף זייערס אַ מיטינג האָבן מיר אויסגעפונען. צו אונדזער גרויסער פאַרוואונדערונג, אַז די פירער זיינען זייער פאַרדעכטיקע מענטשן: איינער אַ סקעב, און אַ פּאָר קלאָוקמאַכערס וואָס ליגן אין די סאַלונען און אַרבעטן זייער ווייניק, קורץ — ניט קיין אידעלע מענטשן. דאָס זיינען געווען די פאַרטיידיקער פון שבת. מיר האָבן זיך באַלד אָריענטירט, אַז דאָס זיינען סקעבס וואָס ווילן זיך באַהאַלטן הינטערן דעק־מאַנטל פון שומרי־שבת־

ניקעס, האָבן מיר באַשלאָסן זיי צו באַקעמפן. מיר זיינען אַוועק צו די אונטערגעשריבענע רבנים און מיר האָבן זיי אויפגעקלערט, אַז די מענטשן זיינען גאָר נישט קיין פרומע, נאָר זיי זיינען אויסן אויסצונוצן די נעמען פון די רבנים צו פאַרדעקן זייערע מיאוסע מעשים. די רבנים האָבן שפּעטער אַרויסגעגעבן אַ דערקלערונג, אַז זיי ציען צוריק זייערע נעמען פון דעם בריוו, — זיי זיינען טאַקע קעגן אַרבעטן אום שבת, אָבער זיי ווילן זיך ניט מישן אין אינערלעכע יוניאָן־סכסוכים, און אַז אויף ווייטער האָט קיינער קיין רעכט ניט צו רעדן אין זייער נאָמען.

מיט איינעם פון דער חברה כלומערשטע שומרי־שבתניקעס האָב איך זיך געטראָפן אין אַ שאַפּ, וואו מירביידע האָבן געאַרבעט. גוט אַרבעטן האָט ער ניט געקענט — האָט ער ווייניק פאַרדינט. געווען איז ער אַ בחור, דערצו אויך אַ קרומער מענטש. ער האָט מיט קיינעם אין שאַפּ ניט גערעדט. די „שבת־גרופּע" האָט אים אַריינגעשלעפּט צו זיך און געמאַכט אים פאַר סעקרעטאַר פון דער גרופּע. ער האָט ביי זיי באַקומען באַצאָלט פאַר זיין אַרבעט. איך האָב אים געפּרואווט אויפקלערן, אַז דאָס אין דער ווירקלעכ־קייט אַ סקעב־גרופּע און אַז זי מיינט ניט די הייליקייט פון שבת. ער האָט אָבער ניט געוואָלט פאַרלאָזן די גרופּע. האָט ער געמוזט פאַרלאָזן דעם שאַפּ ווייל מיר האָבן מיט אים נישט געוואָלט אַרבעטן צוזאַמען.

## קאַפּיטל 17

# קריזיס נאָך קריזיס אין דזשאָינט־באָרד — ביזנא און ד"ר הורוויץ

צווישן דער יוניאָן און די „אַסאָסיאיישאָן" פון די באַלעבאַטים זיינען נאָך אַלץ פאָרגעקומען רייסערייען איבער דעם אינהאַלט פון דעם „אַגרי־מענט". יעדער איינער האָט אויסגעטייטשט דעם „אַגרימענט" ווי ס'האָט זיך געלוינט זיין צד. דאָס איז געווען אין יאָר 1912. דער סעקרעטאַר פון דזשאָינט־באָרד, מאיר פּערלשטיין, האָט אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג, אַז מען זאָל אַראָפּברענגען פון שיקאַגע אברהם ביזנא און ער זאָל פאַרנעמען פּאָליאַקאָווס אָרט פון דעם פאָרשטייער צו די מאַנופאַקטשורערס. ביזנא איז געווען דער אומפּאַרטייאישער טשערמאַן און שעף אין מארקוס־שאַפּ אין שיקאַגע. ער האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען. דער דזשאָינט־באָרד האָט אָנגענומען דעם פאָרשלאָג פון פּערלשטיינען און מען האָט ביזנאן אַראָפּ־געבראַכט קיין נוי־יאָרק און אים געמאַכט פאַרן הויפּט־קלויערק פון דער יוניאָן.

ביזנא האָט געהאַט אַ גוטן קאָפּ צו מאַכן פּלענער פאַר דער יוניאָן, אָבער ער האָט זיך נישט אויסגעטויגט די פּלענער אַדורכצופירן. אַלע גוטע פּלענער זיינען געבליבן הענגען אין דער לופטן. די מאַנופאַקטשורערס האָבן פון אים נישט געהאַלטן, ווייל די אַרבעט איז נישט געגאַנגען גענוג ענערגיש און דרינגענדיקע פראַגן זיינען געבליבן נישט געלייזט.

איך דערמאָן זיך אַ טשיקאַווען עפּיזאָד פון יענער צייט: צביון, וואָס איז געווען רעדאַקטאָר פון דער „נייער פּאָסט" האָט אָנגעשריבן אַן עדי־טאָריעל אונטערן נאָמען „לא תגנוב", וואו ער האָט שאַרף אָנגעגריפן די „מאַנופאַקטשורערס אַסאָסיאיישאָן". דער עדיטאָריעל האָט שטאַרק אויס־געגומען ביי די אַרבעטער, אָבער די מאַנופאַקטשורערס זיינען געווען שטאַרק אין כעס פאַר דער אַטאַקע פון צביונען. ראָזענבערג, דער פּרעזידענט פון דער „אינטערנאשאנאל", האָט נאָך דעם אָנגעשריבן אין דער „נייער פּאָסט" אַן אַרטיקל און האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר די „קלאָוק־מאַנופאַקטשורערס אַסאָסיאיישאָן" פאַר דעם עדיטאָריעל. נאָך דעם האָט צביון רעזיגנירט פון אַמט פון רעדאַקטאָר. ד. שוב האָט פאַרנומען זיין אָרט.

די „מאַנופאַקטשורערס אַסאָסיאיישאָן" איז געווען פאַרטראָטן ביי די אונטערהאַנדלונגען מיט אונדזער יוניאָן דורך אירס אַ באַאַמטן ד"ר אייבלסאָן. ער איז געווען אַ באַגאַבטער און געלערנטער מענטש. איין מאָל איז געוואָרן אַראַנזשירט אַ דעבאַטע צווישן ד"ר אייבלסאָן און ביזנאַן פון אונדזער יוניאָן וועגן פאַרשיידענע טרייד־יוניאָן־פראַגן, צווישן אַנדערע אויך וועגן די „באַנדלעך" וועלכע ווערן אַרויסגעגעבן צו קאָנטראַקטאָרס צום פאַרענדיקן. ד"ר אייבלסאָן האָט פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל פרירער דער־לידיקן די פראַגע און דאַן איבערגיין צו אַן אַנדער פראַגע. איינציקווייז זאָל מען זיך אַרויספּלאָנטערן פון די אַלע דרינגענדיקע פּראָבלעמען, אויף וועלכע מען זוכט אַ לייזונג. אין דער דעבאַטע האָט ביזנא זיך אַרויסגעוויזן פאַרן שוואַכערן.

דער דזשאָינט־באָרד איז פאַקטיש געווען צווישן האַמער און קאַוואַדלע. פון איין זייט די „אַסאָסיאיישאָן", וועלכע האָט געפּרעסט אויף דער יוניאָן קעגן ביזנאַן און פון דער צווייטער זייט דער אָפּערייטאָרס לאָקאַל איינס, וועלכער האָט געקערט וועלטן פאַר ביזנאַן, כאָטש ער האָט זיך ניט אויס־געטויגט צום דורכפירן אַן ענין. ספּעציעל האָט געטומלט פאַר ביזנאַן די גרופּע פון משה רובין אין לאָקאַל 1, אויך די דאַון־טאַונער סעקציע פון לאָקאַל 9 איז געשטאַנען פעסט אויף דער זייט פון משה רובינס גרופּע. די איבעריקע סעקציעס זיינען געווען לאָיאַל צו דער יוניאָן, די יוניאָן איז ביי זיי געשטאַנען העכער פון יעדער גרופּע.

די מאַנופאַקטשורערס האָבן מער מיט ביזנען נישט געוואָלט פאַר־האַנדלען און ביים דזשאָינט־באָרד איז געשטאַנען די פראַגע וואָס מען זאָל

טאָן. פּרעזידענט ראָזענבערג און דער גענעראַל־סעקרעטאַר דזשאָן דייטש פון דער „אינטערנאַשיאָנאַל" האָבן געהאַלטן, אַז ביזנע דאַרף פאַרלאָזן זיין אַמט, ווייל ער קען זיינע פליכטן נישט דערפילן. זיי האָבן געהאַלטן, אַז מיר קענען נישט שטעלן אין געפאַר דעם וואויל פון דער יוניאָן און געבן די מאנופאַקטשורערס אַ נייע געלעגנהייט צו ברעכן דעם „אַגרימענט". האַלפּערן, פּערלסטיין און קליימאַן זיינען געווען די, וואָס האָבן באַוואויגן אַראָפּצוברענגען ביזנאָן. זיי האָבן געגלויבט, אַז ער וועט דערפאָלגרייך פירן די פאַרהאַנדלונגען מיט די מאַנופאַקטשורערס. געמיינט האָבן זיי, אַז ער וועט זיין בעסער אין דער אַרבעט ווי פּאָליאַקאָוו, וועלכער איז אַ פּשוטער שניידער, אַז צו פירן פאַרהאַנדלונגען מיט אַזאַ איינעם ווי ד"ר אייבלסאָן, דאַרף מען האָבן אַן אינטעליגענטן מענטשן. דאָס איז געווען זייער גרויסער טעות. די יוניאָן קען נישט בויען אויף אַ זייטיקן מענטשן אָן אונטערשייד ווי באַגאַבט ער זאָל זיין.

דער דזשאָינט־באָרד האָט אויפגעפאָדערט ביזנען צו רעזיגנירן פון זיין אַמט, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן. די אָפּערייטאָרס פון לאָקאַל 1 זיינען געווען אויף זיין זייט, ביי זיצונגען פון דזשאָינט־באָרד און ביי די סעקציע־מיטינגען האָבן זיי אַרויסגערופן אַ טומל און שטאַרק פּאַרטייאיש ביזנאָן. לואיס היימאַן פלעגט רעדן אויף דער דאַון־טאַון סעקציע פון לאָקאַל 9 און אויך ביי די אָפּערייטאָרס־מיטינגען און ער פלעגט נאָך אונטערלייגן פייער אין דעם קאַמף.

די צייט אין טרייד איז ניט געווען קיין גוטע און די באַלעבאַטים האָבן דאָס אויסגענוצט פאַר זייערע אינטערעסן און נאָך מער געדריקט אויף דער יוניאָן.

מען איז געבליבן שטיין אויף אַ טויטן פּונקט. ביזנא האָט נישט גע־וואָלט רעזיגנירן און די „אַסאָסיאיישאָן" האָבן נישט געוואָלט מיט אים אונטערהאַנדלען. עס האָט זיך אָנגעקליבן אַ באַרג מיט ניט־דערליידיקטע ענינים, וואָס האָבן מער נישט געקענט וואַרטן. ענדלעך האָט ביזנע גע־מוזט רעזיגנירן פון זיין אַמט און פאַרגעקומען איז עס אויף אַ מאָדנעם אופן: ער איז איינמאָל געקומען אין דער פרי אין זיין אָפיס, און צו זיין איבעראַשונג געפונען אַז זיין אָפיס איז מער נישטאָ. נישטאָ דער שרייב־טיש מיט אַלע פּאַפּירן און אַלץ וואָס איז געווען אין זיין אַרבעט־צימער איז פאַרשוואונדן. ערשט דעמאָלט האָט ער געזען, אַז ער קען ווייטער נישט בלייבן אויפן אַמט. אָפּגעטאָן די זאַך האָט ווישניאַק, דער דעמאָל־טיקער גענעראַל־מענעדזשער פון דזשאָינט־באָרד. געטאָן האָט ער עס אין דער שטיל און די זאַך איז אים געלונגען — ביזנע האָט רעזיגנירט.

אגב: ווען די באָלשעוויקעס זיינען געקומען צו דער מאַכט אין רוס־לאַנד איז ווישניאַק געוואָרן אַ קאָמוניסט און ער איז אַוועק קיין רוסלאַנד.

מען האָט אים דאָרט געוואָלט אַרעסטירן, ס׳איז אים אָבער געלונגען צו־ריקצוקומען קיין אַמעריקע. דאָ איז ער געבליבן אַ קאָמוניסט און מיטגע־אַרבעט אין דער היגער „פרייהייט״. ווען די קאָמוניסטן האָבן געמאַכט יד־אחת מיט היטלערן איז ווישניאַק אַרויסגעטראָטן פון דער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי און איז צוריק אַריין אין דער אינטערנאַשאַנאַל יוניאָן.

נאָך דעם ווי ביזנא איז אַוועק האָבן האַלפּערן, פּערלסטיין און קליימאַן געבראַכט אַ נייע רעקאָמענדאַציע צו דער דזשאָינט־באָרד, אַז מען זאָל אָנשטעלן אין דער יוניאָן דעם ד״ר אייזיק הורוויץ. דער פּרעזידענט ראָ־זענבערג און דזשאָן דייטש זיינען געווען קעגן. אויך מאיר לאָנדאָן איז געווען קעגן דעם. זיי האָבן געטענהט, אַז הורוויץ איז טאַקע אַ גוטער טעאָרעטיקער, אָבער ער האָט נישט קיין דערפאַרונג פון אַרבעט אין דער יוניאָן און ער וועט זיך נישט קענען אַריינפּאַסן אין דער אַרבעט. ער איז טאַקע אַן עקספּערט אין סטאַטיסטיק, אָבער נישט אין יוניאָן־פּראָבלעמען. פּערלסטיין האָט אַרגומענטירט לטובת ד״ר אייזיק הורוויץ, דערפאַר ווייל ער איז אַ געלערנטער מענטש, און אַ סאָציאַליסט דערצו, און אַזוי ווי די „אַסאָסיאיישאָן״ האָט געלערנטע מענטשן, אַזעלכע ווי ד״ר אייבלסאָן מוז די יוניאָן אויך האָבן גוט־געבילדעטע מענטשן, זיך צו קענען פאַר־מעסטן מיט אַזאַ ד״ר אייבלסאָן.

אין איינע פון אַזעלכע דעבאַטעס האָט דזשעק האַלפּערן זיך אָפּגערופן צו מאיר לאָנדאָן: „איר גיט אַוועק אייער געזונט און אייער צייט פאַר דער יוניאָן און איר פאַרנאַכלעסיקט אייער פּריוואַטע לאָיער־ביזנעס. מיר מוזן האָבן עמיצן וועלכער זאָל זיך אינגאַנצן אָפּגעבן דער יוניאָן, בפרט ווען עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ באַרג מיט ניט־דערליידיקטע אָנקלאַגעס און מיר דאַרפן אונטערהאַנדלען מיט אַזאַ מענטש ווי ד״ר אייבלסאָן. מיר מוזן האָבן עמיצן, וועלכער זאָל זיך קענען אויסגלייכן מיטן ד״ר אייבלסאָן פון דער ׳אַסאָסיאיישאָן׳ ״.

עס האָט נישט געהאָלפן ניט די אָפּאָזיציע פון מאיר לאָנדאָן און נישט פון ראָזענבערג און דייטש, — דער דזשאָינט־באָרד האָט באַשלאָסן אָנצו־שטעלן דעם ד״ר אייזיק הורוויץ. האַלפּערן און פּערלסטיין זיינען אַוועקגע־פאָרן קיין וואַשינגטאָן זיך זען מיט ד״ר הורוויצן און אים בעטן איבערצו־נעמען דעם אַמט פון הויפּט־קלוירק פון דער יוניאָן, זיין הויפּט־אויפגאַבע האָט געדאַרפט זיין אונטערצוהאַנדלען מיט דער „מאַנופאַקטשורערס אַסאָ־סיאיישאָן״. ד״ר הורוויץ האָט דעם אַמט אָנגענומען. ער האָט פריער גע־וואָלט קלאָר מאַכן, וואָס עס וועט זיין האָנאָראַר. ער האָט פאַרלאַנגט זעקס־טויזנט דאָלער אַ יאָר און דאָס איז געוואָרן גוטגעהייסן. ער איז געקומען קיין ניו־יאָרק אין 1913 און האָט איבערגענומען זיין אַמט אין דער יוניאָן. ד״ר הורוויץ איז טאַקע געווען אַ געלערנטער מענטש, אָבער אַלס

פירער פון דער יוניאָן האָט ער זיך נישט אויסגעטויגט. זיינע פעאיקייטן אויפן געביט פון שרייבן און פאָרשן האָבן זיך נישט איבערגעטראָגן אויף זיינע טעטיקייטן אין דער יוניאָן. ער האָט זיך אָנגעטראָפן אויף אַ גרויסן באַרג אָנקלאַגעס פון די אַרבעטער וואָס זיינען אַרונטערגעשיקט געוואָרן פון די שעפּער, וועלכע ער האָט געדאַרפט אויפנעמען מיטן פאָרשטייער פון דער „אַסאָסיאיישאָן", אָבער ער האָט זיך מיט דעם נישט געקענט קיין עצה געבן. די אַרבעטער זיינען געלאָפן צו אים ווי צו אַ רבין. זיי האָבן אים פשוט פאַרגעטערט און זיי האָבן געגלויבט, אַז ער, דער הויך־געביל־דעטער מענטש, וועט קענען אַלץ אויסגלייכן. ער האָט אָבער קיין „קייסעס" נישט געקענט סעטלען, און אַלץ איז ווייטער געבליבן הענגען אין דער לופטן. שטרייקן האָט מען נישט געטאָרט, ווייל אַזוי האָט געזאָגט דער „פּראָטאָקאָל".

פּראָפעסאָר הורוויץ האָט אויסגעפונען אַ וועג ווי אַזוי אַרומצוגיין דעם פונקט פון פּראָטאָקאָל וועגן ניט־שטרייקן: ער איז מסכים, האָט ער געזאָגט, אַז דער „פּראָטאָקאָל" זאָגט בפירוש, אַז מען טאָר ניט שטרייקן, אָבער ער זאָגט ניט, אַז מען טאָר ניט פּיקעטירן און פּיקעטן זיינען נישט קעגן דער קאָנסטיטוציע, די אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע גיט די דאָזיקע פרייהייט צום בירגער. האָט ער דעריבער געהאַלטן, אַז אויב אַ מאַנופאַק־טשורער וועט נישט צוריקנעמען דעם אַרבעטער, וואָס ער האָט אומבאַ־רעכטיקט אַראָפּגעשיקט פון דער אַרבעט, זאָל מען דעם שאָפּ פּיקעטירן. דאָס האָבן טאַקע די אַרבעטער אָנגעהויבן טאָן אין אַזעלכע פאַלן, אויפן ראָט פון ד"ר הורוויץ.

די „אַסאָסיאיישאָן" האָט געמאַכט אַ געוואַלד און האָט אַריינגעשיקט אַ פּראָטעסט צום דזשאָינט־באָרד פאַר וואָס מען פּיקעטירט די שעפּער, זי האָט פאָרגעוואָרפן דעם דזשאָינט־באָרד אַז ער היט נישט אָפּ דעם פּראָ־טאָקאָל. אַן ענלעכן פּראָטעסט האָט זיך אויך אַריינגעשיקט צו דער „אינ־טערנאשאנאל".

ראָזענבערג און דייטש זיינען געקומען צום דזשאָינט־באָרד וועגן נעמען אַ שטעלונג אין דער פראַגע פון פּיקעטן. האַלפערן און פּערלסטיין זיינען געשטאַנען פעסט אויף דער זייט פון ד"ר הורוויץ. ד"ר הורוויץ האָט גלייכ־צייטיק אָנגעהויבן שרייבן אין דער „וואַרהייט" וועגן די אַרויפגעשוואָומענע פּראָבלעמען אין דער יוניאָן און ער האָט פאַרטיידיקט זיין פּאָליטיק פון פּיקעטירן די שעפּער, ווען ס'איז נייטיק צו פאַרטיידיקן די רעכט פון די אַרבעטער אין שאָפּ. מילער, וועלכער איז געווען רעדאַקטאָר פון דער „וואַרהייט", האָט דאָס אויסגענוצט קעגן דעם „פאָרווערטס".

די דזשאָינט־באָרד האָט אַפּעלירט צו לואיס בראַנדייסן ער זאָל העלפן אַדורכקומען אין דער פראַגע. בראַנדייס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו רופן אַ

זיצונג פון זיין „אַרביטריישאָן" קאָמיטע, ווייל ער איז געווען קעגן דער פּאָליטיק פון ד״ר הורוויץ. ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס פּיקעטירן איז קעגן דעם „פּראָטאָקאָל" און ס'איז אַן אויסדרוק פון אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט. ער האָט זיך נישט געוואָלט מישן אין דער פראַגע און זיך אָפּגעזאָגט פון זיין אַמט אַלס טשערמאַן פון דער „אַרביטריישאָן" קאָמיטע. די „אַסאָסי־איישאָן" האָט געדראָט, אַז זי וועט אָפּברעכן דעם „פּראָטאָקאָל" און זי האָט מער נישט געוואָלט פאַרהאַנדלען מיט פּראָפעסאָר הורוויץ. אין דזשאָינט־באָרד האָט מען אים שטאַרק קריטיקירט פאַרוואָס ער האָט די פראַגע פון פּיקעטירן נישט געבראַכט פריער צום דזשאָינט־באָרד צום באַטראַכטן, איידער ער האָט עס גענומען דורכפירן. מען האָט אָנגעוויזן, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין רעכט צו טאָן אַזאַ זאַך אויף זיין אייגענער פאַראַנטוואָרט־לעכקייט. האַלפּערן און פּערלסטיין האָבן די גאַנצע צייט געשוויגן. דייטש און ראָזענבערג האָבן אָנגעהויבן פירן אַ שטאַרקן קאַמף קעגן אים, זיי האָבן אים פאָרגעוואָרפן אַז זיין פּאָליטיק וועט צעברעכן די יוניאָן. דער דזשאָינט־באָרד האָט געזען, אַז ד״ר הורוויץ מאַכט אָן צרות מיט זיינע אַטאַקעס אויף דער „מאַנופאַקטשורערס אַסאָסיאיישאָן" אין דער „וואַרהייט" און מיטן איינפירן דאָס פּיקעטירן די שעפּער. מען האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל דאָס אַלץ אָפּשטעלן, ווייל עס שטעלט די יוניאָן אין זייער אַ שווערע סיטואַציע. דער דזשאָינט־באָרד האָט אָנגעהויבן זוכן אַן אויסוועג צו ברענגען די „אַסאָסיאיישאָן" צו אַ קאָנפערענץ מיט דער יוניאָן און בראַנ־דייסן צוריק אַלס טשערמאַן פון דער „אַרביטריישאָן" קאָמיטע.

הורוויץ איז געבליבן פאַרעקשנט, אַז מען מוז אָנווענדן פּיקעטן אויף די באַלעבאַטים נעמען ניט צוריק צו דער אַרבעט די אָראָפּגעשיקטע אַר־בעטער.

די „אַסאָסיאיישאָן" האָט אַריינגעשיקט אַ צווייטן בדיוו צום דזשאָינט־באָרד מיט אַ דראָאונג, אַז אויב ד״ר הורוויץ וועט נישט אויפגעבן דאָס פּי־קעטירן די שעפּער, וועלן זיי מער נישט אויפנעמען קיין שום ענינים מיט דער יוניאָן. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן טומל צווישן די יוניאָן־פירער. עס איז באַלד גערופן געוואָרן אַ מיטינג פון דער דזשאָינט־באָרד און דאָרט איז דער ענין אויפסנייַ דיסקוטירט געוואָרן. מען האָט אים געפּרואווט איבערצייגן, אַז לטובת דער יוניאָן מוז ער ענדערן זיין פּאָלי־טיק, אַנדערש וועלן די באַלעבאַטים צעברעכן די יוניאָן. ד״ר הורוויץ איז געווען אַ מענטש מיט שטייפע פּרינציפּן און ער האָט פאַרעקשנט גע־קעמפט פאַר זיי. ער האָט אַפילו נישט געוואָלט הערן וועגן אַ קאָמפּראָמיס. ווישניאַק, דער גענעראַל־מענעדזשער פון דזשאָינט־באָרד האָט געמאָלדן, אַז זיין אָפיס איז פאַרוואָרפן מיט ווענדונגען פון אַרבעטער אין די שעפּער און די „אַסאָסיאיישאָן" ווייל די אָנקלאַגעס נישט אויפנעמען. אָבער אויך

וואָס האָט נישט געהאָלפן, האָט ער אַרויסגעבראַכט פון געדולד די מיט־גלידער פון דזשאָינט־באָרד און זיי האָבן אָפּ פון ד״ר הורוויצן פאַרלאַנגט ער זאָל רעזיגנירן פון זיין אַמט אין דער יוניאָן. דער מיטינג האָט זיך גע־שלאָסן מיט גאָרנישט.

דערוויל האָט ד״ר הורוויץ אין דער „וואַרהייט״ געהאַלטן אין איין אַטאַקירן די „מאַנופאַקטשורערס אַסאָסיאיישאָן״, דעם דזשאָינט־באָרד מיט דער „אינטערנאשיאנאל״. ווישניאַק האָט אים געענטפערט אין „פאָר־ווערטס״. אָבער הורוויצעס אַרטיקלען האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די קלאָוקמאַכערס. זיי האָבן אים זייער געשעצט און געהאַט פאַר אים גרויס רעספּעקט, זיי האָבן אַרויפגעקוקט צו אים ווי צו אַ גרויסן פירער.

די אָפּערייטאָרס פון לאָקאַל איינס האָבן דעם קריזיס נאָך מער פאַר־גרעסערט. ספּעציעל האָבן משה רובין פון לאָקאַל 1, און לואיס היימאַן פון לאָקאַל 9, זייער הייס אַגיטירט די קלאָוקמאַכערס קעגן די פירערס פון „אינטערנאשיאנאל״ און פאַר ד״ר הורוויצן. עס איז געקומען צו אַן אָפענעם קאָנפליקט צווישן די פירערס פון דער „אינטערנאשיאנאל״ און פון דזשאָינט־באָרד פון איין זייט, און פון ד״ר הורוויצן מיט זיינע אָנהענגער פון דער צווייטער זייט.

די אַלע ענינים זיינען געוואָרן באַהאַנדלט אויף אַ זיצונג פון דער „באָרד אויף דירעקטאָרס״ פון דער יוניאָן. מאיר לאָנדאָן איז געקומען צו דער דאָזיקער זיצונג און האָט געפּרואווט ברענגען צו אַן אויסגלייך. מאיר לאָנדאָן איז געווען צו דער יוניאָן און צו אַלע קלאָוקמאַכערס ווי אַ פאָטער צו זיינע קינדער, איבערגעגעבן מיטן גאַנצן האַרצן. ער האָט גע־טראַכט נאָר וועגן די אינטערעסן פון דער יוניאָן.

אַ געוויסן שבת ווען די דזשאָינט־באָרד האָט אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג, האָט אַ גרופּע קלאָוקמאַכער, מערסטנס אָפּערייטאָרס פון לאָקאַל איינס און פינישערס פון דאַון־טאַון־סעקציע פון לאָקאַל 9, אַראַנזשירט אַ דעמאָנ־סטראַציע אין דעם קלאָוקמאַכער־מאַרקעט. זיי האָבן מאַרשירט פון מאַרקעט צום זיצאָרט פון דער זיצונג פון דזשאָינט־באָרד אויף 125טער גאַס. זיי האָבן אַלע געוואָלט אַריינגיין אויף דער זיצונג. האַלפּערן, דער טשערמאַן פון דזשאָינט־באָרד, האָט זיי געזאָגט, אַז אַזוי ווי עס איז אוממעגלעך, אַז אַלע זאָלן קענען ביייוואוינען דעם מיטינג, זאָלן זיי באַשטימען אַ דעלעגאַ־ציע, וואָס זאָל אַריינגיין צו דער זיצונג. אַזוי איז געשען. דער פירער פון דער דעלעגאַציע איז געווען אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון לאָקאַל איינס, מיטן נאָמען סטודענט. ער האָט געהאַלטן אַ רעדע און געזאָגט, אַז מיר האָבן געמאַכט אַ דעמאָנסטראַציע קעגן דעם וואָס די „מאַנופאַקטשו־רערס אַסאָסיאיישאָן״ מישט זיך אַריין אין די יוניאָן־ענינים. זיי קענען אונדז נישט זאָגן קיין דעה, ווער עס זאָל זיין אונדזער פירער אין דער יוניאָן,

פראָטעסטירן מיר קעגן דער דזשאָינט־באָרד וואָס זי גיט זיך אונטער דעם דרוק פון די באָסעס און פאַרוואָס זי פאַרלאַנגט, אַז ד״ר הורוויץ זאָל רעזיג־נירן פון דער יוניאָן, די יוניאָן־מיטגלידער אין זייער גרויסער מערהייט ווילן, אַז הורוויץ זאָל בלייבן אויף זיין אַמט אַלס פירער. נאָך דער רעדע האָבן זיי דערלאַנגט ד״ר הורוויצן אַ בוקעט בלומען, אַלס אנערקענונג פאַר זיין פירערשאַפט.

ד״ר הורוויץ האָט געהאַלטן אַ קורצע רעדע צו דער דעלעגאַציע. ער האָט געגעבן אַ ביישפיל מיט דעם קעניג לואיס דעם 16טן פון פראַנקרייך, ווען מען האָט אָפּגעגעבן כבוד און אים געטראָגן אויף די הענט איבער די פאַריזער גאַסן און געשריגן „זאָל לעבן דער קעניג״. קורץ נאָך דעם האָט מען אים אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ און מען האָט דעם קאָפּ געטראָגן איבער די פאַריזער גאַסן און ווידער געשריגן „הוראַ״. דאָס זעלבע, האָט ער געזאָגט, וועט זיין מיט מיר. איצט האָט איר מיר געבראַכט בלומען, אָפּגעבנדיק מיר כבוד, און צומאָרגנס קענען די יוניאָן־פירערס מאַכן מיט מיר עפּעס ענלעכס ווי מיט לואי דעם 16טן. דער פירער פון דער דעלעגאַציע האָט פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אַדורכפירן אַ רעפערענדום צווישן די קלאָוקמאַכער און קלאָר מאַכן צי די אַרבעטער ווילן, אַז פּראָפעסאָר הורוויץ זאָל רעזיגנירן פון דער יוניאָן, אָדער ער זאָל בלייבן אויף זיין אַמט.

דערביי איז געשען עפּעס קאָמישעס: דער אָנפירער פון דער דעלע־גאַציע האָט נישט געקענט אַרויסזאָגן דאָס וואָרט רעפערענדום, האָט ער אָנשטאָט דעם געזאָגט, אַז ער פאַרלאַנגט מען זאָל דורכפירן אַ „רעפערענ־דיק״ פאַר אָדער קעגן ד״ר הורוויץ. העלער, דער מענעדזשער פון לאָקאַל 17, האָט וועגן דער זאַך אָנגעשריבן אַ ליד און ער פלעגט עס זינגען צווישן די קלאָוקמאַכער. דאָס ליד האָט זיך שטאַרק אָנגענומען ביי די אַרבעטער און אין די שעפּער האָט מען עס געהערט אָפט זינגען.

דער קאָנטראַקט צווישן דער יוניאָן און דער „אַסאָסיאיישאָן״ איז געווען כמעט ווי איבערגעריסן. עס איז אויפגעקומען דער געדאַנק, אַז אפשר וואָלט גוט געווען אַז ד״ר הורוויץ זאָל פּראָקלאַמירן אַ שטרייק אין גאַנצן טרייד. די קלאָוקמאַכער האָבן מיט אים געהאַלטן. אויך דער לאָקאַל 1 האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף אָפּברעכן דעם אַגרימענט און אַרויסגיין אין אַ גענעראַל־שטרייק. ד״ר הורוויץ האָט זיך אָבער געשראָקן פאַר אַ שטרייק. ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס פּיקעטירן די שעפּער איז גאַנץ גענוג צו צווינגען די באַלעבאַטים צו „סעטלען״ די פּראָבלעמען מיטן דזשאָינט־באָרד. ער איז געווען עקשנותדיק אין זיין שטעלונג, און דאָס איז געווען זיין גרויסער טעות. קיינער אין דזשאָינט־באָרד און אין דער „אינטערנא־שאנאל״ איז נישט געווען פאַר אָפּברעכן דעם „פּראָטאָקאָל״. די פירערס

האָבן געזאָגט צו הורוויצן: „דו האָסט די מאַסן קלאָוקמאַכער הינטער זיך, זיי האַלטן דיך פאַר זייער פירער. אויב דו גלויבסט, אַז מען דאַרף רופן אַ גענעראַל־שטרייק, גיבן מיר דיר אַ פרייע האַנט אין דער פראַגע, קענסט רופן אַ שטרייק לויט דיין איינזען". אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט האָט ד"ר הורוויץ אָבער נישט געוואָלט נעמען אויף זיך, איז אַלץ געבליבן הענגען אומדעצידירט. אין דער זעלבער צייט האָבן זייטיקע איינפלוסרייכע מענטשן זיך אַריינגעמישט און געפּרואווט העלפן געפינען אַ קאָמפּראָמיס צווישן דער יוניאָן און דער „אַסאָסיאיישאָן". טאמאס פון שיקאַגע, ד"ר מאָשקאָוויטש, לואי בראַנדייס, זיינען געווען צווישן די מענטשן.

די „מאַנופאַקטשורערס אַסאָסיאיישאָן" האָט דערקלערט אַז זי וועט נישט אונטערהאַנדלען מיט דער יוניאָן אויב איר פאָרשטייער וועט זיין ד"ר הורוויץ. דער דאָזיקער אולטימאַטום האָט געשאַפן אַ געפערלעכע לאַגע. אויב די יוניאָן וואָלט נאָכגעגעבן און ד"ר אייזיק הורוויץ וואָלט געוואָרן אויסגעשלאָסן פון די פאַרהאַנדלונגען, וואָלט עס שטאַרק געשעדיקט דעם פּרעסטיזש פון דער יוניאָן. אַן אַנדער אויסוועג וואָלט געווען, אַז ד"ר הורוויץ זאָל פרייוויליק רעזיגנירן, אָבער וועגן דעם האָט ער אפילו נישט געוואָלט הערן. סוף־כל־סוף איז מען איינגעגאַנגען, אַז עס זאָל באַשטימט ווערן אַ אומפּאַרטייאישער טשערמאַן פון דער קלאָוק־אינדוסטריע און צו אים זאָל מען צושטעלן אַלע טענות און שטרייט־פראַגן צווישןביידע צדדים. דער דזשאָינט־באָרד האָט גערופן אַ מיטינג און האָט פאָרגעלייגט צו אַקצעפּטירן דעם פאָרגעלייגטן קאָמפּראָמיס. די אָנוועזנדע דעלעגאַטן האָבן אַפּעלירט צו ד"ר הורוויץ, אַז ער זאָל אָננעמען דעם פאָרגעלייגטן סעטלמענט פון דער קאָמיסיע. מען האָט אים פאַרזיכערט אַז ער וועט קענען באַקומען אַ צווייטן וויכטיקן אַמט אין דער יוניאָן, האָט ער געענטפערט מיט אַ קאַטעגאָרישן ניין. „מיין נאָמען, האָט ער געזאָגט, שטייט העכער ווי די אָרגאַניזאַציע, אַ מענטש שטעלט מיט זיך פאָר די אָרגאַניזאַציע און אַ מענטש בילדעט די אָרגאַניזאַציע" — דאָס זיינען געווען זיינע ווערטער.

די פירער פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און פון דער „אינטערנאשאנאל" האָבן אַפּעלירט צו די דעלעגאַטן אַז מען זאָל אָננעמען דעם פאָרשלאַג פון דער דזשאָינט־באָרד. אומפאַרגעסלעך איז דער רירנדיקער אַפּיל פון מאיר לאָנדאָן, וועלכער האָט דערמאָנט די שווערע חבלי־לידה פון דער יוניאָן, דעם שווערן לאַנגיאָריקן געראַנגל וואָס מען האָט געפירט, כדי צו אָרגאַניזירן די קלאָוקמאַכער אין דער יוניאָן, ער האָט מיט טרערן אין די אויגן געבעטן ד"ר הורוויצן, אַז ער זאָל אָננעמען דעם פאָרשלאַג, וואָס וואָלט געבראַכט צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער „מאַנופאַקטשורערס אַסאָסיאיישאָן", די פאַרזאַמלטע דעלעגאַטן האָבן מיטגעוויינט, אויסהערנדיק די רעדע

פון מאיר לאַנדאָן. זיי זיינען אַלע געווען מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן צו דער יוניאָן און זייערע בעסטע טעג און יאָרן איר אַוועקגעגעבן.

די דאָזיקע דראַמאַטישע זיצונג וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן, זי האָט געדויערט די גאַנצע נאַכט. פּראָפעסאָר הורוויץ האָט זיך אַלץ עקשנות־דיק געהאַלטן ביי זיינס און געענטפערט אויף די אַלע ווענדונגען און בקשות מיט איין וואָרט: ניין! ניין!

עס האָט שוין גענומען טאָגן ווען די זיצונג האָט גענומען צו אַן אָפּ־שטימונג די פראַגע פון אָננעמען דעם פאָרשלאַג פון אַן אומפּאַרטייאישן טשערמאַן צווישן דער יוניאָן און די „מאַנופאַקטשורערס אַסאָסיאיישאָן". אַלע דעלעגאַטן האָבן געשטימט פאַר דעם פאָרשלאַג, אַחוץ דעם אָפּעריי־טאָרס לאָקאַל 1 אין איינעם פון לאָקאַל 9 — לואיס היימאַן, וועלכע האָבן געשטימט קעגן. דער גרעסטער טייל פון די דעלעגאַטן פון לאָקאַל איינס האָבן געוואָלט שטימען פאַר דעם פאָרשלאַג, זיי האָבן אָבער געהאַט אינ־סטרוקציעס פון זייער עקזעקוטיווע צו שטימען קעגן. פּראָפעסאָר הורוויץ האָט רעזיגנירט פון זיין אַמט, ווייל ער האָט נישט געוואָלט זיך אונטער־וואַרפן דעם באַשלוס וועגן אַן אומפּאַרטייאישן טשערמאַן. ער האָט נאָך דעם עפנטלעך אַטאַקירט דעם דאָזיקן באַשלוס אין דער „וואַרהייט" און ער האָט דערביי אויך אַטאַקירט די פירער פון דער יוניאָן. ער האָט מיט זיינע אַטאַקעס געשטאַרקט דעם ברודער־קריג אין דער יוניאָן און האָט מיטגעהאָלפן דאָס שאַפן זיך פון גרופּעס אין דער יוניאָן, די דעמאַגאָ־גישסטע פון זיי אַלע איז געווען משה רובינס גרופּע, וועלכע האָט זיך אויך געשטעלט אויף דער זייט פון ד"ר הורוויץ.

ווען ד"ר הורוויץ איז אַוועק פון דער יוניאָן און ס'איז שטילער געוואָרן מיט אים, האָט זיך דער אָפּערייטאָרס לאָקאַל צוריק סאָלידאַרייזירט מיטן דזשאָינט־באָרד און געהאָלפן אים צוריק רעאָרגאַניזירן די אַרבעט. שלעזינ־גער האָט צייטווייליק איבערגענומען אַ טייל אַרבעט אין דזשאָינט־באָרד און ער צוזאַמען מיטן גענעראַל־מענעדזשער ווישניאַק האָבן צוגעגרייט דעם גאַנצן באַרג „קאמפּליינס" וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן פאַרן אומפּאַר־טייאישן טשערמאַן. פאַר דעם אַמט האָבן זיך די צדדים געאייניקט אויף דער קאַנדידאַטור פון ד"ר אינגערסאָל.

אָבער נאָך דעם ווי די „הורוויץ־אַפּערע" האָט זיך פאַרענדיקט האָט אָבער די רובין־גרופּע אין לאָקאַל 1 זיך נישט באַרואיקט. אין דער גרופּע זיינען געווען די צוויי ברידער רובין, גאָלדשטיין, רודערמאַן, פּאָטאָצקי — דאָס זיינען געווען די פירער פון דער גרופּע; איינער פינק און אַ זימערמאַן און נאָך אַנדערע האָבן זיי צוגעהאָלפן. זיי האָבן ווייטער געטומלט און זיי האָבן מיט זייערע העצעס שווער געמאַכט די אַרבעט פון דער יוניאָן און ספּעציעל פון לאָקאַל איינס.

ביי די סעקציע־מיטינגען פלעגן קעגן זיי אַרויסטרעטן ישראל פיינבערג, אַשפּיז, היינס און נאָך אַנדערע פירערס פון דער יוניאָן. זיי האָבן אויפ־געוויזן אַז מיר זיינען די גאַנצע צייט יאָ געווען מיט ד״ר הורוויץ, מיר האָבן געקעמפט אויף זיין זייט; אַז דער אומפּאַרטייאישער טשערמאַן איז אַ געווינס פאַר דער יוניאָן אַלס גאַנצע און פאַר יעדן קלאָוקמאַכער באַ־זונדער; די לאַגע וועט איצט ווערן אַ בעסערע, אַלע פּראָבלעמען וועלן ווערן גיך און גוט דערליידיקט. עס וועט זיין ווער עס זאָל זאָגן אַ דע־צידירנדיק וואָרט אין אַלע פראַגן וואָס רופן אַרויס אַ שטרייט צווישן דער יוניאָן און דער „מאַנופאַקטשורערס אַסאָסיאיישאָן". דער גרעסטער טייל קלאָוקמאַכערס איז טאַקע געווען צופרידן מיט דער נייער לאַגע, אָבער די אָפּאָזיציע אין לאָקאַל 1 האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן און כסדר אָנגעטאָן צרות דער פירערשאַפט פון דער יוניאָן.

די עקזעקוטיווע פון לאָקאַל איינס האָט גערופן אַ מיטינג אין קופּער יוניאָן וועגן באַשטעטיקן דעם אָפּמאַך וועגן אומפּאַרטייאישן טשערמאַן. פאַר — האָט גערעדט דער טשערמאַן פון לאָקאַל, היינס, און משה רובין האָט גערעדט קעגן. עס איז געווען אַן איבערגעפּולטער זאַל און די אָפּע־רייטאָרס האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס אין דער פראַגע. דער זיגער איז אַרויס היינס — דער מיטינג האָט באַשלאָסן גוטהייסן דעם אומ־פּאַרטייאישן טשערמאַן. דאָס איז געווען אַ גרויסער זיג פאַר דער גאַנצער יוניאָן, ווייל פון לאָקאַל איינס איז געקומען די גרעסטע קעגנערשאַפט צו דער זאַך. אָבער די רובין־גרופּע האָט נישט גערוט און איז כסדר אָנגע־גאַנגען מיט דער אָפּאָזיציע, און ביי די וואַלן אין לאָקאַל איינס, אין 1916, איז היינס דורכגעפאַלן און משה רובין איז דערוויילט געוואָרן אַלס מענעדזשער פונעם לאָקאַל.

ער האָט באַלד איינגעשטעלט זיין אַדמיניסטראַציע, ער האָט אָפּגע־ריסן דעם לאָקאַל פון קלאָוקמאַכער־דזשאָינט־באָרד, ער האָט אָנגעשטעלט ביזנעס אַלס מענעדזשער פון לאָקאַל, דער עיקר — ער זאָל פאַרהאַנדלען מיט דער „מאַנופאַקטשורערס אַסאָסיאיישאָן" באַזונדער, בלויז פאַר די אָפּערייטאָרס. ער האָט אויך אָנגעשטעלט ד״ר אייזיק הורוויץ אַלס דעם לעגאַלן ראַטגעבער פון לאָקאַל. ביים דזשאָינט־באָרד האָט ד״ר הורוויץ זיך געהאַט אָפּגעזאָגט צו נעמען אַן אַנדער אַמט, אָבער ביי משה רובינס לאָקאַל האָט ער יאָ אָנגענומען דעם פאַרגעלייגטן אַמט. ד״ר הורוויץ און ביזנעס האָבן פאַקטיש אָנגעפירט מיטן אָפּאָזיציאָנעלן לאָקאַל איינס, זיי האָבן אַזוי־אַרום געשאַפן יד־אחת מיט אַ שעדלעכן דעמאַגאָג, וועלכער האָט אין זינען געהאַט נאָר זיינע פּערזענלעכע אינטערעסן און די יוניאָן אַלס אַזעלכע איז אים קנאַפּ אָנגעגאַנגען.

אויך לואיס היימאַן פון אונדזער לאָקאַל 9 האָט זיך מיטגעשלעפּט מיט

משה רובינס חברה אין דער אָפּאָזיציע קעגן דזשאָינט־באָרד. אין לאָקאַל 9 גופא האָט ער גאָרנישט געקענט אויפטאָן, נאָר ביי אַ גרופּע פון די פינישערס, אין דער דאַון־טאַון־סעקציע פלעגט ער יאָ אָנציען די מיט־גלידער. ער האָט גערעדט ווי אַ מגיד, האָט דערציילט מעשהלעך און האָט שטענדיק מיט זיין רעדן אַרויסגערופן אַ טומל ביי די מיטינגען. מער אָבער ווי צום רעדן האָט ער זיך נישט אויסגעטויגט. מיר האָבן אים אַמאָל געמאַכט פאַר אַ ביזנעס־אַגענט, האָט זיגמאַן צו אים געהאַט טענות אַז ער ווייסט נישט ווי אַזוי צו פאַרהאַנדלען אַן ענין. איז ער געקומען צו אַ מאַנופאַקטשורער וועגן אויסגלייכן אַ „קעיס", זיינען די אַרבעטער געקומען צו לויפן אין דער יוניאָן מיט אַ ביטע, אַז מען זאָל אים מער נישט שיקן צו זיי אין שאַפּ, נאָר אַן אַנדערן. איך געדענק, ווי אַמאָל האָט מען אַרויסגעשיקט לואיס היימאַנען צו בען גוישלין אין שאַפּ צו „סעטלען" אַ „קעיס", האָט ער מיט זיין אומבאַהאָוונקייט נאָך ערגער געמאַכט די „קעיס" פאַר די אַרבעטער. די אַרבעטער פון שאַפּ זיינען געקומען אין דער יוניאָן מיט אַ געשריי, אַז מען זאָל מער היימאַנען נישט שיקן צו זיי אין שאַפּ אַריין, נאָר אַ צווייטן ביזנעס־אַגענט. ענלעכע פאַקטן זיינען פאָרגעקומען אין פיל אַנדערע שעפּער. מאָריס זיגמאַן, וועלכער איז געווען דיסטריקט־מע־נעדזשער, האָט אים צוויי מאָל געמוזט אַוועקשיקן פון דער אַרבעט. לואיס היימאַן פלעגט זיך אָבער רייסן צו ווערן מענעדזשער פון לאָקאַל 9, נאָר מיר האָבן זיך קעגנגעשטעלט און געזען ער זאָל נישט אויסגעוויילט ווערן. מיר האָבן געוואוסט, אַז ער איז נישט פעאיק צו פירן אַזאַ אַרבעט, אַז אויב ער וועט אויסגעוויילט ווערן וועלן זיך אָנהויבן צרות אין אונדזער לאָקאַל 9.

וועגן פּראָפעסאָר הורוויץ איז אַוועק פון דער יוניאָן, האָט מען אויף זיין אָרט אַראָפּגעבראַכט סידני הילמאַן פון שיקאַגע. ער איז דעמאָלט געווען שאַפּ־טשערמאַן אין דער פירמע „שעף און מאַרקוס", ער האָט דאָרט געאַרבעט אַלס קאַטער ביי מענער־אַרבעט. אָבער ער איז געווען אויף דעם אַמט נישט מער ווי אַ האַלב יאָר און האָט נישט באַוויזן עפּעס אויפ־צוטאָן. ס׳איז דעמאָלט געווען אַ שאַרפער קריזיס אין דער באַוועגונג פון די מענער־שניידער, וואָס האָט געפירט צו דער גרינדונג אין 1914, פון דער אַמאַלגעמייטעד־יוניאָן. די אַמאַלגעמייטעד האָט הילמאַנען באַלד אויסגע־וויילט אַלס איר פּרעזידענט, אַן אַמט אויף וועלכן ער איז פאַרבליבן ביז זיין טויט אין 1947.

## קאַפּיטל 18

# אָפּאָזיציעס אין לאָקאַל 9

אין דעם זעלבן יאָר, וואָס ד"ר הורוויץ האָט פאַרלאָזט דעם דזשאָינט־באָרד, זיינען אין לאָקאַל 9 פאָרגעקומען וואַלן אין אַלע סעקציעס פון שטאָט: אין האַרלעם, בראָנזוויל, בראָנקס און אין פּרויען־ברענטש. אַלע פריערדיקע דעלעגאַטן זיינען ווידעראַמאָל דערוויילט געוואָרן צום עק־זעקוטיוו־באָרד. נאָר אין דער דאַון־טאַון־סעקציע האָט מען נישט געקענט ווי געהעריק אַדורכפירן די וואַלן, ווייל דאָרט האָט זיך געטומלט די קליקע פון מאָס, וועגן וועלכער איך האָב פריער דערציילט. זינט די קליקע איז אויפגעקומען זיינען קיינמאָל די מיטינגען דאָרט נישט אַדורך נאָרמאַל, שטענדיק האָט דאָרט געהערשט אַ טומל און אַ געשריי.

אומאָפּהענגיק פון מאָס־קליקע האָט לואיס היימאַן געפירט זיין אָפּאָ־זיציע. אויף דעם מיטינג פון דער דאַון־טאַון־סעקציע האָט לואיס היימאַן געמאַכט אַ שטאַרקע אַטאַקע אויף דזשעק האַלפערן, וועלכער איז געווען טשערמאַן פון דזשאָינט־באָרד, און גלייכצייטיק אויך אויפן פּרעזידענט ראָזענבערג און סעקרעטאַר דזשאַן דייטש פון דער „אינטערנאַשיאָנאַל". ער האָט אַטאַקירט אַלע פירער פון דער יוניאָן דערפאַר, וואָס ד"ר הורוויץ איז געווען געצוואונגען צו רעזיגנירן. דער מיטינג איז געווען איבערגע־פּאַקט מיט אַרבעטער פון לאָקאַל 9, וועלכע האָבן מיט שפּאַנונג אויסגע־הערט די דיסקוסיע. די מערהייט פון די אַנוועזנדיקע פינישערס האָבן אַרויסגעוויזן אַ צושטימונג צו די אַרגומענטן פון דזשעק האַלפערן, וועלכער האָט פאַרטיידיקט די שריט פון דזשאָינט־באָרד. האַלפערן האָט דעריבער געהאַט אַ גוטן שאַנס דערוויילט צו ווערן. זעענדיק דאָס, האָט משה רובינס חברה אויפגעהויבן אַ שרעקלעכן טומל. דער עולם האָט געשריגן עס זאָל ווערן שטיל, אַז מען זאָל קענען אָנגיין מיטן מיטינג און דורכפירן די וואַלן. סוף־כל־סוף האָבן משה רובינס אָנהענגער אַרויסגערופן אַ געשלעג און דער מיטינג איז אויפגעריסן געוואָרן. דאָס געשלעג איז געווען אַ שרעקלעכס. מען האָט זיך אויך געוואָרפן שלאָגן אויף סאל פּאָליאַקאָוו. דער גרעסטער טייל אַנוועזנדיקע זיינען אָבער געווען אויף דער זייט פון האַלפערן און זיינען געווען אויפגעבראַכט וואָס דער מיטינג איז אויפגעריסן געוואָרן.

אָבער משה רובינס מענטשן האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן, זיי האָבן אָנגעהויבן אַ קאַמפּאַניע קעגן האַלפערן, אין די גאַסן און אין די שעפּער, אויסטראַכטנדיק אויף אים אַז ער איז שולדיק אין די שלעכטע באַדינגונגען אין וועלכע די פינישערס געפינען זיך, אַז אים אַרט נישט וואָס די פינישערס קענען קיין לעבן נישט מאַכן, אאַז"וו. די עקזעקוטיוו־באָרד פון לאָקאַל 9 האָט באַשטימט אַ קאָמיטע אַדורכצופירן די וואַלן און האָט גערופן אַ מיטינג

פון דער דאַון־טאַון־סעקציע. דער מיטינג איז געווען איבערגעפולט מיט מענטשן. די מיטגלידער פון דער קאָמיטע זיינען געקומען אַביסל צו שפּעט, האָבן זיי נישט געקענט קאָנטראָלירן די יוניאָן־ביכלעך פון אַלע אָנוועזנדיקע, וואָס זיינען באַרעכטיקט אָנטיילצונעמען אין די וואַלן. עס האָט זיך אָנגע־הויבן אַ דיסקוסיע. לואיס היימאַן איז ווידעראַמאָל אַרויסגעטראָטן מיט דער זעלבער רעדע קעגן האַלפּערנען ווי אויף דעם פריערדיקן מיטינג וועלכער איז אויפגעריסן געוואָרן. עס האָבן גערעדט אַ סך רעדנער, די דיסקוסיע האָט זיך פאַרצויגן. די קאָמיטע האָט געטאָן אַ פעלער, וואָס זי האָט געלאָזט פאַרשלעפּן די דיסקוסיע, אָנשטאָט צוצוטרעטן באַצייטנס צו די וואַלן. ווען מען איז צוגעטראָטן צו דער אָפּשטימונג איז שוין געווען שפּעט, די מענטשן זיינען געווען מיד,ביים ציילן די הענט איז ווידער אַנטשטאַנען אַ טומל. מען האָט עטלעכע מאָל געשטימט און יעדעס מאָל איז דער טומל געוואָרן גרעסער. די לייט פון רובינס גרופּע האָבן זיך גע־וואָרפן שלאָגן אויף סאל פּאָליאַקאָוו. עס איז אוממעגלעך געווען קומען צו אַ טאָלק. אָט ביי אַזאַ מין ציילן די שטימען איז האַלפּערן אַדורכגעפאַלן. מיר האָבן געהאַלטן, אַז האַלפּערן האָט אַ רעכט צו פאַרלאַנגען נאָך אַ מיטינג דורכצופירן רואיקע וואַלן, אָבער האַלפּערן איז געווען שוין מיד פון טומל און סקאַנדאַלן און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט דערפון.

שטוירלינג, פון אָפּערייטאָרס לאָקאַל איינס, וועלכער איז פריער געווען וויס־טשערמאַן פון דזשאָינט־באָרד, איז געוואָרן טשערמאַן אויף האַל־פּערנס אָרט. ער איז געווען אַן אָנהענגער פון ד״ר הורוויץ, אָבער נישט פון משה רובינס חברה. ער איז געווען אַ גוטער יוניאָן־מאַן. דער דורכ־געפאַלענער דזשעק האַלפּערן איז אַוועק אַרבעטן אין אַ שאָפּ ביי קלאָוקס.

## קאַפּיטל 19

## די האַלפּערן־אַדמיניסטראַציע אין לאָקאַל 9

אין 1914 זיינען פאָרגעקומען גרויסע ענדערונגען אין דער „אינטער־נאשיאנאל״ וואָס האָבן געביטן איר גאַנצן כאַראַקטער און איר פּאָליטיק. אויף דער קאָנווענשאָן אין קליוולאַנד אין דעם יאָר זיינען ראָזענבערג, דייטש און פּאָליאַקאָוו מער נישט אויסגעקליבן געוואָרן אויף די פירנדיקע אַמטן פון דער „אינטערנאשאנאל״. פאָרמעל האָט עס געהייסן אַז זיי ווילן מער נישט אָננעמען די אַמטן ווייל זיי זיינען מיד און ווילן זיך אָפּרוען. אָבער פאַקטיש איז די גרויסע מערהייט פון די דעלעגאַטן ביי דער קאָנ־ווענשאָן געווען קעגן דעם מען זאָל זיי ווייטער אויסוויילן, דעריבער איז

זיי׳ער אָפּזאָג געווען בלויז אַ דעליקאַטער אויסוועג פון אַ שווערער סיטואַציע. אויף דער קאָוונענשאָן איז בנימין שלעזינגער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון דער „אינטערנאַשיאַנאַל" און מאָריס זיגמאַן אַלס דער גע־נעראַל־סעקרעטאַר. אָבער מאָריס זיגמאַן האָט זיך לאַנג נישט געהאַלטן אויף דעם אַמט. ער האָט נישט געקענט אויסקומען מיט פּרעזידענט שלעזינגער, האָט ער רעזיגנירט און ער איז געוואָרן מענעדזשער פון דעם וועסט־מייקערס לאָקאַל 25.

דער קאַמף פון לאָקאַל 1 אונטער משה רובינס אַדמיניסטראַציע איז נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען. דער שטרייט האָט זיך נאָך אויסגעברייטערט: פון איין זייט האָט משה רובין מיט זיין חברה אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג אַז די דעלעגאַטן צום דזשאָינט־באָרד זאָלן געוויילט ווערן פּראָפּאָרציאָנעל צו די צאָל מיטגלידער פון די לאָקאַלס: פון דער צווייטער זייט האָט שלעזינגער אַלס פּרעזידענט געשאַפן אַ נייעם לאָקאַל פון די אָפּערייטאָרס, דעם לאָקאַל 2, און האָט אויפגעפאָדערט אַלע לאָיאַלע אָפּערייטאָרס זיי זאָלן אַריינטרעטן אין דעם נייעם לאָקאַל. די דאָזיקע רייסערייען האָבן אָפּגע־שוואַכט די קאַמף־פעאיקייט פון דער יוניאָן. דאָס האָבן די באַלעבאַטים אויסגענוצט קעגן זייערע אַרבעטער. די לאַגע אין קלאָוקמאַכער־טרייד איז געוואָרן זייער אַ קריטישע.

דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגעשלאָגן אויך אויף דער לאַגע פון אונדזער לאָקאַל 9. אָבער ביי אונדז זיינען די קאַמפן נישט געווען אַזעלכע שאַרפע און ביי אונדז האָט מען לייכטער געפונען אַ קאָמפּראָמיס און אַן אויסוועג.

פון דאַון־טאַון־סעקציע איז געקומען אַ קאָמיטע צו אונדזער עקזע־קוטיוו־באָרד. מיט דער קאָמיטע האָט אָנגעפירט דזשאָ קעסטין, צוזאַמען מיט אים זיינען געווען בעקענשטיין, רובין, בארנשטיין, סעם פּאַסעצקי און אַנדערע. קעסטין האָט אין נאָמען פון דער סעקציע פאַרלאַנגט, אַז דער עקזעקוטיוו־באָרד זאָל אונטערנעמען אַן אַקציע לטובת די פינישערס. איך בין דעמאָלט געווען טשערמאַן פון לאָקאַל 9, האָב איך זיי געפרעגט וואָס זיי מיינען דערמיט צו זאָגן. האָבן זיי מיר געענטפערט: איר זייט דאָך די עקזעקוטיוו־באָרד דאַרפט איר אַליין וויסן. האָב איך זיי געזאָגט, אַז זיי זאָלן זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון דעם דעמאַגאָג משה רובין, זיי זאָלן בעסער שטיצן דעם דזשאָינט־באָרד, וועלן מיר דעמאָלט זיי בכוח עפּעס צו טאָן פאַר די פינישערס אין די שעפּער.

מיר האָבן נישט איגנאָרירט די ווענדונג פון דער קאָמיטע. אָבער נאָך דעם דאָזיקן מיטינג פון עקזעקוטיוו־באָרד האָב איך אָפּגעהאַלטן אַ קאָנפע־רענץ מיט אַ גרופּע דאַון־טאַונער קלאָוקמאַכער: דזשאָו קעסטין, בעקענ־שטיין, פּאַסעצקי און אַנדערע. זיי האָבן מיר ווידעראַמאָל געזאָגט, אַז עפּעס מוז געטאָן ווערן לטובת די פינישערס, מען טאָר אַזוי די לאַגע נישט לאָזן.

נאָך דעם זיינען גרופּעס פון דאַון־טאַונער סעקציע זייער אָפט געקומען צו מיר אין אָפיס פון לאָקאַל 9 אַרומצורעדן די לאַגע און זען געפינען אַן אויסוועג. עס איז דעמאָלט ביי אונדז אויפגעקומען דער געדאַנק, אַז מען זאָל צוריקברענגען דזשעק האַלפּערן צו דער אַקטיווער אַרבעט אין דער יוניאָן און אים מאַכן פאַר מענעדזשער פון אונדזער לאָקאַל 9, און גייער, דער איצטיקער מענעדזשער. זאָל בלייבן פינאַנץ־סעקרעטאַר. גייער האָט נישט געהאַט קיין דערפאַרונג אין טרייד, פון באַשעפטיקונג איז ער געווען אַן אינשורעס־אַגענט. ער איז געווען זייער אַן ערלעכער מענטש און אַ גוטער סאָציאַליסט, ער האָט זיך אָבער נישט אויסגעטויגט צו זיין מענעד־זשער פון לאָקאַל 9. ווען די קאָמיטע פון דאַון־טאַונער סעקציע איז גע־קומען צו מיר, האָב איך זיי נאָך אַ מאָל געזאָגט, אַז מיר טראַכטן צו ברענגען האַלפּערנען אַלס מענעדזשער אין לאָקאַל 9, ווייל גייער פאַרשטייט זיך ניט צו גוט אויף אונדזער טרייד, טפּעציעל אָריענטירט ער זיך שוואַך אין די פּראָבלעמען פון די פינישערס. זיי האָבן מיך אויסגעהערט און זיך אָנגערופן: ברודער קושנער, איר ווייסט אַז מיר האָבן געהאַט אַ קאַמף מיט האַלפּערנען, אָבער איצט, אַז איר ווילט צוריקברענגען דזשעק האַלפּערן אין לאָקאַל 9 אַלס מענעדזשער, וועלן מיר אייך העלפן אין אייערע באַמיאונגען.

איך האָב זיי אויפגעקלערט, אַז דאָס איז נישט קיין פּערזענלעכער עניַן, עס איז אַ פּראַגע פון גוטס פון פינישערס־לאָקאַל. מיר האָבן אין אונדזער לאָקאַל פאַרשיידענע אַרבעטער: שטיק־שניידער, סעמפּל־מאַכערס, אַלטע־ריישאָן־אַרבעטער, איטאַליענישע שניידער, און די פינישערס ווערן ווי פאַרלוירן אין דעם לאָקאַל. ווען מען באַהאַנדלט די לאַגע פון די פינישערס, האָבן די שטיק־שניידער און די סעמפּל־מאַכער און אַלטערריישאָן־שניי־דערס קיין שום אינטערעס נישט דעריַן. דאָס זעלבע פאַרקערט — ווען מען באַטראַכט די לאַגע פון די אַנדערע צווייגן פון אַרבעט, האָבן די פיני־שערס קיין אינטערעס נישט אין דעם. מיר זיינען אַ גרויסער לאָקאַל פון אַ וואָסערע צוואַנציק טויזנט מיטגלידער און מיר מוזן זאָרגן פאַר אַלעמען גלייך, און האַלפּערן וועט זיין אומשטאַנד צו שענקען גענוג אויפמערק־זאַמקייט פאַר די פינישערס.

די קאָמיטע האָט צוגעזאָגט צו העלפן אַז די דאַון־טאַונער סעקציע זאָל גוטהייסן די קאַנדידאַטור פון דזשעק האַלפּערן אַלס מענעדזשער פון לאָקאַל 9.

מיר האָבן גערופן אַ מיטינג פון די טשערלייט און סעקרעטאַרן און אַקטיווע מיטגלידער פון אַלע סעקציעס און פאַר זיי פאַרגעלייגט דעם פּלאַן וועגן צוריקצוברענגען דזשעק האַלפּערן אַלס אונדזער מענעדזשער. מיר האָבן אויסגעוויילט אַ קאָמיטע, צו איינעם פון יעדער סעקציע, וואָס זאָל באַזוכן דזשעק האַלפּערן און אים פאָרלייגן אָנצונעמען דעם אַמט פון מע־

נעדזשער פון לאָקאַל 9. אין דער קאָמיטע זיינען אַריין: קעסטין, פון דער דאַון־טאַונער סעקציע, מיס רעזניק פון ליידיס־ברענטש, בענדערסקי פון בראָנזוויל, פרידבערג פון האַרלעם און איזי קאָהען פון דער בראָנקס.

די קאָמיטע איז צוריקגעקומען מיט האַלפּערנס ענטפער, אַז אויב דער פאַרלאַנג, אַז ער זאָל אָננעמען דעם אַמט אַלס מענעדזשער איז אַן איינ־שטימיקער פון אַלע סעקציעס, וועט ער עס אָננעמען.

אַלע אָנוועזנדיקע האָבן צוגעזאָגט צו פּועלן ביי זייערע סעקציעס אָנ־צונעמען די קאַנדידאַטור פון האַלפּערן אַלס מענעדזשער פון לאָקאַל 9.

אויף דער נאָענטסטער זיצונג פון דער עקזעקוטיווע האָבן מיר פאָר־געשלאָגן צו באַשטימען האַלפּערן אַלס מענעדזשער און גייערס אַלס פּי־נאַנס־סעקרעטאַר. די מערהייט פון עקזעקוטיוו־באָרד האָט דעם פאָרשלאָג גוטגעהייסן. בלויז צוויי — סאָלאָמאָן בענדער און גרייפּער — זיינען געווען קעגן. גרייפּער איז דעמאָלט געווען אָנגעשטעלט אין לאָקאַל אַלס אַ קאָלעק־טאָר פון „דיוס“ און ער האָט וואַרשיינלעך מורא געהאַט אַז ער וועט פאַר־לוירן דעם דזשאָב אין אָפיס. בענדער אָבער האָט שפּעטער געביטן זיין מיינונג און איז געווען צופרידן מיט האַלפּערן אַלס מענעדזשער. אויך אַלע סעקציעס האָבן גוטגעהייסן דעם באַשלוס און האַלפּערן האָט ענדלעך אי־בערגענומען דעם אָפיס. מיר, די עקזעקוטיוו־מיטגלידער, האָבן אים גע־האָלפן איינשטעלן די אַרבעט און איינפירן מער אָרדענונג אין לאָקאַל 9: צום ערשטן האָבן מיר גענומען רעאָרגאַניזירן די אַרבעט פון אַלע קאָמיטעס און ספּעציעל די „מעמבערשיפּ“־קאָמיטע וועלכע איז געווען די וויכ־טיקסטע. די „מעמבערשיפּ“־קאָמיטע האָט געדאַרפט איינקאַסירן דאָס געלט וואָס איז אַריינגעקומען פון נייע מיטגלידער. דער טשערמאַן פון דער קאָמיטע פלעגט ביי זיך אַרומטראָגן אַרום טויזנט דאָלער אָדער מער, ווייל די קאָמיטע פלעגט האָבן זיצונגען ביז שפּעט אין דער נאַכט און דער אָפיס איז שוין געווען פאַרמאַכט. די קאָמיטע האָט געהאַט זיצונגען צוויי מאָל אַ וואָך. עס זיינען יעדן טאָג צוגעקומען נייע מיטגלידער, עס איז נאָך געגאַנגען דעמאָלט אַ גרויסע עמיגראַציע פון אייראָפּע. יעדער וואָס האָט געקענט האַלטן אַ נאָדל אין האַנט האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ שניידער און געקומען אין דער יוניאָן. דער אָפיס פון לאָקאַל 9 איז טאָג־טעגלעך געווען באַלאַגערט פון עמיגראַנטן.

מיר האָבן געפּרואווט איינפירן אַן עקזאַמען, כדי אויסצוגעפינען צי דער קאַנדידאַט איז טאַקע אַ שניידער. האַלפּערן האָט איינגעפירט, אַז אַזאַ קאַנדידאַט זאָל פריער אויספילן אַן אַפּליקאַציע אין אָפיס פון לאָקאַל און שפּעטער איז די אַפּליקאַציע געקומען צו דער „מעמבערשיפּ“־קאָמיטע. אויב דער קאַנדידאַט איז אָנגענומען געוואָרן האָט די „מעמבערשיפּ“־קאָ־מיטע באַשטימט דעם פּרייז פאַרן יוניאָן־ביכל.

דער נייער סיסטעם האָט באַזייטיקט אַ סך שוועריקייטן פאַר דעם לאָקאַל און האָט פאַרהיטן די נייע מיטגלידער פון אומערלעכע אויסנוצערס — מען מעג זיי רופן רעקעטירס. עס זיינען געווען עטלעכע אַלטע מיט־גלידער פון דער יוניאָן וואָס זיינען געקומען צו די נייע אימיגראַנטן און האָבן זיי צוגעזאָגט אַז פאַר עטלעכע דאָלער וועלן זיי זיי „אַריינפירן" אין דער יוניאָן און אויסאַרבעטן פאַר זיי אַ קלענערן איינשרייב־אָפּצאָל. די רעקעטירס פלעגן ברענגען די נייע קאַנדידאַטן צו דער „מעמבערשיפּ"־קאָמיטע און דער אָרעמער נייער עמיגראַנט האָט באמת געגלייבט אַז אָן דער רעקאָמענדאַציע פון דעם „בעל־טובה" וואָלט מען אים נישט אָנגע־נומען אין דער יוניאָן. האַלפּערן האָט צו דעם רעקעט געמאַכט אַ סוף. יעדער נייער קאַנדידאַט האָט געדאַרפט באַלייגן אַן אַפּליקאַציע אין אָפּיס פון לאָקאַל 9 און מען האָט דערביי נישט געדאַרפט קיין שום „רעקאָמענ־דאַציעס" פון אַלטע מיטגלידער און קיין שום אָפּנאַרערישע „אינטערווענץ". די רעקעטירס זיינען געקומען צו האַלפּערן און האָבן אים געדראָט מיט אַ רעוואָלווער און אים געזאָגט, אַז זיי וועלן זיך מיט אים אָפּרעכענען אויב ער וועט פּרואוון זיי שטערן אין זייערע „ביזנעס". האַלפּערן האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן און האָט זיי אַרויסגעטריבן פון אָפיס. מיר זיינען פון זיי לייכט פטור געוואָרן. פון דעמאָלט אָן אַרבעט דער סיסטעם פון אַריינ־נעמען נייע מיטגלידער אויסגעצייכנט. האַלפּערן האָט אויך איינגעפירט אַז דעם איינשרייב־אָפּצאָל זאָלן די נייע מיטגלידער נישט איינצאָלן דער „מעמבערשיפּ"־קאָמיטע, נאָר אין אָפיס פון לאָקאַל נאָך דעם ווי זייערע אַפּליקאַציעס זיינען באַשטעטיקט געוואָרן.

מיר האָבן אויך אָרגאַניזירט אַ פינאַנס־קאָמיטע וואָס זאָל האָבן דאָס רעכט צו באַשטעטיקן אָדער אָפּוואַרפן פאַרשיידענע אויסגאַבן פון דעם לאָקאַל, אויב זיי האַלטן עס פאַר נייטיק. די פינאַנס־קאָמיטע האָט געהאַט אַ רעכט צו באַשטימען וועגן אויסגאַבן ביז 15 דאָלער. וועגן אַ גרעסערע אויסגאַבע האָט זי געדאַרפט זיך ווענדן צום עקזעקוטיוו־באָרד נאָך אַ באַ־שטעטיקונג.

מיר האָבן איבעראָרגאַניזירט די „גריוועַנס"־באָרד, וואָס האָט אויפגע־נומען אָנקלאַגעס פון איין מיטגליד קעגן צווייטן און קאָנפליקטן פון שאַפּ. עס איז אויך באַשטימט געוואָרן אַן אַפּיל־קאָמיטע, אין פאַל עמיצער איז נישט געווען צופרידן מיטן באַשלוס פון דעם „גריוועַנס"־באָרד, האָט ער געקענט אַפּעלירן צו דער אַפּיל־קאָמיטע..

עס איז ווייטער באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמיטע, וועלכע זאָל אויפנעמען פראַגן וועגן די פאַרדינסטן פון די פינישערס און די באַדינ־גונגען פון אַרבעט אין די שעפּער.

האַלפּערן האָט איינגעפירט יעדן פרייטיק נאָכמיטאָג אַ באַראַטונג מיט

אַלע ביזנעס־אַגענטן וואו עס זיינען אויפגענומען געוואָרן אַלע אַקטועלע פּראָבלעמען פון לאָקאַל 9.

די אַרבעט אין לאָקאַל 9 אונטער דער אַדמיניסטראַציע פון האַלפּערן איז גוט איינגעשטעלט געוואָרן: יעדע קאָמיטע האָט געהאַט אַ זיצונג איין מאָל אין וואָך און די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען פּינקטלעך, טראָץ דעם וואָס די לאַגע אין טרייד איז נישט געווען קיין גוטע.

דזשעק האַלפּערן אַליין האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט ענערגיע. ער פלעגט גיין אין די שעפּער אויסגלייכן פאַרשיידענע קאָנפליקטן. יעדן אינדערפרי האָט ער אויפגעפּאַסט אַז די ביזנעס־אַגענטן זאָלן גיין אין די שעפּער און סעטלען די פאַרשיידענע ענינים דאָרטן.

דער פינאַנס־סעקרעטאַר גייער האָט זיך נישט געקענט צופּאַסן צו דעם סיסטעם פון אַרבעט, ער איז געווען אומצופרידן מיט טוישן זיין אַמט פון מענעדזשער אויף פינאַנס־סעקרעטאַר און ער האָט רעזיגנירט פון זיין אַמט. מיר האָבן אים געבעטן, ער זאָל צוריקציען זיין רעזיגנאַציע, אָבער ער איז באַשטאַנען אויף זיינס. האָבן מיר זיין רעזיגנאַציע אָנגענומען.

די עקזעקוטיוו־באָרד האָט דעמאָלט באַשלאָסן, אַז האַלפּערן זאָל האָבן ביידע אַמטן: מענעדזשער און פינאַנס־סעקרעטאַר. האַלפּערן האָט רעקאָמענדירט, אַז מען זאָל אָנשטעלן נאַטאַניעל מינקאָוו אַלס בוכהאַלטער. דער פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרן דורך דער עקזעקוטיווע. מינקאָוו איז געווען אַ זייער יונגער מענטש אָבער ענערגיש און פעאיק צו זיין אַמט. ער האָט זיך גוט איינגעלעבט מיט יעדן איינעם פון עקזעקוטיוו־באָרד און מיט די ביזנעס־אַגענטן. מיר האָבן אים אַלע ליב געהאַט. ער איז אויך געווען אַ גוטער סאָציאַליסט.

די צייט איז דעמאָלט געווען זייער אַ שלעכטע, מען האָט פאַרדינט ווייניק, די אָרעמקייט צווישן די מיטגלידער איז געווען גרויס, ספּעציעל ביי די מיט גרויסע פאַמיליעס. פיל מיטגלידער פון לאָקאַל האָבן געליטן פון שווינדזיכט און מען האָט זיי נישט געלאָזט אַרבעטן אין די שעפּער. ווייל לויט די רעגולאַציעס פון „באָרד אָוו העלט" האָט אַזאַ ניט געטאָרט אַרבעטן. די פראַגע פון שווינדזיכטיקע מיטגלידער איז אויפגענומען געוואָרן אויף אַ קאָנפערענץ מיט האַלפּערן און מיט מאַקסים קאַוויסקי, אַ מענטש פון גרויסן וויסן. מיר האָבן אויף דער באַראַטונג באַשלאָסן צו שאַפן אַ „קאָמסאָמפּשאָן־בענעפיט" אין לאָקאַל 9 און צו ביישטייערן יעדן מיטגליד מיט איין דאָלער אַ יאָר פאַר דעם צוועק. דער פּראָיעקט איז געוואָרן גוטגעהייסן פון דער גאַנצער מיטגלידערשאַפט און מאַקסים קאַוויסקין איז איבערגעגעבן געוואָרן אויסצואַרבעטן דעם גאַנצן פּלאַן ווי אַזוי צו העלפן די שווינדזיכט־ליידנדיקע פינישערס. מיר האָבן באַקומען אַ פּלאַץ אין ליבערטי, לעבן דעם אַרבעטער־רינג סאַנאַטאַריום. דער דאָקטער פון

אַרבעטער־רינג סאַנאַטאָריום האָט אויך געהאַט אויפזיכט איבער אונדזערע קראַנקע. מיר האָבן אַזאַ קראַנקן אַוועקגעשיקט אויף 18 וואָכן אין דער סאַנאַטאָריע — ער האָט געמוזט זיין אַ גוט־שטייענדיקער מיטגליד אין דער יוניאָן. אויב דער זעלבער איז אויך געווען אַ מיטגליד פון אַרבעטער־רינג, האָבן מיר אים געגעבן 150 דאָלער און ער האָט געדאַרפט רעזיגנירן פון ווייטערדיקע שטיצע פון דער יוניאָן, דאָס איז געווען אַ גרויסער אויפטו פון לאָקאַל 9 און דעם קרעדיט דערפאַר קומט מאַקסים קאַווּיסקין און דעם מענעדזשער האַלפּערן.

אויף אונדז קוקנדיק האָבן אַנדערע לאָקאַלס אויך איינגעפירט דעם טובערקולאָז־פאָנד פאַר קראַנקע מיטגלידער. אַזוי האָבן געטאָן דער לאָקאַל 35, לאָקאַל 117 און אַנדערע, אָבער אונדזער לאָקאַל איז געווען דער ערשטער אויף דעם געביט. דאָס איז אַזוי געשען, ווייל מיר האָבן געהאַט אַן אַדמיניסטראַציע וועלכע איז געווען זייער וואַכזאַם פאַר די אינטערעסן פון די מיטגלידער.

## קאַפּיטל 20

# ווידעראַמאָל — די אָפּערייטאָרס קעגן די פינישערס

צו יענער צייט איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע פּראָבלעם וואָס האָט אָנגערירט די לעבנס־אינטערעסן און די צוקונפט פון די פינישערס, אַ פּראָבלעם צו וועלכער מען האָט געמוזט נעמען אַ שטעלונג מיט דער גאַנצער שאַרפקייט און קלאָרקייט: אין די שעפּער האָט מען אָנגעהויבן אויסנייען די „ליינינגס" פון די קאָוטס אויף דער מאַשין. דאָס האָט אַוועקגערויבט די אַרבעט ביי די פינישערס. די מאַנופאַקטשורערס האָט זיך עס געלוינט, ווייל די אַרבעט אויף דער מאַשין גייט דאָך שנעלער ווי מיט דער האַנט. איינגעפירט דאָס נייע אַרבעט־סיסטעם האָבן די גרויסע קלאָוק־שעפּער, ווי מאיר וועסלער, קאַופמאַן, פרידמאַן בראָדערס און פיל אַנדערע. דאָס זיינען געווען שעפּער, וואָס האָבן באַשעפטיקט צו הונדערטער אַרבעטער. דזשעק האַלפּערן איז מיט דער דאָזיקער שווערער פּראָבלעם געקומען צו אַ זיצונג פון עקזעקוטיוו־באָרד. מען האָט באַלד געמוזט נעמען אַ שטעלונג צו דעם ענין. די עקזעקוטיוו־באָרד האָט באַשלאָסן אָנצוהייבן אַ קאַמף, אַז די מאַנופאַקטשורערס זאָלן אָפּשטעלן דעם נייעם סיסטעם. מיר האָבן אויך פאַרלאַנגט פון דזשאָינט־באָרד ער זאָל אונדז צוהעלפן אין קאַמף פאַר אָפּשטעלן דאָס אויסנייען „ליינינגס" אויף דער מאַשין. דער דזשאָינט־באָרד האָט מסכים געווען צו אונדזער פאָרשלאָג.

מיר האָבן אָנגעהויבן אָפּצושטעלן די אַרבעט אין די שעפּער וועלכע

האָבן דאָס פּראַקטיצירט. מיר האָבן אָבער קיין דערפּאָלג אין אונדזער אַקציע נישט געהאַט און דאָס איז צוליב די סיבות: מיר האָבן געדאַרפט פירן דעם קאַמף אויך קעגן די אָפּערייטאָרס און פּאַרלאַנגען פון זיי אָפּצו־שטעלן די דאָזיקע אַרבעט, אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט מסכּים זיין דערצו. דער עקזעקוטיוו־באָרד פון אָפּערייטאָרס־לאָקאַל האָט אונדז נישט געוואָלט שטיצן אין דעם דאָזיקן קאַמף, ווייל דאָס נייע סיסטעם איז געווען אין אינ־טערעס פון די אָפּערייטאָרס, וואָס האָבן דערביי מער געלט פאַרדינט — אויפן חשבון פון די פינישערס. מיר זיינען טאַקע אַלע געווען מיטגלידער פון איין יוניאָן, אָבער יעדער איז געווען פאַר זיך און האָט זיך נישט גע־קימערט צי ער ברענגט שאָדן אַ צווייטן. אָבער נישט בלויז די אָפּעריי־טאָרס, נאָר אויך דער לאָקאַל 17, וואָס האָט קאָנטראָלירט אַ גרויסע צאָל שעפּער פון די קלאָוקמאַכערס, ווי צום ביישפּיל, וויינשטיין, וואו עס האָבן געאַרבעט אַרום 15 הונדערט אַרבעטער, רובין בראָדערס און שאַפּירא, און אַנדערע. דאָרט האָט מען אויסגענייט די „ליינינגס" אויף דער מאַשין. דער לאָקאַל 17 האָט גאָרנישט געטאָן, אַז דער סיסטעם זאָל אָפּגעשטעלט ווערן. אויב אַזוי, האָבן אַנדערע באַלעבאַטים געטענהט, אויב די גרויסע שעפּער נייען די „ליינינגס" אויף דער מאַשין, מוזן זיי עס אויך טאָן, ווייל אַנדערש וועט אַ קאָוט זיי אויסמאַכן טייערער און זיי וועלן נישט קענען נאָכקומען די פּרייזן פון די גרויסע מאַנופאַקטשורערס. די טענה פון די מאַנופאַקטשורערס איז געווען אַ גערעכטע און צוליב דעם האָבן מיר גאָר־נישט געקענט דערגרייכן. די שולד אין דעם פאַל איז געפאַלן אויף דעם אָפּערייטאָרס־לאָקאַל 17, וואָס האָט טאָלערירט אַזאַ סיסטעם. מיט אונדזער אָפּשטעלן די שעפּער האָבן מיר גאָרנישט געקענט דערגרייכן. מיר זיינען געבליבן אויף אַ טויטן פּונקט.

מיר האָבן פאַרלאַנגט, אַז דער דזשאָינט־באָרד זאָל נעמען אַ שטע־לונג צום לאָקאַל 17. מיר קענען נישט אָפּשטעלן שעפּער, ווייל אין דער זעלבער צייט ווילן די אָפּערייטאָרס דעם שאָפּ נישט פאַרלאָזן און זיי נייען אויס ווייטער די „ליינינגס" אויף דער מאַשין.

דער לאָקאַל 17 האָט געטענהט, אַז זיי מאַכן נישט קיין קלאָוקס — נאָר קינדער־מאַנטלען. אָפיציעל איז עס טאַקע אַזוי געווען אָבער פאַקטיש האָט מען אין זייערע שעפּער געאַרבעט אויך קלאָוקס פאַר דערוואַקסענע. האָבן מיר געפאָדערט פון דזשאָינט־באָרד צו נעמען אַ שטעלונג אין דער פראַגע.

נישט געקוקט אויף דעם קאַמף צווישן לאָקאַל 1 און לאָקאַל 17 איז אין דער פראַגע דער לאָקאַל 1 אויך געווען קעגן אונדז. די אָפּערייטאָרס פון לאָקאַל 17 טאָרן טאַקע נישט נייען קיין רעגולערע קלאָוקס, נאָר בלויז קינדער־מאַנטלען, אָבער „ליינינגס" מעגן זיי יאָ אַריינניייען אויף דער מאַשין, ווייל די אַרבעט איז זייער אַ ביליקע.

דער דאָזיקער קאַמף פון לאָקאַל 9 מיט די לאָקאַלן 1 און 17 איז אָנ־געגאַנגען אַ היפּש ביסל יאָרן.

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פינישערס וואָס האָבן געאַרבעט אין שע־פּער פון לאָקאַל 17 האָבן פאַרדינט שרעקלעך ווייניק, פון 6 ביז מאַקסימום 12 דאָלער אַ וואָך, דער גרעסטער טייל פון זיי, פרויען־פינישערס וואָס האָבן אויך באַלאַנגט צו דעם לאָקאַל 17, האָבן געצאָלט די זעלבע „דיוס״ וואָס אַן אָפּערייטאָר וואָס האָט פאַרדינט אַ סך מער, טיילמאָל ביז הונדערט דאָלער אַ וואָך. אַ גרויסער טייל פון דעם איז געווען אויפן חשבון פון די פינישערס. ווייל אָפּערייטאָרס האָבן געהאַלטן אַרויסהעלפער ווען זיי האָבן געצאָלט אַ שיבוש.

אונדזער לאָקאַל 9 האָט נישט אויפגעגעבן דעם קאַמף. ער האָט קאַ־טעגאָריש פאַרלאַנגט פון דזשאָינט־באָרד, ער זאָל אונדז דערלויבן אונ־טערזוכן די פאַרדינסטן פון די אַרבעטער, פון די אָפּערייטאָרס אַזוי גוט ווי פון די פינישערס, אין דעם לאָקאַל 17. די אַדמיניסטראַציע פון לאָקאַל 17 איז געווען קעגן דעם. דער דזשאָינט־באָרד האָט געהאַלטן, אַז דער לאָקאַל 9 האָט אַ רעכט צו אונטערזוכן וועגן די פאַרדינסטן פון די פינישערס אין לאָקאַל 17.

מיר האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט און אויסגעפינען אַ סך קלאָרע באַווייזן, אַז די אָפּערייטאָרס פון לאָקאַל 17 פאַרדינען געלט אויפן חשבון פון די פינישערס. אַ קאָמיטע פון אונדזער לאָקאַל 9 איז אַוועק צו דער עקזעקוטיווע פון לאָקאַל 17 און פאַרלאַנגט, אַז די פינישערס פון זייער לאָקאַל זאָלן טראַנספערירט ווערן צום אונדזער לאָקאַל. מיר האָבן גע־טענהט, אַז זיי האָבן נישט קיין רעכט צו האַלטן אין זייער לאָקאַל פינישערס, ווייל זייערס איז אַן אָפּערייטאָרס־לאָקאַל.

זיי האָבן אָפּגעזאָגט אונדזער פאַרלאַנג און נישט געוואָלט טראַנספּע־רירן די פינישערס. מיר האָבן די פּראָבלעם געבראַכט צו דער נאָענטסטער קאָנווענשאָן פון דער „אינטערנאַשיאָנאַל״ און מיר האָבן פאַרלאַנגט, אַז די קאָנווענשאָן זאָל אָננעמען אַ באַשלוס לטובת לאָקאַל 9.

אונדזער מענעדזשער דזשעק האַלפּערן האָט געהאַלטן אַ שטאַרקע רעדע וואו ער האָט דערציילט ווי די פינישערס פון לאָקאַל 17 ווערן עקספּלואַ־טירט דורך די אָפּערייטאָרס פון דעם זעלבן לאָקאַל, און די דאָזיקע פיני־שערס האָבן נישט ווער עס זאָל פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן, ווייל דער לאָקאַל ליגט אין די הענט פון די אָפּערייטאָרס וואָס עקספּלואַטירן זיי. ער האָט מיט פאַקטן אויפגעוויזן, אַז די פינישערס פאַרדינען דאָרט פון 6 ביז 12 דאָלער אַ וואָך, אין דער צייט ווען אָפּערייטאָרס אין די זעלבע שעפּער פאַרדינען ביז 100 דאָלער אַ וואָך. די קאָנווענשאָן האָט באַשלאָסן, אַז די פראַגע זאָל איבערגיין צום גענעראַל עקזעקוטיוו־באָרד פון דער „אינטער־נאַשאנאַל״.

אויף דער זעלבער קאָנווענשאָן האָט דער לאָקאַל איינס געבראַכט אַן אָנקלאַגע קעגן לאָקאַל 17, אַז זיי אַרבעטן נישט בלויז קיין קינדער־קלויקס, נאָר אויך רעגולערע קאָוטס פאַר דערוואַקסענע. קאַטלער, דער מענעדזשער פון לאָקאַל 1 האָט געבראַכט אויף דער קאָנווענשאָן אַ צאָל קאָוטס פאַר דערוואַקסענע — נומערן פון 34 ביז 40 — וואָס זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרן אין שעפּער פון לאָקאַל 17, אַלס באַווייז אַז זיי אַרבעטן נישט בלויז קיין קינדערשע קאָוטס. קאַטלער האָט זיך באַקלאָגט, אַז די מאַנופאַקטשורערס פון די שעפּער פון לאָקאַל 1 קענען נישט נאָכקומען די קאָנקורענץ פון אַזעלכע שעפּער ווי ווינשטיין בראָדערס און אַנדערע, ווייל אין די שעפּער קאָסט ביליקער צו מאַכן אַ קאָוט. די קאָנווענשאָן האָט אויך די פראַגע איבערגעגעבן צו דער גענעראַל־עקזעקוטיווע.

אויף דער דאָזיקער קאָנווענשאָן איז דזשעק האַלפּערן דערווײלט געוואָרן אַלס וויס־פּרעזידענט פון דער „אינטערנאַשיאָנאַל" און ער איז דערמיט אויך געוואָרן אַ מיטגליד פון דער גענעראַל־עקזעקוטיווע. האָט ער אָפּגעהיטן, אַז די עקזעקוטיווע זאָל וואָס גיכער באַהאַנדלען די אָנקלאַגע פון לאָקאַל 9. ענדלעך האָט די גענעראַל־עקזעקוטיווע באַשלאָסן אַז די פינישערס פון לאָקאַל 17 דאַרפן טראַנספערירט ווערן אין לאָקאַל 9 וואו עס געפינען זיך די גרויסע מערהייט פון די פינישערס. אָבער מיט דעם האָבן זיך די שוועריקייטן פון לאָקאַל 9 נאָך נישט געענדיקט. מיר האָבן געהאַט אַ לאַנגע צייט שטערונגען פון ביידע זייטן, אי פון די מאַנופאַקטשורערס אי פון די אָפּערייטאָרס, ביז זיי האָבן זיך צוגעוואוינט צום געדאַנק אַז דער לאָקאַל 9 איז דער פאָרשטייער פון אַלע פינישערס און אַז מיט אים מוז מען פאַרהאַנדלען וועגן סעטלען די פּרייזן פאַר דער אַרבעט פון די פינישערס.

אין דער זעלבער צייט איז אין דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען דער שטאַרקער קאָנפליקט צווישן לאָקאַל 1 און לאָקאַל 17, וואָס האָט זיך געצויגן יאָרן. דער לאָקאַל 17 האָט געהאַט די אונטערשטיצונג פון אַ סך אָנגעזעענע טוער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, ווייל דאָרטן איז דער סאָציאַליסטישער איינפלוס געווען זייער שטאַרק. מאיר לאָנדאָן, צום ביישפּיל, האָט געהאַלטן אַז אַזוי ווי דער לאָקאַל 17 איז אַ שטאַרקער און דער לאָקאַל 1 איז אַן אומזיכערער און עס טומלט זיך דאָרט כסדר, טאָר מען דעם לאָקאַל 17 נישט ליקווידירן, ווייל דערמיט וועט מען אָפּשוואַכן די אַרבעטער־באַוועגונג און דערמיט אויך די יוניאָנס.

אָבער די גענעראַל־עקזעקוטיווע פון דער „אינטערנאַשיאָנאַל" האָט זיך געשטעלט אויפן שטאַנדפּונקט פון די אינטערעסן פון טרייד און זי האָט באַשלאָסן אַז דער לאָקאַל 17 טאָר נישט אַרבעטן ביי רעגולערע קלאָוקס, האָט דער לאָקאַל 17 אַפּעלירט קעגן דעם דאָזיקן באַשלוס צו דער „אַמעריקען

פעדערײשאָן אָװ לײבאָר". דער קאַמף האָט זיך אַזױ געצױגן ביז 1923, װען מאָריס זיגמאַן איז געװאָרן פּרעזידענט פון דער "אינטערנאַשיאָנאַל". דעמאָלט האָט ער ענערגיש גענומען די זאַך אין זײַנע הענט. זיגמאַן איז געװען אַ מענטש מיט אַנטשלאָסנקײט, אַן אמתער טיפּ פון אַ פירער, און װען ער איז געװען איבערצײגט אין דער ריכטיקײט פון זײַן קאַמף האָט ער אים געפירט איבער די קעפּ פון זײַנע קעגנער. ער האָט געהאַלטן אַז עס דאַרפן ניט עקזיסטירן צװײ לאָקאַלס פון אָפּערײטאָרס און דריבער דאַרפן פאַראײניקט װערן בײדע לאָקאַלס, נומער 1 און נומער 17, אין אײן לאָקאַל. ער האָט זײַן שטעלונג אַדורכגעפירט אױף דער גענעראַל־עקזעקוטיװע און בײדע לאָקאַלס זײַנען צוזאַמענגעגאָסן געװאָרן אין אײן לאָקאַל 117 (צוזאַמענגעשעלט 1 און 17). עס איז באַשלאָסן געװאָרן, אַז די ריפּער־מאַכער פון לאָקאַל 17, װאָס נײען קינדערשע מאַנטלען, זאָלן בילדן אַ באַ־זונדערן דעפּאַרטמענט, װעלכער װעט זײַן אונטערן אױפזיכט פון דזשאָינט־באָרד. די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיװע און אַ סך אַקטיװע מיטגלידער פון געװעזענעם לאָקאַל 17 זײַנען געװען אומצופרידן פון דער פאַראײ־ניקונג. זײ זײַנען צוליב דעם געװאָרן שאַרפע קעגנער פון מאָריס זיגמאַן און פון דער "אינטערנאַשיאָנאַל". און װען עס האָט אױסגעבראָכן דער קאַמף מיט די קאָמוניסטן זײַנען זײ געגאַנגען האַנט בײַ האַנט מיט די קאָ־מוניסטן קעגן דער "אינטערנאַשיאָנאַל", כאָטש זײ זײַנען קײן קאָמוניסטן נישט געװען, נאָר זײ האָבן עס געטאָן צו להכעיס און כדי נקמה צו נעמען פון דער "אינטערנאַשיאָנאַל" פאַר אױפלײזן זײער לאָקאַל. זײ פלעגן מאַר־שירן אין דעמאָנסטראַציעס מיט די קאָמוניסטן און אונטערגעהאַלטן די קאָמוניסטישע לאָזונגען.

## קאַפּיטל 21

# ד"ר אַדלערס אױספאָרשונג װעגן די קלאָוקמאַכערס

די לאַגע אין טרײד איז געװען זײער אַ שװערע, אַרבעט איז געװען זײער װײניק. קלאָוקמאַכער מיט גרױסע פאַמיליעס האָבן געלעבט אין נױט און האָבן זיך געװענדעט צו פאַרשײדענע פילאַנטראָפּישע אינסטי־טוציעס נאָך הילף: אײנעם האָט מען געװאָלט אַרױסװאַרפן פון זײַן װאױ־נונג װײַל ער האָט נישט געקאָנט צאָלן רענט, אַ צװײטער האָט געהאַט קראַנקע קינדער אין הױז און האָט ניט געהאַט קײן געלט אױף דאָקטױרים און מעדיצינען, אַ דריטער האָט פּשוט נישט געהאַט גענוג דעם טאָג איבער־צולעבן. די אינסטיטוציעס צו װעלכע די קלאָוקמאַכער האָבן זיך געװענ־

דעט נאָך הילף, האָבן טעלעפאָנירט אין דער יוניאָן און זיך נאָכגעפרעגט צי די אינפאָרמאַציעס פון אַפּליקאַנט זיינען ריכטיק, זיי פלעגן דערביי אָפּט זיך פרעגן פאַרוואָס די יוניאָן אַליין העלפט נישט זייערע מיטגלידער. די דאָזיקע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס פלעגן אויך שיקן זייערס אַ פאָרשטייער צום געליטענעם אין הויז צו מאַכן אַן אויספאָרשונג אויפן אָרט. דער קלאָוקמאַכער פלעגט אַדורכגיין אַ סך דערנידערונג ביז ער האָט באַקומען אַביסל שטיצע.

עס האָט זיך געפונען אַ רעפאָרמירטער ראַביי, ד״ר אַדלער, וועלכער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דער קריטישער לאַגע פון די קלאָוקמאַכערס. ער האָט אָרגאַניזירט אַ קאָמיטע אויסצוגעפינען, פאַרוואָס אַזויפיל קלאָוקמאַכערס ווענדן זיך צו פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס נאָך הילף. ער האָט זיך אָנגעפרעגט ביי ביידע צדדים, די יוניאָן און די מאַנופאַקטשורערס, צי זיי זיינען וויליק צו קומען צו אַ פאַרהער אין סיטי־האָל אויפצוקלערן די סיבות פון דער שווערער לאַגע פון די קלאָוקמאַכערס.

ביידע צדדים זיינען מסכים געווען צו קומען צו אַזאַ פאַרהער. מיר האָבן באַלד גערופן אַ מיטינג און באַשלאָסן צו רופן שאַפּ־מיטינגס און אָפּנעמען די אַרבעט־ביכלעך ביי די פינישערס, כדי צו האָבן ביים פאַרהער באַווייזן וויפל די פינישערס פאַרדינען פאַקטיש. דער יוניאָן־אָפיס איז געווען זייער טעטיק אין דער ריכטונג און מינקאָוו האָט צוזאַמענגענומען אַלע „פיידע״־ביכלעך און געמאַכט אַ ליסטע פון יעדן שאַפּ באַזונדער וויפל די פינישערס האָבן אין יעדן שאַפּ פאַרדינט. מיר האָבן צוגעשטעלט אַזאַ ליסטע פון די פינישערס וועכנטלעכע און יערלעכע פאַרדינסטן צו דער קאָמיסיע פון ד״ר אַדלער.

די קאָמיסיע פון ד״ר אַדלער, וועלכער האָט זיך גערופן „קאָונסיל אָוו קאָנסיליאיישאָן״, האָט צוגעגרייט אַ באַריכט פון די אַלע מאַטעריאַלן. צו הערן דעם באַריכט אין סיטי־האָל איז געקומען דער פרעזידענט פון דער „מאַנופאַקטשורערס אַסאָסיאיישאָן״ ראַפּאַפּאָרט ווי אויך אַנדערע מאַנופאַקטשורערס ווי די ברידער סינגער, לעפקארט, מייער, בעלער און אַנדערע. פון דער יוניאָן זיינען געקומען אַלע מענעדזשערס פון די לאָקאַלס ווי ישראל פיינבערג, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער טשערמאַן פון דזשאָינט־באָרד, דזשעק האַלפּערן, דער מענעדזשער פון לאָקאַל 9. עס זיינען אויך געווען פאָרשטייער פון דער פרעסע.

ד״ר אַדלער האָט געעפנט דעם פאַרהער מיט אַ רעדע; ער האָט געזאָגט, אַז ער האָפט דאָס די פאַרהאַנדלונגען וועלן אַרויסברענגען די פאַקטן פון ביידע צדדים אויף אַן אומפּאַרטייאישן אופן. די מאַנופאַקטשורערס האָבן געוואָלט אויפווייזן, אַז זיי צאָלן אַ גוטן פרייז פאַר דער אַרבעט און די קלאָוקמאַכער פאַרדינען גוט אין די שעפּער. זיי האָבן געבראַכט מאַטעריאַלן

וועגן די אָפּערייטאָרס, אָנווייזנדיק ווי גוט זיי פֿאַרדינען. דערמיט האָבן זיי געוואָלט שאַפֿן דעם איינדרוק, אַז אַלע קלאָוקמאַכער פֿאַרדינען גוט.

ישראל פֿיינבערג איז זיי נישט שולדיק געבליבן קיין ענטפֿער. ער האָט דערקלערט אַז מען קען נישט נעמען פֿאַר אַ באַווייז אַ געוויסע קליינע צאָל אָפּערייטאָרס וואָס פֿאַרדינען בעסער און זאָגן, אַז אַלע אָפּערייטאָרס פֿאַרדינען גוט.

ווען מען האָט געענדיקט רעדן וועגן דער לאַגע פֿון די אָפּערייטאָרס איז מען איבערגעגאַנגען צו דער לאַגע פֿון די פֿינישערס. דאָס ערשטע וואָרט האָט באַקומען דזשעק האַלפּערן. ער האָט אויפֿגעוויזן, אַז מיט די איצטיקע פֿאַרדינסטן קענען די פֿינישערס קיין לעבן נישט מאַכן, דעריבער זיינען זיי געצוואונגען אָנצוקומען צו פֿילאַנטראָפּישער הילף, ער האָט מיט איראָניע פֿאָרגעוואָרפֿן די רייכע מאַנופֿאַקטשורערס אַז זיי גיבן געלט אויף פֿאַרשיידענע פֿילאַנטראָפּישע צוועקן אָבער זייערע אייגענע אַרבעטער אין די שעפּער צאָלן זיי ניט גענוג צו קענען מאַכן אַ לעבן. דזשעק האַלפּערנס רעדע האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף אַלע אָנוועזנדיקע. דער פּרעזידענט ראַפּאָפּאָרט פֿון דער „אַסאָסיאיישאָן" האָט געפּרואווט אָפּליי־קענען האַלפּערנס ציפֿערן און אָפּשוואַכן די אַרגומענטן, וועלכע עס האָבן געבראַכט די יוניאָן־פֿירער. ער האָט אויך געלייקנט, אַז אין זיין שאַפּ פֿאַר־דינען די פֿינישערס זייער ווייניק, ער האָט גאָר געטענהט, אַז די קלאָוק־מאַכער מאַכן אַ פֿיין לעבן.

אַזוי האָבן די מאַנופֿאַקטשורערס געפּרואווט שיטן זאַמד אין די אויגן. ווען דער פּרעזידענט פֿון דער „אַסאָסיאיישאָן" האָט געענדיקט רעדן האָט דזשעק האַלפּערן געפֿרעגט דעם טשערמאַן ד"ר אַדלער, צי דער פּרעזידענט פֿון דער „אַסאָסיאיישאָן" וואָלט געקענט ברענגען דעם רעקאָרד פֿון די פֿאַרדינסטן פֿון די פֿינישערס אין זיין שאַפּ. ד"ר אַדלער האָט איינגע־שטימט מיט האַלפּערנס פֿאַרלאַנג און האָט געבעטן אַז די רעקאָרדס פֿון די פֿאַרדינסטן פֿון די פֿינישערס זאָל ווערן געבראַכט צו מאָרגנס 10 אַזייגער פֿרי.

דער אָפּיס פֿון לאָקאַל 9 האָט מיט דער מיטהילף פֿון מינקאָוו, געהאַט אַלץ צוגעגרייט. אויף דער מאָרגנדיקער זיצונג פֿון דער פֿאַרהער־קאָמיטע האָט מינקאָוו געלייענט די רשימה פֿון יעדן שאַפּ און וויפֿל יעדער אַרבעטער האָט דאָרטן פֿאַרדינט אין משך פֿון לעצטן יאָר. ספּעציעל האָט ער זיך אָפּ־געשטעלט אויפֿן שאַפּ פֿון דעם פּרעזידענט פֿון די „מאַנופֿאַקטשורערס אַסאָסיאיישאָן", מר' ראַפּאָפּאָרט און האָט אונטערגעשטראָכן וואָס פֿאַראַ קליינע פֿאַרדינסטן די פֿינישערס האָבן דאָרט געהאַט. דעם מר' ראַפּאָפּאָרט איז געוואָרן פֿינצטער אין די אויגן. ער האָט זיך נישט געריכט, אַז די יוניאָן האָט גרייטע ציפֿערן צו באַווייזן שוואַרץ אויף ווייס די אמתע לאַגע

פון די פינישערס פאַרדינסטן, וואָס די מאַנופאַקטשורערס האָבן זיך שטאַרק באַמיט אויסצובאַהאַלטן.

די מיטגלידער פון ד״ר אַדלערס „קאָונסיל אָוו קאָנסיליאיישאָן״ האָבן מיט באַדויערן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ ווען מען האָט זיי פאָרגעלייענט די ציפערן וועגן דער שווערער לאַגע פון די פינישערס. ד״ר אַדלער האָט געבעטן מינקאָוון ער זאָל איבערגעבן די דאָזיקע אַלע דאָקומענטן דער קאָמיטע און מינקאָוו האָט די דאָקומענטן באַלד צוגעשטעלט.

ווען די קאָמיטע האָט פאַרענדיקט דעם פאַרהער אין סיטי־האָל, האָט ד״ר אַדלער געהאַלטן אַ שלוס־רעדע און געשטעלט אַ פראַגע: צי קען אַ מענטש מיט אַ פאַמיליע מאַכן אַ לעבן פון אַזעלכע נעבעכדיקע פאַרדינסטן? ביים דעם פאַרהער איז באַוויזן געוואָרן מיט פאַקטן אַז דער דורכשניטלעכער פאַרדינסט פון אַ פינישער איז געווען $6.75 אַ וואָך. דער פאַקט איז געוואָרן אַרויסגעבראַכט פאַר דער עפנטלעכקייט און די גאַנצע ניו־יאָרקער פרעסע האָט ברייט באַריכטעט וועגן דעם. מען האָט געגעבן קרעדיט דזשעק האַל־פערנען פאַר צוגרייטן אַזאַ גרינטלעכן באַריכט וועגן דער לאַגע אין די שעפּער מיט אַלע איינצלהייטן. האַלפּערן אַליין האָט אָבער צוגעגעבן. אַז נישט בלויז אים קומט דער קרעדיט פאַר אויפדעקן דעם אמת פאַר דער ברייטער עפנטלעכקייט, נאָר אויך מינקאָוון, וועלכער האָט שווער געאַר־בעט צונויפצונעמען די פאַקטן פאַר דעם דאָזיקן באַריכט. אויך די ביזנעס־אַגענטן און מיטגלידער פון עקזעקוטיוו־באָרד האָבן אַקטיוו צוגעהאָלפן ביים צונויפנעמען אַלע פאַקטן. האַלפּערן האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין ערשטקלאַסיק אין דער אַרבעט. אָבער איך מוז זאָגן וועגן זיך אַליין אַז אויך מיר קומט אַ טייל קרעדיט. איך האָב שטענדיק געהאַלטן זיך ביי דער פּאָליטיק פון „אָדער גערעכט אָדער אומגערעכט״ און קיין זייטיקע פער־זענלעכע מאָמענטן האָב איך נישט גענומען אין אַכט. אויב איך האָב געזען אַ מענטש מיט אינטעליגענץ, וואָס איז ערלעך אין באַציאונג צו מענטשן און געטריי אין זיין אַרבעט אַלס יוניאָן־מאַן, האָב איך אַלץ געטאָן צו אַק־טיוויזירן אים אין דער יוניאָן. ווען איך האָב זיך איבערצייגט אַז האַלפּערן איז אַ מענטש וואָס פאַרמאָגט די מעלות, האָב איך שטאַרק געקעמפט דער־פאַר אַז ער זאָל צוגעצויגן ווערן צו דער אַרבעט און ווערן מענעדזשער פון לאָקאַל 9.

פון דער אויספאָרשונג פון ד״ר אַדלער זיינען קיין שום באַלדיקע פּראַקטישע רעזולטאַטן נישט געווען. די מאַנופאַקטשורערס האָבן זייערע אַרבעטער נישט געגעבן קיין איין פעני מער אויפן לוין: די מערהייט קלאָוקמאַכער, און ספּעציעל די פינישערס, האָבן ווייטער געלעבט אין נויט. בלויז מאָראַליש האָט דער פאַרהער אין סיטי־האָל אַרונטערגעריסן ביי אַ טייל פון דער באַפעלקערונג דעם פּרעסטיזש פון די באָסעס און האָט גע־

שטאַרקט דעם אָנזען פון דער יוניאָן. ווי ווייט די גאַנצע אונטערנעמונג פון ד״ר אַדלער האָט נישט געהאַט קיין פּראַקטישן רעזולטאַט קען מען זען דערפון, וואָס גראַד נאָך דעם האָבן די באַלעבאַטים געקריגן נאָך מער חוצפּה, זיי האָבן אויסגענוצט די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע צו מאַכן נאָך אַ העפטיקערע אַטאַקע אויף דער יוניאָן און אויף די דעראָבערטע רעכט פון די אַרבעטער, ד״ה — אויף דעם „פּראָטאָקאָל״, דעם אָפּמאַך וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן דער יוניאָן און די „מאַנופאַקטשורערס אַסאָסיאיישאָן״ אין גרויסן שטרייק פון 1910.

## קאַפּיטל 22

# דער ערשטער שטרייק נאָכן סוף פון „פּראָטאָקאָל״

די באַלעבאַטים האָבן אָנגעהויבן זוכן מיטלען ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון „פּראָטאָקאָל״ און דערביי אויך אָפּצושוואַכן אונדזער יוניאָן. באַלד איז זיי אונטערגעקומען אַ געלעגנהייט צו צעברעכן די קלאָוקמאַכער־יוניאָן. אַ געוויסער מאַקס סולקעס, אַ פּריוואַטער דעטעקטיוו, האָט אָרגאַניזירט אַ סקעב־יוניאָן מיטן ציל צו צעברעכן אונדזער קלאָוקמאַכער־יוניאָן. האָט אָט־אָ דער סולקעס — געווען איז דאָס אין 1914 — פּלוצלונג אויסגעטראַכט אַ בילבול אויף אונדזערע יוניאָן־פירערס, אַז זיי האָבן דערהרגעט אַ געוויסן מענטשן מיטן נאָמען לייבאָוויטש, בעתן שטרייק פון 1910, ווייל ער איז געווען אַ סקעב. אין רעזולטאַט פונעם בילבול האָט מען אַרעסטירט די יוניאָן־פירער. האַלפּערן, מעץ, לעפקאָוויטש, סטופּניקער, וואָלף האַלצמאַן, זינגער, ווענדיגער, אַשפּיז און מ. זיגמאַן, אַלס דעם טשערמאַן פון דער פּיקעט־קאָמיטע בעתן שטרייק פון 1910. די קלאַגע איז געווען, אַז די פּיקעט־קאָמיטע האָט דערהרגעט לייבאָוויטשן דערפאַר, ווייל ער האָט געסקעבט בעתן שטרייק. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען אַרויסגעלאָזן האַלפּערן מיט לעפקאָוויטשן אויף פּאַראָל. אַ קורצע צייט נאָכדעם האָט מען אויך באַפרייט אשפיז, האלצמאַן, זינגער און אַנדערע.

מאָריס זיגמאַן, סטופּניקער, דזשאָ מעץ און ווענדיגער האָט דער דיסטריקט אַטוירני געבראַכט פאַר דער „גרענד־דזשורי״ און מ׳האָט זיי באַשולדיקט אין מאָרד ערשטן גראַד, האַלטנדיק זיי פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם טויט פון לייבאָוויטשן, וועלכער זאָל האָבן דערמאָרדעט געוואָרן אויף 85 איסט 4טע גאַס און דערנאָך האָט מען אים אַרויסגעוואָרפן אויף דער גאַס. עס איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע צערודערונג אין דער יוניאָן. משה רובינס אָפּאָזיציע האָט זיך מאָביליזירט און אויפגעהעצט די מאַסן קלאָוקמאַכער,

זיי זאָלן אויפהערן צאָלן דיוס. די קאַסע אין דער יוניאָן איז געוואָרן ליידיק און דאָ האָט מען געדאַרפט פיל געלט צו קענען ראַטעווען די באַשולדיקטע פון דער עלעקטרישער שטול. מאיר לאָנדאָן, הילקוויט און מארקאוויטש זיינען געווען די יוניאָן־לאָיערס צו פאַרטיידיקן די באַשולדיקטע.

דער פינאַנץ־סעקרעטאַר פון דער יוניאָן, קאַפּלאָוויטש, אַ גוטער יוניאָן־טוער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט צו ראַטעווען די באַשולדיקטע פון דעם בילבול. ער האָט געדאַרפט שאַפן דאָס נויטיקע געלט פאַר דער פאַרטיידיקונג.

ער האָט געהאַט די אויפגאַבע אויסצוגעפינען ווער זיינען די עדות, וואָס שטייען הינטער דער באַשולדיקונג קעגן זיגמאַנען און אַנדערע. אַדאַנק זיינע און די לאָיערס באַמיאונגען האָט מען די באַשולדיקטע אַרויסגעלאָזן אויף 50 טויזנט דאָלער בעיל. איין קאפּלאנאוויטש האָט געשאַפן דאָס גאַנצע געלט. עס איז געווען אַ פרייטיק ווען מען האָט זיי אַרויסגעלאָזן פון פריזאָן און זיי זיינען געקומען אין אָפיס פון דזשאָינט־באָרד אויף דער 23טער גאַס. די קלאָוקמאַכער האָבן זיך שנעל דערוואוסט וועגן דער באַפרייאונג און מען איז געקומען צולויפן פון די שעפער זיי צו זען. עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און מען האָט זיי ווייטער אַרעסטירט און יעדן איינעם איז ווידעראַמאָל געוואָרן קאַלאַמוטנע אויפן האַרצן.

דער צווייטער אַרעסט פון דער גרופע האָט געוויזן, אַז דער דיסטריקט אַטוירני איז אַ שונא פון יוניאָנס און ער האָט געוואָלט מיט זיין האַנדלונג העלפן די מאנופאַקטשורערס צעברעכן די יוניאָנס. ער האָט געוואָלט פאַרמיאוסן דעם נאָמען פון דער יוניאָן און ווייזן פאַר גאַנץ אַמעריקע, אַז די יוניאָן־פירערס זיינען אַ באַנדע מערדערס. ער האָט דערמיט געוואָלט שעדיקן אַלע יוניאָנס.

אין דעם יאָר האָבן געדאַרפט פאָרקומען וואַלן און דער דיסטריקט־אַטוירני איז געלאָפן פאַר ווידערערוויילונג. די יוניאָנס פון ניו־יאָרק האָבן זיך אָרגאַניזירט מיטן ציל דורכצואוואַרפן דעם דאָזיקן שונא פון יוניאָניזם. ער איז געוואָרן שאַרף באַקעמפט און ער האָט געליטן אַ מפלה אין די וואַלן. אויף זיין אָרט איז געקומען אַ נייער דיסטריקט־אַטוירני, וועלכער האָט פאַרזיכערט אַז ער וועט זיין אומפּאַרטייאיש אין דער קעיס פון דער מאָרד־קלאַגע. אויב זיגמאַן און די אַנדערע זיינען אומשולדיק, וועט ער טאָן אַלץ מעגלעכעס זיי צו באַפרייען.

אין גאַנג פון דער אויספאָרשונג האָט דער דיסטריקט־אַטוירני באַפרייט צוויי אַרעסטירטע, מעץ און וואָלף. דאָס האָט באַוויזן, אַז ער איז טאַקע אומפּאַרטייאיש צו דער יוניאָן. אונדזערע לאָיערס האָבן צוגעצויגן צום פּראָצעס אַ באַרימטן לאָיער אין אַמעריקע, ער זאָל האַלטן די לעצטע פאַרטיידיקונגס־רעדע פאַר דער דזשורי.

מאָריס הילקוויט האָט געהאַלטן די ערשטע רעדע ביים עפענען דעם פּראָ־צעס. ער האָט געהאַלטן אַ שטורמישע רעדע פאַר דער דזשורי, וואָס וועט גלויב איך, בלייבן אין דער געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

אין פאַרלויף פון 3 שעה האָט ער גערעדט צו דער דזשורי ווי צו אַ קלאַס אין אַ שול איבער געזעלשאַפטלעכע, עקאָנאָמישע און פּסיכאָלאָגישע פראַגן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

די דאָזיקע רעדע, ווער עס האָט זי געהערט, וועט זי קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

יעדער פון די אָנגעקלאָגטע איז אויפגעטראָטן אַלס עדות פאַר זיין איי־גענער פאַרטיידיקונג.

די דזשורי איז געווען אַוועק בלויז צוויי שעה. ווען דער פאָרמאַן פון דער דזשורי איז אויפגעשטאַנען אַרויסצוזאָגן קלאָר די ווערטער „ניט שולדיק״, איז אויסגעבראָכן אַ שטורעם פון פרייד און טרערן און געלעכטער.

די באַגייסטערונג פאַר זייער באַפרייאונג איז געווען זייער גרויס אויף דער אַרבעטער־גאַס. מ׳האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט, ווען דאָס געריכט האָט דעם בילבול אָפּגעוואָרפן.

מ׳האָט די באַפרייטע געבראַכט צו דער „פאָרווערטס״־געביידע. פון אומעטום זיינען קלאָוקמאַכער געקומען צו לויפן זיי מקבל־פּנים זיין און אויס־דריקן פרייד פאַר זייער באַפרייאונג, מ׳האָט איינער דעם צווייטן גראַטולירט און מ׳האָט אויסגעהערט באַגייסטערטע רעדעס. צווישן די רעדנערס האָבן מיר געהערט הילקוויט, מאיר לאָנדאָן, אב. קאַהאַן, שלעזינגער און פיל אַנ־דערע. דער טאָג פון זייער באַפרייאונג, דער 8טער אָקטאָבער, 1915, וועט אייביק זיין אין זכרון פון די וואָס האָבן די סצענע פון זייער באַפרייאונג ביי־געוואוינט.

***

ענדלעך האָבן די באַלעבאַטים אַדורכגעפירט זייער לאַנג־צוגעגרייטן פּלאַן און אין 1916 האָט זייער „אַסאָסיאיישאַן״ איבערגעריסן דעם „פּראָ־טאָקאָל״.

דער דזשאָינט־באָרד האָט באַלד אויפן אָרט רעאַגירט. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ „סטירינג־קאָמיטע״ וואָס איז באַשטאַנען פון גענעראַל־מענעד־זשער, דיסטריקט־מענעדזשערס און אַלע לאָקאַל־מענעדזשערס און מיט־גלידער פון דזשאָינט־באָרד און פון „באָרד אָוו דירעקטאָרס״. די „סטירינג־קאָמיטע״ האָט באַקומען די פולע מאַכט צו האַנדלען אין דער נייער לאַגע ווי זי וועט האַלטן פאַר נייטיק. צווישן די קלאָוקמאַכערס איז געווען אַ גרויסע צערודערונג, זיי זיינען געקומען אין זייערע לאָקאַלס און געפרעגט זיך ווי זיי דאַרפן איצט האַנדלען.

די „סטירינג־קאָמיטע" האָט באַשלאָסן צו נעמען איין שאַפּ אַלס פּראָבע. זי וועט פאַרלאַנגען, אַז דער באַלעבאָס זאָל פאַרהאַנדלען מיט דער יוניאָן. אויב ער וועט זיך אָפּזאָגן, וועט מען דערקלערן אין זיין שאַפּ אַ שטרייק.

די „סטירינג־קאָמיטע" איז אָבער באַגאַנגען אַ טעות, אָנשטאָט אויס־צוקלייבן אַ קלענערן מאַנופאַקטשורער, האָט זי אויסגעקליבן דעם גרויסן שאַפּ פון בען גוישלין, וואָס איז געווען איינער פון די פירער פון דער „אַסאָסיאיישאָן".

מען האָט גערופן אַ שאַפּ־מיטינג פון בען גוישלינס אַרבעטער. מען האָט דאָרט דערקלערט, אַז דער שאַפּ ווערט גענומען דער ערשטער אַלס פּראָבע צו ברענגען צו פאַרהאַנדלונגען פון די באַלעבאָטים מיט דער יוניאָן. אויב דער באַלעבאָס וועט נישט וועלן אונטערהאַנדלען, וועט מען דאַרפן אָנהייבן ביי אים אַ שטרייק.

כאָטש עס איז מיר געווען נישט צום האַרץ אַרויסצוטרעטן קעגן דער יוניאָן־פירערשאַפט, האָב איך דאָך גענומען אַ וואָרט און איך האָב דער־קלערט, אַז עס איז אַ גרויסער טעות וואָס מען האָט אויסגעקליבן דעם שאַפּ פון בען גוישלין. פּערזענלעך איז ער אַן אָנשטענדיקער מענטש און ער וועט נישט וועלן זיין אַ „סקעב" קעגן זיין „אַסאָסיאיישאָן". געדאַרפט האָט מען נעמען אַ קלענערן שאַפּ אַלס „טעסט־קעיס".

ווישניאַק איז נישט געווען איינשטימיק מיט מיר. און די מערהייט איז געווען מסכים מיט ווישניאַקן, ווייל ער איז דאָך געווען דער גענעראַל־מענעדזשער. איז באַשלאָסן געוואָרן צו שטרייקן, אויב בען גוישלין וועט נישט וועלן פאַרהאַנדלען מיט דער יוניאָן. מען האָט געגעבן אינסטרוקציעס דעם ביזנעס־אַגענט, אַז צו מאָרגנס זאָל ער קומער צו מר' גוישלין און אים איבערגעבן די פאָדערונגען פון דער יוניאָן. אויב זיין ענטפער וועט זיין אַ נעגאַטיווער, דאַרף דער ביזנעס־אַגענט אַריינגיין אין שאַפּ און געבן אַ סיגנאַל צו די אַרבעטער, אַז זיי זאָלן אָפּשטעלן די אַרבעט.

אַזוי איז עס געשען. אָבער ווען דער ביזנעס־אַגענט איז געקומען פאַר־האַנדלען מיט מר' גוישלין האָט ער זיך אויפגעפירט נישט טאַקטיש. גוישלין איז געווען אַ בכבודיקער, שטילער און געלאַסענער מענטש. דער ביזנעס־אַגענט, נאָך דעם ווי ער האָט איבערגעגעבן די פאָדערונגען פון דער יוניאָן צו מר. גוישלין, האָט אַרויסגענומען דעם זייגער מעשה פריץ און האָט געזאָגט: „איך גיב איך 5 מינוט צייט צו באַשליסן!" דער מאַנופאַקטשורער איז געוואָרן זייער אויפגערעגט, מען האָט געהערט אין שאַפּ ווי ער האָט געגעבן אַ הויכן געשריי: „ניין!" און ער האָט געהייסן דעם ביזנעס־אַגענט פאַרלאָזן זיין אָפיס. דער ביזנעס־אַגענט איז אַריין אין שאַפּ און געהייסן די אַרבעטער וואַרפן די אַרבעט. נאָכן פאַרלאָזן דעם

שאַפּ האָבן די אַרבעטער זיך פֿאַרזאַמלט אין אַ האַל. מען האָט אויסגעקליבן אַ נייעם שאַפּ־טשערמאַן און — עס האָט זיך אָנגעהויבן...

דער שטרייק האָט זיך פֿאַנאַנדערגעפֿלאַקערט אין גרויסן פֿאַרנעם. די „מאַנופֿאַקטשורערס אַסאָסיאיישאָן" האָט געפֿירט אַ פֿאַרביסענעם קאַמף און אויסגעגעבן טויזנטער דאָלאַרן צו באַקעמפֿן דעם שטרייק. זיי האָבן אָנגעהויבן אַרויפֿנעמען „סקעבס" צו גוישלין אין שאַפּ. עס האָבן דאָרט געאַרבעט ביי אַ 50 „סקעבס". מ׳האָט זיי געבראַכט מיט קאַרס צו דער אַרבעט און אָפּגעפֿירט פֿון דער אַרבעט. פּאָליציי האָט מאַסנוויז באַוואַכט די געביידע. די יוניאָן האָט גערופֿן די קלאָוקמאַכערס צו מאַכן אַ דעמאָנסטראַציע פֿאַר דעם שאַפּ. די אַרבעטער האָבן זיך גוט אָפּגערופֿן און אין דער פֿרי, איידער זיי זיינען געגאַנגען צו דער אַרבעט, זיינען זיי מאַסנוויז געקומען צו דער געביידע אויף מעדיסאָן עווניו ביי דער 30טער גאַס. אַזוי אויך פֿאַרנאַכט, ווען זיי האָבן געענדיקט די אַרבעט, די קלאָוקמאַכער זיינען געקומען אין די טויזנטער. ווען מ׳האָט די „סקעבס" אַרויסגעפֿירט פֿון דער געביידע, איז געוואָרן אַ גרויס געשריי: „סקעבס! סקעבס!" פּאָליציי האָט אָנגעהויבן טרייבן דעם עולם, וועלכער איז כסדר געשטיגן אין צאָל. דעם צווייטן טאָג האָט די פּאָליציי געביטן איר פּלאַן און האָט זיי געבראַכט 2 שעה שפּעטער, אַרום 10 אַזייגער פֿרי. די דעטעקטיווס האָבן זיי געפֿירט צו דער אַרבעט ווי געפֿאַנגענע. מ׳האָט זיי שוין נישט אַריינגעפֿירט דורך דעם פֿראָנט־עלעוועיטאָר, נאָר פֿון דער צווייטער זייט פֿון דער געביידע. מיר האָבן דאָס איבערגעגעבן דער שטרייק־קאָמיטע, און מען האָט אָרגאַניזירט אַ גרופּע קלאָוקמאַכער וואָס זאָל די „סקעבס" נישט אַריינלאָזן אין דער געביידע פֿון שאַפּ.

ווען מען האָט צוגעפֿירט די „סקעבס" צו דער טיר און מיר האָבן זיי פֿאַרשטעלט דעם וועג איז אויסגעבראָכן אַ גרויס געשלעג צווישן דער פּאָליציי און דעטעקטיווס און אונדז — די קלאָוקמאַכערס. מיר זיינען דעמאָלט געווען יונג און געזונט און מיר וואָלטן זיך אפשר געקענט אַן עצה געבן סיי מיט דער פּאָליציי און סיי מיט די „סקעבס", איז אָבער פֿון דער צווייטער זייט גאַס אָנגעקומען אַ גרופּע געדונגענע באַיאַנעס, וועלכע האָבן גענומען העלפֿן דער פּאָליציי און זיי האָבן בלוטיק צעשלאָגן אַ סך קלאָוקמאַכערס, אָבער מיר האָבן אויך נישט געשוויגן. דעם צווייטן טאָג איז שוין געווען מער פּאָליציי און דעטעקטיווס, עס איז ווידער אויסגעבראָכן אַ בלוטיק געשלעג און מען האָט אַ סך אַוועקגעפֿירט אין שפּיטאָל.

דער קאַמף איז שוין אַרויס פֿון די ראַמען פֿון אַ געוויינטלעכן שטרייק. ער איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ביטערע מלחמה צווישן דער יוניאָן און דער „אַסאָסיאיישאָן" פֿון די מאַנופֿאַקטשורערס. אויך די מאַנופֿאַקטשורערס האָבן געהאַלטן דעם שטרייק ביי בען גוישלין פֿאַר אַ „פּראָבע" —

אַ פֿאַרמעסט פֿון כוחות. אַ טייל פֿון די אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן אַרויס־ווייזן אומצופֿרידנקייט מיטן שטרייק. אויף אַ שאַפּ־מיטינג האָב איך שאַרף געדעדט קעגן די דאָזיקע, וועלכע שוואַכן אָפּ דעם קאַמפּס־גייסט פֿון שטרייק. „איידער מ׳האָט גערופֿן דעם שטרייק, האָב איך זיי געזאָגט, זענט איר געווען פֿאַר רופֿן אַ שטרייק און איך בין געווען קעגן, אָבער איך האָב זיך אונטערגעוואָרפֿן אייער באַשלוס און איך פֿיר צוזאַמען מיט אייך דעם קאַמף פֿאַר אַ זיג. איצט פּרואווט איר אָפּשוואַכן אונדזער קאַמף. ס׳איז אין אונדזער אַלעמענס אינטערעסן צו געווינען דעם קאַמף. עס זיינען דאָ צווישן אונדז אַזעלכע, וועלכע דערציילן דעם באָס בען גוישלין אַלץ, וואָס עס קומט פֿאָר ביי אונדז. מיר וועלן די דאָזיקע האַלטן פֿאַראַנטוואָרטלעך דערפֿאַר״, האָב איך געטענהט צו מיינע מיטשטרייקערס.

אַ געוויסער מאַקס, אַ „סעמפּל״־מאַכער, האָט אָנגעהויבן שרייען, אַז מאיר קושנער איז שולדיק אין דעם שטרייק, און ער מיט אַן איטאַליענער האָבן זיך געוואָרפֿן אויף מיר שלאָגן, ווייל איך בין געווען דער טשערמאַן פֿון דער שטרייק־קאָמיטע. דער טומל איז געוואָרן גרויס. אַ שניידער, איטשע איז געווען זיין נאָמען, אַ פּראָסטער אָבער גוטער, ערלעכער מענטש, האָט דעם איטאַליענער דערלאַנגט אַ קלאַפּ, אַז ער איז אויפֿן אָרט אַוועקגע־פֿאַלן. מ׳האָט געפּרואווט צו ביסלעך איינשטילן די געמיטער. שפּעטער איז דער איטאַליענער צוגעקומען צו מיר און געבעטן אַנטשולדיקונג פֿאַר זיין אויפֿפֿירונג, דאָס איז געשען האָט ער געזאָגט, ווייל מ׳האָט אים „אָנגע־צויגן״ קעגן מיר.

ביי אַ שאַפּ־מיטינג איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מאַקס וועט מער צו דעם דאָזיקן שאַפּ נישט צוריקגיין אַרבעטן ווען דער שטרייק וועט זיך ענדיקן. ער וועט פֿריער דאַרפֿן קומען פֿאַר דער „גריוועּנס־באָרד״ פֿון דער יוניאָן פֿאַר זיין מיאוסער האַנדלונג. מאַקס איז אויך געווען איינער פֿון די, וואָס האָבן איבערגעגעבן ידיעות וועגן שטרייק צו בען גרוישלינס פּאַרלייט. איך מיט אַ קאָמיטע זיינען אַוועק צו די פּאַרלייט און זיי געבעטן זיי זאָלן צושטיין צום שטרייקן. זיי האָבן אָפּגעזאָגט, אָבער זיי האָבן אונדז דער־ציילט, אַז מאַקס קומט צו זיי און גיט זיי איבער אַלע אונדזערע באַשלוסן וועגן שטרייק.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז איינער פֿון די פּאַרלייט, אַ געוויסער גאָלדשטיין, געקומען צום גענעראַל־מענעדזשער פֿון דזשאָינט־באָרד וויש־ניאַק און אים איבערגעגעבן, אַז מען קען סעטלען דעם שטרייק. עס איז פֿאָרגעקומען אַ קאָנפֿערענץ פֿון ווישניאַק און לעפּקאָוויטש מיט בען גויש־לין און דעם פּאַרמאַן גאָלדשטיין — און דער שטרייק איז געוואָרן געסעטלט אויף דעם באַדינג, אַז אַלע סקעבס פֿון איין זייט און אַז די 8 אַקטיווע מיט־גלידער פֿון דער שטרייק־קאָמיטע זאָלן אַראָפּגעשיקט ווערן פֿון שאַפּ.

אויפן שאַפּ־מיטינג האָט לעפּקאָוויטש איבערגעגעבן וועגן די דאָזיקע באַ־דינגונגען. ווישניאַק איז צו דעם דאָזיקן שאַפּ־מיטינג נישט געקומען, ער האָט זיך געשעמט קוקן די אַרבעטער אין די אויגן, ווייל איצט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער גאַנצער שטרייק איז געווען אַן אומנייטיקער און גערעכט בין איך געווען וואָס איך בין געווען קעגן דעם שטרייק. די אַרבעטער פון שאַפּ האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם סעטלעמענט, זיי האָבן דערין געזען אַ נאָכגיביקייט צום מאַנופאַקטשורער און פאַרמאַן. זיי האָבן זיך געפילט באַליידיקט וואָס מאַקס, וועלכער איז געווען אַ פאַררעטער אין צייט פון שטרייק, גייט יאָ צוריק אַרבעטן אין שאַפּ, נאָר די קאָמיטע, וואָס האָט געפירט דעם שטרייק, בלייבט אויף דער גאַס. אויב אַזוי, צו וואָס האָט מען געדאַרפט דעם גאַנצן שטרייק? מיר וועלן צוריק ניט גיין אַרבעטן, האָבן אַ סך אַרבעטער געשריגן.

לעפּקאָוויטש האָט געפּרואווט אויפקלערן, אַז מיר קענען נישט פאַר־שווענדן אַלע כוחות אויף איין שאַפּ אין דער צייט, וואָס די לאַגע אין גאַנצן טרייד איז שלעכט און עס קען דערפאַר קומען צו אַ גענעראַל־שטרייק. דערצו האָט די יוניאָן געהאַט אַ סך צרות מיטן אַרעסט פון זיגמאַן און אַנדערע יוניאָן־לייט, און מען האָט געמוזט מאַכן אַ גרויסע אָנשטרענגונג זיי צו ראַטעווען פון דער עלעקטרישער שטול. נאָך לעפּקאָוויטשן האָב איך גענו־מען אַ וואָרט און כ'האָב געזאָגט, אַז כאָטש עס איז מיר ביטער אויפן האַרצן, ווייל דער באַשלוס פון דער יוניאָן אַדורכצופירן דעם שטרייק איז געווען אַ פאַלשער און דער פאַרשפּילטער שטרייק האָט אונדז אָפּגעקאָסט שווערע געלטער, געזונט און קרבנות, בין איך אָבער גרייט צו ברענגען אַ קרבן פאַר דער יוניאָן, ווייל כ'פאַרשטיי אַז איצט מוזן מיר אויפהאַלטן די דיס־ציפּלין פון דער יוניאָן נאָך מען ווי פריער. מיך וויל מען נישט צוריק צו־לאָזן צו דער אַרבעט, ווייל איך האָב געבעטן דעם פאַרמאַן גאָלדשטיין ער זאָל שטרייקן מיט אונדז צוזאַמען. איצט קריג איך באַצאָלט פאַר מיין לאָיאַ־ליטעט צו דער יוניאָן און פאַר דעם אָנטייל אין דער שטרייק־קאָמיטע, און איך פאַרליר מיין אַרבעט. אָבער טראָץ דעם, אַפּעליר איך צו אייך אָנצו־נעמען דעם פאָרשלאַג פון לעפּקאָוויטש און צוריקגיין צו דער אַרבעט, ווען אפילו די אַכט מיטגלידער פון דער שטרייק־קאָמיטע פאַרלירן זייערע אַר־בעט־פּלעצער.

די אַרבעטער פון שאַפּ, האָבן מיך אָנגעקוקט ווי אַ משוגענעם פאַר מיין פאַרטיידיקן די יוניאָן מיט לעפּקאָוויטשן, כאָטש ס'איז קעגן מיינע אינטערעסן. צום סוף האָט מען איינשטימיק גוטגעהייסן דעם סעטלעמענט און מען איז אַוועק אומצופרידענע.

מאָנטיק האָבן די אַרבעטער געדאַרפט צוריק אַרויפגיין אין שאַפּ אַר־בעטן. די סקעבס האָט מען געדאַרפט אַראָפּשיקן שבת. לעפּקאָוויטש האָט

אָפּגעמאַכט מיט דער פּאָליציי, אַז זיי זאָלן זיך האַלטן אין אַ זייט ווען די סקעבס וועלן אַרונטערגיין פון שאַפּ. קלאָוקמאַכערס זיינען געשטאַנען ביים עק 29טע גאַס און מעדיסאָן עוועניו און יעדער סקעב וואָס איז אַראָפּגעקומען פון שאַפּ האָט באַקומען אָנגעבראַכן די ביינער. די פּאָליציי־לייט האָבן זיך געטאַכמע נישט זעענדיק, זיי זיינען געוואָרן „געשמירט". דאָס איז דער סוף פון סקעבס: ווען מען דאַרף זיי נוצט מען זיי אויס, און דערנאָך דאַרף מען זיי אויף כפרות.

ווען דער שטרייק איז געוואָרן געסעטלט איז געווען ערב־פּסח. איך בין געווען אָן אַרבעט און איך האָב נישט געהאַט קיין גראָשן אין קעשענע, און דאָ האָט זיך דער יום־טוב אָנגערוקט. מיין פרוי האָט געשוואַנגערט און זי איז נישט געווען ביים בעסטן געזונט. דער דזשאָינט־באָרד האָט באַשלאָסן צו געבן יעדן פון די אַכט אַרונטערגעשיקטע צו $50 אויף יום־טוב. איך האָב זיך אַזוי אַרומגעדרייט אָן אַרבעט לאַנגע חדשים. מיין לאַגע איז געווען זייער אַ שווערע, אָבער מיין טעטיקייט אין דער יוניאָן האָב איך נישט איבערגעריסן.

## קאַפּיטל 23

# דער לאָקאויט און גענעראַל־שטרייק פון 1916

נאָך פּסח 1916, איז געוואָרן „סלעק" אין טרייד. די צייט האָבן די מאַנופאַקטשורערס אויסגעקליבן צו מאַכן אַ לאָקאויט. דעם דאָזיקן לאָקאויט האָט די קלאָוקמאַכער־יוניאָן באַטראַכט ווי אַן אַרויסרוף פון דער „מאַנו־פאַקטשורערס אַסאָסיאיישאָן" און האָט באַשלאָסן צו רעאַגירן מיט אַ שטאַר־קער קעגן־אַקציע: אַלס ענטפער אויפן לאָקאויט האָט די יוניאָן באַשלאָסן צו דערקלערן אַ גענעראַל־שטרייק. מיר האָבן זיך געגרייט צו אַ קאַמף אונטער שווערע אומשטענדן און אָן געלט. עס איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַ רעפערענדום וועגן שטרייק און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז 99 פּראָ־צענט קלאָוקמאַכערס האָבן געשטימט צו רופן אַ גענעראַל־שטרייק.

די יוניאָן האָט באַלד דערקלערט אַ גענעראַל־שטרייק פון די קלאָוק־מאַכערס. עס זיינען גענומען געוואָרן האַלס פאַר די שטרייקערס וואו זיי זאָלן זיך צוזאַמענטרעפן און אָפּהאַלטן מיטינגען. איך בין געוואָרן באַשטימט אַלס טשערמאַן פון דעם האָל אויף דער 4טער גאַס. סעקרעטאַר פון האָל איז געווען שיינפעלד און אַסיסטענט איז געווען שוסטערמאַן. מיר האָבן געהאַט אונטער אונדזער אויפזיכט גרויסע שעפּער, מיט וועלכע מיר האָבן אָפּגעהאַלטן באַזונדערע מיטינגען. מיר האָבן אַכטונג געגעבן, אַז זיי זאָלן

שיקן פיקעטן, וואָס זאָלן אַכטונג געבן אויף סקעבס. יעדן פרייטיק האָבן מיר געהאַט מיטינגען מיט די טשערלייט, מיר האָבן אָפּגענומען באַריכטן און דיסקוטירט פאַרשיידענע אַקטועלע פּראָבלעמען.

איך בין אַ גאַנצן טאָג געווען פאַרנומען מיטן שטרייק, איך האָב מיין גאַנצע מי און צייט אָפּגעגעבן דעם שטרייק. אין דער אַרבעט האָבן מיר זיך איינגעלעבט ווי גוטע חברים און געבליבן פריינד אויף לאַנגע יאָרן. איינער פון די טשערלייט, זיין נאָמען איז גאַלאָפּ, איז שפּעטער געוואָרן דער אַסיסטענט־מענעדזשער פון לאָקאַל 1. נאָכן שטרייק האָב איך געהאַט אַן אָנגענעמען סורפּריז: די טשערלייט האָבן געקויפט אַ פּרעזענט פאַר מיר אין דעם סעקרעטאַר שיינפעלד. מיט דעם האָבן זיי אויסגעדריקט זייער פריינדשאַפט און דאַנקבאַרקייט פאַר אונדזער שווערער אַרבעט.

אין די האָלס וואו די שטרייקערס האָבן זיך געזאַמלט פלעגן קומען איינפלוסרייכע מענטשן ווי פאַרשטייערינס פון דער „וואָמענס טרייד־יוניאָן ליג" און אַנדערע. זיי האָבן גערעדט צו די שטרייקערס און זיי צוגעגעבן מוט. זיי האָבן באַזאָרגט פאַר די קינדער פון די שטרייקערס אומזיסטע מילך, יעדער איינער האָט באַקומען מילך לויט דער צאָל קינדער אין זיין פאַמיליע. זיי האָבן אויך געהאָלפן ביים פּיקעטירן די שעפּער. מען האָט געקענט זען אין דער פּיקעט־ליין אַזעלכע פּערזענלעכקייטן ווי מרס. רוזוועלט, מרס. שניידער און מרס. פּוירקינס, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן „סעקרעטערי אָוו לעיבאָר" אין רוזוועלטס קאַבינעט.

די ליבעראַלע גרופּע פון דער „וואָמענס טרייד־יוניאָן ליג" האָט אָרגאַניזירט אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע אויף 5טער עוועניו, אונטערצושטיצן מאָראַליש דעם שטרייק, זיי זיינען אַוועק צום קאַרנעגי־האָל וואו עס האָבן געהאַלטן רעדעס: מרס. רוזוועלט, מרס. שניידער, מרס. פּוירקינס און אַנדערע.

די דעמאָנסטראַציע אויף 5טע עוועניו איז געווען אַ לעבהאַפטע. מען האָט געזונגען און געוואָרפן לאָזונגען: לעבן זאָל די יוניאָן! אַלע רעדנער אין קאַרנעגי־האָל האָבן שאַרף אַטאַקירט די „מאַנופאַקטשורערס אַסאָסיאיישאָן" פאַר דעם לאָקאַוט. די פּרעסע האָט באַריכטעט וועגן דעם אין אַלע צייטונגען, וועלכע האָבן אויך געבראַכט בילדער פון דער דעמאָנסטראַציע. די עפנטלעכע מיינונג איז געווען אויף דער זייט פון דער יוניאָן. איינפלוסרייכע פּערזענלעכקייטן האָבן זיך אַריינגעמישט און האָבן זיך באַמיט צו ברענגען צו אַן אויסגלייך. סוף־כל־סוף האָט דער שטרייק־קאָמיטעט זיך געאייניקט מיט די מאַנופאַקטשורערס וועגן די באַדינגונגען צו פאַרענדיקן דעם גענעראַל־שטרייק. די זיצונג פון גענעראַל־שטרייק־קאָמיטעט האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט. דער סעטלעמענט איז באַשטעטיקט געוואָרן.

משה רובינס גרופּע האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט און פאַרשפּרייט

קלאַנגען אַז דער שטרייק איז פאַרראַטן געוואָרן דורך די פירער. די „וואָר־הייט״ איז אויך אַרויס מיט אַן ענלעכן פאָרוואורף. דער „פאָרווערטס״ האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער יוניאָן און האָט פאַרטיידיקט דעם סעטלעמענט. עס זיינען געריפן געוואָרן מיטינגען פון די קלאָוקמאַכערס צו באַשטעטיקן דעם סעטלעמענט, זיינען גרופּעס פון משה רובינס חברה אַריין אין די האָלס בעת די מיטינגען און געריפן דעם עולם צו קומען צו דער „פאָרווערטס״־געביידע, אויף אַ דעמאָנסטראַציע וואו עס וועט רעדן ד״ר הורוויץ. אַ סך שטרייקערס זיינען אַהין געלאָפן, געטומלט און געבראָכן די פענצטער אין דער „פאָרווערטס״־געביידע, שרייענדיק אַז מען האָט זיי פאַרראַטן.

אין סטייוועסענט קאַסינאָ האָל, האָט גערעדט פּרעזידענט שלעזינגער. מ׳האָט אים ניט געלאָזט ריידן און אויף אים געשריגן „פאַררעטער״. חברה האָבן זיך געוואָרפן אויף אים שלאָגן, מ׳האָט אים קוים אַרויסגעראַטעוועט. מען האָט אים געמוזט אַרויספירן פון האָל אונטער אַ שוץ. אַזוי אויפגע־העצט זיינען אַ טייל קלאָוקמאַכערס געוואָרן דורך משה רובינס קליקע.

אונדזער האָל אויף דער 4טער גאַס איז געווען איבערגעפּאַקט מיט שטרייקערס. איך האָב גערעדט צו די פאַרזאַמלטע און זיי אויפגעקלערט די סיבות פאַר וואָס מען האָט געמוזט איינגיין אויף דעם סעטלעמענט. איך האָב זיי געוואָרנט ניט צו לאָזן זיך פאַרפירן פון די שונאים פון דער יוניאָן. מיר דאַרפן, האָב איך געזאָגט, אויפקלערן און באַהאַנדלען דעם סעטלע־מענט פּונקט נאָך פּונקט, אויב עמיצער פון די קלאָוקמאַכער איז אומצו־פרידן מיט אַ פּונקט האָט ער אַ רעכט צו שטימען קעגן. בעת איך בין גע־שטאַנען אויף אַ שטול אין מיטן האָל און גערעדט איז הינטער מיר געשטאַ־נען אַן איטאַליענער און האָט זיך געריסן מיך צו שלאָגן, אין אַ געוויסן מאָ־מענט האָט ער אַרויסגעכאַפּט אַ מעסער, לעבן אים איז געשטאַנען צוקערמאַן, דער טשערמאַן פון לואיס קאהנס שאָפּ, ער איז געווען אַ הויכער און ברייט־בייניקער, אַן אמתער גיבור: דערזעענדיק ווי דער איטאַליענער וויל זיך וואַרפן אויף מיר מיטן מעסער, האָט ער געטאָן אַ ריס אַרויס פון זיין האַנט דאָס מעסער. ס׳איז אַנטשטאַנען אַ גרויסער טומל אין האָל. דערווייל זיינען אין האָל אַריינגעלאָפן עטלעכע פון רובינס לייט און אויסגערופן, אַז עס קומט פאָר אַ מיטינג ביי דער „פאָרווערטס״־געביידע. דאָס דערהערנדיק, זיינען כמעט אַלע אַרויסגעלאָפן פון האָל און געבליבן בין איך, צוקערמאַן און אַ קליינע גרופּע.

באַלד איז געריפן געוואָרן אַן עקסטרע זיצונג פון דעם גענעראַל־שטרייק־קאָמיטעט. יעדער האָל־טשערמאַן האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון דער סיטואַציע און פון דער שטימונג פון די שטרייקנדיקע אין זיין האָל. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַדורכצופירן אַ געהיימע אָפּשטימונג וועגן דעם

סעטלעמענט און מען זאָל שטימען יעדן פּונקט באַזונדער, מען האָט אויך באַשלאָסן ניט אַריינצולאָזן ביי דער אָפּשטימונג קלאָוקמאַכערס פון אַנ־דערע האָלס. דער „פּאָרווערטס" האָט גערופן אַלע קלאָוקמאַכערס זיי זאָלן אַלע ווי איינער קומען יעדער אין זיין האָל און שטימען. די קלאָוקמאַכערס האָבן זיך באַרואיקט און זיי האָבן שוין איינגעזען אַז מ'האָט זיי פאַרפירט און אָנגעצויגן. די געהיימע אָפּשטימונג איז צוגעגאַנגען שטיל און אין אָרדע־נונג, דער אַגרימענט איז געוואָרן גוטגעהייסן.

אין דעם עקזעקוטיוו־באָרד פון לאָקאַל 9 איז געווען אַ קעגנערשאַפט קעגן דעם אַגרימענט, ווייל אַ געוויסער אויסדרוק אין אָפּמאַך — דאָס וואָרט „עפּישענט" איז ניט געווען קלאָר. מען האָט ניט געוואוסט וואָס עס מיינט, האַלפערן, שלעזינגער און הילקוויט האָבן געפּרוואוט געבן צו פאַרשטיין די באַדייטונג פון וואָרט. טייל מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע האָבן גע־מיינט, אַז מען וויל זיי אָפּנאַרן. הילקוויט האָט זיי צוגעזאָגט אויפצונעמען דעם ענין מיט דער „אַסאָסיאיישאָן", אַז אַנשטאָט דעם וואָרט „עפּישענט" זאָל זיין „רעגולער". הילקוויט האָט פאַרזיכערט, אַז זיי וועלן מסכים זיין דערצו, ווייל עס מיינט דאָס זעלבע. ערשט דעמאָלט האָט די גאַנצע עקזע־קוטיווע מסכים געווען גוטצוהייסן דעם אַגרימענט.

דער שטרייק־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צוריקצושיקן די אַרבעטער אין די שעפּער ביי דער באַגלייטונג פון מוזיק, אָן אונטערשייד ווי גרויס דער שאַפּ איז, מענטשן האָבן מיט מיט באַוואונדערונג געקוקט אויף דער מאָדנער דערשיינונג, ווי אַרבעטער גייען אין באַגלייטונג פון אָרקעסטער, ווי זיגער נאָך אַ שלאַכט.

## קאַפּיטל 24

# אין מיין היים הערשט נאָך אַלץ די נויט

איך בין געווען אַזוי שטאַרק אַריינגעטאָן אין די יוניאָן־קאַמפּן אַז איך האָב פּשוט פאַרנאַכלעסיקט מיין אייגענע פאַמיליע.

אין דעם טאָג, געווען איז דאָס דעם 7טן אויגוסט, ווען מען האָט מיט מוזיק געפירט די אַרבעטער צוריק אין די שעפּער בין איך אַזוי געווען איבערגענומען מיט דעם געוואונענעם קאַמף, אַז איך בין אַ גאַנצן טאָג געווען פאַרנומען מיט די יוניאָן־אינטערעסן און איך האָב אין גאַנצן פאַרגעסן אַז איך האָב איבערגעלאָזט אין דער היים מיין פרוי אין די לעצטע טעג פון שוואַנגערשאַפט. בעת איך בין געווען אַזוי פאַרהאַוועט אין די יוניאָן־ביזנעס איז אין מיין היים פאָרגעקומען אַ דראַמאַטישע געשעעניש — מיין

פרוי האָט געבוירן אַ קינד — און איך בין אין דער היים ניט געווען. ווען מיין פרוי האָט באַקומען די געבורט־ווייען איז קיינער אין הויז ניט געווען אַ חוץ מיינע צוויי קליינע קינדער, פלאָרענס און דייוויד, זיי האָבן זיך דער־שראָקן און אָנגעהויבן וויינען און שרייען. אַ שכנה האָט דערהערט די געשרייען איז זי אַריינגעקומען און געלאָפן רופן אַ דאָקטער. מען האָט מיך כסדר גערופן אויפן טעלעפאָן אין דער יוניאָן, אָבער מען האָט מיך נישט געקענט געפינען. דער דאָקטער האָט זיך געוואונדערט וואָס פאַר אַ סאָרט מאַן איך בין וואָס איך לאָז איבער אַ פרוי אין אַזעלכע אומשטענדן און איך שמעק אפילו נישט אַריין אין שטוב אַ גאַנצן טאָג געוואָר ווערן וואָס עס הערט זיך.

ווען איך בין אַ היים געקומען שפּעט ביינאַכט און איך האָב דערזען די מומע חיה־איטע פון דאַון־טאַון, האָב איך באַלד פאַרשטאַנען וואָס עס איז געשען. איך האָב זיך פאַרשעמט און כ׳האָב זיך צעוויינט. די מומע איז צו מיר צוגעקומען און האָט מיר אָנגעזאָגט די גוטע בשורה אַז מיין פרוי האָט געהאַט אַ יינגעלע. איך בין אַריין אין צווייטן צימער צו מיין פרוי און כ׳האָב איר געבעטן, זי זאָל מיר מוחל זיין. זי האָט נישט געטראָגן אויף מיר קיין כעס. זי האָט געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר מיין אַקטיווקייט אין דער יוניאָן און זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דער היינטיקער טאָג, נאָכן געוואונענעם שטרייק, איז פאַר מיר געווען אַ סאָרט יום־טוב און איך האָב צוליב דעם יום־טוב זיך אַ ביסל פאַרגעסן.

איך בין געווען פול מיט פרייד צוליבן געבורט פון מיין קינד און פול מיט ליבע צו מיין פרוי, וועלכע ליידט שטילשווייגנדיק און טראָגט דעם שווערן עול פון דער פאַמיליע מיט אַזוי פיל ליבע און איבערגעגעבנקייט, וואָס זי קלאָגט זיך קיינמאָל נישט איבער איר ביטערן גורל און זי מאַכט מיר נישט קיין פאָרוואורפן וואָס איך גיב איר אַזוי וויניק באַקוועמלעכקייטן אין לעבן.

די מומע חיה־איטע האָט צוגעגרייט אַ ברית פון אַל דאָס גוטס. מיר האָבן מיין זונעלע אַ נאָמען געגעבן משה (היינט רופט ער זיך מאָרי). איך האָב זיך געפילט יום־טובדיק: אי צוליבן ברית, אי צוליבן פאַרענדיקטן שטרייק. איך האָב נישט געהאַט צו באַצאָלן דעם דאָקטער סאָבעל וואָס האָט אָפּגענומען דאָס קינד ביי מיין פרוי. ער איז אָבער געווען אַ פיינער מאַן, האָט ער מיך באַרואיקט און מיר געזאָגט, אַז ער איז גרייט צו וואַרטן מיטן האָנאָראַר ביז איך וועל אָנהייבן אַרבעטן.

איך בין נאָך אַלץ געווען אָן אַרבעט. אין דער צייט ווען איך האָב אַלע שטרייקערס פון מיין האָל צוריקגעשיקט צו דער אַרבעט, בין איך געבליבן אויפן גאַס. איך האָב דאָס אַלץ אַראָפּגעשלינגען שטילשווייגנדיק, כאָטש איך מוז זאָגן אַז עס איז געווען אַ גרויסע עוולה פון ווישניאַקן, דעם מע־

נעדזשער פון דזשאָינט־באָרד, און פון דער יוניאָן בכלל, וואָס זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַזאַ גלייכגילטיקייט צו מיר און צו די אַנדערע זיבן מיטגליי־דער פון שטרייק־קאָמיטעט בעת דעם שטרייק ביי בען גוישלין. די אַכט אַרבעטער האָבן זייער צייט און מי און זייער געזונט אַוועקגעגעבן פאַר דער יוניאָן, אָבער אין דער יוניאָן איז קיינעם נישט אָנגעגאַנגען, וואָס איך — און די רעשט זיבן — האָבן נישט קיין ברויט פאַר פרוי און קינדער. מיין פרוי האָט מיר פאַרלייכטערט מיין ביטער געפיל, זי האָט קיינמאָל זיך נישט באַקלאָגט אויף דער שווערער לאַגע פון איר און די קינדער. שטענדיק איז זי געווען מיט אַ שמייכל און מיט אַ לידל אויף אירע ליפּן. אַ לידל פון עדעלשטאַט, צי פון רייזען אָדער ראָזענפעלד, זי האָט זיך געזונגען אַ לידל פון אַרבעטער־נויט. געזונגען האָט זי פאַר צרות. ווייל צרות האָבן איר אין הויז נישט געפעלט. אָרעמקייט און נויט האָט געהערשט אין מיין הויז. קיין אַרבעט האָב איך אַלץ נישט געקענט געפינען.

נאָכן שטרייק האָט זיך אין די שעפּער איינגעשטעלט די אַרבעט אין פולן גאַנג. אַרבעטער האָבן גוט פאַרדינט, אָבער איך האָב וואָך נאָך וואָך געזוכט אַרבעט. די יוניאָן האָט זיך אַלץ וועגן דעם נישט געקימערט, אָבער אַהרן טערעספּאָלסקי, אַן עקזעקוטיוו־מיטגליד פון לאָקאַל 9, האָט מיך אַרויפגענומען צו הייםאַן און זיגלער, וואו ער האָט געאַרבעט. דאָרטן האָבן געאַרבעט נאָך עטלעכע עקזעקוטיוו־מיטגלידער פון דער דאַון־טאַון־סעקציע. זיי האָבן מיר געהאָלפן בלייבן אַרבעטן אין דעם שאַפּ. איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן און האָב זיך גענומען באַצאָלן מיינע חובות: דעם דאָקטער, דעם לענדלאָרד, דעם גראָסערימאַן און אַנדערע. נאָך איידער איך האָב באַוויזן אָפּצוצאָלן אַלע חובות איז ווידער געוואָרן „סלעק" אין טרייד, און איך האָב ווידער געדאַרפט אָנהייבן לעבן אויף באָרג. אַזוי האָב איך זיך געפּלאָגט ביז 1919.

קאַפּיטל 25

# קאַמף פאַר וואָך־אַרבעט און די רעכט פון די פינישער

פון דעם שטרייק אין 1916 האָבן די פינישערס גאָרניט געוואָנען. די פינישערס זיינען אַלע מאָל געווען די לעצטע צו געניסן פון אַ יוניאָן־דערגרייכונג. אין דעם שטרייק פון 1916 האָבן מיר בכלל גאָר ניט דערגרייכט אַ חוץ די אָנערקענונג פון דער גאַנצקייט פון דער יוניאָן. די יוניאָן האָט געפירט אַ פאַרביטערטן קאַמף כדי אָנצולערנען די מאַנופאַקטשורערס מער

קיין לאָקאוט ניט צו מאַכן. דער נאָמען פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן איז געוואָרן באַרימט אין דער אַמעריקאַנער יוניאָן־באַוועגונג. די עפנטלעכע מיינונג איז אויך געווען אויף אונדזער זייט. אָבער פון די אַלע שטרייקן און וויכטיקע דערגרייכונגען האָבן די פינישערס נאָך אַלץ קיין לעבן נישט געקענט מאַכן.

אַ געוויסע צייט נאָכן שטרייק איז גערופן געוואָרן אַ זיצונג פון אַלע באַאַמטע פון לאָקאַל 9 צו באַהאַנדלען די שווערע לאַגע פון די פינישערס. מען איז געקומען צום אויספיר, אַז עס אַז נייטיק אָנצוהייבן אַ קאַמף, אַז די פינישערס זאָלן באַקומען באַצאָלט פון דער וואָך. דאָס איז באַטראַכט געוואָרן ווי דער איינציקער מיטל, אַז פינישערס זאָלן אויך קענען מאַכן אַ לעבן ווי אַנדערע אַרבעטער אין דעם טרייד. די שטיק־אַרבעט, האָבן מיר זיך איבערצייגט, איז געווען די סיבה פון קאָמפּליקאַציעס ביים סעטלען די פרייזן, פון כסדרדיקע קאַמפן צווישן אַרבעטער און באַלעבאָס, און אויך פון די אומנאָרמאַלע באַציאונגען צווישן די פינישערס פון איין זייט, און פרעסערס און אָפּערייטאָרס פון דער צווייטער זייט.

צו אילוסטרירן די לאַגע פון די פינישערס וויל איך געבן איין ביישפּיל: אין שאַפּ פון א. גוישלין האָבן די פינישערס נישט געקענט מאַכן קיין גע־העריק לעבן און זיי האָבן גענומען ביי אַ פּעדלער אויף באָרג עסן, וואָס זיי האָבן געבראַכט אַהיים פאַר זייערע פאַמיליעס. צו קענען באַצאָלן דעם פּעדלער פלעגן זיי באָרגן ביים באַלעבאָס אַ פּאָר דאָלער פּאַרויס. ביים סוף סעזאָן איז דער פינישער גאָר געווען שולדיק דעם באַלעבאָס געלט. די פינישערס פלעגן כסדר באָרגן אַלץ מער און זיינען געבליבן שולדיק דעם באַלעבאָס אַלץ מער געלט. צוליב דעם האָט האַלפערן איין מאָל אָפּגעשטעלט די פינישערס פון דער אַרבעט, און ער האָט פאַרלאַנגט פון זיי, זיי זאָלן זיך דערקלערן באַנקראָט און נישט באַצאָלן גוישלינען די חובות, וואָס זיי האָבן זיך ביי אים אָנגעזאַמלט באָרגנדיק געלט אויף עסן.

די גאַנצע געשיכטע איז געווען באַשריבן אין דער „נייער פּאָסט" אונטערן קעפּל „די אַרבעטער פון א. גוישלינען האָבן באַנקראָטירט".

הכלל, די באַראַטונג פון די באַאַמטע האָט באַשלאָסן אָנגעמען האַל־פערנס פּאָרשלאַג אַרויסצוקומען מיט דער פאָדערונג אַז עס זאָל איינגעפירט ווערן וואָך־אַרבעט פאַר די פינישערס. דער באַשלוס איז באַלד גוטגעהייסן געוואָרן דורך דעם עקזעקוטיוו־באָרד, וועלכער האָט אָנגעהויבן אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די פינישערס פאַר דער נייער פאָדערונג.

די פינישערס האָבן באַגריפן דעם דאָזיקן באַשלוס צו פאָדערן וואָך־אַרבעט. בלויז אַ קליינע צאָל איז געווען קעגן, דאָס זיינען געווען די וואָס האָבן געהאַלטן מיידלעך צו הילף ביי דער אַרבעט. מיר האָבן דורכגעפירט אַ רעפערענדום צווישן די פינישערס מיט דער פראַגע, צי מיר וואָלטן גע־

דאַרפט שטרייקן אויב די באַלעבאַטים וועלן אונדז נישט נאָכגעבן. 99 פראָ־צענט האָבן זיך אין דעם רעפערענדום אַרויסגעזאָגט פאַר אַ שטרייק.

אונדזער פאָרלאַנג פאַר איינפירן וואָך־אַרבעט איז דעמאָלט אַריבער צום דזשאָינט־באָרד צום אָקצעפּטירן. אַשפּיז פון לאָקאַל 1, ד״ה פון די אָפּערייטאָרס, איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן, מיט אים זיינען אויך געווען די דזשאָינט־מיטגלידער פון לאָקאַל 17. די פראַגע האָט זיך געשלעפּט אין דזשאָינט־באָרד אַ לאַנגע צייט, האַלפּערן האָט יעדעס מאָל אויף דאָס ניי אויפגעהויבן די פראַגע. צו הילף האַלפּערנען זיינען שפּעטער געקומען מאָריס זיגמאַן און ישראל פיינבערג, כאָטש פיינבערג האָט אונדז נישט געשטיצט אָפן דערפאַר, וואָס די שטעלונג פון לאָקאַל איינס איז געווען קעגן. זיגמאַן, דער גענעראַל־מענעדזשער האָט ענדלעך באַשלאָסן, אַז די פראַגע דאַרף אַוועקגעשטעלט ווערן אויף דער טאָג־אָרדענונג פון דער קאָנ־ווענשאָן פון דער „אינטערנאַשיאָנאַל״.

אויף דער קאָנווענשאָן אין באָסטאָן אין 1918 האָבן די דעלעגאַטן פון אונדזער לאָקאַל אַריינגעטראָגן אַ רעזאָלוציע אַז עס זאָל אַרויסגעשטעלט ווערן די פאָדערונג איינצופירן וואָך־אַרבעט פאַר די פינישערס אין דעם קלואָק־טרייד אין ניו־יאָרק.

דערווייל האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז אונדזער אָקטיווער טוער הערי פישער, געפינט זיך אין אַן אַרמיי־קעמפּ נאָענט פון באָסטאָן, און אַז מען האַלט אים ביים שיקן צום פראָנט. אויך סאָרקין איז אין דער זעלבער צייט גענומען געוואָרן אין דער אַרמיי און ער איז אַוועק ווען מיר דעלעגאַטן האָבן זיך געפינען אין באָסטאָן.

מיר האָבן פאָרלאַנגט, אַז די קאָנווענשאָן זאָל זיך ווענדן צו די געהע־ריקע אויטאָריטעטן צו באַפרייען פישערן אויף עטלעכע טעג פון קעמפּ, כדי ער זאָל זיך קענען באַטייליקן אין דער קאָנווענשאָן. אַזאַ באַשלוס איז געוואָרן אָנגענומען און אַ טעלעגראַמע איז געשיקט געוואָרן צום קאָמענ־דאַנטט פון אַרמיי־קעמפּ מיט דער ביטע אים פריי צו לאָזן אויף דער צייט פון דער קאָנווענשאָן. אַזוי איז געשען. הערי פישער איז געקומען צו דער קאָנווענשאָן, וואו ער האָט באַקומען אַ וואַרעמע אויפנאַמע. ער האָט פאַר־בראַכט אין אַ היימישער, חברישער סביבה און געווען גליקלעך דערפון. צום סוף פון דער קאָנווענשאָן האָבן מיר אים איינגעאָרדנט אַ שיינעם באַנ־קעט און מיר האָבן זיך מיט אים האַרציק געזעגנט.

אויף דער קאָנווענשאָן זיינען געשטאַנען צוויי וויכטיקע פראַגן: איינע — די פראַגע פון וואָך־אַרבעט פאַר די פינישערס, די צווייטע — די פראַגע פון לאָקאַל 17.

האַלפּערן האָט דער ערשטער גערעדט אין דער פראַגע פון וואָך־אַר־בעט, ער האָט אויפגעוויקלט פאַר דער קאָנווענשאָן דאָס גאַנצע פּראָבלעם:

ער האָט געשילדערט די שווערע לאַגע פון די פינישערס, וואָס קענען קיין לעבן נישט מאַכן. ער האָט דערמאָנט, וואָס ד״ר אַדלערס „קאָונסיל אָוו קאָנסיליאַיישאָן״ האָט אויפגעדעקט פאַר דער עפנטלעכקייט, אַז דער גאַנ־צער דורכשניט פאַרדינסט פון אַ פינישער איז $6.75 אַ וואָך. מאָריס זיגמאַן האָט אים שטאַרק געשטיצט. אַרויסגעטראָטן קעגן האַלפערנס רעזאָלוציע איז אַשפּיז פון לאָקאַל איינס און העלער פון לאָקאַל 17, אַלע דעלעגאַטן פון לאָקאַל איינס זיינען געווען קעגן, נאָר ישראל פיינבערג איז געווען פאַר. אויך פּרעזידענט שלעזינגער איז געווען קעגן וואָך־אַרבעט און ער האָט זיך באַמיט צו ווירקן אויף די דעלעגאַטן, אַז זיי זאָלן אָפּוואַרפן דעם פאָרשלאָג פון וואָך־אַרבעט פאַר די פינישערס.

מאָריס זיגמאַן און האַלפערן האָבן געאַרבעט טאָג און נאַכט און האָבן געפירט אַן אומדערמידלעכע פּראָפּאַגאַנדע, אַז די רעזאָלוציע־קאָמיטע פון דער קאָנווענשאָן זאָל אַריינטראָגן אַ רעזאָלוציע צום פּלענום איינצופירן וואָך־אַרבעט פאַר די פינישערס.

מיר, דעלעגאַטן פון לאָקאַל 9, האָבן איינגעאָרדנט אַ צוזאַמענטרעף מיט די באָסטאָנער דעלעגאַטן־פינישערס, מיר האָבן גערעדט מיט יעדן דעלעגאַט באַזונדער אויף דער קאָנווענשאָן און געפּרואווט איבערצייגן אין דער גערעכטיקייט פון אונדזער פאָדערונג.

ווען עס איז געקומען אויפן פּלענום פון דער קאָנווענשאָן צו שטימען רעזאָלוציעס, האָט מען צום ערשטן באַטראַכט די פראַגע פון לאָקאַל 17,, ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן איבערגעבן דעם ענין צו דער גענעראַל־עקזע־קוטיוו־באָרד צום פאַרהאַנדלען.

דאַן האָט די קאָנווענשאָן אויפגענומען די פראַגע פון וואָך־אַרבעט פאַר די ניו־יאָרקער פינישערס. אַ מאַיאָריטעט פון דער קאָמיטע האָט רעקאָ־מענדירט דער קאָנווענשאָן אָנצונעמען אַ רעזאָלוציע, אַז קיין באַזונדערע שטאָט האָט נישט קיין רעכט איינצופירן וואָך־אַרבעט. דער באַריכט פון דער מינדערהייט פון דער קאָמיטע איז געווען, אַז די קאָנווענשאָן זאָל יאָ באַ־שליסן צו געבן רעכט דער יוניאָן פון יעדער שטאָט איינצופירן וואָך־אַר־בעט, אויב זי האַלט עס פאַר נייטיק. אַשפּיז פון לאָקאַל 1 האָט געהאַלטן אַ לאַנגע רעדע פאַרטיידיקנדיק דעם באַשלוס פון דער מערהייט אין דער רעזאָלוציע־קאָמיטע. דער מענעדזשער פון לאָקאַל 17 האָט אויך געהאַלטן אַ רעדע אין דעם זעלבן גייסט. דזשעק האַלפערן האָט פאַרטיידיקט די מינדערהייט־רעזאָלוציע, ד״ה איינצופירן וואָך־אַרבעט, ער האָט גערעדט פול מיט האַרץ, שילדערנדיק די שווערע לאַגע פון די פינישערס, וועלכע ראַנגלען זיך מיט דער נויט און קענען פון זייער אַרבעט נישט אויסהאַלטן ווייב און קינדער. און אַ גרויסע צאָל פון זיי מוזן אָנקומען צו פילאַנטראָ־

פישער הילף, און די דאָזיקע הילף איז אַ דערנידעריקונג פאַרן מענטשן. צום סוף האָט ער אַפּעלירט צו די דעלעגאַטן זיי זאָלן באַשליסן איינצופירן וואָך־אַרבעט פאַר די פינישערס.

מאָריס זיגמאַן האָט געהאַלטן אַ וואַרעמע רעדע לטובת דעם לאָקאַל 9 און די פינישערס. ער האָט געהאַלטן, אַז וואָך־אַרבעט דאַרף איינגעפירט ווערן נישט בלויז אין ניו־יאָרק נאָר אויך איבערן גאַנצן לאַנד אין דעם קלאָוק־טרייד. דער לעצטער האָט גערעדט דער פּרעזידענט פון „אינטער־נאַשיאָנאַל" שלעזינגער. ער האָט געשטיצט דעם פאָרשלאַג פון דער מאַ־יאָריטעט פון דער רעזאָלוציע־קאָמיטע ניט איינצופירן קיין וואָך־אַרבעט ביי די פינישערס. ענדלעך איז מען צוגעטרעטן צו דער אָפּשטימונג. עס איז געשען אַ זאַך וואָס טרעפט זיך זעלטן אויף אַ קאָנווענשאָן: די מער־הייט פון דער רעזאָלוציע־קאָמיטע איז אַדורכגעפאַלן, עס איז אָנגענומען געוואָרן דער פאָרשלאַג פון דער מינדערהייט אַז מען דערלויבט ניו־יאָרק איינצופירן וואָך־אַרבעט פאַר די פינישערס. עס איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע אָוואַציע פון די דעלעגאַטן און געסט. דאָס איז געווען אַ גרויסער זיג פאַר די פינישערס און פאַרן לאָקאַל 9. עס האָט זיך פאַר אונדז געעפנט די מעג־לעכקייט פון פירן אַ קאַמף צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די פינישערס אין ניו־יאָרק.

מיר אַלע האָבן אָפּגעשאַצט דעם אומדערמידלעכן קאַמף וואָס עס האָבן געפירט האַלפּערן און זיגמאַן. איך האָב האַלפּערנען באַדאַנקט אין נאָמען פון לאָקאַל 9 פאַר זיין שווערן קאַמף, וואָס האָט געגעבן די געוואונטשענע רעזולטאַטן. זיגמאַן, אַלס דער גענעראַל־מענעדזשער פון דער דזשאָינט־באָרד אין ניו־יאָרק, האָט צוגעזאָגט דורכצופירן אין דער דזשאָינט־באָרד דעם באַשלוס פון דער קאָנווענשאָן.

*
**

ווען איך בין אַהיים געקומען פון דער קאָנווענשאָן, האָב איך געטראָפן מיין פרוי אַ ווייַנענדיקע. אונדזער זונעלע דייוו, האָט געהאַט נומאָניע. איך האָב תיכף גערופן אַ דאָקטער, און אין פאַרלויף פון אַ פּאָר וואָכן איז דאָס קינד געזונט געוואָרן. עס האָט מיך ווידער אָנגעהויבן פּלאָגן דאָס געוויסן, פאַרוואָס איך גיב נישט אָפּ מער צייט פאַר מיין פרוי, פאַר דער היים און פאַר די קינדער, אָנשטאָט אָפּצוגעבן מיין גאַנצע צייט און מי פאַר דער יוניאָן. כ'האָב נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מיין פרוי וואַרפט מיר דאָס קיינמאָל נישט פאָר וואָס איך האַנדל אַזוי. אָבער ווען זי האָט מיר אַמאָל יאָ פאָרגעוואָרפן פאַרוואָס איך גיב נישט אַוועק אַביסל צייט פאַר דער היים און די קינדער — איז עס מיר אויסגעקומען אומגערעכט, ווייל איך בין

דאָך קיין קאָרטן־שפּילער נישט געווען, און זי האָט גאַנץ גוט געוואוסט אַז די יוניאָן־אַרבעט איז געווען ביי מיר די צווייטע נאַטור, אויב נישט טאָקע די הויפּט־טרייבקראַפט פון מיין לעבן. איך האָב געפילט אַז די שווערע לאַגע מיינע איז נישט בלויז מיינס אַן ענין, נאָר אויך פון די ברידער מיינע אין שאַפּ, איך האָב געפילט אַז איך מוז קעמפן צו פאַרבעסערן די דאָזיקע שווערע באַדינגונגען פון אונדז פינישערס, און איך האָב געמוזט טאָן וואָס איך האָב נאָר געקענט דעם ציל צו דערגרייכן. האָב איך איצט פאַר־זיכערט מיין פרוי, אַז נאָך דעם ווי מיר וועלן איינפירן וואָך־אַרבעט וועט אונדזער לאַגע זיך פאַרבעסערן און איך וועל האָבן מער צייט צו פאַרברענגען מיט מיין פאַמיליע.



מאיר קושנער, דער מחבר, אין יאָר 1918

*
**

דער עקזעקוטיוו־באָרד פון לאָקאַל 9 האָט באַשלאָסן צו רופן אַ גרויסן מיטינג פון די פינישערס און אָפּגעבן אַ באַריכט פון דער קאָנווענשאָן. דער מיטינג האָט גוטגעהייסן דעם באַריכט פון דער קאָנווענשאָן. האָבן מיר דאַן אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער ריכטונג אַז דער דזשאָינט־באָרד זאָל באַשטעטיקן דעם באַשלוס פון דער קאָנווענשאָן איינצופירן וואָך־אַרבעט.

אין דזשאָינט־באָרד איז ווידער אָנגעגאַנגען דער קאַמף פאַר דורכפירן וואָך־אַרבעט. לאָקאַל איינס און לאָקאַל 17 האָבן ווייטער שטאַרק באַקעמפט דעם פאָרשלאַג. מיט אונדז זיינען געשטאַנען די פירערס פון דער קאָטער־יוניאָן, לאָקאַל 10. דער לאָקאַל 35 פון די פרעסערס האָבן זיך נישט געמישט, זיי איז דער גאַנצער ענין נישט אָנגעגאַנגען צוליב דעם, וואָס אַ סך פון זיי האָבן געאַרבעט אין שעפער פון לאָקאַל 17 — זיינען זיי געווען נייטראַל. די דאָזיקע שטעלונג פון די פרעסערס איז געווען אַ ניט־חברישע, ווייל זיי אַליין האָבן גענאָסן פון וואָך־אַרבעט. דער קאַמף אַרום דעם ענין אין דזשאָינט־באָרד איז געוואָרן אַ פאַרשלעפּטער, האָט זיגמאַן פאָרגעשלאָגן, מען זאָל איבערגעבן דעם ענין צו אַ רעפערענדום פון די קלאָוקמאַכער: יאָ אָדער נישט וואָך־אַרבעט. דער דזשאָינט־באָרד האָט זיגמאַנס פאָרשלאַג אָנגענומען. אין דעם רעפערענדום האָט אַ גרויסע מערהייט פון די קלאָוקמאַכער זיך אַרויסגעזאָגט פאַר וואָך־אַרבעט. אָבער אַ גרויסע צאָל פון די קלאָוקמאַכערס פון לאָקאַל 17, וואו דער עקזעקוטיוו־באָרד איז געווען קעגן וואָך־אַרבעט, האָבן געשטימט קעגן, ווייל די עקזעקוטיוו־מיטגלידער האָבן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס און זיי האָבן געמאַכט אַ דרוק אויף זייערע מיטגלידער צו שטימען קעגן וואָך־אַרבעט.

נאָך דעם ווי דער רעפערענדום האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַ וואָך־אַרבעט, האָט ישראל פיינבערג אָנגעהויבן אַקטיוו באַטייליקן זיך אין דער אַקציע צו רעאַליזירן די פאָדערונג. ביים שליסן אַ נייעם אָפּמאַך מיט די מאַנופאַקטשורערס איז אין דער ערשטער רייע אַרויסגעשטעלט געוואָרן די פאָדערונג איינצופירן וואָך־אַרבעט פאַר אַלע קלאָוקמאַכערס. די מאַנופאַקטשורערס האָבן צוריקגעוויזן די פאָדערונג, צוזאַמען מיט אַנדערע פאָדערונגען. דערויף האָט דער דזשאָינט־באָרד באַשלאָסן צו רופן אַ גענעראַל־שטרייק פון דער גאַנצער קלאָוקמאַכער־אינדוסטריע. לאָקאַל איינס און לאָקאַל 17 זיינען געווען קעגן רופן אַ שטרייק. זיגמאַן און האַלפּערין האָבן געפירט אַ קאַמף פאַר רופן אַ שטרייק. ישראל פיינבערג איז נישט געווען איינשטימיק מיט דער שטעלונג פון זיין אייגענעם לאָקאַל. טראָץ דער קעגנערשאַפט פון העלערן, דעם מענעדזשער פון לאָקאַל 17 און פון אַשפּיז, האָט דער דזשאָינט־באָרד באַשלאָסן צו רופן אַ גענעראַל־שטרייק.

דער שטרייק איז גערופן געוואָרן אין חודש יולי, 1919. דער שטרייק

איז געווען אַ קורצער און נישט געווען קיין פאַרביסענער. עס איז נאָר וואָס פאַרענדיקט געוואָרן די מלחמה און די מלחמה־פּראָספּעריטי האָט נאָך אָנ־געהאַלטן אין דער קלאָוק־אינדוסטריע, די באַלעבאַטים האָבן געוואָלט וואָס גיכער צוריק עפענען די שעפּער, אַחוץ האָט מען אויף די מאַנופאַקטשורערס געמאַכט אַ דרוק פון די הויכע פענצטער צו סעטלען דעם שטרייק. גאָווער־נאָר מיטשעל האָט זיך אַריינגעמישט, אַז דער שטרייק זאָל וואָס גיכער געסעטעלט ווערן.

ביידע צדדים זיינען זיך צוזאַמענגעקומען. די ערשטע פראַגע, וואָס די יוניאָן האָט געשטעלט ווי אַ באַדינג צו סעטלען דעם שטרייק איז געווען די פאָדערונג פון וואָך־אַרבעט. די מאַנופאַקטשורערס האָבן נאָכגעגעבן די וויכטיקע פאָדערונג. זיי האָבן אויך איינגעשטימט איינצופירן אַ 44־שעהדיקע אַרבעטס־וואָך אַנשטאָט די פריערדיקע 48 שעה. דאָס זיינען געווען צוויי פון די הויפּט־פונקטן וואָס די יוניאָן האָט געוואונען און וואָס האָבן שטאַרק פאַרבעסערט די לאַגע פון די קלאָוקמאַכערס.

קאָמפּליצירטער איז געווען די פראַגע פון סעטלען די לוינען. זינט 1910 האָבן די קאַטערס און די פּרעסערס געאַרבעט אויף דער וואָך, האָט מען איצט געדאַרפט בלויז באַקומען פאַר זיי אַ העכערונג אויפן וואָכן־לוין. אָבער פאַר די אָפּערייטאָרס און פינישערס האָט מען צום ערשטן מאָל גע־דאַרפט פעסטשטעלן אַ וואָכן־לוין. פאַר די אָפּערייטאָרס און פאַר די אַנ־דערע פאַכן ווי סקוירטס־מאַכערס, עקזאַמינערס און באָטנהאָל־מאַכערס, איז אַלץ געגאַנגען נישט שווער — ביז עס געקומען צו די פינישערס.

דאָ האָבן די פאָרשטייער פון די מאַנופאַקטשורערס זיך קעגנגעשטעלט בכלל קעגן אַ מינימום־וואָכנלוין פאַר די פינישערס. די פינישערס האָבן דעמאָלט פאַרדינט אַ דורכשניט פון אַרום 12 דאָלער אַ וואָך. צו סעטלען אַ מינימום לוין פאַר אַ וואָך האָבן די מאַנופאַקטשורערס געדאַרפט גיין פיל העכער, דאָס האָט פאַר זיי אויסגעזען אַ צו ראַדיקאַלער שריט. די מאַנו־פאַקטשורערס האָבן נישט געקענט באַנעמען מיט זייערע מוחות, אַז דער פינישער איז אויך אַ מענטש וואָס דאַרף מאַכן אַ מענטשלעך לעבן. די פאָרשטייער פון די באַלעבאַטים האָבן נישט געוואָלט געבן מער ווי 20 דאָ־לער אַ וואָך מינימום־לוין פאַר די פינישערס. שלעזינגער איז שוין געווען גרייט צו סעטלען פאַר 25 דאָלער אַ וואָך. אָבער האַלפּערן איז געווען אויף דער וואַך פון די אינטערעסן פון די פינישערס און ער האָט נישט דער־לאָזט דערצו. ער האָט צום באַדוירן געדאַרפט פירן אַ קאַמף מיט אַנ־דערע יוניאָן־פירער פאַר בעסערע באַדינגונגען פאַר די פינישערס. ער איז כסדר געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די ביזנעס־אַגענטן און עקזעקוטיוו־מיטגלידער פון לאָקאַל 9 און באַריכטעט וועגן דער סיטואַציע און זיך באַ־ראַטן מיט אונדז וואָס מיר דאַרפן טאָן כדי אונדזער רעכט אויסצוקעמפן.

די מאַנופאַקטשורערס זיינען שוין גרייט געווען נאָכצוגעבן שלעזינ־

גערס פאָדערונג פון 25 דאָלער אַ וואָך־מינימום. אָבער האַלפּערן איז דערויף נישט איינגעגאַנגען. מיר האָבן גערופן אַ מיטינג און באַשלאָסן שיקן אַ דעלעגאַציע (וואָס איז באַשטאַנען פון איזי קאהן, אייב קאהאן, בענ־דער, דזשאָ קעסטין און איך) צום פּרעזידענט שלעזינגער און וואָרענען אים נישט צו סעטלען פאַר 25 דאָלער אַ וואָך, ווייל דאָס איז נאָך אַלץ אַ דיסקרימינאַציע קעגן די פינישערס, וועלכע זיינען באַרעכטיקט צוגלייך מיט אַלע אַנדערע אַרבעטער אין טרייד צו פאַרדינען אויף אַ מענטשלעך לעבן. מיר האָבן אים געוואָרנט, אַז מיר וועלן רופן אַן עפנטלעכן מיטינג און אויפדעקן דעם סקאַנדאַל פון דער באַציאונג צו אונדז פינישערס. שלעזינגער האָט אונדז באַרואיקט און פאַרזיכערט אַז מיר האָבן נישט וואָס מורא צו האָבן, ווייל מיר האָבן ווער עס זאָל פירן אונדזער קאַמף — דאָס איז דזשעק האַלפּערן, ער באַלאַנגט דאָך צו דער סעטלעמענט־קאָמיטע, קענען מיר זיין רואיק אַז עס איז דאָ ווער עס זאָל שטיין אויף דער וואַך פון אונדזערע אינטערעסן.

די מאַנופאַקטשורערס זיינען שוין גרייט געווען צו צאָלן 35 דאָלער אַ וואָך מינימום־לוין. דאָס איז געווען אַ נישקשהדיקער שפּרונג פון זייער ערשטן פאָרשלאָג פון 20 דאָלער אַ וואָך. האַלפּערן איז אָבער געשטאַנען שטאָל און אייזן פאַר די פינישערס, פאַרלאַנגענדיק אַ מינימום וואָכן־לוין פון 40 דאָלער.

דער שטרייק האָט זיך פאַרצויגן צוליב דער קאַטעגאָרישער שטע־לונג פון די פינישערס. פירערס פון דער יוניאָן זיינען געווען אין כעס אויף האַלפּערנען פאַר זיין עקשנות. זיי האָבן פאָרגעוואָרפן אַז צוליב אים קען מען דעם שטרייק נישט סעטלען.

האַלפּערן האָט גערופן אַ מיטינג פון אַלע טוער פון לאָקאַל 9 און זיי באַריכטעט וועגן דער סיטואַציע. ער האָט געהאַלטן, אַז אַ מינימום פון 40 דאָלער איז נישט איבערגעטריבן אין דער צייט וואָס די אָפּערייטאָרס באַקומען אַ מינימום פון 44 דאָלער אַ וואָך. ער האָט באַצייכנט פאַר טראַ־גיש אַ סיטואַציע וואו ער דאַרף פירן אַ קאַמף מיט אייגענע יוניאָן־ברידער פאַר די רעכט פון די פינישערס. עס האָט זיך איבערגעחזרט די לאַגע, האָט ער געזאָגט, ווי אַמאָל אין די שעפּער ווען די אָפּערייטאָרס האָבן פריער געסעטלט די פּרייזן מיט די באָסעס און אַראָפּגענומען זיך די סמעטענע, און פאַר פינישערס איז געבליבן אַ דאַר שטיקל ברויט. די זעלבע לאַגע האָט זיך איצט געשאַפן, אָבער צום באַדויערן האָבן איצט די פירער פון די אָפּערייטאָרס איבערגענומען די ראָלע.

מיר וואָלטן אפשר באַקומען די געפאָדערטע 40 דאָלער אַ וואָך, אָבער ליידער האָבן מיר נישט געהאַט די שטיצע פון דער אייגענער יוניאָן, פון אונדזערע אייגענע ברידער־אָפּערייטאָרס. האַלפּערן האָט פאָרגעלייגט אַ קאָמפּראָמיס פון 36 דאָלער אַ וואָך מינימום־לוין, איין דאָלער מער ווי די

מאַנופאַקטשורערס האָבן פאַרגעלייגט כדי אונטערצושטרייכן די רעכט פון די פינישערס און גלייכצייטיק צו מאַכן אַ סוף פון שטרייק. שלעזינגער איז געוואָרן אויפגערעגט, וואָס מיר ווילן צוליב איין דאָלער אונטערשייד זאָל מען דאַרפן פאַרציען דעם שטרייק. לסוף איז מען איינ:געגאַנגען אויף אַ קאָמפּראָמיס: די מאַנופאַקטשורערס האָבן צוגעלייגט נאָך אַ האַלבן דאָלער — און עס איז געוואָרן געסעטלט אויף $35.50 אַ וואָך מינימום־לוין פאַר די פינישערס.

אויב די פינישערס האָבן נישט באַקומען די געפאָדערטע 40 דאָלער, האָבן מיר עס צו פאַרדאַנקען דעם פרעזידענט שלעזינגער און אַנדערע יוניאָן־פירער. די אָפּערייטאָרס האָבן אַזוי אַרום אָנגעהאַלטן די ווײדזשעס מיט קנאַפּע 10 דאָלער אַ וואָך מער ווי די פינישערס. אַזאַ טראַדיציע איז געווען איינגעשטעלט אין דער יוניאָן: דער יחסן איז געווען דער אָפּערייטאָר, נאָך אים איז געקומען דער פּרעסער, און ביים סוף האָט זיך געפונען דער פינישער, יעדער איינער אין שאַפּ האָט געהאַט דאָס געגנאַר פון פינישער.

פון דעם קאַמף איז דער לאָקאַל 9 אַרויס אַ געשטאַרקטער. דער לאָקאַל האָט דערוואָרבן רעספּעקט צו זיך פון זיינע מיטגלידער און פון דער גאַנ־צער יוניאָן. ווען שלעזינגער האָט פאַרגעוואָרפן האַלפערן, אַז צוליב 50 סענט איז געוואָרן אויפגעהאַלטן דער שטרייק אַ גאַנצע וואָך, האָט אים האַלפערן געענטפערט: „מיט די 50 סענט וועלן די פינישערס קענען באַצאָלן דיוס אין דער יוניאָן".



עקזעקוטיוו־באָרד פון לאָקאַל 9 מיט אירע באַאַמטע אין 1918.

## קאַפּיטל 26

# די דערגרייכונגען פון אַ יאָרצענדליק

נאָכן שטרייק, וואָס האָט געגעבן די קלאָוקמאַכערס אַזעלכע גרויסע געווינסן, האָבן מיר דערזען, אַז די דיסציפּלין איז ביי די מיטגלידער זייער געפאַלן. עס איז שוואַכער געוואָרן דער רעספּעקט פאַרן דזשאָינט־באָרד און פאַר אַנדערע יוניאָן־אינסטאַנצן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַרבע־טער האָבן אָן דעם וויסן פון דער יוניאָן געסעטלט מיט זייערע באַלעבאַטים פאַר פּרייזן שטאַרק העכערע ווי די יוניאָן האָט געקעמפט. אָפּערייטאָרס האָבן באַקומען פון 60 ביז 80 דאָלער אַ וואָך, טייל מאָל מער; פינישערס האָבן באַקומען פון 40 ביז 70 דאָלער אַ וואָך. ס׳איז געווען אַ פּראָספּעריטי. די באַלעבאַטים האָבן געוואָלט האָבן אַ סך אַרבעט כדי גוטמאַכן דעם היזק פון שטרייק, האָבן זיי נאָכגעגעבן די אַרבעטער וואָס זיי האָבן געוואָלט. דערוויל זיינען אַלע געווען צופרידן פון דער לאַגע.

דער איינציקער אומצופרידענער איז געווען זיגמאַן. ער איז געווען אַ מענטש וואָס האָט געקענט זען ווייטער און פאַרשטיין בעסער וואָס עס קען אַרויסקומען פון אַזאַ זאַך. ער האָט געהאַלטן אַז ס׳איז נישט קיין גע־זונטע לאַגע אין טרייד ווען יעדער איינער סעטלט פאַר זיך אַליין, אפילו ווען ער באַקומט אין געגעבענעם מאָמענט בעסערע באַדינגונגען. עס וועט זיין אַזאַ לאַגע, האָט ער געהאַלטן, אַז ווען איינער וועט אַוועקגיין אין אַ צווייטן שאַפּ, וועט ער נישט קריגן דעם פריערדיקן לוין — און דאָס וועט שאַפן אומצופרידנקייט. אויב אַ העכערונג דאַרפן זי באַקומען אַלע אַר־בעטער און נאָר דורך דער יוניאָן. ניט אַלע זיינען געווען מסכים מיט דעם קוק אויף דער לאַגע ווי זיגמאַן האָט זי געזען. גאָר גיך האָט זיך אַרויסגע־וויזן אַז זיגמאַן איז געווען דער גערעכטער, ווייל די אַלע העכערונגען, וואָס מ׳האָט באַקומען איבער דער „סקעיל״, זיינען שפּעטער צוריקגעפאַלן. פיל האָבן אין דער שטיל אָנגעהויבן צו אַרבעטן פון שטיק אָדער פאַר בי־ליקער, קיינער זאָל נישט וויסן.

אָפּט האָט די יוניאָן געמוזט מסכים זיין צו פאַרקלענערן די הויכע לוינען צוליב פאַרשיידענע אומשטענדן. צוליב אָט די גרויסע לוינען האָבן די באַלעבאַטים אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַרבעט צו קאָנטראַקטאָרס און אַר־בעטער פון שאַפּ האָבן אָנגעהויבן אַרויספאַלן פון דער אַרבעט. ווען די העכערונגען וואָלטן געקומען שטופנווייז אונטער דעם קאָנטראָל פון אָפּמאַך מיט דער יוניאָן, וואָלט די יוניאָן זיך געקענט קעגנשטעלן קעגן דעם אָנ־גריף פון די באָסעס. אָבער איצט האָט די יוניאָן געמוזט איינגיין אויף רע־

דוקציעס פון די העכערונגען כדי אויסצומיידן אַז די באַלעבאַטים זאָלן אַוועקגעבן די אַרבעט צו קאָנטראַקטאָרס און די אַרבעטער פון שאַפּ זאָלן בלייבן אָן אַרבעט.

אַ סך אַרבעטער האָבן ווידעראַמאָל געהאַנדלט אויף אייגענער אחריות. זיי האָבן פאַרלאַנגט אַ גאַראַנטיע פון אַ צאָל וואָכן אין יאָר און פאַר דעם האָבן זיי מסכים געווען אַראָפּצולאָזן פון די לוינען. די יוניאָן האָט גע־קעמפט קעגן מאַכן באַזונדערע אָפּמאַכן אָן איר וויסן. אַזוי האָט דער גרוי־סער נצחון פון שטרייק געקענט, צוליב אומפאַרשטענדעניש פון אַ טייל אַרבעטער, אײַנגאַנצן צערונען ווערן.

ווי אין אַלע שעפּער, איז עס אויך געווען אין שאַפּ פון הערמאַן און זיגלער, וואו איך האָב געאַרבעט; און צוגעגאַנגען איז עס אַזוי: נאָכן שטרייק זיינען אַלע געגאַנגען צופרידענע צו דער אַרבעט, דער באַלעבאָס האָט געמאַכט אַ באַנקעט פאַר די אַרבעטער און מען האָט זיך געשטעלט אַרבעטן מיט גרויס אימפּעט. יעדער האָט זיך גענומען יאָגן ביי דער אַר־בעט, צו פּראָדוצירן מער ווי די כוחות האָבן געסטייעט, כדי צו קענען קריגן נאָך אַ גרעסערע לוין־העכערונג. די יוניאָן האָט אונדז געוואָרנט קעגן דער יאָגעניש ביי דער אַרבעט, ווייל די זאַך וועט פּלאַצן; אַרבעטן דאַרף מען ווי מענטשן. מען האָט זיך אָבער נישט צוגעהערט צו זיגמאַנס וואָרע־נונג. די לאָקאַל־מענעדזשערס האָבן זיך אויך נישט צוגעהערט צו מאָריס זיגמאַנען, זייער גענעראַל־מענעדזשער. אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען ביז די אַסאָסיאיישאָן פון די מאַנופאַקטשורערס האָט באַפוילן די באַלעבאַטים מער קיין העכערונגען נישט צו געבן צו אַרבעטער. דאַן האָבן די קלאָוק־מאַכער אָנגעהויבן אַרבעטן פּאַמעלעכער; זעענדיק דאָס, האָבן די באַלע־באַטים אָנגעהויבן אַראָפּשיקן אַרבעטער מיטן אויסרייד, אַז זיי ווילן נישט אַרבעטן לויט ווי זיי קענען. עס האָבן זיך אָנגעהויבן קאָנפליקטן אין די שעפּער און די יוניאָן האָט זיך געמוזט ווענדן מיט די אַלע קאָנפליקטן צום אומפּאַרטייאישן טשערמאַן פון טרייד. דער אומפּאַרטייאישער טשער־מאַן האָט געגעבן גערעכט דער יוניאָן, ווייל די באַלעבאַטים האָבן נישט געקענט באַווייזן אַז די אַרבעטער האָבן סאַבאָטאַזשעוועט ביי דער אַרבעט. דאַן האָבן די באַלעבאַטים אָנגעהויבן אָנווענדן אַנדערע מיטלען קעגן דער יוניאָן. זיי האָבן אָנגעהויבן שיקן די אַרבעט צו קאָנטראַקטאָרס און אין זייערע אייגענע שעפּער איז געוואָרן זייער ווייניק אַרבעט. עס האָבן צוריק אויפגעלעבט אין אַ ברייטערן מאַסשטאַב פיל קאָנטראַקטינג־שעפּער, און אין דעם זיינען די קלאָוקמאַכערס אין אַ גרויסער מאָס אַליין געווען שולדיק.

טראָץ די פאַרשיידענע שוועריקייטן מוז מען זאָגן, אַז דאָס איינפירן וואָך־אַרבעט איז געווען אַ גרויסע דערגרייכונג פאַר די פינישערס און

האָט באַדייטנדיק פאַרבעסערט זייער לאַגע. אין דעם האָט געהאַט אַ גרויסן פאַרדינסט די אָנפירונג פון לאָקאַל. דאָ דאַרפן דערמאָנט ווערן נישט בלויז דער אומדערמידלעכער מענעדזשער האַלפערן און פינאַנס־סעקרעטאַר מינקאָוו, נאָר אויך די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע: בענדער סאָלאָ־מאָן, סאָלאָמאָן נידעלמאַן, טעמקין, מאיר קושנער, פיליפ קאהאן, גאָלדנער אהרן, טערעספאָלסקי, קאנווינסקי, ראָזענבערג, ברעטשניידער, מיטשעל פישער, איידע באַקס, איווע פאשער, אייבראהאם קאַהאַן, בעני קוק, איזי קאַהאַן א״אַנד. פון אַקטיעוו טוערס דאַרפן דערמאָנט ווערן: פאלעפסקי, פאַסעצקי, גינדערסקי, גאָלדבערג, שצוקין, רובין, אמיסלאָווסקי, מאלץ, אַדלער, און אויך די ביזנעס־אַגענטן: קעסטין, סאָרקין, באַבנעץ, קויק, גאָלדבער, סאמער, שוסטער, הערמאַן מילער, הייט און עטקין.

נאָך דעם דערפאָלגרייכן שטרייק האָט די עקזעקוטיווע באַשלאָסן צו פייערן דעם זיג. מיר האָבן אַראַנזשירט אַ גרויסן פאָלקס־באַנקעט, אויף וועלכן דער עולם האָט זייער פיין פאַרבראַכט. עס האָבן דאָרט געהאַלטן פייערלעכע רעדעס: שלעזינגער, זיגמאַן, באראף און ישראל פיינבערג. אַלע האָבן געלויבט דעם אומדערמידלעכן האַלפערן און אויך דערמאָנט צום גוטן דעם עקזעקוטווי־באָרד. מיר פון אונדזער זייט האָבן אויך גע־געבן אָנערקענונג זיגמאַנען פאַר זיין גרויסער הילף. איך האָב גערעדט אין נאָמען פון עקזעקוטיוו־באָרד און איך האָב איבערגעגעבן אַ מתנה האַלפערנען און מינקאָוון אין נאָמען פון לאָקאַל 9 פאַר זייער געטריישאַפט צום לאָקאַל.

די עקאָנאָמישע סיטואַציע פון די פינישערס האָט זיך פאַרבעסערט. זיי האָבן שוין געקענט פירן אַ פיין מענטשלעך לעבן. זיי האָבן זיך אָנ־געהויבן פילן שטאָלצער און זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז זיי האָבן דאָס צו פאַרדאַנקען דער יוניאָן. דער פינישער האָט אַדורכגעמאַכט אַ שטאַרקן מהלך פון דער צייט פון גענעראַל־שטרייק אין 1910 ביז נאָכן גענעראַל־שטרייק פון 1919. ווען מען גיט איצט אַ טראַכט וועגן יענעם יאָרצענדליק, זעט מען דעם גרויסן שריט פאָראויס, וואָס דער פינישער האָט געמאַכט צו פאַרבעסערן זיין עקאָנאָמיש לעבן און זיין פּאָזיציע אין דער געזעל־שאַפט בכלל. ער האָט שוין געהאַט וואָס אַהיימצוברענגען און ער האָט שוין נישט געדאַרפט אָנקומען צו די וואוילטעטיקע געזעלשאַפטן נאָך הילף, מיט זיין אייגענעם לוין האָט ער זיך שוין געקענט דערלויבן פאַר זיך און ווייב און קינדער אַ מענטשלעך לעבן. ס׳איז פאַרשוואונדן די גרויסע דחקות פון 10 יאָר צוריק. און דאָס אַלץ איז געווען דאָס פאַרדינסט פון דער יוניאָן.



די באַאַמטע פון לאָקאַל 9 אין 1918.
האַלפערן דער מענעדזשער, מינקאָוו דער פינאַנץ־סעקרעטאַר,
מיט די ביזנעס־אַגענטן און אָפיס־אָנגעשטעלטע.

קאַפּיטל 27

# שטיינער אין וועג

אָבער די שטערערס האָבן נישט גערוט. עס האָבן שטענדיק זיך געפונען מענטשן וואָס זייערע פערזענלעכע נוצן און דערגרייכונגען זיינען ביי זיי געווען וויכטיקער ווי די דערגרייכונגען פון קאָלעקטיוו. עס איז זיי נישט געווען ניהא קיין שום געווינס, אויב דאָס האָט זיי נישט געגעבן קיין מעגלעכקייט זיך דערביי אַרויסצוהויבן, און אויב דאָס האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן, האָבן זיי געשטערט און געלייגט שטיינער אויפן וועג דער יוניאָן און איר אָנפירונג.

דער צענטער פון די דאָזיקע מאַכט־און כבוד־זוכער פון לאָקאַל 9 איז נאָך אַלץ פאַרבליבן די דאַון־טאַון־סעקציע. איך מוז צום באַדויערן פעסטשטעלן, אַז לואיס היימאַן האָט אויסגענוצט די דאָזיקע גרופע פאַר

זיינע צוועקן. נישט בלויז וואָס ער האָט נישט באַקעמפט די דאָזיקע אַנטי־יוניאָן־מענטשן נאָר ער האָט זיי אין דער שטיל צוגעגעבן מוט, ווענדיק זיי אויסנוצן פאַר זיינע צוועקן ביים רייסן זיך צום מענעדזשער־אַמט פון לאָקאַל 9. אויך אַ טייל פון דער גרופּע האָבן זיך געריסן צו יוניאָן־אַמטן, זיי האָבן געוואָלט ווערן ביזנעס־אַגענטן אָדער כאָטש אַריין אין עקזעקוטיוו־באָרד.

איינער פון זיי איז געווען אַ געוויסער באָרנשטיין, אַליין אַן אָפּגעלאָזענער מענטש, מיט אַ שמוציקן אויסזען, האָט ער זיך געריסן ווי אַ הונגעריקער נאָך אַ יוניאָן־דזשאַב. אַ צווייטער איז געווען אַדלער, אַ ליגנער, אַ מענטש אָן כאַראַקטער, אַ קאָרטן־שפּילער. ער איז געווען טשערמאַן אין שאַפּ, וואו איך האָבן געאַרבעט. עס האָט געטראָפן, אַז די געלטער, וואָס ער האָט צונויפגענומען ביי די פינישערס פאַר דיוס פאַרן לאָקאַל 9 האָט ער פאַרשפּילט אין קאָרטן און די דיוס נישט באַצאָלט, און מיטגלידער זיינען אַרויסגעפאַלן פון דער יוניאָן פאַר נישט צאָלן, זיי האָבן אַ לאַנגע צייט נישט געוואוסט וועגן דעם. אַ דריטער, סעם פּאָסעצקי, איז געווען אַ פּראָסטער בשר־ודם, אַ פּשוטער אנאַלפאַבעט, ער האָט נישט געקענט לייענען אין קיין שום שפּראַך, ער איז שוין געווען פון די מער ערלעכע פון דער חברה. נאָך איינער פון דער גרופּע, דוד מיינער, איז אויך געווען אַן אנאַלפאַבעט, ער האָט גערעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער. ער האָט זיך געקענט אַוועקשטעלן ריידן איבער די פאַרשיידנסטע פּראָבלעמען האָט מען געקענט מיינען, אַז ער לייענט ביכער און צייטונגען און ער איז געלערנט. פאַקטיש האָט ער גאָר לייכט און שנעל תופס געווען, וואָס ער האָט געהערט פון אַנדערע. מיר האָבן אויסגעפונען, אַז זיין טאָכטער פלעגט פאַר אים לייענען די פּרעסע און ער האָט שנעל איבערגענומען וואָס ער האָט געהערט. אין קאָרטן איז ער געווען אַ ליידנשאַפטלעכער שפּילער. ער האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן זכרון. ווען ער וואָלט זיך געלערנט וואָלט ער געהאַט גרויסע מעגלעכקייטן. ער האָט זיך געהאַלטן מיט דער חברה צו קענען ווערן אויסגעוויילט אין דער עקזעקוטיוו־באָרד.

אַ מאָדנער פּאַרשוין אין דער גרופּע איז געווען איינער פּילדיש, אַ גרויסער אביון, אָבער אַן ערלעכער מענטש. אַז ער האָט זיך צעהיצט אין אַ דיסקוסיע איז ער געוואָרן ווילד ווי אַ חיה. וואו נאָר אַ טומל קעגן דער יוניאָן, איז פּילדיש אַרויסגעשפּרונגען דער ערשטער. אָבער די אָרעמקייט און נויט האָט געבראַכט צו זיין ווילדער אויפפירונג, דאָס איז געווען די לעבנס־פאַרביטערונג וואָס האָט פון אים אַרויסגעשריען. אין די פריערדיקע יאָרן, ווען מיר זיינען געווען אין איין לאָקאַל מיט די סעמפּל־מאַכער און שטיק־שניידער, האָבן מיר געהאַט אין דער עקזעקוטיווע אַ שטיק־שניידער מיטן נאָמען קירשנבוים, אַן אינטעליגענטער, שטילער מענטש. ווען ער

האָט גערעדט אויף אַ זיצונג און פילדישן האָט עס נישט געפעלן, האָט ער אָנגעהויבן אַזוי שרייען אויף אים אַז ער האָט זיך אַזש געוואָרפן אים שלאָגן.

גאָר אַן אַנדערער אינטערעסאַנטער טיפּ מענטש איז געווען איינער וואָרצל, אַ שטילער, ערלעכער גוטער יוניאָן־מענטש, וועלכער איז גרייט געווען זיך מקריב צו זיין פאַר דער יוניאָן. ער פלעגט שטענדיק אַרומגיין מיט פולע קעשענעס מיט פרוכט, ניסלעך און נאַשוואַרג און וועמען ער האָט געטראָפן פון די באַאַמטע אין דער יוניאָן האָט ער מכבד געווען מיט אַן עפּל אָדער אַן אַנדער פרוכט. ער איז געווען זייער אַקטיוו אין דעם יוניאָן־קאָמיטעט, און ער פלעגט גיין איבער די שעפער אויסצופירן פאַרשיידענע שליחותן פון דער יוניאָן, אָדער צו היטן מ׳זאָל נישט אַרבעטן אומגעזעצלעכע שעהען. איין מאָל, ביי אַזאַ אינספּעקציע איז ער איבערגעפאָרן געוואָרן פון אַ טראָק, וואָס האָט אים צעבראָכן אַ פוס. ווען ער איז געזונט געוואָרן, האָט ער זיין אַקטיווע יוניאָן־אַרבעט ווייטער געטאָן.

מיר האָבן געהאַט פאַרשיידענע עלעמענטן אין דער פירערשאַפט פון אונדזער לאָקאַל. די פּעאיקסטע און איבערגעגעבנסטע זיינען געווען אין דער צייט נאָכן שטרייק פון 1910. צום עקזעקוטיוו־באָרד האָבן דעמאָלט געוערט: האַלפּערן, מאָריס דייטש, ביידע קאהאנס, שאַפּיראָ, מאטעס, גראַבשטיין, מאיר קושנער, בענדער, גידעלמאַן, טעמקין, ראָזענבערג, ראַבינאָוויטש, שוסטער און אַנדערע. שפּעטער האָבן זיך פאַרשיידענע טיפּן געריסן אַריינצוכאַפּן זיך אין דער עקזעקוטיווע. טייל האָבן געמיינט, אַז דורך דעם וועלן זיי קענען „מאַכן" אַ פּאָר דאָלער. זיי האָבן נישט געוואוסט ווי אַזוי אַ יוניאָן ווערט געפירט און האָבן נישט געוואוסט, אַז יעדע פּעני וואָס ווערט אויסגעגעבן מוז ווערן פאַרשריבן אין די ביכער. טייל מענטשן האָבן געזוכט דורך דער יוניאָן צו מאַכן געלט מיט אַנדערע מיטלען. האַלפּערן איז געווען שטרענג מיט די דאָזיקע חברה־לייט. ער האָט געהיט, אַז געלט זאָל נישט ווערן פאַרטאַכלעוועט אומזיסט. צוליב דער דאָזיקער ערלעכקייט און אויפריכטיקייט זיינער האָט ער זיך פאַרשאַפט פיל שונאים. דערפאַר אָבער איז געווען געלט אין דער יוניאָן־קאַסע.

האַלפּערנס קעגנער האָבן כסדר געזוכט מיטלען אַרויסצושטופּן אים פון זיין מענעדזשער־אַמט. זייער קאָרט קעגן אים איז געווען לואיס היימאַן. אים, היימאַנען, האָט מען נישט געזען אַ גאַנץ יאָר ביי דער אַרבעט, אָבער אין אַ צייט פון וואַלן האָט זיך געטומלט מיט אים. ווען עס איז אָנגעגאַנגען אונדזער שווערער קאַמף פאַר וואָך־אַרבעט, ווען דער גאַנצער לאָקאַל איז מאָביליזירט געוואָרן צום קאַמף, האָט מען היימאַנען נישט געזען פאַר די אויגן. אין יעדער קאָנקרעטער אַקציע וואָס לאָקאַל 9 האָט געפירט איז ער געשטאַנען אין אַ זייט. ווען עס איז אָבער געקומען צו וואַלן, איז ער גע־

וואָרן אַקטיוו, אָבער בלויז מיט ריידן. אמת, ער איז געווען אַ גוטער רעד־נער און איז געווען פּייאיק צו האַלטן אַ רעדע, אָבער נישט מער.

אַ גרופּע פון דער דאַון־טאַון־סעקציע האָבן פאַרלאַנגט פון האַלפּערנען, אַז מאָס, וועגן וועלכן איך האָב שוין פריער דערציילט, זאָל ווערן אַ ביז־נעס־אַגענט. האַלפּערן האָט עס אָפּגעוואָרפן, באַמערקנדיק דערביי אַז ער איז גוט צו זיין אַ גבאי אין אַ שול, אָבער נישט קיין ביזנעס־אַגענט אין אַ יוניאָן. אַ גרופּע פריינד זיינע האָבן זיך אויף געריסן צו פאַרשיידענע אַמטן אין דער יוניאָן. זיי האָבן געזוכט נקמה, האָבן זיי צוגעטראַכט אַזאַ טייוולאָנישן פּלאַן: זיי האָבן אָנגעצויגן עטלעכע מיטגלידער פון דער דאַון־טאַון־סעקציע און זיי זיינען געקומען מיט אַ קלאַגע אַז אין דער קאַסע פון לאָקאַל 9 פעלט געלט.

איך בין דעמאָלט געווען פאָרזיצער פון עקזעקוטיוו־באָרד. האָב איך גלייך גערופן אַ זיצונג צו באַטראַכטן דעם ענין. עס איז באַשטימט געוואָרן אַ קאָמיטע, איינשליסנדיק צו איין פאָרשטייער פון יעדער סעקציע אויס־צופאָרשן די אָנקלאַגע. האַלפּערן האָט פאַרלאַנגט אַז אויך די דאַון־טאַון־סעקציע זאָל אַריינשיקן איר פאָרשטייער, ווייל פון איר איז דאָך געקומען די באַשולדיקונג. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן אַריינצונעמען אין דער קאָמיטע אַ פאָרשטייער פון דער „אינטערנאשאנאַל". האַלפּערן האָט אויך פאַרלאַנגט אַן אָפענעם פאַרהער, אַזוי אַז יעדער מיטגליד פון לאָקאַל 9 זאָל קענען בייוואוינען די פאַרהאַנדלונגען.

אָנשטאָט איין פאָרשטייער האָט די „אינטערנאשאנאַל" באַשטימט פון איר זייט אַ גאַנצע קאָמיטע אין באַשטאַנד פון ישראל פיינבערג, לעפקאָוויטש, רייזבערג, וואנדער און אַ בוכהאַלטער (אַקאונטאַנט). צוזאַמען מיט די פאָר־שטייער פון די סעקציעס פון לאָקאַל 9, האָבן זיי אַדורכגעפירט די אויס־פאָרשונג. דער פאַרהער איז טאַקע פאָרגעקומען עפנטלעך און אַ סך מיט־גלידער פון לאָקאַל זיינען געקומען בייוואוינען די פאַרהאַנדלונגען.

די אויספאָרשונג־קאָמיטע האָט אויסגעפונען אַז די קאַסע־ביכער פון לאָקאַל 9 זיינען אין פולער אָרדענונג און די באַשולדיקונג האָט נישט קיין שום גרונט. די קאָמיטע האָט אויך באַשלאָסן אָנצוקלאָגן די מענטשן וואָס האָבן געמאַכט דעם בילבול. דאָס זיינען געווען באָרנשטיין, דער קליינער גאָלדבערג און בעקענשטיין. די „אינטערנאשאנאַל" האָט זיי באַשטראָפט מיט געלט־שטראָפן און אַחוץ דעם: אַז באָרנשטיין טאָר נישט לויפן אין עקזע־קוטיוו־באָרד און דער קליינער גאָלדבערג אויף קיין אַמט פון דער יוניאָן. זיי האָבן אַפּעלירט. האַלפּערן האָט זיך געווענדט צו דער אַפּיל־קאָמיטע מען זאָל זיי שענקען די שטראָף, די קאָמיטע איז נישט באַשטאַנען דערויף.

באָרנשטיין האָט זיך דערקלערט פאַר שולדיק און ער האָט זיך פאַר־

טיידיקט מיט דעם, אַז מען האָט אים אָנגערעדט דערצו. ביסלעכווייז איז אַרויסגעקומען דער גאַנצער הינטערגרונט פון דער באַשולדיקונג:

מאָס האָט פאַר יעדן פרייז געוואָלט ווערן וואָס גיכער אַ ביזנעס־אַגענט פון לאָקאַל. ער מיט זיין גרופע האָבן געשטיצט היימאַנען, ווייל היימאַן זאָל אים האָבן צוגעזאָגט, אַז אויב ער וועט ווערן מענעדזשער וועט ער אים, מאָסן, מאַכן פאַר ביזנעס־אַגענט. אָבער אַזוי ווי האַלפערנס פּאָפּולאַריטעט אין לאָקאַל איז כסדר געוואַקסן, ספּעציעל נאָך דעם ווי ער האָט געהאַט אַזעלכע גרויסע פאַרדינסטן ביים איינפירן וואָך־אַרבעט, האָט מאָס באַשלאָסן אַז מען דאַרף מיט אַלע מיטלען דיסקרעדיטירן האַלפערנען, כדי אים אַרויסצושטויסן פון מענעדזשער־אַמט. האָט ער גערופן זיין חברה אויף איינע פון די הוליאַנקעס ביי זיך אין הויז און דאָרט איז ער אַרויסגעקומען מיט דעם פּלאַן צו וואַרפן דעם בילבול וועגן דעם אַז עס פעלט געלט אין דער קאַסע פון לאָקאַל.

סעם פּאַסעצקי, און עטלעכע אַנדערע וואָס זיינען דאָרט געווען, האָבן געהאַלטן אַז מען טאָר אַזאַ זאַך נישט אויסטראַכטן, אָבער די סעודה איז פאָרגעקומען ביי מאָסן אין הויז, ער האָט געגעבן צו עסן און צו טרינקען, האָט ער שטאַרקער געווירקט אויפן עולם פאַרזאַמלטע ביי אים און ער האָט געפּועלט אַז מען זאָל אַרויסקומען מיט אַזאַ באַשולדיקונג.

נאָך דעם דורכפאַל מיט דער באַשולדיקונג האָט די מאָס־גרופּע זיך אָנגעהויבן צו צעפאַלן. מאָס אַליין איז אַוועק פון קלאָוק־טרייד, ער האָט זיך געקויפט אַ האָטעל, און מיר זיינען ענדלעך פון אים פּטור געוואָרן. באָרנשטיין האָט זיך אין גאַנצן געביטן. ער איז געוואָרן אַ גוטער יוניאָן־מאַן. האַלפערן האָט אים שפּעטער אַריינגעצויגן אין עקזעקוטיוו־באָרד. ער איז אפילו אַ געוויסע צייט געווען אַ ביזנעס־אַגענט, אָבער ער האָט זיך צו דעם נישט אויסגעטויגט. כאָטש ער איז געווען אַ פעאיקער מענטש, איז ער אָבער געווען אַן אָפּגעלאָזענער, שטענדיק געווען פאַרשמוצט און דאָס האָט אים געשטערט אין זיין אַרבעט אַלס ביזנעס־אַגענט. דער קליינער גאָלדבערג איז אַוועק צו די קאָמוניסטן, נאָך אַ צייט איז ער אויך פון זיי אַוועק און איז געוואָרן אַ ביזנעס־מאַן. בעקענשטיין איז געווען אַ ווילדער מענטש, ער איז געווען אַ גאַנצער מאַכער אין דער דאַון־טאַון־סעקציע און ביי די סעקציע־מיטינגען פלעגט ער זיך ביי יעדער געלעגנהייט וואַרפן שלאָגן. ער האָט ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן, און דער ביטערער טראָפּן האָט אים אַוועקגעלייגט. ער איז געשטאָרבן אין 1955.

## קאַפּיטל 28

# צרות פון דער דאַון־טאַון־סעקציע; אַנדערע סעקציעס

אָבער אחוץ דער מאָס־גרופּע זיינען אין דער דאַון־טאַון־סעקציע געווען נאָך אַנדערע מיטגלידער וואָס האָבן כסדר געלייגט דעם לאָקאַל שטיינער אין וועג: ווען נאָר עס איז אויפגעקומען אַ פראַגע וואָס איז געווען וויכטיק פאַר די אינטערעסן פון דער יוניאָן אָדער פאַר דער אַנטוויקלונג פון אונדזער לאָקאַל, זיינען זיי געווען קעגן. אָט צום ביישפּיל: ווען מען האָט געפירט אַן אַקציע צו צאָלן אַ ספּעציעלע פּעני פאַר אונדזער אָרגאַן „די נייע פּאָסט" זיינען זיי געווען קעגן. אַ צווייט מאָל, ווען מען האָט געדאַרפט העכערן די „דיוס" אויף 5 סענט, פון 16 אויף 21 סענט זיינען זיי ווידעראַמאָל געווען קעגן.

ווען די אַרבעט פון לאָקאַל האָט זיך כסדר אויסגעברייטערט און מען האָט געדאַרפט האָבן מער פינאַנציעלע מיטלען צו פירן די פאַרבעסערטע טעטיקייט, זיינען זיי יעדעס מאָל אַרויס מיט אַ געשריי און מיט אַ ליאַרעם: איך האָב שוין דערציילט אַז כדי צו סעטלען די פרייזן האָבן מיר געמוזט אָנשטעלן „פרייז־אַדזשאָסטערס", וואָס זיינען געגאַנגען אין די שעפּער אויסגלייכן די פרייזן מיטן באַלעבאָס. אַן אַדזשאָסטער האָט באַקומען 4 דאָלאַר אַ טאָג. די דאָזיקע פרייז־אַדזשאָסטערס האָבן אַריינגעטריבן דעם לאָקאַל אין גרויסע הוצאות. ווען מען האָט איינגעפירט וואָך־אַרבעט, און די אַרבעטער האָבן געוואונען אַ גרויסע העכערונג אין לוין, האָט מען אויך געדאַרפט געבן אַ העכערונג די ביזנעס־אַגענטן און די מענטשן וואָס האָבן געאַרבעט אין אָפיס. צוליב דעם און צוליב אַנדערע נייע הוצאות האָט מען אין 1919 ווידער געמוזט העכערן די דיוס פון 21 סענט אויף 35 סענט.

צו דעם צוועק איז גערופן געוואָרן אַ מיטינג פון לאָקאַל אין דעם לייבאָר־טעמפּל אויף 14טע גאַס, וואו מען האָט אויפגעקלערט די מיטגלידער, פאַרוואָס מען מוז העכערן די דיוס פון 21 אויף 35 סענט. דאָס געלט וואָס מיר האָבן אין באַנק מוזן מיר האַלטן אין רעזערוו אין פאַל ווען עס זאָל אויסקומען אויף דאָס ניי צו פירן אַ קאַמף מיט די מאַנופעקטשורערס. אַ גרופּע האָט אָנגעהויבן טומלען, איינער פליישער און אַ צווייטער שוואַרץ,ביידע פון דער דאַון־טאַון־סעקציע, האָבן צום שטאַרקסטן געטומלט. זיי האָבן אויפגעהעצט דעם עולם און נישט געלאָזט פירן דעם מיטינג. מיר, פון דער עקזעקוטיווע, זיינען געווען גרייט אַרויסצוואַרפן די שטערער מיט דער הילף פון דער פּאָליציי, אָבער האַלפערן איז געווען קעגן נוצן פּאָליציי קעגן אייגענע מיטגלידער. דער מיטינג איז דורך דער חברה אויפגעריסן געוואָרן. די עקזעקוטיווע האָט דעמאָלט באַשלאָסן איבערצושיקן די דיוס־פראַגע צו די באַזונדערע סעקציע־מיטינגען

צום באַשליסן, ווייל אין דער רואיקערער אַטמאָספער פון קלענערע פּאַרזאַמ־לונגען וועט זיין לייכטער אויפצוקלערן די מיטגלידער די וויכטיקייט פון דער העכערונג. די סעקציעס האָבן טאַקע אַלע באַשלאָסן צו העכערן די דיוס פון 21 אויף 35 סענט.

*
**

עס איז ווערט צו דערמאָנען די פאַרשיידענע טיפּן פון דער דעמאָלטיקער מיטגלידערשאַפט. איינער אַזאַ איז געווען דער אַלטער ביינעסאָן. אַ ייד מיט אַ לאַנגער באָרד, שטענדיק מיט אַ שטעקן אין האַנט, ער האָט גיכער אויסגע־קוקט ווי אַ שמש אין אַ שול אין דער אַלטער היים, איידער אַ יוניאָן־מאַן. ער איז געווען אַ נאָכלויפער פון דער מאָס־קליקע פון דאַון־טאַונער־סעקציע און ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אין עקזעקוטיוו־באָרד. ער האָט אפילו נישט געוואוסט וואָס ס׳מיינט אַן עקזעקוטיוו־באָרד, אָבער ער איז געווען אַ ייד וואָס איז געגאַנגען אומעטום. ער פלעגט אַרומגיין אין מאַרק צו די פינישערס און פלעגט זוכן צו טאָן מצוות ווי אַ „גוטער ייד". ער פלעגט אויפנעמען אין נאַט וועגן עוולות אויף וועלכע קלאָוקמאַכערס האָבן זיך געקלאָגט און אויף דער זיצונג פון דער עקזעקוטיווע פלעגט ער קומען מיטן פעקל צונויפגענומענע טענות. מיר האָבן אים אויפגעקלערט, אַז אויב אַן אַרבעטער האָט אַ טענה דאַרף ער קומען דערמיט אין אָפיס פון דער יוניאָן, דערויף האָט די יוניאָן אַן אָפיס. ער האָט אָבער ניט פאַרשטאַנען דעם אונטערשייד, ווייל ער האָט בכלל ניט געוואוסט וואָס עס מיינט אַ יוניאָן. אַנומלט איז אויסגעבראָכן אַ טומל אויף אַ מיטינג, האָט פאָליאַקאָף אַפּעלירט צו די פאַרזאַמלטע איינצושטעלן צוריק אַן אָרדענונג און פאַרזעצן רואיק דעם מיטינג, איז ביינעסאָן צוגעלאָפן צו פאָליאַקאָוון און אים דערלאַנגט אַ זעץ מיט אַ שטעקן איבערן קאָפּ. פאָליאַ־קאָף האָט אים גענומען צו דער גריוועגס־קאָמיטע; די קאָמיטע האָט געוואָלט אים אויסשליסן פון דער עקזעקוטיווע, דאָס וואָלט אָבער פאַר אים געווען ערגער ווי טויט־שטראָף, האָט ער געבעטן פאָליאַקאָוון ער זאָל אים מוחל זיין. ער האָט זיך מיטגעשלעפּט מיט דער דאַון־טאַונער קליקע, כדי אויסגעוויילט צו ווערן אין דער עקזעקוטיווע, אַזוי אַרום האָבן זיי אים, דעם שטילן ייד מיט דער באָרד געמאַכט פאַר אַ טומלער, אַ שייגעץ. שפּעטער האָט ער איינגעזען, אַז די קליקע פירט אַ שעדלעכע אַרבעט, איז ער אַוועק פון איר און איז געוואָרן אַ גוטער, אַקטיווער יוניאָן־מאַן. דעמאָלט האָט די קליקע אים אָבער שוין מער ניט געוואָלט אויסוויילן אין דער עקזעקוטיווע, און ער איז פאַרשוואונדן פון דער דאַון־טאַונער סעקציע.

נאָך אַן אינטערעסאַנטער טיפּ איז געווען דער פינישער לעפקאָוויטש, אַ ייד מיט אַ געל בערדל. ער האָט זיך אומעטום אַריינגעמישט און געטומלט, קיינמאָל ניט געקענט איינזיצן רואיק אויף אַ מיטינג. מיט יעדן איינעם איז

ער געווען גוט־ברודעריש. יעדן איינעם האָט ער געהאַט אָנצושלאָגן אַ „שידוך״, אָדער מיט דער אַדמיניסטראַציע, אָדער מיט דער אָפּאָזיציע: דאָ איז ער געווען מיט האַלפּערן, און דאָ — לויפט ער שוין נאָך מאָסן און לואיס היימאַנען.

אַן אַנדער טיפּ פון אַ צעווילדעוועטן מענטש אין דער דאַון־טאַון־סעקציע איז געווען אַמיסלאַווסקי, ער איז געגאַנגען יד־אחת מיט דער קליקע. ער פלעגט זיין אַ אָפטער גאַסט ביי מאָסן אין הויז. ער האָט זיך ניט געפירט מענטשלעך אין שאַפּ, און ער האָט מיט די אַרבעטער ניט געלעבט בשלום. איין מאָל בעת אַ קריגעריי האָט ער געכאַפּט אַ שטול און מיטן גאַנצן כוח געוואָרפן אויף אַן אַרבעטער אין שאַפּ. ער איז דערפאַר באַשטראָפט געוואָרן פון דער גריוועגס־קאָמיטע. זיינען געקומען זיינע גוטע ברידער פון דער דאַון־טאַון סעקציע און זיי האָבן איינגעלייגט וועלטן, אַז מען זאָל אַנולירן די באַשולדיקונג און מען זאָל אים מוחל זיין. ער האָט איינגערעדט וועלטן צו ווערן דערוויילט אין עק־זעקוטיוו־באָרד פון לאָקאַל 9. מיר האָבן אים כסדר צוריקגעוויזן, ווייל צוליב זיין ווילדער אויפפירונג אין שאַפּ האָבן מיר געהאַלטן פאַר ניט פּאַסיק ער זאָל זיין אין עקזעקוטיוו־באָרד. שפּעטער איז ער געלאָפן פאַר דעלעגאַט צו דער קאָנווענשאָן פון „אינטערנאַשאַנאַל״ און ער איז דערוויילט געוואָרן.

איך האָב פאָרגעשלאָגן דער קרעדענשעל־קאָמיטע פון דער קאָנווענשאָן אָפּצואוואַרפן זיין מאַנדאַט, און איך האָב זיך פאַררופן אויף זיין אויפפירונג אין באַציאונג פון די אַרבעטער פון זיין שאַפּ. זיי האָבן אָבער מורא געהאַט עדות צו זאָגן קעגן אים, איז ער געבליבן באַשטעטיקט אַלס דעלעגאַט צו דער קאָנ־ווענשאָן. נאָך דעם האָט ער שוין געקאָנט לויפן אין דער עקזעקוטיווע און ער איז דערוויילט געוואָרן צוליב דער פשוטער סיבה וואָס זיין נאָמען הייבט זיך אָן מיט אַן „א״ און ער איז געווען דער ערשטער אויפן וואַלצעטל. (דער צעטל איז געווען לויטן א״ב). שפּעטער האָט ער זיך אויסגעמענטשלט און איז אפילו געוואָרן אויך אַ מיטגליד אין דזשאָינט־באָרד.

נאָך איין טיפּ אַזאַ פון דער דאַון־טאַון־סעקציע איז געווען קויפמאַן. ער איז געווען קליין און דאַר ווי אַ שטעקן. אַז ער האָט געוואָלט אויסגעוויילט ווערן אין עקזעקוטיוו־באָרד, האָט ער אָנגעהויבן קריטיקירן די יוניאָן, ביז ער האָט זיינס דערגרייכט. ער איז געוואָרן אויסגעוויילט און האָט זיך אַרויס־געוויזן צו זיין אַ „קרענק״. קיין זאַך איז אים ניט געפעלן געוואָרן, צו יעדן האָט ער געהאַט טענות. ער האָט געהאַט טענות צו די ביזנעס־אַגענטן פאַר־וואָס זיי נעמען לוין פון דער יוניאָן; ער האָט זיי פאָרגעוואָרפן, אַז זיי זיינען אומזיסטע פרעסערס אויפן חשבון פון קלאָוקמאַכער. פון קיין זאַך איז ער נישט געווען צופרידן, אָבער זיין אין עקזעקוטיוו־באָרד האָט ער געוואָלט פאַר יעדן פרייז. ער האָט זיך אפילו דערשלאָגן צום אַמט פון פאָרזיצער פון לאָקאַל 9 אין דער צייט ווען קורצמאַן איז געוואָרן מענעדזשער פון לאָקאַל. קורצמאַן האָט געהאַט פון אים געברענטע צרות. ער איז אים כסדר דערגאַנגען די יאָרן.

קויפמאַן האָט ווייזט אויס געהאַט פאַמיליע־צרות, וואָס האָט אים געבראַכט צו דער פאַרביטערונג, וועלכע ער האָט אויסגעלאָזן אויף דער יוניאָן. גאַנצע נעכט פלעגט ער ליגן אין רעסטאָראַן אויף גרענד־סטריט. דאָרט אַהין איז ער אויך געגאַנגען טרינקען טיי נאָך אַן עקזעקוטיוו־זיצונג, ער פלעגט דאָרט אָפּזיצן ביז האַלבע נאַכט. קורצמאַנס אַדמיניסטראַציע האָט באַשלאָסן געבן קויפמאַנען אַ מתנה אַ גאָלדענעם זייגער. דאָס געבן אַזאַ מתנה האָט געדאַרפט ווערן גוטגעהייסן אין די סעקציעס. אויף די סעקציע־מיטינגען האָבן מיר אַרגומענטירט, אַז וויבאַלד קויפמאַן איז שטענדיק קעגן געבן עמיצן אַ מתנה פאַר גוטער אַרבעט אין דער יוניאָן, דאַרף מען אים אויך קיין מתנה ניט געבן. אַזוי איז עס געבליבן. ער האָט דעם גאָלדענעם זייגער ניט באַקומען. שפּעטער, אין דער צייט פון דער אַדמיניסטראַציע פון סאָרקין, ווען פיליפּ הוימאַן איז געווען פּאָרזיצער און איך — וויצע־פּאָרזיצער פון דער עקזעקוטיווע, האָבן מיר באַשלאָסן קויפמאַנען אַוועקצוגעבן דעם זייגער, כאָטש צוליב דעם וואָס אויף אים איז שוין געווען אויסגראַווירט דער נאָמען זיינער. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען די מתנה. איז דער זייגער געבליבן אין סעיף פון לאָקאַל 9.

איין מאָל האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ גרויסן קאָנצערט אין אַ האָל אויף דער 43סטער גאַס. אין יענער נאַכט האָט געגאָסן אַ שטאַרקער רעגן. קויפמאַן וועלכער איז געקומען צום קאָנצערט האָט זיך אין יענער נאַכט שטאַרק פאַרקילט. ער האָט אָבער ניט געלאָזט זיין פרוי זאָל רופן אַ דאָקטער. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט זיך קורצמאַן דערפון דערוואוסט. ער איז געקומען צו לויפן צו קויפמאַנען און גלייך גערופן אַ דאָקטאָר. דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט אַז קויפמאַן האָט אַן אָנצינדונג אויף ביידע לונגען און מען מוז אים גלייך נעמען אין שפּיטאָל אַריין. מען האָט אים באַלד אַוועקגעפירט אין מאַונט־סיני שפּיטאָל, גענומען פאַר אים אַ פּריוואַט צימער מיט אַ ספּעציעלער נוירס צו האַלטן אַן אויג אויף אים — אַלץ אויפן חשבון פון לאָקאַל 9. מ׳האָט געטאָן אַלץ צו ראַטעווען אים דאָס לעבן. ער האָט זיך אָבער ניט געלאָזט ראַטעווען. ווען מען האָט אים געגעבן אָקסידזשען צו פאַרלייכטערן דאָס אָטעמען, האָט ער אַראָפּגעריסן די מאַסקע פונעם פּנים. קיין שום געבעטן פון זיין פרוי און פון קורצמאַנען האָבן ניט געהאָלפן. ער האָט זיך ניט געלאָזט ראַטעווען און אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ער געשטאָרבן. מיר האָבן געזאָרגט אַז זיין פרוי זאָל האָבן אַרבעט. ווען זיין טאָכטער איז עלטער געוואָרן, האָבן מיר באַשלאָסן אַוועקצוגעבן איר דעם גאָלדענעם זייגער ווי אַן אָנדענק נאָך איר פאָטער.

אין דער דאַון־טאַון־סעקציע האָבן זיך אויך געפונען גוטע און געטרייע יוניאָן־לייט. אַזאַ איז געווען דזשאָ קעסטין. אין אָנהייב איז ער אויך געגאַנגען מיט די טומלערס, אָבער ער איז גיך פון זיי אַוועק און איז געוואָרן אַן אויפריכטיקער און אַקטיווער יוניאָן־טוער. ער איז דערווײַלט געוואָרן אין עקזעקוטיוו־באָרד, שפּעטער אויך אין דזשאָינט־באָרד. בעת דער האַלפּערן־

אַדמיניסטראַציע איז ער באַשטימט געוואָרן פאַר אַ ביזנעס־אַגענט און ער האָט זיך אויף דעם אַמט זייער אויסגעצייכנט. אַ צווייטער מענטש מיט אַ גוטען נאָ־מען און אַ גוטער טוער פון דער דאַון־טאַון־סעקציע איז געווען האַיט. מיר האָבן צוזאַמען געלעבט ווי גוטע פריינד און האַרמאָניש צוזאַמענגעאַרבעט אין דער יוניאָן. די ביזנעס־אַגענטן שוסטער און עטקין זיינען אויך געקומען פון דער דאַזיקער סעקציע. עס זיינען דאָרט געווען נאָך אַנדערע שטילע, רואיקע מענטשן וואָס האָבן מיט שכל אויפגענומען יעדע פראַגע, ווי דער פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר פון דער סעקציע שייפער, אָדער שאַפּיראָ וואָס איז אַ געוויסע צייט געווען אַ מיטגליד פון עקזעקוטיוו־באָרד, און נאָך איינער גודמאַן וואָס איך געדענק אים — און נאָך אַ סך אַנדערע, וואָס איך געדענק שוין נישט זייערע נעמען. אַ סך פון די מענטשן וואָס זיינען געקומען צו די מיטינגען פון דער דאַון־טאַון־סעקציע זיינען געווען שטילע, רואיקע מענטשן, אָבער די צרה איז געווען מיט זיי וואָס זיי האָבן זיך לייַכט געלאָזט אָנציען דורך פאַלשע רייד.

די דאַון־טאַון־סעקציע איז געווען זייער אַ גרויסע, צו אירע מיטינגען פלעגן קומען פון 500 ביז 600 מענטשן. דאָרטן האָבן באַלאַנגט מיטגלידער וואָס האָבן געוואוינט אין דער טיפער איסט־סייד, דאָס זיינען געווען די אָרעמסטע מענטשן, האָבן געהאַט אַ פול הויזגעזינט מיט קינדער, דערצו זיינען אַ סך פון זיי געווען פאַרגרעבטע מענטשן, האָבן ניט געקענט לייענען און שרייבן, האָבן ניט געוואוסט ווי אומצוגיין זיך מיט מענטשן און אפילו מיט זייער אייגענער פאַמיליע. זיי זיינען געווען פאַרביטערט פון לעבן און אָט די פאַרביטערטקייט האָבן פאַרשיידענע דעמאַגאָגן און לויפערס אויף אַמטן לייכט געקענט אויסנוצן פאַר זייערע פערזענלעכע צוועקן. שפּעטער זיינען זיי אויך לייכט געפאַלן אַ קרבן פון דער קאָמוניסטישער דעמאַגאָגיע.

***

די רעשט סעקציעס פון לאָקאַל 9 האָבן געטראָגן גאָר אַן אַנדער כאַ־ראַקטער:

אין דער האַרלעמער סעקציע איז געווען אַ מער אינטעליגענטער עולם. דאָרטן אויף די מיטינגען האָבן מיר פאַרהאַנדלט יוניאָן־פראַגן אויף אַ זאַכלעכן אופן, ווי עס פּאַסט פאַר באַוואוסטזיניקע יוניאָן־מענטשן. יעדער האָט געזאָגט זיין מיינונג אין אַ חברישן, פיינעם טאָן. די ערשטע צייט האָבן אָנגעפירט מיט דער האַרלעם־סעקציע בענדער, גרייפער, קאַהאַן, ראַבינאָוויטש און איך. שפּעטער זיינען אין שפּיץ פון דער סעקציע געשטאַנען: זירלין, סעם פיינבערג, בערמאַן, רוסענאָף, שוואַרץ, רייען, פעליקס. טייל פון זיי זיינען אַריין אין עקזעקוטיוו־באָרד און אין דזשאָינט־באָרד. צו קומען דאָרט צו אַ סעקציע־מיטינג איז געווען אַ פאַרגעניגן, אַלץ איז צוגעגאַנגען פיין און מענטשלעך.

די פּאָר מענטשן וואָס האָבן געהאַט אַ נייגונג צו טומלען, האָבן זיך געשעמט און זיך געהאַלטן רואיק, זיי האָבן זיך געמוזט צופּאַסן צו דער מערהייט.

אויך אין דער בראָנקסער סעקציע איז געווען אַן אינטעליגענטער עלעמענט, אויך דאָרט זיינען טרייד־פּראַגן באַהאַנדלט און דיסקוטירט געוואָרן אויף אַ הויכן ניוואָ. צווישן זייערע פירער זיינען געווען: איזי קאַהאַן, טערעספּאָלסקי, רעמבאַק, סאלאמאן נידלמאַן, גאָלדנער, מאָריס יאַנאָוויטש, מאַקס ברעט־שניידער, מאַלץ, כאַזאַנאָוויטש, מאַקסים קאווינסקי א״אַנד. קאווינסקי איז געווען אַן אינטעליגענטער מענטש און בעת ער האָט געהאַלטן אַ רעדע, האָט ער ליב געהאַט צו דערציילן מעשות און וויצן, פון וועלכע דער עולם האָט שטאַרק הנאה געהאַט. געווען דאָרט אַ סך פּיאָנערן פון אונדזער יוניאָן ווי ראַבינאָוויטש און מיטשעל, סאָל פּאָליאַקאָוו און לעפּקאָוויטש, וועלכע זיינען געווען מיטגלידער אין די ערשטע יוניאָנס נאָך פאַר 1900.

אין דער בראָנזווילער סעקציע איז אויך געווען אַ רואיקער עולם. די סעקציע האָט איר אַרבעט געטאָן אין דער שטיל און אָן טומל. צווישן זייערע אָנפירערס זיינען געווען: באַרנעט ראָזנבערג, געזשערסקי, אברהם קאַהאַן, פּאָלעווסקי און טעמקין.

דער ליידיס־ברענטש האָט געפירט אַ פיינע נאָרמאַלע אַרבעט. דאָרט האָבן זיי געהאַט צו באַהאַנדלען ספּעציעלע פּראָבלעמען, וואָס זיינען אַרויס־געשוואומען צווישן שטיק־שניידערס און פינישערס און צווישן סעמפּל־מאַכערס. עס זיינען כסדר געווען סכסוכים אַרום פּרייז, ווייל זיי האָבן באַקומען באַצאָלט פון שטיק. די פּאָרזיצערין פון ליידיס־ברענטש איז געווען איידאַ באַקס. אַלע מיטגלידער האָבן זי רעספּעקטירט און זיך צוגעהערט צו איר עצה. צווישן אַנדערע פירער פון ברענטש זיינען געווען: מיס מינאָוויטש, מיס טאָקער, מיס רעזניק, מיס קאַרפּ, מיס קאַפּלאַן און איוואַ פּאַשער. די לעצטע, אַ קעמפערישע פון דער נאַטור, פלעגט שטענדיק ענערגיש קעמפן פאַר אירע אידעען, אָפט בין איך מיט איר ניט געווען איינשטימיק. עס קומט איר אָבער אָנערקענונג פאַר דער אַנטשלאָסנקייט מיט וועלכער זי פלעגט קעמפן פאַר איר מיינונג. זי איז אַוועק צו די קאָמוניסטן, אָבער נאָכן שטרייק פון 1926 איז זי פון זיי אַוועק און איצט באַקעמפט זי זיי שאַרף.

## קאַפּיטל 29

# די אַדמיניסטראַציע טוישט זיך

ניט געקוקט אויף די אַלע שוועריקייטן איז די אַרבעט אין אונדזער לאָקאַל געגאַנגען פאָרויס און כסדר זיך פאַרבעסערט. די אַרבעט האָט געקלאַפּט נאָרמאַל. מיר האָבן גענוי פעסטגעשטעלט די פליכטן פון ביזנעס־אַגענטן, פון מענעדזשער און פון די מיטגלידער פון עקזעקוטיוו־באָרד. מיר האָבן פאַר־זיכערט די דעמאָקראַטישע רעכט פון די מיטגלידער. מיר האָבן איינגעפירט אַ סיסטעם, אַז יעדער מיטגליד זאָל קענען זיך פאַרקלאָגן קעגן אַ ביזנעס־אַגענט, צי קעגן מענעדזשער. די עקזעקוטיווע האָט די אַלע אָנקלאַגעס באַ־טראַכט און באַשלאָסן וואָס צו טאָן. די מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע האָבן אַרויסגעהאָלפן די ביזנעס־אַגענטן בעת זייערע באַזוכן אין די שעפּער, אַזוי אַרום האָבן מיר גענוי געוואוסט, וואָס עס טוט זיך אין די שעפּער, און ווי עס איז די באַציאונג פון די אַרבעטער צום ביזנעס־אַגענט און צו דער יוניאָן. האָלפערן אַלס מענעדזשער האָט האַרמאָניש מיטגעאַרבעט מיט די באַאַמטע און מיט די עקזעקוטיוו־מיטגלידער.

די אַרבעט אין דער גאַנצער יוניאָן האָט זיך נאָרמאַליזירט און אויך אין די באַציאונגען מיט די באַלעבאַטים האָט זיך ענדלעך איינגעשטעלט אַ סיסטעם וואָס האָט גוט געאַרבעט. כאָטש פון צייט צו צייט האָט זיך געמאַכט אַן אויס־ברוך פון אַ שאַרפן צוזאַמענשטויס, ביי אַ שטרייק אין אַ שאַפּ אָדער ביי אַן אַנדער לאָקאַלן קאָנפליקט, ווי למשל: מאַקסים קאַוויסקע איז געווען מענע־דזשער פון דער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט, פון דזשאָינט־באָרד. איין מאָל, בעת ער האָט אָנגעפירט מיט אַ שטרייק אין אַ קלאָוק־שאַפּ איז ער געקומען אויף אַ קאָנטראָל אין שטרייקנדן שאַפּ. אַ סקעב איז אים באַפאַלן און האָט אים גע־שטאָכן מיט אַ מעסער. צום גליק איז עס געווען ווינטער־צייט און ער האָט געטראָגן שווערע ווינטערדיקע מלבושים, האָט דאָס מעסער ניט געגרייכט טיף. ער איז אַוועקגעפאַלן אויף דער ערד און מען האָט אים באַלד גענומען אין שפּיטאָל. ער איז געלעגן אין שפּיטאָל פאַרוואונדעט היפּשע עטלעכע וואָכן.

אַרום סוף 1920 האָט דזשעק האָלפערן פּלוצלונג באַשלאָסן צו רעזיגנירן פון זיין אַמט אַלס מענעדזשער פון לאָקאַל 9. זיין באַשלוס האָט אונדז זייער שווער געטראָפן. מיר האָבן אָפּגעשאַצט זיין אומגעהוירע איבערגעבנקייט און זיין שווערע אַרבעט צו דערהויבן דעם מצב פון דעם פינישער. דער עיקר זיין אומקאָמפּראָמיסלעכן קאַמף פאַר איינפירן וואָך־אַרבעט, וואָס דאָס האָט פּשוט געמאַכט אַ רעוואָלוציע אין טאָג־טעגלעכן לעבן פון פינישער, און האָט אים געמאַכט פאַר אַ מענטש מיט מענטשן צו גלייך און האָט געבראַכט רעספּעקט

פון דזשאָינט־באָרד און פון די קלאָוק־מאַנעפעקטשורערס־אַסאָסיאיישאַן פאַרן פינישער־פאַך.

ער האָט דערקלערט אַז ער רעזיגנירט דערפאַר, ווייל מען האָט נישט געהעריק אָפּגעשאַצט זיין אַרבעט אַלס מענעדזשער פון לאָקאַל 9. מיר, די אַקטיווע טוערס האָבן אים שטאַרק געבעטן, ער זאָל די רעזיגנאַציע צוריק־ציען. מיר האָבן אים פאַרזיכערט, אַז אַלע פינישערס שטייען הינטערן אים, אפשר מיטן אויסנאַם פון אַ קליינער גרופּע טומלערס און אַמט־לויפערס. איך פערזענלעך האָב אַפּעלירט צו אים און אים אויפגעוויזן, אַז זיין אַוועקגיין וועט זיין אַ גרויסער קלאַפּ פאַר אונדזער לאָקאַל. צוריקקומען, אויב ער זאָל אפילו וועלן, וועט שוין זיין שווער, ווייל די מיטגלידער וועלן זיך האָבן דורך דער צייט אָפּגעוואוינט פון אים. אויך מאָריס זיגמאַן, מענעדזשער פון דזשאָינט־באָרד, האָט אים געבעטן ער זאָל ניט רעזיגנירן, איצט נאָך דעם ווי ער האָט אַזויפיל מי און אַרבעט אַוועקגעגעבן און אַוועקגעשטעלט די אַרבעט פון לאָקאַל אויף אַ געזונטן יסוד.

ער האָט אויף דעם אַלעם געענטפערט, אַז עס איז שטאַרק געפאַלן ביי אים דער מוט צוליב די כסדרדיקע שטערונגען פון די אינערלעכע גרופּעס און קליקעס, אים האָט שטאַרק געערגערט דער בלבול וועגן פעלן געלט אין דער קאַסע, דער קאַמף צו העכערן די דיוס, דאָס אויפרייסן מיטינגען אאַז״וו. מיר האָבן אים שטאַרק געבעטן ער זאָל כאָטש זיין רעזיגנאַציע אָפּלייגן אויף שפּעטער. אָבער די אַלע טענות און בקשות האָבן ניט געהאָלפן און האַלפערן האָט אויפגעגעבן זיין אַמט אַלס מענעדזשער פון לאָקאַל 9.

מיר האָבן געהאַט פאַרשיידענע קאַנדידאַטן צו פאַרנעמען זיין פּלאַץ, מען האָט אונדז פאָרגעשלאָגן שוסטער, באַביטש, סאָרקין און קעסטען. מען האָט זיך געאייניקט אויף דער קאַנדידאַטור פון סאָרקינען אַלס מענעדזשער פון לאָקאַל 9. סאָרקין האָט אָנגענומען דעם אַמט נאָך דעם ווי ער איז איינשטימיק באַשטעטיקט געוואָרן. שפּעטער איז זיין קאַנדידאַטור אויך גוטגעהייסן געוואָרן אויף די סעקציע־מיטינגען.

האַלפערן האָט אַריינגעפירט סאָרקינען אין דער אַרבעט. מינקאָוו איז געבליבן דער פינאַנס־סעקרעטאַר און אַלע אַנדערע באַאַמטע האָבן סאָרקינען אַרויסגעהאָלפן, כדי די אַרבעט זאָל נישט ווערן צעשטערט מיט האַלפערנס אַוועקגיין.

ווען סאָרקין איז שוין געווען היימיש אויף זיין נייעם אַמט האָט אויך מינקאָוו רעזיגנירט אַלס פינאַנס־סעקרעטאַר. מינקאָוו האָט געוואָרפן זיין אַמט ווייל ער האָט געפילט, אַז דער בילבול אויף האַלפערנען וועגן אַן אומ־אָרדענונג מיט די פינאַנסן איז אויך געווען געצילט אין אים. און כאָטש דער בילבול איז דעמאַסקירט געוואָרן, האָט ער אָבער אויך נישט געקענט

אַראָפּשלינגען די באַליידיקונג. ווען ער האָט רעזיגנירט איז אין דער קאַסע פון לאָקאַל געווען מזומן 167,000 דאָלאַר.

ווען מינקאָוו איז אַוועק פון אונדז האָבן מיר זיך מיט אים חבריש געזעגנט אויף אַ באַנקעט לכבוד אים. ער האָט געטריי געדינט אונדזער לאָקאַל און אי געווען זייער ווערטפול אין דער אַרבעט. זיין יוניאָן־קאַריערע האָט ער אָנ־געהויבן אין אונדזער לאָקאַל נאָך ווי אַ זייער יונגער בחור. מיר האָבן אים אַלע שטענדיק זייער געשעצט און געבליבן אויף ווייטער זיינע גוטע פריינד.

## קאַפּיטל 30

# די קאָמוניסטן הייבן אָן אַטאַקירן

ווען די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט באַשלאָסן צו פאַרכאַפּן די טרייד־יוניאָן־באַוועגונג, האָט זי אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אייגענע פּאָליטישע גרופּעס אין די לאָקאַלס; זיי האָבן אָנגעהויבן בויערן פון אינעווייניק און צוגרייטן דעם באָדן צו פאַרכאַפּן די אָנפירנדיקע פּאָזיציעס אין דער יוניאָן. ספּעציעל האָבן זיי געוואָרפן אַן אויג אויף דער „אינטערנאַשאָנאַל". דער קאָמוניסטישער פירער שכנא עפּשטיין איז געקומען צו שלעזינגערן, דעם פּרעזידענט פון „אינטערנאַשאָנאַל", ווען ער האָט זיך נאָר וואָס געהאַט צוריקגעקערט פון רוסלאַנד, וואו ער האָט געהאַט שמועסן מיט לענינען. שכנא עפּשטיין האָט געמיינט, אַז שלעזינגער האָט זיך צוריקגעקערט פון רוסלאַנד אַן אָנהענגער פון קאָמוניזם, האָט ער פאַרלאַנגט פון שלעזינגערן, אַז זיין יוניאָן זאָל זיך אָנשליסן אין דעם קאָמוניסטישן טרייד־יוניאָן־אינטערנאַציאָנאַל. שלעזינגער האָט די פאָדערונג קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן, און ער האָט דערקלערט שכנא עפּשטיינען אַז ער איז ניט קיין קאָמוניסט, און די יוניאָן וועט נישט ווערן קיין קאָמוניסטישער נאָכלויפער. שכנא עפּשטיין האָט שלעזינגערן געדראָט אַז דערפאַר וועט ער שוין זען צו צעברעכן די „אינטערנאַשאָנאַל". שלעזינגער האָט אים דעמאָלט פּשוט אַרויסגעוואָרפן פון זיין אָפיס. פון דעמאָלט אָן האָבן די קאָמוניסטן אָנגעהויבן אומאויפהערלעך צו אַטאַקירן די יוניאָן. זיי האָבן אָנגעהויבן באַשמוצן די יוניאָן־פירער, זיי האָבן אָרגאַניזירט אין יעדן לאָקאַל אַ קאָמוניסטיש קעמערל, וואָס האָט געגראָבן פון אינעווייניק. די אַלע גרופּעס האָבן זיי אָרגאַניזירט אין אַ באַזונדער אָרגאַניזאַציע — די „טרייד־יוניאָן עדיוקיישאָנאַל ליג". אין יעדער קעמערל איז געווען אַן אָנפירער אָדער קאָמי־סאַר, וועלכער האָט געגומען אינסטרוקציעס פון קאָמוניסטישן צענטער און געזען זיי זאָלן אויסגעפירט ווערן אין די לאָקאַלס. זיי, די קאָמיסאַרן אַליין זיינען

געשטאַנען אין הינטערגרונט, כדי מען זאָל נישט וויסן ווער זיי זיינען און זייער שעדלעכע אַרבעט זאָל נישט שטיין אונטער דער ליכט פון דער עפנטלעכקייט. די דאָזיקע פירער זיינען געווען: באָרוכאָוויטש, פּאָרטנאָי, זימערמאַן, שכנא עפּשטיין, מלך עפּשטיין, לואיס היימאַן, משה רובין, גאָלד, מיס פּאָינט. (זי איז אַמאָל געווען אַן „אָרגאַנייזאָרין" פון דער „אינטערנאשאנאל". אַ געלערנטע פרוי און אַ גוטע רעדנערין). די „עדיוקיישאָנאַל ליג" האָט זיי געגעבן אינ־סטרוקציעס ווי אַזוי אויפצוהעצן דעם עולם, אַרויסרופן אַ טומל, זייען האַס און אומצוטרוי. די „ליג" האָט פאַרשפּרייט העצערישע בלעטלעך און האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ קליינע צייטונג — דעם „עמעס", וואָס איז פאַרקויפט געוואָרן פאַר אַ פּעני. פאַקטיש האָבן זיי עס צעטיילט אומזיסט, אַבי מען זאָל עס לייענען. די צייטונג איז געווען פול מיט ליגנס, האָט געוואָרפן שמוץ אויף די יוניאָן־פירער און אויף די ביזנעס־אַגענטן.

ווען סאָרקין האָט איבערגענומען די אַרבעט אין לאָקאַל 9, האָבן זיי זיך געוואָרפן אויך אויף אים. זיי האָבן אים גערופן אין זייער בלעטל „דער זיידע־נער יונגערמאַנטשיק". וואָס ווייטער האָבן זיי דעם טומל פאַרגרעסערט און האָבן באַוויזן צו געווינען טייל פון דעם עולם, געטאָן האָבן זיי דאָס אַלץ אונטער דעם אומשולדיקן נאָמען פון דער „טרייד־יוניאָן עדיוקיישאָנאַל ליג".

אין דער דאָזיקער קאָמוניסטישער העצע האָט זיך אָנגעשלאָסן די גאַנצע פּסולת פון דער יוניאָן־באַוועגונג: די סקעבס, רובינס קליקע און אַנדערע שונאים פון אַן ערלעכער יוניאָן־באַוועגונג. דער עולם האָט זיך געלאָזט כאַפּן אויף דער ווענדקע. מען האָט געמיינט אַז אין רוסלאַנד וועט טאַקע זיין אַ בעסערע וועלט פאַרן אַרבעטער־קלאַס און פון דאָרט וועט קומען דאָס ליכט פאַר דער וועלט. מ'האָט נאָך ניט געזען ווי אין רוסלאַנד ווערט צוגערויבט די פרייהייט ביי די אַרבעטער און זיי ווערן פאַרוואַנדלט אין גייסטיקע און פיזישע שקלאַפן. מען האָט זיך נישט צוגעהערט צו די וואָרענונגען פון די סאָציאַ־ליסטן, און ספּעציעל די רוסישע סאָציאַליסטן, ווי אַבראַמאָוויטש און אַנדערע, וואָס האָבן געוואָרנט ניט צו לאָזן זיך פאַרפירן פון קאָמוניסטישן ליגן, ווייל דאָס וועט ברענגען פאַרניכטונג פון אַלץ, וואָס איז טייער דעם אַרבעטער אין זיין קאַמף פאַר אַ פרייער וועלט.

אין לאָקאַל 9 האָבן די קאָמוניסטן אויך אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון זייער „טרייד־יוניאָן עדיוקיישאָנאַל ליג", אָנגעזעענע מיטגלידער פון לאָקאַל 9 זיינען צו זיי צוגעשטאַנען: זירלין, קורצמאַן, ריטע קופּער, שוואַרץ, ראָזע קאַפּלאַן, גרינבערג, יאַנאָוויטש, סילווערמאַן און אַנדערע. זייער פירער איז געווען מאַקס שוואַרץ, וועמען מען האָט באַזייטיקט פון אָפיס אַלס ביזנעס־אַגענט. זיי האָבן געטומלט אויף די סעקציע־מיטינגען, ספּעציעל אין דער דאַון־טאַון־סעקציע. מיט זיי האָט זיך אויך פאַרבונדן לואיס היימאַן, וועלכער האָט זיך אָנגעכאַפּט אין יעדער אָפּאָזיציע וואָס איז אַנטשטאַנען אין דער יוניאָן.

היימאַן האָט אויך זיך גענומען די ספּעציעלע אויפגאַבע אַרונטערצורייסן סאָר־קיבעץ און זיין אַדמיניסטראַציע. ער האָט געליאַרעמט, אַז סאָרקין טוט גאָרניט פאַר די פינישערס. מיט זיין שאַרף צינגל האָט ער באַווירקט אַ סך מיטגלידער פון לאָקאַל 9. ער האָט אָבער פאַרגעסן צו דערציילן דעם עולם, אַז אין אַלע יאָרן פון שווערן קאַמף פאַר בעסערע באַדינגונגען אין לאָקאַל 9 און אויך אין דער גאַנצער יוניאָן האָט מען אים פאַר די אויגן ניט געזען. ער האָט קיין פינגער אין קאַלטן וואַסער ניט אַריינגעטאָן צו העלפן אין די אַלע קאַמפן וואָס האָבן געבראַכט די גרויסע געווינסן, און דער עיקר — דער געווינס פון וואָך־אַרבעט, וואָס האָט מער ווי פאַרטאָפּלט די פאַרדינסטן פון די פינישערס.

היימאַן האָט אַריינגענומען אין דער „ליג" אַ געוויזענעם מיטגליד פון לאָקאַל 9 וועמען די עקזעקוטיווע האָט אויסגעשלאָסן פאַר נעמען גרעפט פון אַ באַלעבאָס. דער דאָזיקער חברה־מאַן איז געווען זייער אַ פּעאיקער מענטש, ער האָט געקענט גוט יידיש און ענגליש און ער איז געווען אַ גוטער רעדנער. ער וואָלט געקענט שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין דער יוניאָן, ווען ער וואָלט אויך געווען אַן ערלעכער מענטש. איז ער אָבער געווען פון דעם סאָרט וואָס קענען ניט לעבן אָן גרעפט, אָן אַ טרייפענעם דאָלער. ער איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער קאָרטן־שפּילער און אַ דאָן־זשואַן. ער האָט געקענט אין איין נאַכט פאַרטאַכ־לעווען פינף הונדערט דאָלאַר און דעם צווייטן טאָג ניט האָבן קיין פּעני. ער איז אויך געווען פּעאיק אין דער אַרבעט אין שאַפּ און ער האָט שנעל געוואונען דעם צוטרוי פון באַלעבאָס און פון די אַרבעטער. ער איז שטענדיק דערווײלט געוואָרן פאַר שאַפּ־טשערמאַן. דאָס האָט אים געהאָלפן צו מאַכן יד־אחת מיטן באַלעבאָס און נעמען פון אים גרעפט. אָבער אַ באַלעבאָס גיט ניט קיין געלט אומזיסט. דער פּרייז איז געגאַנגען אויפן חשבון פון די אַרבעטערס פאַר־דינסטן.

איין מאַנופעקטשורער אָבער איז געוואָרן מיד פון געבן אים כסדר געלט, און ער האָט געמאַכט אַן אָנקלאַגע קעגן אים אין דער יוניאָן. אין אָנהייב האָט מאָריס זיגמאַן, דער מענעדזשער פון דזשאָינט־באָרד, פּשוט נישט געוואָלט אין דעם גלויבן, ער איז געווען זיכער, אַז דער מאַנעפעקטשורער טראַכט אויס אַ בילבול, אַז ער וויל פון דעם בחור פּטור ווערן אַלס שאַפּ־טשערמאַן. אָבער דער אמת איז אַרויסגעקומען ווען די ביכער פון אָט דעם מאַנופאַקטשורער זיינען אויפגעדעקט געוואָרן אין געריכט אין אַ געוויסער קעיס. דעמאָלט האָט דער חברה־מאַן געמוזט פאַרלאָזן דעם שאַפּ, און איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער יוניאָן.

אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז ער צוריק צוגעלאָזן געוואָרן אין דער יוניאָן און איז ווידער געוואָרן אַקטיוו דאָרטן. ער האָט אפילו זיך דערשלאָגן צום אַמט פון אַ ביזנעס־אַגענט. מען האָט אים אָבער ווידער געכאַפּט ביי דער האַנט נעמענדיק גרעפט ביי אַ מאַנעפעקטשורער. דאָס מאָל האָט ער נאָך

געהאַט שכל און איז אַליין אַוועק פון דער יוניאָן נישט וואַרטנדיק ביז מען וועט אים אויסשליסן. איצט האָט לואיס היימאַן אים אַריינגענומען אין דער „עדיוקיישאָנאַל ליג", און ער איז געוואָרן ביי זיי אַ גאַנצער פירער. זיי האָבן גוט געוואוסט וועגן זיינע מעשים־טובים פון פריער, טראָץ דעם האָבן זיי אים געמאַכט פאַר אַ פירער אין דער „עדיוקיישאָנאַל ליג".

ביי די וואַלן אין 1921 איז סאָרקין ווידער געלאָפן פאַר מענעדזשער פון לאָקאַל 9. לואיס היימאַן איז אויך געלאָפן קעגן אים און איז דורכגעפאַלן. אין 1922 איז היימאַן ווידער געלאָפן קעגן סאָרקינען אויפן זעלבן אַמט ; די קאָמוניסטן האָבן דאָס מאָל געקערט וועלטן אַדורכצושטופן היימאַנען. די „עדיוקיישאָנאַל ליג" האָט מאָביליזירט אַלע אירע מענטשן און זיי האָבן געפירט אַ שאַרפע פראָפּאָגאַנדע קעגן סאָרקינען און פאַר היימאַנען. סאָרקין איז ווידער דערוויילט געוואָרן, אָבער אין דער זעלבער צייט איז זיין אַדמיניסטראַציע אַדורכגעפאַלן ביי די וואַלן און די קאָמוניסטישע „ליג" האָט באַקומען אַ מער־הייט אין עקזעקוטיוו־באָרד. פון סאָרקינס מענטשן זיינען דערוויילט געוואָרן בלויז 7 מיטגלידער און פון דער אָפּאָזיציע — גאַנצע 23 מיטגלידער. צווישן די 23 זיינען געווען אַ סך אַקטיווע קאָמוניסטן. די זיבן מיטגלידער פון דער פריערדיקער סאָרקין־אַדמיניסטראַציע זיינען געווען: סאַלאָמאָן בענדער, איבראַהאַם קאָהן, איזי קאַהאַן, גאָלדשטיין, פיליפּ קאַהאַן, מיסיס לידער און איך. די פראָקאָמוניסטישע מערהייט האָט דערוויילט זירלינגען אַלס פּאָרזיצער, מאָריס יאַנאָוויטש אַלס וויצע־פּאָרזיצער און ווילענבורגן אַלס פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר.

די נייע מערהייט האָט אַריינגעבראַכט קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין עקזעקוטיוו־באָרד. זיי האָבן כסדר אָנגענומען פּראָקאָמוניסטישע רעזאָלוציעס, וואָס האָבן קיין שום שייכות ניט געהאַט מיט דער טעטיקייט פון לאָקאַל 9. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ העפטיקער קאַמף צווישן אונדז, די זיבן מיטגלידער לאָיאַלע צו דער „אינטערנאַשאָנאַל" און דער מערהייט פון די קאָמוניסטישע מיטלויפער, וואָס זיינען כסדר געקומען מיט קאָמוניסטישע רעזאָלוציעס געווענדט קעגן דער „אינטערנאשאנאל". מיר האָבן געקעמפט קעגן די רעזאָלוציעס ווייל זיי זיינען קעגן דער קאָנסטיטוציע פון דער „אינטערנאַ־שאנאל"־יוניאָן, סאָרקין האָט זיי געוואָרנט קעגן דעם. זיי זיינען געבליבן ביי די פּאָפירענע רעזאָלוציעס. זיי האָבן זייערס ניט געקענט דורכפירן, אָבער די אַרבעט אין לאָקאַל 9 האָבן זיי פּשוט פּאַראַליזירט. זייער פּראָטאָקאָל־סעק־רעטאַר האָט געפעלשט די פּראָטאָקאָלן וואָס שייך אונדזער גרופּע פון 7 גע־טרייע צו דער „אינטערנאשאנאל", זיי האָבן אַחוץ דעם פאַרשפּרייט פאַלשע ידיעות וועגן אונדז. זיי האָבן נישט געוואָלט געטרויען ראָזענבלאַטן, דעם פינאַנס־סעקרעטאַר פון לאָקאַל 9, צונויפצושטעלן די פּראָטאָקאָלן פון די זיצונגען פון עקזעקוטיוו־באָרד, זיי האָבן דאָס געטאָן ערגעץ אויסער אונדזער

אָפּיס, וואַרשיינלעך האָבן זיי די פּראָטאָקאָלן געלאָזט צוניופּשטעלן אין אַ קאָמוניסטרשן אָפּיס, אויף ראָזענבלאַטן האָבן זיי געהאַט אַ ספּעציעל בייז האַרץ, ווייל ער איז געווען אַ מיטגליד אין דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע פון דעם אַרבעטער־רינג. די קאָמוניסטן האָבן דעמאָלט אויך געוואָלט פאַרכאַפּן דעם אַרבעטער־רינג, זיי האָבן אָבער באַקומען איבער די הענט, אַ דאַנק דער שטאַרקער שטעלונג פון כאַניגען און פון דער נאַציאָנאַלער עקזעקוטיווע. די קאָמוניסטן האָבן דאַן געגרינדעט זייער אייגענעם „אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־אָרדן”.

די רייסערייען צווישן די קאָמוניסטן און די לאָיאַלע מיטגלידער פון דער יוניאָן האָט זיך איבערגעטראָגן אין די שעפּער. מען פלעגט דאָרט זידלען די יוניאָן־פירער; דאָס האָבן אויסגענוצט די באַלעבאַטים קעגן די אינטערעסן פון די אַרבעטער אין די שעפּער.

די קאָמוניסטן האָבן געזוכט פאַרשיידענע מיטלען צו פאַרכאַפּן אונדזער לאָקאַל. אין יוניאָן־אָפּיס האָט מען אַלע טעג געזען נייע פּנימער פון מענטשן ניט פון דער יוניאָן. ס'איז פאַר אונדז ניט געווען קלאָר וואָס די נייע פּנימער טוען אין דער לאָבי פון לאָקאַל 9. איין מאָל איז צו אַ זיצונג פון אונדזער עקזעקוטיווע געקומען מאַקס שוואַרץ, האַלטנדיק אונטערן אָרעם לואיס היימאַנען, ווי אַ חתן מיט אַ כלה, און האָט דערקלערט, אַז ער איז געקומען ווי אַ דעלעגאַט פון דער „עדיוקיישאָנאַל ליג” מיט אַ פאַרלאַנג, אַז מיר זאָלן איינפירן שאַפּ־דעלעגאַטן, וועלכע זאָלן צוזאַמען בילדן אַ נייע באַזונדערע קערפּערשאַפט, וואָס זאָל באַטראַכטן די פּראָבלעמען פון דער יוניאָן און פאַרהאַנדלען וועגן אַלע שאַפּ־ענינים. דאָס איז געווען קעגן דער יורידיקציע פון דזשאָינט־באָרד, ס'וואָלט געמיינט אַ סוף צום דזשאָינט־באָרד און פאַקטיש איבערגעבן די יוניאָן צו די קאָמוניסטן.

מיר, די 7 לאָיאַלע מיטגלידער אין דער עקזעקוטיווע, האָבן זיך שטאַרק קעגנגעשטעלט קעגן דעם פּלאַן און מיר האָבן דערקלערט, אַז דער עקזעקוטיוו־באָרד האָט גאָרניט קיין רעכט צו פאַרהאַנדלען אַזאַ פראַגע. מיר האָבן אויך אָנגעוויזן אַז מיר האָבן ניט קיין רעכט אויפצונעמען אַ קאָמיטע וואָס איז ניט אָנערקענט פון דער יוניאָן. אָבער זיי זיינען 23 — האָבן זיי באַשלאָסן וואָס זיי ווילן. נו, די קאָמוניסטישע מערהייט האָט טאַקע געקענט באַשליסן, אָבער האָט ניט געקענט דורכפירן. יעדעס מאָל ווען זיי האָבן באַשלאָסן עפּעס קעגן די אינטערעסן פון דער יוניאָן האָבן מיר, די 7 מיטגלידער, געשטימט קעגן און אַפּעלירט קעגן דעם באַשלוס צום דזשאָינט־באָרד און צו דער „אינטערנאַשאָנאַל”.

צווישן די קאָמוניסטישע נאָכלויפער איז אויך געווען קורצמאַן, וועלכער איז געווען אַ מיטגליד פון „עדיוקיישאָנאַל ליג”. ער האָט זיך אַרויסגעשטעלט ווי אַ „רעוואָלוציאָנער” און האָט אָנגעהויבן אַטאַקירן די גאַנצע אַדמיניסטראַ־

ציע פון לאָקאַל 9: אַז מיר זיינען רעאַקציאָנערן, אַז מיר פּאַראַטן די אַרבעטער אין די שעפּער און נאָך אַזעלכע שיינע דיבורים פון קאָמוניסטישן פּראָפּאַגאַנדע־אַרסענאַל. מיר זיינען אים אָבער ניט געבליבן שולדיק פאַר זיינע אַטאַקעס. צווישן זייערע מענטשן אין דער עקזעקוטיווע איז אויך געווען אַ געוויסער פּאַפּאַניק, וועמען וולאַדימיר מעדעם האָט אויפגעדעקט אַלס פּראָוואָקאַטאָר. ער האָט געהאַט באַוויזן קעגן אים פון „בונד" אין פּוילן.

די קאָמוניסטן האָבן געהאַט 5 דעלעגאַטן אין דזשאָינט־באָרד, אויך דאָרט האָבן זיי כסדר דורכגעפירט אָבסטרוקציעס, אָבער מער ווי דאָס האָבן זיי ניט געקענט באַווייזן.

## קאַפּיטל 31

# היימאַן אין שפּיץ פון אַ קאָמוניסטישער אַדמיניסטראַציע

אין 1922, ווען עס האָט זיך דערנענטערט דער טערמין פון נייע וואַלן פון אַ מענעדזשער און עקזעקוטיוו־באָרד אין לאָקאַל 9, האָט דער דזשאָינט־באָרד גערופן אַ באַראַטונג צו באַטראַכטן די סיטואַציע. צו דער זיצונג האָט ער איינגעלאַדן אַלע ביזנעס־אַגענטן, די זיבן מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע פון לאָקאַל 9, ווי אויך ישראל פיינבערגן, לאַנגערן און נאָך עטלעכע. מען איז געקומען איינשטימיק צום באַשלוס מען זאָל צוריקברענגען דזשעק האַלפּערנען אַלס מענעדזשער פון לאָקאַל 9. ער איז אַן ענערגישער מענטש, אַ קעמפערישער כאַראַקטער, און ער איז די ריכטיקע פּערזאָן צו באַקעמפן די קאָמוניסטישע פּאַרכאַפּונגס־פּלענער אין דער יוניאָן. מיר זיינען ניט געווען קעגן סאָרקינען, מיר האָבן אים געשעצט ווי אַן אינטעליגענטן, שטילן, רעספּעקטפולן מענטש, אָבער אין דעם געגעבענעם מאָמענט האָבן מיר געדאַרפט האָבן אַ קעמפערישן מענטשן וואָס זאָל קענען באַהערשן די סיטואַציע. דאָס איז געווען אויך די מיינונג פון פיינבערגן און פון די איבעריקע פירערס פון דזשאָינט־באָרד. סאָרקינען איז ניט געווען צום האַרצן אַזאַ פּלאַן, אָבער אַזוי ווי אַלע זיינען געווען דערפאַר, האָט ער גאָר ניט געקענט מאַכן. מיר האָבן זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט האַלפּערנען און אים שטאַרק צוגערעדט צו לויפן אויפסניי פאַר מענעדזשער. ער איז דעמאָלט געווען מענעדזשער פון ווייסטמאַכער־יוניאָן לאָקאַל 25 (איצט דער דרעסמאַכער־לאָקאַל 22). זיי האָבן ניט געהאַט קיין חשק אים אַוועקצולאָזן פון זייער לאָקאַל, אָבער האַלפּערן איז מסכים געווען צו לויפן פאַר מענעדזשער אויב סאָרקין איז ניט קעגן. מיר זיינען געווען צופרידן פון זיין באַשלוס און זיך געגרייט צו אַ אינטענסיוון וואַל־קאַמפּיין אין לאָקאַל 9.

אַזוי שנעל ווי די קאָמוניסטן האָבן זיך דערוואוסט אַז האַלפּערן לויפט פאַר מענעדזשער פון לאָקאַל 9, האָבן זיי אָנגעהויבן מאַכן אויף אים פאַלשע באַשולדיקונגען און וואַרפן אויף אים שמוץ ווי די קאָמוניסטן קענען. צום באַדויערן זיינען די אָפּערייטאָרס געקומען צו הילף די קאָמוניסטן. זיי האָבן געהאַלטן אַז האַלפּערן אַלס מענעדזשער פון לאָקאַל 9 איז נישט גוט פאַר זייערע אינטערעסן. זיי האָבן נאָך געדענקט זיין ענערגישן קאַמף פאַר די אינטערעסן פון די פינישערס בעתן גענעראַל־שטרייק פאַר וואָכן־אַרבעט, ווען ער האָט זיך קעגנגעשטעלט די עגאָאיסטישע פאַרלאַנגען פון די אָפּערייטאָרס אַז די פינישערס זאָלן סעטלען פאַר אַ קלענערן פּרייז.

איצט האָבן די אָפּערייטאָרס געפונען אַ געלעגנהייט זיך נוקם צו זיין אין האַלפּערנען. זיי האָבן פּאַקטיש גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם קאַמפּיין פאַר אויסדערוויילן אַ מענעדזשער פון לאָקאַל 9. זיי האָבן פאַרשפּרייט בלעטלעך קעגן האַלפּערנען, זיי האָבן דערציילט וועגן אים ליגנס אין די שעפּער און אויפן קלאָוקמאַכער־מאַרק.

סאָרקין האָט גערופן די אָפּיציעלע פאַרזאַמלונג צו נאָמינירן אַ קאַנדידאַט פאַר מענעדזשער, דזשעק האַלפּערן איז געוואָרן נאָמינירט דורך אונדז און לואיס היימאַן איז געוואָרן נאָמינירט דורך די קאָמוניסטן. די קאָמוניסטן האָבן געפירט זייער אַ שאַרפן קאַמפּיין קעגן האַלפּערנען, זיי האָבן געוואוסט, אַז האַלפּערן וועט זיך ניט שפּילן אין קיין פּאָליטיק, נאָר וועט זאָרגן צו פאַר־בעסערן די אַרבעט־באַדינגונגען פאַר די פינישערס. און זיי, די קאָמוניסטן זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין פּאָליטיק מער ווי אין אַלעמען.

די קאָמוניסטישע מערהייט פון עקזעקוטיוו־באָרד האָבן באַשלאָסן איינ־אָרדענען אַ דעבאַטע איבער טרייד־פראַגן צווישן האַלפּערנען און היימאַנען. די דעבאַטע איז פאָרגעקומען אין קאַסינאָ־האַל אויף דער צווייטער עוועניו. אַ טאָג פאַר די וואַלן און ביידע צדדים האָבן זיך שטאַרק געגרייט צו דער דעבאַטע.

פאָרזיצער פון מיטינג איז געווען זירלין, אַ קאָמוניסט. ער האָט אַזוי מאַנעווורירט אַז האַלפּערן זאָל זיין דער ערשטער רעדנער, כדי היימאַן זאָל האָבן דאָס לעצטע וואָרט און ער זאָל ניט קענען ענטפערן היימאַנען. הינטער די קוליסן פון דער גאַנצער שפּיל איז געווען מאַקס שוואַרץ, ער האָט געגעבן אינסטרוקציעס דעם פאָרזיצער פון מיטינג ווי אויך לואיס היימאַנען.

האַלפּערן האָט אין זיין רעדע אויספירלעך דערציילט ווי שווער עס זיינען אָנגעקומען אויסצוקעמפן די דערגרייכונגען פאַר די פינישערס, און אין דעם שווערן קאַמף האָט מען היימאַנען ניט געזען אין דער יוניאָן.

היימאַן האָט געהאַט אַ טענה פאַרוואָס פינישערס האָבן אַ קלענערע סקייל ווי די אָפּערייטאָרס. ער האָט אָנגעהויבן שפּילן אויף דער פאַנטאַזיע וועגן הויכע לוינען אאַז״וו. ווי אַזוי ער וועט די וואונדער דערגרייכן האָט ער נישט

געזאָגט, נאָר געוואָרפן סתם אינהאַלטלאָזע פראַזן. ווען האַלפּערן האָט דאָס צווייטע מאָל גערעדט, און גערעדט האָט ער מיט האַרץ און איבערצייגונג, האָט עס אַזוי געווירקט אויף זיין פיזישן צושטאַנד און ער האָט צוזאַמענגעבראָכן אין מיטן ריידן. מיר האָבן באַלד גערופן אַ דאָקטאָר. מיר האָבן מורא געהאַט אַז ער האָט באַקומען אַ האַרץ־אַטאַקע. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט אַז ער איז ניט געפערלעך, אַז עס איז געווען בלויז אַ שטאַרקע אויפרעגונג און ער האָט אים געלאָזט אויפן אָרט, ער איז געקומען צו זיך און האָט געפילט זיך בעסער. די קאָמוניסטישע חברה האָט געהאַט די חוצפה צו זאָגן, אַז האַלפּערן האָט זיך געמאַכט חלשן.

ווען היימאַן האָט באַקומען דאָס לעצטע וואָרט, האָט ער ווידער גענומען זידלען די יוניאָן און די פירער. פון זיין רעדע האָט מען געזען דעם אונטערשייד צווישן היימאַנס און האַלפּערנס צוגאַנג: פון איין זייט קאָמוניסטישע דעמאַגאָגיע אויסגערעכנט צו פאַרנאַרן די צוהערער, און פון דער צווייטער זייט — אַ פּאַר־אַנטוואָרטלעכער מענטש, אַן ערלעכער, איבערגעגעבענער און פעאיקער יוניאָן־טוער מיט אַן אויסגעצייכנטן רעקאָרד פון פּראַקטישע דערגרייכונגען.

לײדער איז האַלפּערן דורכגעפאַלן אין די וואַלן. ער האָט באַקומען אינגאַנצן מיט 150 שטימען ווייניקער ווי היימאַן. דאָס וואָלט ניט געשען, ווען מיר וואָלטן געווען בעסער אָרגאַניזירט און ווען מיר וואָלטן געפירט כאָטש טיילווייז אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע ווי עס האָבן געפירט די קאָמוניסטן. די קאָמוניסטן האָבן גענוצט פאַרשיידענע טריקס אויסצונאַרן שטימען פון אַ טייל נאַאיווע פינישערס. זיי האָבן זיך געלאָזט איינריידן פון אָפּערייטאָרס, וועלכע זיינען אַוועק פריער פון דער אַרבעט, אַז זיי זאָלן זיי געבן די ביכלעך, וועלן זיי שטימען פאַר זיי. מיר האָבן זיך צו שפּעט געכאַפּט וואָס דאָ איז געשען, אָבער עס איז שוין געווען אַ פאַרפאַלענע זאַך. איך בין געווען אין לייבאָר־טעמפּל — איינס פון די דריי פּלעצער וואו מען האָט געקענט אָפּגעבן די שטימען. דאָרט האָב איך דערקענט פיל אָפּערייטאָרס, וואָס זיינען געקומען אָפּגעבן שטימען מיט ביכלעך פון לאָקאַל 9. אָפּערייטאָרס זיינען אויך געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג אין די דריי ערטער און געפירט פּראָפּאַגאַנדע פאַר היימאַנען. ווען די ביזנעס־אַגענטן וואָלטן געווען אויף די ערטער וואו מען האָט געשטימט און זיי וואָלטן צוגעהיט אַז אָפּערייטאָרס זאָלן ניט אָפּגעבן קיין שטימען — ווייל זיי האָבן געקענט פּערזענלעך די אָפּערייטאָרס — וואָלט דער רעזולטאַט געווען אַן אַנדערער.

מיר האָבן אַפּעלירט צו דער „אינטערנאַשאָנאַל", אַז די וואַלן זיינען געווען געפעלשט, אַז פיל אָפּערייטאָרס האָבן געשטימט. דער פּרעזידענט שלעזינגער האָט אָבער באַקומען „קאַלטע פיס" און האָט גאָר ניט געטאָן אין דער פראַגע. ער האָט זיך דערשראָקן אַז די קאָמוניסטן וועלן אָנהויבן אַ פּראָפּאַגאַנדע קעגן אים. ער האָט אַפּעלירט צו האַלפּערן און צו אונדז, די וועלכע

האָבן געשטיצט האַלפּערן, מיר זאָלן די פראַגע ניט אויפהויבן. די ביזנעס־אַגענטן האָבן נאָכגעגעבן שלעזינגערן. איך, בענדער און די קאַהאַנס האָבן דערויף ניט איינגעשטימט. די אַנדערע האָבן אָבער אונטער שלעזינגערס דרוק נאָכגעגעבן, בלויז איך בין געבליבן איינער, וואָס האָט ניט געוואָלט צושטימען, אַז דער וואָל־רעזולטאַט זאָל אַזוי בלייבן. איך האָב דאָך אַליין געכאַפּט ביי דער האַנט פיל אָפּערייטאָרס, וואָס האָבן אָפּגעגעבן שטימען מיט ביכלעך פון פיני־שערס. איינער אַליין האָב איך גאָר ניט געקענט דערגרייכן. איך האָב אָבער געוואָרנט שלעזינגערן, אַז עס איז אַ גרויסער טעות אַדורכצולאָזן אַזעלכע סקאַנדאַליעזע וואַלן.

אין 1922 האָט לואיס היימאַן איבערגענומען דעם אַמט אַלס מענעדזשער פון לאָקאַל 9. פון די 7 אָפּאָזיציאָנעלע מיטגלידער פון פריערדיקן עקזעקוטיוו־באָרד זיינען איצט דערוויילט געוואָרן בלויז פיר: בענדער, גאָלדשטיין, איזי קאַהאַן און אַבראַהאַם קאַהאַן.

אָבער ביי די וואַלן אין די באַזונדערע סעקציעס האָבן מיר, די לאָיאַלע צו דער אינטערנעשאַנאַל, אומעטום געוואונען. די פּאָרזיצערס און סעקרעטאַרן זיינען אַלע געווען אונדזערע קאַנדידאַטן. ווען די קאָמוניסטישע עקזעקוטיווע האָט אָנגענומען באַשלוסן קעגן דעם דזשאָינט־באָרד, האָבן מיר די באַשלוסן דיסקוטירט אויף די פאַרזאַמלונגען פון די סעקציעס און אָנגעוויזן אויף זייער שעדלעכקייט. ווייניק טרייד־פראַגן האָבן זיי פאַרהאַנדלט אויף דער עקזעקו־טיווע, נאָר זיי האָבן אַריינגעשלעפּט דעם לאָקאַל אין קאָמוניסטישע ביזנעס. קאַהאַן, בענדער און איך האָבן זיי געוואָרנט ניט אָנצונעמען באַשלוסן קעגן דעם ווילן פון די סעקציעס, ווייל די מיטגלידערשאַפט איז די העכסטע אינס־טאַנץ. ווען די קאָמוניסטן האָבן זיך נישט צוגעהערט, האָבן מיר אַפּעלירט צום דזשאָינט־באָרד און צו דער אינטערנעשאַנאַל, אַז די עקזעקוטיווע פירט ניט דורך די באַשלוסן פון די סעקציעס. און די קאָמוניסטן פלעגן אַלע מאָל פאַר־לירן, ווייל זיי האָבן בלויז געוואָלט דורכזעצן קאָמוניסטישע אינסטרוקציעס. געשריען האָבן זיי, אַז מען לאָזט זיי ניט טאָן עפּעס פאַר די פינישערס, די טובה פון די פינישערס איז באמת זיי געלעגן אין דער לינקער פּאה.

אַלע ביזנעס־אַגענטן פון לאָקאַל 9, אַחוץ קורצמאַנען, וואָס האָט באַלאַנגט צו דער „ליג", זיינען געווען פון רעכטן פליגל, אַלע זיינען זיי געשטאַנען אויף דער זייט פון דזשאָינט־באָרד. אויף אונדזער זייט איז אויך געווען פינאַנס־סעקרעטאַר ראָזנבלאַט, פאַר וועמען די קאָמוניסטן האָבן אויסבאַהאַלטן זייערע פּלענער. אָבער איינער פון אָפיס, בעגען איז געווען זיין נאָמען, וועמען מינקאָוו האָט אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט, איז געוואָרן אַ קאָמוניסט. ער איז איצט אין לאָקאַל 9 געוואָרן דער גאַנצער בעל־הבית און געהאַלטן אין זיינע הענט די גאַנצע אַדמיניסטראַציע. די קאָמוניסטן האָבן געוואָלט ראָזענבלאַטן משלח זיין פון זיין אַמט אין אָפיס אַלס סעקרעטאַר, אָבער זיי זיינען דורכגעפאַלן,

ווייל די בוכהאַלטאָרן פון דער יוניאָן האָבן געדראָט צו דערקלערן אַ שטרייק דעמאָלט, האָבן די קאָמוניסטן זיך דערשראָקן. זיי האָבן גאַרניט געקאָנט אויסבאַהאַלטן פאַרן פינאַנס־סעקרעטאַר ראָזענבלאַט און מיר האָבן אַזוי אַרום געוואוסט אַלץ וואָס עס געשעט מיט דער קאַסע אין לאָקאַל 9.

מיר, די אָפּאָזיציע, האָבן זיך ניט בלויז באַגנוגנט מיטן קאַמף אין די סעקציעס. מיר האָבן אויך אָרגאַניזירט אַ באַזונדער קלוב וואו אונדזערע מענטשן זאָלן זיך קענען צוזאַמענקומען און אַדורכרעדן די סיטואַציע אין לאָקאַל און זוכן מיטלען ווי צו באַקעמפן די שעדלעכע שטיק פון דער קאָמוניס־טישער אַדמיניסטראַציע. אונדזער קלוב האָט זיך גערופן „פינישערס טרייד־יוניאָן קלוב פון לאָקאַל 9”. איך בין געווען זייער אַקטיוו ביים אָרגאַניזירן דעם דאָזיקן קלוב. מיר האָבן אָנגעהויבן קריגן מער אָנהענגער און מיר האָבן אַ דאַנק דעם אָנגעהויבן צו פירן אַ גרעסערן קאַמף קעגן דער קאָמוניס־טישער אַדמיניסטראַציע. מיר האָבן געהאַט אונדזערע פאַרזאַמלונגען אין רענד־סקול אויף דער 15טער גאַס.

לואיס היימאַן האָט געזוכט אַלערליי מיטלען און וועגן צו געווינען אויף זיין זייט די ביזנעס־אַגענטן. האָט ער איין מאָל פאַררופן אַ באַראַטונג מיט די ביזנעס־אַגענטן און ער האָט זיי אַלע אויסגענומען קיין אַטלאַנטיק סיטי, ער האָט זיי דאָרט געגעבן אַ „גוד־טיים” און האָט פאַר זיי פאַרשפּענדט אַ סך געלט אויף דעם חשבון פון דעם לאָקאַל. די ביזנעס־אַגענטן האָבן אונדז באַלד דערציילט אַלע איינצלהייטן פון זייער זיין אין אַטלאַנטיק־סיטי. מיר האָבן דעם פאַל אַרומגערעדט אויף אונדזערע סעקציע־מיטינגס און מיר האָבן דערציילט די מיטגלידער ווי לואיס היימאַן וואַרפט זיך מיט יוניאָן־געלטער. ער, היימאַן, שרייט דאָך כסדר אַז ס'איז קיין געלט ניטאָ און ער וואַרפט פאַר דעם דזשאָינט־באָרד, אַז ער גיט אויס צופיל געלט, טאָ צוליב וואָס — האָבן מיר געפרעגט — איז היימאַן געפאָרן האָבן אַ זיצונג אין אַטלאַנטיק־סיטי? איז ניו־יאָרק צו ענג פאַר דעם צוועק? ער טענהט דאָך אַז עס איז נישטאָ קיין געלט אין לאָקאַל 9 טאָ פאַרוואָס האָט ער אין דער זעלבער צייט פאַרשפּענדט אָן אַ זין אַזוי פיל לאָקאַל־געלטער? וואָלט ניט בעסער געווען — האָט מען אים געפרעגט — ווען מען העלפט מיט דעם געלט אַ קראַנקן פינישער?

זירלין, דער טשערמאַן פון לאָקאַל 9, און אַנדערע מיטגלידער פון עקזע־קוטיוו־באָרד האָבן געפּרוּווט פאַרענטפערן די אַלע פראַגן, אָבער זייער ענטפער האָט נישט צופרידנגעשטעלט די מענטשן אין די סעקציעס, איז לואיס היימאַן אַליין געגאַנגען צו יעדער סעקציע זיך פאַרטיידיקן — אָבער אָן ווירקונג. ער האָט ניט געוואוסט, האָט ער געזאָגט, אַז מען וועט מאַכן פון דעם אַזאַ „אישו”, אינגאַנצן האָט עס אָפּגעקאָסט 150 דאָלער, (פאַקטיש האָט עס געקאָסט אַ סך מער ווי 150 דאָלאַר), אַז מען האָט אים צוגערעדט דאָרט צו מאַכן די זיצונג.

אַלע די תירוצים האָבן נישט געפּונען קיין אָפּקלאַנג. כאָטש ער האָט געהערט מיטן אויטאָריטעט פון מענעדזשער פון לאָקאַל 9. די סעקציעס האָבן צוריק־געוויזן די געמאַכטע אויסגאַבן און האָבן פאַרלאַנגט, אַז היימאַן זאָל אומקערן דאָס געלט. ער האָט צוגעזאָגט דאָס געלט אומצוקערן, דאָס איז געווען מאָראַ־ליש אַ שטאַרקער פּאַטש אין פּנים פאַר היימאַנען און פאַר זיין גאַנצער קאָמוניסטישער אַדמיניסטראַציע.

דער „פאָרווערטס" האָט באַשריבן די גאַנצע מעשה ווי היימאַן, דער מענע־דזשער פון לאָקאַל 9, איז געפאָרן זיך לאָזן וואוילגיין קיין אַטלאַנטיק־סיטי אויפן חשבון פון די אָרעמע פאַרהאָרעוועטע פינישערס.

## קאַפּיטל 32

# אין קאַמף מיט דער קאָמוניסטישער אַדמיניסטראַציע

ווען עס איז געקומען צו נייע וואַלן אין קומענדיקן יאָר, אין 1923, האָבן מיר, דער טרייד־יוניאָן־קלוב אַרויסגעשטעלט דזשאָ קעסטען צו לויפן פאַר מענעדזשער פון לאָקאַל 9 קעגן לואיס היימאַן. היימאַן און זיין קאָמוניסטישע אַדמיניסטראַציע האָבן דורכאויס געוואָלט אָפּשאַפן די סעקציע־מיטינגען. זיי האָבן געוואוסט, אַז דאָרט וואו מען רעדט רואיקער, וואו מענטשן ווערן בעסער אינפאָרמירט וועגן פאַקטן, דאָרט קענען זיי האָבן וויניק דערפאָלג. האָבן זיי געוואָלט אַז די נאָמינאַציעס פאַר מענעדזשער אין עקזעקוטיוו־באָרד זאָל געמאַכט ווערן ביי אַ גענעראַלן מיטינג פון גאַנצן לאָקאַל. דאָרט, האָבן זיי גערעכנט, איז די קאָנטראָל אַ שוואַכערע, וועלן זיי קענען ברענגען צום מיטינג זייערע מענטשן, ניט קיין פינישערס, פאַרזיכערן זיך פון פאַראויס אַ מערהייט און דורכפירן וואָס זיי וועלן נאָר וועלן.

זיי האָבן גערופן אַזאַ גענעראַלן מיטינג און עס זיינען טאַקע צום מיטינג געקומען קאָמוניסטן פון דער „ליג", גרייט צו הייבן הענט און שטימען, ווען מען וועט זיי געבן אַ צייכן. מיר האָבן אַ צאָל פון זיי דערקענט, אַז זיי זיינען גאָר ניט קיין מיטגלידער פון לאָקאַל 9. איך האָב דערקענט איינעם אַזאַ מיטן נאָמען דן שערעשעווסקי פון לאָקאַל 38, כ'האָב אים געפרעגט וואָס ער טוט דאָ, ער באַלאַנגט דאָך גאָר ניט צו אונדזער לאָקאַל, האָט ער געשוויגן. אַזוי האָבן זיי אַריינגעפירט אין האָל אַ סך פרעמדע מענטשן. מיר האָבן זיי פאַר־קלאָגט צו דער „אינטערנאַשאָנאַל", האָבן זיי געלייקנט שטיין און ביין.

די קאָמוניסטן האָבן אַדורכגעפירט די וואַלן אויף זייער שטייגער. ביים ציילן די שטימען האָבן זיי אָוועקגעזעצט בלויז אייגענע מענטשן און זיי האָבן נישט צוגעלאָזט ביים ציילן קיינעם פון דער אָפּאָזיציע, פון די וואָס האָבן

געשטיצט קעסטענס קאַנדידאַטור. בלויז קעסטענען אַליין האָבן זיי צוגעלאָזט צום ציילן. אָבער מען האָט געציילט די שטימצעטלען אין עטלעכע ערטער, זייערע מענטשן איז געווען פול אַרום די טישן וואו מען האָט געציילט, האָט דזשאָ קעסטען אַליין זיך נישט געקענט קיין עצה געבן און ער האָט פּאַקטיש נישט געהאַט קיין שום קאָנטראָל איבער דעם וואָס עס קומט פאָר ביים ציילן. זיי, די קאָמוניסטן, האָבן דעריבער אים צוגעטיילט אַזוי פיל שטימען וויפל זיי האָט זיך פאַרוואָלט. דזשאָ קעסטען איז געווען זייער פּאָפּולער ביי די פּיני־שערס, אַלע האָבן אים געגליכן. ער איז דורכגעפאַלן ווייל די קאָמוניסטישע וואַלן זיינען געווען דורך און אומערעלכע — ווי זיי קענען.

ביי די וואַלן אין 1924 אין לאָקאַל האָט אונדזער „טרייד־יוניאָן־קלוב" באַשלאָסן נישט אַרויסצושטעלן קיין קאַנדידאַטן, צוליב די נישט ריינע וואַלן פון אַ יאָר פריער. מיר האָבן געפירט אַן אַגיטאַציע נישט אָנטיילצונעמען אין די וואַלן און די וואָס ווילן יאָ שטימען, זאָלן אָפּגעבן די שטימע קעגן היימאַנען. נאָך די געמאַכטע וואַלן אויפן קאָמוניסטישן שטייגער, איז לויט היימאַן געוואָרן דערוויילט. זיי האָבן געמאָלדן, אַז נאָר 150 שטימען זיינען געווען קעגן היימאַנען. מיר האָבן אַרויסגעגעבן אַ דערקלערונג, אַז די וואַלן זיינען פאַלשע און דער רעזולטאַט איז אַ פאַלשער. זיי האָבן אפילו ניט גע־מאָלדן וויפל שטימען ס'זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן אין די וואַלן. די צאָל איז געווען אַזאַ נישטיקע, אַז זיי האָבן זיך געשעמט אויסצוזאָגן. ניט היימאַן און ניט זירלין האָבן ווען עס איז דערמאָנט דעם רעזולטאַט פון די דאָזיקע וואַלן.

אַזוי ווי די קאָמוניסטן האָבן אין דער עקזעקוטיוו־באָרד זיך פאַרנומען מערסטנס מיט קאָמוניסטישער פּאָליטיק. האָבן געהאַנדלט לויט די אינסטרוק־ציעס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און האָבן ווייניק זיך געקימערט וועגן די טאָג־טעגלעכע אינטערעסן פון די אַרבעטער, האָט דער שווערפּונקט פון די פּראָבלעמען פון טרייד זיך איבערגעטראָגן אין די סעקציעס. דערפאַר האָבן די קאָמוניסטן אַזוי שטאַרק געוואָלט פּטור ווערן פון די סעקציעס, ווייל די ערנסטקייט מיט וועלכער מען האָט דאָרט באַהאַנדלט די וויכטיקע טרייד־פּראָבלעמען האָט זיי געשטאָכן אין די אויגן.

צו יענער צייט איז טאַקע געשטאַנען פאַר דער יוניאָן אַ וויכטיק פּראָבלעם פון קלאָוקמאַכער־טרייד, דאָס איז געווען די פראַגע וואָס די דזשאַבערס האָבן אַרויסגעגעבן אַרבעט די קאָנטראַקטאָרס און סוב־מאַנופאַקטשורערס אָן אַ גרענעץ און אָן קאָנטראָל. די דזשאַבערס פלעגן געבן די קאָנטראַקטאָרס אַלץ: דעם פּעטרום, דעם מאַטעריאַל און די צוגאָבן (טרימינגס), דער קאָנטראַקטאָר האָט געמאַכט אַ פּאַרטיק שטיקל אַרבעט און דער דזשאַבער האָט געטענהט אַז דאָס קויפט ער די פּאַרטיקע קלאָוקס ביים קאָנטראַקטאָר און דעריבער פאַלט די דאָזיקע טראַנזאַקציע נישט אַרונטער דער קאָנטראָל פון דער

יוניאָן. עס איז געווען אַ געפערלעכע סיטואַציע און מען האָט געמוזט קעגן דעם עפּעס טאָן.

מ׳האָט ניט געקענט אַדורכקומען און די יוניאָן האָט גערופן אַ שטרייק ביי די סאַב־מאַנופעקטשורערס כדי צו צווינגען אַ רעאָרגאַניזירונג פון טרייד. עס האָט אָפּגעקאָסט דער יוניאָן אַ סך געלט און ס׳איז ניט געלונגען איינ־צושטעלן קיין אָרדענונג. זיגמאַן האָט דאַן געבראַכט צום דזשאָינט־באָרד זיין פּלאַן פון „לימיטיישאָן אָוו קאָנטראַקטינג״, וואָס וואָלט געשטערט די דזשאַבערס אין זייער טריק אויסצומיידן די יוניאָן. דער דזשאָינט־באָרד האָט באַשלאָסן אַז דאָס איז דער איינציקער וועג, ווי אַזוי צו האַלטן די דזשאַבערס פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אַרבעט. דאָס וואָלט אַ סוף געמאַכט צו דער הפקרות אין טרייד וואָס גייט אויס צום קאָפּ פון דעם אַרבעטער. צווישן די קאָנטראַקטאָרס איז אָנגעגאַנגען אַ געפערלעכע קאָנקורענץ, איינער האָט געמאַכט ביליקער פון צווייטן און דער קאָנטראַקטאָר האָט געריסן פון פרייז, וואָס דער אַרבעטער האָט באַקומען. — „אויב איר ווילט אַרבעטן — האָט דער קאָנטראַקטאָר געטענהט — מוזט איר אַרבעטן פאַר ביליקער, אַנדערש קען איך די אַרבעט ניט אָננעמען.

עס איז אַנטשטאַנען אַ שווער פּראָבלעם פאַר דער יוניאָן און פאַר דער קלאָוק־אינדוסטריע בכלל. דער גאָווערנאָר סמיט האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דער סיטואַציע און ער האָט געשאַפן אַ ספּעציעלע קאָמיטע וואָס זאָל מאַכן אָרדענונג אין דער קלאָוק־אינדוסטריע. די „גאָווערנאָר סמיט־קאָמיטע״ האָט אָנגענומען אַ גוטן פּלאַן, אַז עס זאָל איינגעפירט ווערן אַ פאַרפליכטנדיקער מינימום צאָל וואָכן אַרבעט אין יאָר און אַז עס זאָל באַגרענעצט ווערן די צאָל קאָנטראַקטאָרס אין קלאָוק־טרייד. זי האָט געהאַלטן, אַז אויב איינער וויל ווערן אַ קאָנטראַקטאָר אין דער קלאָוק־אינדוסטריע, זאָל ער פריער אַרויס־נעמען אַ סערטיפיקאַט פון דער „קאָמיטע״. אַזוי אַרום וועט זי האָבן אַ קאָנ־טראָל, אַז די צאָל שעפּער זאָל ניט זיין צו גרויס און דאָס וואָלט איינגעצוימט די קאָנקורענץ. זי האָט אויך געהאַלטן, אַז די קאָמיטע דאַרף זיין אַ פּער־מאַנענטע.

די באָרד אָוו דירעקטאָרס פון דער יוניאָן האָט רעקאָמענדירט דעם דזשאָינט־באָרד צו פאַרלאַנגען אַ גאַראַנטיע פאַר אַ מינימום פון 32 אַרבעטס־וואָכן אַ יאָר. ערשטנס, וואָלטן קליינע מאַנופעקטשורערס צוליב דעם געמוזט אַרויספאַלן פון טרייד, דאָס וואָלט געשאַפן אַן אויסזיכט, אַז די גרויסע מאַ־נופאַקטשורערס זאָלן מוזן פאַרגרעסערן זייערע שעפּער אויפן חשבון פון די קליינע. די דזשאַבערס וואָלטן אפשר אויך געעפנט קלאָוק־שעפּער און עס וואָלט זיך געשאַפן די מעגלעכקייט, אַז די קלאָוק־אַרבעטער זאָלן קענען אַרבעטן אפילו מער ווי 32 וואָכן אַ יאָר. דאָס וואָלט אויך אָפּגעשאַפט די

שעדלעכע קאָנקורענץ צווישן די מאַנופעקטשורערס. אויב דאָס אַלץ וואָלט געוואָרן דורכגעפירט, וואָלט עס געווען אַ גרויס געווינס פאַר די אַרבעטער

לואיס היימאַן און זיין אַדמיניסטראַציע פון לאָקאַל 9 זיינען געווען קעגן דעם, זיי האָבן מורא געהאַט, אַז דאָס וועט הויבן דעם פּרעסטיזש פון די פּירערס פון דזשאָינט־באָרד און פון אינטערנאַשאָנאַל. זיי האָבן אפילו ניט געוואָלט אויפנעמען די פּראָבלעמען צום פאַרהאַנדלען. אָבער אַלע סעקציעס האָבן יאָ די פראַגע אויפגענומען. אין דער האַרלעמער סעקציע האָבן מיר די פראַגע ברייט דיסקוטירט און באַשלאָסן פאַרלאַנגען פון דזשאָינט־באָרד צו קעמפן דערפאַר אַז די רעקאָמענדאַציע פון דער גאָווערנער סמיט־קאָמיטע, ספּעציעל די גאַראַנטיע פון מינימום 32 וואָכן אַרבעט אַ יאָר, זאָל דורכגעפירט ווערן. די קאָמוניסטישע נאָכלויפער האָבן אויף דער סעקציע נישט געוואַגט אַרויסצוטרעטן קעגן; פאַרקערט, כדי צו זיין סופּער־פּאַטריאָטיש האָבן זיי פאַרלאַנגט ניט 32 וואָכן נאָר גאַנצע 36 וואָכן מינימום אַרבעט אַ יאָר. אויב ניט, האָבן זיי געהאַלטן, דאַרף מען שוין שטרייקן. וואָס זיי זיינען אויסן געווען איז בלויז צו פאַרלויפן דעם וועג דעם דזשאָינט־באָרד, וועלכער האָט געהאַנדלט אויסגערעכנט אין די אינטערעסן פון דער יוניאָן. איך און בענדער האָבן איבערצייגט די מערהייט פון דער סעקציע צו געטרויען דעם דזשאָינט־באָרד און זיינע רעקאָמענדאַציעס זיינען געוואָרן גוטגעהייסן. אויף דעם זעלבן מיטינג זיינען פאָרגעקומען וואַלן פון אַ טשערמאַן. זירלין איז געווען נאָמינירט פון די קאָמוניסטן און איך פון די קעגנער פון קאָמוניזם. זירלין איז געווען טשערמאַן פון מיטינג, האָט ער באַשטימט אַ געוויסן סעם פיינבערג, ער זאָל ציילן די שטימען. איך בין ניט געווען קעגן פיינבערגס ציילן די שטימען, ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ רעכטן.ביים שטימען האָט מען געקאָנט זען, אַז דער גרעסטער טייל עולם איז געווען פאַר מיר (אַרום 150 מאַן) און בלויז אַרום 40 שטימען פאַר זירלינען. ווען זירלין האָט געזען ווי דער עולם שטימט מאַסנווייז פאַר מיר, האָט ער איבערגעריסן דאָס ציילן און האָט געפרעגט פיינבערגן וויפל שטימען האָט יעדער איינער באַקומען. סעם פיינבערג האָט אָן וואַקלעניש געענטפערט: 35 שטימען פאַר זירלינען און 35 פאַר קושנערן. דער עולם האָט גענומען טומלען און איך האָב אָנגעהויבן שטורמען און פּראָטעסטירן. איך האָב פאַרלאַנגט מען זאָל נאָכאַמאָל ציילן די שטימען. דערצו האָט זירלין ניט דערלאָזט. די קאָמוניסטן האָבן אויפגעריסן דעם מיטינג, כדי נישט צו דערלאָזן נאָכאַמאָל ציילן די שטימען. פיינבערג האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ צוויי־פּנימדיקער און אַ ביליקער מענטש. די גאַנצע סעקציע איז געווען פאַרביטערט אויף אים פאַר זיין מיאוסער קאָמוניסטישער האַנדלונג. שפּעטער האָבן די קאָמוניסטן נאָך געהאַט די חוצפּה מיך אָנצוקלאָגן פאַר דער „גריוועגס־באָרד”, אַז איך האָב אַראָפּגעריסן דעם מיטינג. איך בין געקומען צו דער „גריוועגס־באָרד” און

מיטגענומען עדות וואָס האָבן בייגעוואוינט דעם מיטינג. זעענדיק, אַז פון דער זאַך קען אַרויסקומען שלעכטס פאַר זיי, האָבן די קאָמוניסטן פון דער גריוועַנס־באָרד אפילו נישט געוואָלט אויסהערן אַלע עדות און דעם ענין אַנולירט. איך האָב געוואָלט אַריינטראָגן אַן אָנקלאַגע קעגן סעם פיינבערגן און קעגן זירלינען צו דער „אינטערנאַשאָנאַל" און פאָדערן צו באַשטימען נייע וואַלן, האָט די קאָמוניסטישע עקזעקוטיוו־באָרד אויפגעלייזט אַלע סעקציע־מיטינגס און איינגעפירט בלויז אַלגעמיינע מיטגלידער־מיטינגען.

די אַלגעמיינע מיטינגען האָבן זיי לייכטער געקענט באַהערשן, ווייל ביי אַזעלכע מיטינגען איז די קאָנטראָל געווען אַ שוואַכערע און זיי האָבן געקענט ברענגען זייערע מענטשן, גאָרניט קיין פינישערס. מיר האָבן פּראָטעסטירט, עס האָט אָבער גאָר נישט געהאָלפן. זיי האָבן אַלץ געהאַט אין זייערע הענט און די פינישערס האָבן מורא געהאַט צו שטימען אָפן קעגן דער אַדמיניס־טראַציע. אַזוי אַרום האָבן זיי ביי אַ גענעראַל־מיטינג אַדורכגעפירט אַלץ וואָס זיי האָבן געוואָלט: אָנגענומען באַשלוסן קעגן דער דזשאָינט־באָרד, קעגן דער „אינטערנאַשאָנאַל" אאַז"וו.

***

אין 1918 איז אויף מיין איניציאַטיוו געשאַפן געוואָרן ביי אונדזער לאָקאַל אַ קערפּערשאַפט וואָס מיר האָבן אַ נאָמען געגעבן „אָרגאַניזאַציע־קאָמיטע". דער צוועק דערפון איז געווען צו שאַפן אַ גרופּע אַקטיוויסטן וואָס זאָל העלפן דעם עקזעקוטיוו־באָרד אין דער אַרבעט. אין דעם לאָקאַל זיינען דעמאָלט געווען אַ סך מער אינטעליגענטע, אַקטיווע און איבערגעגעבענע מיטגלידער ווי עס האָבן געקענט אַריין אין דער עקזעקוטיווע. איז מיין געדאַנק געווען, אַז מען דאַרף די מענטשן אַקטיוויזירן און דערנענטערן זיי צו דעם טאָג־טעגלעכן לעבן פון דער יוניאָן. די אָרגאַניזאַציע־קאָמיטע האָט געדאַרפט האָבן אַנדערע פונקציעס ווי דער עקזעקוטיוו־באָרד, ווי איינאָרדענען לעק־ציעס, דיסקוסיעס, אויפנעמען טרייד־פראַגן צו דיסקוטירן און זיי ברענגען צו עקזעקוטיוו־מיטינגען גוטצוהייסן. פיל פון דער עקזעקוטיווע זיינען געווען קעגן מיין פאָרשלאָג צו פאָרמירן אַזאַ קאָמיטע. זיי האָבן מורא גע־האַט, אַז אַזאַ קאָמיטע קען נאָך אויסהאָדעווען אַן אָפּאָזיציע, וואָס קען אָנטאָן צרות. אָבער מיין פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן און אַזאַ קאָמיטע איז יאָ געשאַפן געוואָרן.

נאָך דעם באַשלוס איז די אויפגאַבע צו שאַפן אַזאַ קאָמיטע איז איבער־געגעבן געוואָרן איזי קאַהאַן, איבראַהאַם קאַהאַן און מיר. מיר האָבן גערופן אַ מיטינג פון אַן ערך 21 ביז 30 מענטשן און זיי דערקלערט דעם צוועק און די אויפגאַבע פון דער דאָזיקער קאָמיטע, וועלכע דאַרף דער עיקר פירן

קולטור־אַרבעט, וועקן דעם יוניאָן־געדאַנק ביי די מיטגלידער, לערנען דעם קלאָוק־פינישער ווי צו באַהאַנדלען און דיסקוטירן פראַגן וואָס זיינען אים נוגע אַלס אַרבעטער אאַז״וו. דער ערשטער טשערמאַן פון דער קאָמיטע איז געווען היימי גאָלדבערג, און צו דער קאָמיטע האָבן געהערט: זירלין, האַלפּערט, פרידבערג, מיס מינאַוויטש, רופענבאַך, מיס באַקס, מיס טאָקער, ריטאַ סיל־ווערמאַן, גרינבערג, איוואַ פּאַשע איך און אַנדערע. רוסענאָף איז געווען דער סעקרעטאַר.

מיר האָבן דער עיקר איינגעאָרדנט לעקציעס און אַרויספאָרן. אונדזער טעטיקייט האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע פאַראינטערעסירונג און די קאָמיטע איז געוואָרן זייער פּאָפּולער צווישן די מיטגלידער און האָט בכלל געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער טעטיקייט פון לאָקאַל. איך און איזי קאַהאַן זיינען געווען שטאָלץ וואָס אונדז איז געלונגען דורכצוזעצן דאָס שאַפן פון דער דאָזיקער קאָמיטע.

אַזוי האָט די קאָמיטע געאַרבעט צופרידנשטעלנדיק ביז זירלין האָט אַריינגענומען מאַקס שוואַרצן אין דער קאָמיטע. ווי נאָר ער איז געוואָרן אַ מיטגליד האָט ער באַלד זיך געריסן צו ווערן דער סעקרעטאַר. מען האָט אָנגעהויבן צו העצן איינעם קעגן צווייטן. ווען די קאָמוניסטן האָבן אָנגעהויבן טומלען האָבן זיי אויך די דאָזיקע „דזשענעראַל אָרגאַניזיישאָן־קאָמיטע" גע־וואָלט פאַרכאַפּן. שוואַרץ האָט זיך געהאַט אויף אַ כיטרען אופן אַריינגעדרייט אין לאָקאַל 9. איך האָב דערשמעקט וואָס פאַר אַ פאַרשוין ער איז און איך האָב געוואָרנט צו היטן זיך פאַר אים. ער האָט אָבער שטילערהיידט הינטער די פּלייצעס געפירט אַן אַגיטאַציע ביז ער האָט זיך אַריינגעדרייט אין עק־זעקוטיוו־באָרד פון לאָקאַל (שפּעטער איז ער געוואָרן אויסגעשלאָסן פון דער עקזעקוטיווע פאַר אַ מיאוסער האַנדלונג). זירלין און אַנדערע האָבן אים געשטיצט און ער איז געוואָרן אַקטיוו אין דער „דזשענעראַל אָרגאַניזיישאָן קאָמיטע". די פירערשאַפט אין לאָקאַל 9 האָט זיך דערוויילל געענדערט. האַל־פּערין האָט רעזיגנירט און סאַרקין איז געוואָרן מענעדזשער. די קאָמוניס־טישע כוואַליע האָט זיך דעמאָלט שטאַרק געהויבן און אַ סך מיטגלידער פון דער קאָמיטע זיינען געוואָרן סימפּאַטיש געשטימט צום קאָמוניזם. מאַקס שוואַרץ איז געוואָרן דער טאָן־געבער אין דער קאָמיטע. אַזוי איז די דאָזיקע קאָמיטע אַריינגעפאַלן אין קאָמוניסטישע הענט.




עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע פון לאָקאַל 9 — 1919

קאַפּיטל 33

# אין טאָג־טעגלעכן געראַנגל

אין 1921 איז געווען אַן עקאָנאָמישער קריזיס אין אַמעריקע. אויף אַ צוזאַמענפאָר פון די מאַנופעקטשורערס האָט מען שוין אָפן גערעדט וועגן שניידן די לוינען, וועגן די צו גרויסע מאַכט פון די יוניאָנס. אויך אונדזערע קלאָוק־מאַנופעקטשורערס האָבן זיך פאַרנומען אָפצושאַפן די וואָך־אַרבעט אין קלאָוק־טרייד. די מאַנופעקטשורערס האָבן פאַרלאַנגט צוריק איינפירן די 48־שעהדיקע אַרבעטס־וואָך. ביי אַזאַ לאַגע איז דער דזשאָינט־באָרד, אונטער דער פירערשאַפט פון ישראל פיינבערגן, געווען געצוואונגען אַרויס־צורופן אַ גענעראַל־שטרייק (מאָריס זיגמאַן האָט שוין דעמאָלט געהאַט רעזיגנירט פון דזשאָינט־באָרד, ווייל ער האָט ניט געקענט מסכים זיין מיט דער פּאָליטיק פון פּרעזידענט שלעזינגער. זיגמאַן איז געוואָרן מענעדזשער פון דרעסמאַכער־לאָקאַל 25).

דער אָפּמאַך מיט די מאַנופעקטשורערס איז נאָך פאָרמעל געווען אין

קראַפט, ווען דער שטרייק איז דערקלערט געוואָרן. די „אינטערנאַשאָנאַל״ האָט אַרויסגענומען אַן אינדזשאַנקשאַן קעגן די קלאָוק־מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאַן פאַר ברעכן דעם אָפּמאַך. די אינטערעסן פון דער יוניאָן האָבן פאַרטראָטן אירע לאָיערס מאָריס הילקוויט און אונטערמייער.

דער שטרייק איז געוואונען געוואָרן, עס זיינען פאַרבליבן די זעלבע באַדינגונגען וואָס פריער: עס איז פאַרבליבן וואָך־אַרבעט ווי אויך די 44־שעהדיקע אַרבעטס־וואָך. בלויז איין פונקט איז צוגעגעבן געוואָרן וואָס איז נישט געווען לטובת דער יוניאָן, אַז דער באַלעבאָס קען אָוועקשיקן פון שאַפּ אַן אַרבעטער „ביי געוויסע באַדינגונגען״. די יוניאָן דאַרף דאַן אויספאָרשן דעם ענין, און אויב די יוניאָן שטעלט פעסט, אַז דער באַלעבאָס האָט ניט געהאַט קיין גרונד דעם אַרבעטער אַרונטערצושיקן, מוז דער באַלעבאָס צוריקנעמען דעם אַרבעטער צו דער אַרבעט. אויב דער באַלעבאָס אַנטזאָגט זיך דאָס צו טאָן, האָט די יוניאָן דאָס רעכט צו דערקלערן אַ שטרייק אין שאַפּ.

געווען פאַלן, וואָס די יוניאָן האָט אין אַזעלכע „קעיסעס״ געענטפערט מיט אַ שטרייק, איז אָבער אָפט מאָל אַנטשטאַנען אַן אומצופרידנקייט צווישן די אַרבעטער פון דעם שאַפּ. זיי האָבן געטענהט, אַז עס איז ניט ריכטיק אַז צוליב איין אַרבעטער זאָל דער גאַנצער שאַפּ פאַרלירן די אַרבעט. זיי האָבן בעסער געוואָלט דעם אַראָפּגעשיקטן אַרבעטער צאָלן אַ לוין, פון אַלעמען אַ טייל, אַבי צו קענען ווייטער אַרבעטן. געוויינטלעך איז געשען אַזוי, אַז די ערשטע פּאָר וואָכן האָבן זיי געצאָלט, אָבער שפּעטער האָבן זיי מער ניט געוואָלט צאָלן. אַזוי האָט זיך פאַר דער יוניאָן געשאַפן אַ שווער פּראָבלעם. אַזאַ אַרונטערגעשיקטער אַרבעטער פלעגט געוויינטלעך זיין אַן אַקטיווער איבערגעגעבענער מיטגליד פון דער יוניאָן, ווייל דעם מין אַרבעטער פלעגן די באַלעבאַטים זוכן פּטור צו ווערן.

אַזעלכע פאַלן האָבן געטראָפן אין פיל שעפּער. פיינבערג, אַלס מענע־דזשער פון דזשאָינט־באָרד, האָט באַשטימט דעם ביזנעס־אַגענט קעסטען, ער זאָל האַלטן אַן אויג אויף די שעפּער, וואו עס קומען פאָר אַזעלכע לאָקאַלע שטרייקן.

די לאַגע האָבן אויך אויסגענוצט די קאָמוניסטן און געהעצט קעגן דעם דזשאָינט־באָרד און זיין פירערשאַפט. זייער פּראָפּאַגאַנדע האָט אונטערגע־גראָבן די אויטאָריטעט פון דזשאָינט־באָרד אין די שעפּער און דער רעזולטאַט איז געווען אַז עס האָבן זיך באַוויזן סקעבס אין פיל שעפּער.

***

איין מאָל איז געשען אַזאַ פאַל: אַ געוויסער קאָנטראַקטאָר האָט געוואָלט אַריבערפירן זיין שאַפּ פון ניו־יאָרק אין אַ צווייטער שטאָט. דזשאָו קעסטין איז דערפון געוואָר געוואָרן, האָט ער באַשלאָסן צו היטן דעם שאַפּ און נישט

לאָזן אים אַרויספירן ביז דער קאָנטראַקטאָר וועט ניט באַצאָלן דאָס געלט וואָס ער איז געבליבן די אַרבעטער שולדיק פאַר לוין. ער האָט אַרויסגערופן הילף פון דער יוניאָן, ווייל אַליין וואָלט ער זיך ניט קיין עצה געגעבן. געווען איז דאָס שפּעט ביינאַכט. דערווייל איז אָנגעקומען אַ פּריוואַטער דעטעקטיוו וואָס דער דזשאַבער האָט צוגעשיקט, אויך צו היטן דעם קאָנטראַקטאָר. גראָד איז דער דעטעקטיוו געווען קעסטינס אַ גוטער באַקאַנטער פון פריער. *) קעסטין האָט זיך פונאַנדערגערעדט מיט דעם דעטעקטיוו אויף אַ פריינדלעכן אופן. האָט דער דעטעקטיוו געפרעגט קעסטינען: ווי קומט עס וואָס אַזאַ פעיקער מענטש ווי דו זאָלסט לעבן בלויז אויף די 50 דאָלאַר אַ וואָך וואָס דו באַקומסט אַלס ביזנעס־אַגענט פון דער יוניאָן? ווי קען מען דערפון מאַכן אַ לעבן פאַר אַ פאַמיליע? דו קענסט פאַרדינען אַ סך מער געלט, האָט דער דעטעקטיוו אים אַריינגערעדט אין אויער. ווי אַזוי קען איך פאַרדינען מער געלט? האָט קעסטין אים געפרעגט, — דו זאָלסט אַרבעטן אויך פאַר די מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, האָט אים דער דעטעקטיוו געענטפערט. קעסטין האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט. — לאָך נישט, האָט דער דעטעקטיוו אים געזאָגט, עס זיינען פאַראַן קלוגערע יוניאָן־לייט פון דיר, וועלכע שטייען גלייכצייטיק אויפן „פּייראָל״ פון דער מאַנופעקטשורער־אַסאָסיאיישאָן.

קעסטין האָט געוואָלט אַרויסבאַקומען פון דעטעקטיוו ווער זיי זיינען. צוערשט האָט דער דעטעקטיוו אים נישט געוואָלט זאָגן, שפּעטער איז ער גרייט געווען אים צו זאָגן, אָבער ער האָט אים געוואָרנט, אַז אויב ער וועט וועמען דאָס אויסזאָגן, וועט ער אים דערשיסן.

דזשאָ קעסטין האָט אים פאַרזיכערט, אַז ער וועט קיינעם נישט דערציילן, האָט דער דעטעקטיוו דערציילט קעסטינען, אַז דזשאָ רובין אַרבעט פאַר דער מאַנופעקטשורער אַסאָסיאיישאָן.

קעסטין האָט באַלד דערציילט האַלפּערנען וואָס ער האָט זיך דערוואוסט פון דעם דעטעקטיוו און האָט אים אויך געזאָגט אַז ער האָט אים געדראָט מיט דערשיסן, אויב ער וועט עס עמיצן דערציילן. — האָב ניט קיין מורא — לאָז עס איבער צו מיר — האָט אים דזשעק האַלפּערן באַרויִקט.

האַלפּערן האָט דורך דער פאַרמיטלונג פון קעסטינען זיך געטראָפן מיטן דעטעקטיוו. ער האָט פאַר האַלפּערנען איבערגעחזרט די גאַנצע געשיכטע וועגן רובינען.

---

*) ער פלעגט קעסטינען איבערגעבן די אַדרעסן פון סקעבס. אַ יוניאָן־קאָמיטע פלעגט אַוועקגיין צו זיי אַהיים און זיי גוט אָנלערנען, אין טייל פאַלן האָט מען אַזוי אַרום אָפּגעשטעלט די סקעבס פון דער אַרבעט. די מאַנופעקטשורער האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי די יוניאָן ווייס די אַדרעסן פון די סקעבס.

האַלפּערן מיט קעסטינען זיינען אַוועק צו זיגמאַנען, וועלכער איז דעמאָלט שוין געווען פּרעזידענט פון דער „אינטערנאַשאַנאַל". זיי האָבן אים דערציילט די נייס וועלכע האָט אויסגעזען זיגמאַנען אומגלויבלעך. עס איז געווען קלאָר אַז מען מוז פון אים פּטור ווערן פון דער יוניאָן. ס'איז אָבער אַנטשטאַנען די פראַגע: ווי אַזוי קען מען אים כאַפּן ביי דער האַנט, אַז ער אַרבעט פאַר דער „אַסאָסיאיישאָן" קעגן דער יוניאָן? — דער דעטעקטיוו האָט דערציילט, אַז נאָך יעדער דזשאָינט־באָרד זיצונג גיט רובין איבער דער „אַסאָסיאיישאָן" אַ באַריכט וועגן אַלץ וואָס עס איז דאָרט גערעדט געוואָרן, און אַז יעדן שבת ברענגט אים דער „מעסענדזשער־באָי" פון דער „אַסאָסי־איישאָן" אַלע „קעיסעס" אויף מאָנטיק און ברענגט אים אויך די „פּעי" פון דער „אַסאָסיאיישאָן".

כדי זיך איבערצוצייגן צי דאָס איז אמת האָט מען איינגעאָרדנט אַן אָפיס, אַ גאָרן העכער און פאַרבונדן פון דאָרט אַ טעלעפאָן־ליניע צו רובינס אָפיס. דאָרט איז געזעסן זיגמאַן אַליין און ער האָט זיך צוגעהערט ווי רובין גיט אָפּ דער „אַסאָסיאיישאָן" אַ באַריכט פון דער זיצונג פון דזשאָינט־באָרד; אַזוי האָט זיגמאַן זיך איבערצייגט אין דעם וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר אומ־גלויבלעך און ער האָט געזען, אַז ער האָט פאַר זיך אַ פאַררעטער. דעם קומענדיקן מאָנטיק האָט ישראל פיינבערג אַוועקגעשיקט רובינען אויף אַ וואָך צייט אין האַרלעמער אָפיס צו טאָן געוויסע אַרבעט. רובין האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז ניט גלאַטיק. סוף וואָך, ווען ער איז געקומען נעמען דעם לוין פון דער יוניאָן, האָט אים ישראל פיינבערג דערקלערט אַז ער איז באַזייטיקט פון זיין אַמט. ווען ער האָט פאַרלאַנגט צוויי וואָכן „נאָטיס" האָט אים פיינבערג געזאָגט, אַז „מען וואָלט געדאַרפט דיך אַרויס־וואַרפן פון דער יוניאָן ווי אַ הונט". פיינבערג האָט זיך אָפּגעזאָגט צו מאַכן קעגן אים אַן עפנטלעכע אָנקלאַגע, כדי אים נישט אין גאַנצן רואינירן. אָבער דאָס איז געווען אַ טעות מצד פיינבערגן, ווייל פון דזשאָינט־באָרד אין לאָקאַל איינס, וועלכער איז דעמאָלט געווען באַהערשט דורך די קאָמוניסטן, ער האָט דאָרט אויסגעגאָסן אַ ים שמוץ אויפן דזשאָינט־באָרד, נו — האָבן די קאָמוניסטן גלייך אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס.

איידער רובין איז באַזייטיקט געוואָרן פון דזשאָינט־באָרד, האָט מען אויף סעקציע־מיטינגען פון לאָקאַל 9 אָפּט זיך באַקלאָגט אויף אים, אַז ער נעמט זיך אָן מער די קריוודע פון די באַלעבאָטים ווי פון די אַרבעטער. איך און אַנדערע פלעגן אים פאַרטיידיקן, ווייל מיר האָבן געגלויבט אין זיין ערלעכקייט און מיר האָבן ניט געוואוסט אַז מיר פאַרטיידיקן אַ פאַררעטער.

אַזוי שנעל ווי רובין איז געוואָרן באַזייטיקט פון זיין אַמט אין דער יוניאָן, האָט די „אַסאָסיאיישאָן" פאַרשטאַנען אַז דער דעטעקטיוו האָט אַ האַנט אין דעם.

*
**

עס האָבן זיך, צום באַדויערן, אויך געטראָפן פאַלן ווען אונדזערע פירער האָבן אָפּגעטאָן אומבאַרעכנטע טאַטן און דאָס האָט שלעכט געווירקט אויף די אַרבעטער און איז געווען וואַסער אויף דער מיל פון דער קאָמוניסטישער דעמאַגאָגיע.

נאָכן גענעראַל־שטרייק פון 1922, וואָס האָט נישט מער געדויערט ווי 6 וואָכן, איז ביים דזשאָינט־באָרד געוואָרן פאַרהאַנדלט די פראַגע פון געבן „בעק־פּעי" אַלע באַאַמטע. איך און נאָך עטלעכע האָבן געדעדט קעגן דעם, ווייל עס קען מאַכן זייער אַ שלעכטן איינדרוק אויף די אַרבעטער. מ'האָט זיך ניט געוואָלט צוהערן צו אונדזער מיינונג און מ'האָט באַשלאָסן נאָר צו געבן „בעק־פּעי" די יוניאָן־באַאַמטע. צוויי טעג שפּעטער האָבן שוין די קאָמוניסטן געטיילט ליפלעטס אין גאַס, העצנדיק קעגן דעם דזשאָינט־באָרד. די קלאָוקמאַכער וואָס האָבן געשטרייקט, האָבן זיי געשריבן, און פאַרלוירן אַזוי פיל טעג אַרבעט, באַקומען גאָרניט, אָבער די באַאַמטע, זיי נעמען זיך געלט אויפן חשבון פון די הונגעריקע אַרבעטער. זיי האָבן דערביי אָנגערופן די פירער פון דזשאָינט־באָרד מיט מיאוסע נעמען.

זייער אַגיטאַציע האָט געווירקט אויף אַ סך קלאָוקמאַכערס. די „בעק־פּעי" פראַגע איז געווען אַ גוט געווער אין די הענט פון די קאָמוניסטן צו אַטאַקירן דעם דזשאָינט־באָרד. בכלל איז עס ניט געווען קיין גוטע זאַך, ווען פירער ווילן זיך פאַרבעסערן זייערע לעבנס־באַדינגונגען גראָד אין דער צייט ווען די אַרבעטער האָבן ערשט אַדורכגעמאַכט אַ שטרייק וואָס האָט אויסגעליידיקט זייערע קעשענעס.

געוואען אַן אַנדער פאַל, אַז אַ ביזנעס־אַגענט איז אַרויפגעקומען אין אַ שאַפּ צו דערליידיקן אַ שאַפּ־ענין, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט שפּילן אין קאָרטן מיט די אַרבעטער און ביי זיי געוואונען אַ היפּשע סומע געלט. די אַרבעטער וואָס האָבן פאַרלאָרן האָבן געמאַכט אַ קלאַגע קעגן ביזנעס־אַגענט; ס'איז באַשטימט געוואָרן אַ קאָמיטע די זאַך אונטערצוזוכן און אין רעזולטאַט איז ער געוואָרן אויס ביזנעס־אַגענט.

*
**

אין די לאָקאַלס 1 און 9, וואָס די קאָמוניסטן האָבן שוין געהאַט באַהערשט, האָבן זיי באַשלאָסן צו הייבן די דיוס אויף 50 סענט. מיר, די אָפּאָזיציע, האָבן זיך קעגן דעם שטאַרק אַקעגנגעשטעלט. ווען דער דזשאָינט־באָרד האָט געהערט די דיוס האָבן די קאָמוניסטן דאָס שטאַרק באַקעמפט, איצט האָבן זיי געוואָלט אַדורכפירן די העכערונג אָן דער צושטימונג פון

די מיטגלידער און אַרויפּוואַרפן די שולד אויף דעם דזשאָינט־באָרד, אַז ער צווינגט זיי דערצו. האָבן מיר, די אָפּאָזיציע פון דעם טרייד־יוניאָן־קלוב פון לאָקאַל 9, זיי ניט געלאָזט אָננעמען דעם געהעכערטן דיוס אָן דער צושטימונג פון די מיטגלידער. מיר האָבן פון זיי פאַרלאַנגט זיי זאָלן דאָס מאַכן לעגאַל: פריער אָננעמען אַזאַ באַשלוס פון עקזעקוטיוו־באָרד און שפּעטער דאָס ברענגען צו אַן אָפּשטימונג צו די מיטגלידער פון לאָקאַל 9, און אויב די מיטגלידער וועלן גוטהייסן די העכערונג וועלן זיי ערשט קענען אָננעמען די 50 סענט דיוס. דאָס האָבן זיי ניט געוואָלט ברענגען פאַר דער עקזעקוטיוו־באָרד צו באַשליסן. האָבן מיר זיי ניט געלאָזט אָננעמען די 50 סענט דיוס די גאַנצע צייט וואָס זיי האָבן געהאַט אין זייערע הענט די אַדמיניסטראַציע פון לאָקאַל 9.

***

אין 1923 האָט דער גענעראַל עקזעקוטיוו־באָרד פון דער „אינטער־נאשאנאל" באַשלאָסן אויפלייזן אַלע גרופּעס וואָס געפינען זיך אין דער יוניאָן. ישראל פיינבערג האָט גערופן צו זיך פאָרשטייער פון דער קאָמו־ניסטישער „טרייד־עדיוקיישאָנאַל ליג", און פון זיי געפאָדערט זיי זאָלן זיך אויפלייזן ווי אַן אָרגאַניזירטע גרופּע. זיי האָבן די פאָדערונג אָפּגעוואָרפן און זיך פּשוט אויסגעלאַכט פון איר.

ווי אַ קעגנגעוויכט קעגן דער קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע, האָבן מיר, אַ גרופּע קלאָוקמאַכער, געגרינדעט אַן אַרבעטער־זשורנאַל אָפּצושלאָגן די קאָמוניסטישע אַטאַקעס. צווישן די גרינדער פון דער צייטונג זיינען געווען קורצמאַן, פעליקס רייען, פאַרבער, קאַפּלאַן, ליוואי, וואנקאוו, צוקער־מאַן און איך ווי אויך פייגעלע סאפּערען, וואסילעווסקי, ראָזע מירסקע און נאָך אַנדערע. פאַרבער איז געוואָרן באַשטימט פאַרן רעדאַקטאָר פון דער צייטונג, וואָס האָט זיך באַזעצט אויף דער 2טער עוועניו, וואו עס האָט זיך אויך געפונען דער צענטראַלער אָפיס פון די אַנאַרכיסטן. די צייטונג האָט זיך גערופן „יוניאָן אַרבעטער". זי האָט געהאַט גרויס דערפאָלג און האָט גע־פונען פיל פריינד צווישן די קלאָוקמאַכערס. אומאָפיציעל איז די צייטונג געווען פאַרבונדן מיט זיגמאַנען דעם פּרעזידענט פון „אינטערנאשאנאל". די צייטונג איז אַרויסגעגאַנגען אין די יאָרן 27־1925.

קאַפּיטל 34

# זיגמאַן און זיינע גרויסע פּלענער

ווען זיגמאַן איז געוואָרן פּרעזידענט פון דער „אינטערנאַשאַנאַל" אין 1923, האָט ער זיך פאַרנומען איינצופירן אַ ראַדיקאַלע אָרדענונג אין דעם קלאָוק־טרייד און ער האָט אויסגעאַרבעט צו דעם צוועק אַ גענויעם פּלאַן.

אַ טייל מאַנופעקטשורערס האָבן דעמאָלט געהאַלטן ביים פאַרמאַכן זייערע שעפּער, אָדער האָבן פאַרקלענערט די פּראָדוקציע, אַנדערע האָבן אַרויסגעגעבן אַרבעט צו קאָנטראַקטאָרס. פיל אַרבעטער זיינען אַרויסגע־פאַלן פון די אַלטע גרויסע שעפּער. דעמאָלט האָט זיך באַוויזן אַ נייע צרה: 4־5 אַרבעטער האָבן זיך צוזאַמענגענומען און געשאַפן אַ קאָרפּאָריישאַן שאַפּ וואָס האָבן קאָנקורירט מיט די גרויסע שעפּער. די גרויסע שעפּער האָבן זיך געקלאָגט, אַז זיי קענען זייערע שעפּער נישט אויפהאַלטן און אַ טייל פון זיי זיינען אַרויס פון די ביזנעס. ס'האָט זיך געשאַפן אַן אַרבעטס־לאָזיקייט. די מערהייט קלאָוקמאַכערס האָבן ניט געגליכן צו אַרבעטן ביי קאָנטראַקטאָרס, די וואָס זיינען יאָ געגאַנגען, איז עס געווען נאָר דעמאָלט ווען די נויט האָט זיי צוגעדריקט. אַ טייל מאַנופאַקטשורערס זיינען גע־וואָרן גרויסע דזשאַבערס און אָרגאַניזירט אַ דזשאַבערס־אַסאָסיאיישאָן. די יוניאָן האָט אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלן דעפּאַרטמענט, אונטער דער פּי־רונג פון סאָרקינען, צו קאָנטראָלירן די דזשאַבערס, אַז זייער אַרבעט זאָל גיין אין די יוניאָן־שעפּער, אַז זיי זאָלן צאָלן די געהעריקע לוינען, ס'איז אָבער געווען שווער זיי צו קאָנטראָלירן, ווייל אַ טייל פון זיי האָבן געהאַט קאָטערס, וואָס האָבן פאַר זיי געשניטן בלויז אַ טייל פון דער סחורה און דאָס איבעריקע האָבן זיי אַליין געשניטן.

אין דער פראַגע פון קאָטערס, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר דזשאַבערס האָט דער דזשאָינט־באָרד געהאַט אָפטע צוזאַמענשטויסן מיטן קאָטערס לאָקאַל 10.

די דזשאַבערס האָבן געזוכט מיטלען זיך אַרויסצודרייען פון דעם יוניאָן־קאָנטראָל. עס האָט זיך געשאַפן אַ גרויסע קאָנקורענץ צווישן די דזשאַבערס און די מאַנופאַקטשורערס. דערפון האָט דער אַרבעטער שטאַרק געליטן, ווייל זיינע שכירות זיינען געוואָרן געשניטן.

זיגמאַן האָט זיך באַמיט צו אָרגאַניזירן די שעפּער פון די סאַב־מאַנו־פאַקטשורערס זיי זאָלן אויפהערן זיך צו שניידן די עלדזוער מיט פרייזן, און ער האָט זיך אויך באַמיט אָפּצושאַפן די קאָרפּאָריישאַן־שעפּער, ווייל זיי האָבן געאַרבעט פאַר נאָך ביליקער ווי די סאַב־מאַנופאַקטשורערס. כדי דאָס צו דערגרייכן האָט מען געמוזט געווינען דעם קאָנטראָל איבער

די שעפער פון די סאַב־מאַנופאַקטשורערס: אָרגאַניזירן די אַרבעטער, איינפירן פעסטע לוינען, אָפּשאַפן דאָס אַרבעטן פון שטיק וואָס איז נאָך דאָרט אָנגעגאַנגען, און איינפירן פעסטע פרייזן פאַר אַ גאַרמענט, אַז עס זאָל אויפהערן די שעדלעכע קאָנקורענץ צווישן די באַלעבאַטים. צוליב דעם איז גערופן געוואָרן אַ שטרייק אין די שעפער פון די סאַב־מאַנופאַקטשורערס, וואָס האָט אָפּגעקאָסט דער יוניאָן אַ סך געלט. די קאָמוניסטן, אַנשטאָט צו העלפן, האָבן נאָך געשטערט, זיי האָבן אָנגעפירט אַ מיאוסע פּראָפּאַגאַנדע קעגן שטרייק, בלויז צוליב דעם כדי דער דזשאָינט־באָרד, וואָס איז ביי זיי געווען אַזוי פאַרהאַסט, זאָל ליידן אַ דורכפאַל. מען האָט דורך דעם שטרייק געוואונען עטלעכע קליינשקייטן, אָבער פאַקטיש האָט ער קיין שום דערפאָלג ניט געבראַכט.

זיגמאַן איז דעמאָלט געקומען מיט אַ פּלאַן איינצופירן אַ לייבל אין טרייד, אַז יעדער מלבוש וואָס ווערט אויסגעאַרבעט אין אַ יוניאָן־שאַפּ זאָל האָבן אַרויפגענייט אַ לייבל. דער פּלאַן איז אָנגענומען געוואָרן דורכן דזשאָינט־באָרד און מען האָט ביסלעכווייז אים אָנגעהויבן איינצופירן אין לעבן.

כאָטש די צייט איז ניט געווען קיין גינסטיקע, האָט די „אינטערנאַשאַנאַל" ניט אויפגעגעבן דעם פּלאַן אויסצוקעמפן ראַדיקאַלע אויסבעסערונגען פאַר די אַרבעטער אין טרייד: די יוניאָן האָט ווידעראַמאָל איבערגעשיקט צו דער מאַנופאַקטשורערס־אַסאָסיאיישאַן און די דזשאָבערס־אַסאָסיאיישאַן די פאָדערונגען איינצופירן 40 שעה אַ וואָך אַרבעט, „לימיטיישאַן אָוו קאָנטראַקטינג", אַ העכערונג אין לוין און 36 גאַראַנטירטע וואָכן אַרבעט אַ יאָר. די באַלעבאַטים האָבן באַלד די פאָדערונגען צוריקגעוואָרפן. די דזשאָבערס האָבן בכלל ניט געוואָלט טראָגן קיין שום פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די אַרבעטער. זיי האָבן געטענהט, אַז זיי קויפן פאַרטיקע מלבושים און זיי זיינען סוחרים. די מאַנופאַקטשורערס האָבן ניט בלויז אָפּגעוואָרפן די פאָדערונגען פון דער יוניאָן נאָר נאָך צוגעגעבן אַן אייגענע, אַז זיי מעגן אָפּזאָגן צען פּראָצענט אַרבעטער נאָך דעם סעזאָן.

די יוניאָן האָט געדראָט מיט אַ גענעראַל־שטרייק, אויב די פאָדערונגען וועלן ניט נאָכגעגעבן ווערן.

דער דזשאָינט־באָרד האָט געוואָלט וויסן די שטימונג פון די קלאָוקמאַכערס, האָט ער דורכגעפירט אַ רעפערענדום. איבער 36 טויזנט אַרבעטער האָבן געשטימט פאַר אַ שטרייק, קעגן זיינען געווען ווייניקער פון 200. ער האָט געדראָט מיט אַ נייעם גענעראַל־שטרייק.

די לאַגע איז געווען ערנסט. האָט גאָווערנאָר סמיטה זיך אַריינגעמישט אין דעם סיכסוך און זיך גענומען באַמיען צו ברענגען צו אַן אויסגלייך. ער האָט באַשטימט אַ קאָמיטע צו פירן פאַרהאַנדלונגען. די קאָמיטע האָט

אויסגעהערט די טענות פוןביידע צדדים און האָט אַרויסגעגעבן אַ דער־קלערונג, אַז עס דאַרף נעמען אַ לאַנגע צייט אונטערצוזוכן די לאַגע אין דער קלאָוק־אינדוסטריע. דערווייל האָבן זיי רעקאָמענדירט, אַז אַלץ זאָל בלייבן ווי עס איז אויף נאָך אַ יאָר. דורך דער צייט וועט די קאָמיטע גענוי אויספאָרשן די פּראָבלעמען און וועט ברענגען אַ באַריכט פון דער אונ־טערזוכונג.

די רעקאָמענדאַציע פון דער קאָמיטע איז געוואָרן גוטגעהייסן פון יעדן צד, אַז ביזן באַריכט זאָל בלייבן דער סטאַטוס־קוואָ. בלויז די קאָמוניסטן זיינען געווען קעגן.

די גאָווערנאָר־קאָמיטע איז באַשטאַנען פון ליבעראַלע מענטשן, וועלכע האָבן אויפריכטיק געוואָלט העלפן אַריינצוברענגען אָרדענונג אין קלאָוק־טרייד. זיי האָבן געוואָלט, אַז די קאָמיטע זאָל זיין אַ שטענדיקע אינסטי־טוציע, וואָס זאָל אַלע מאָל אונטערזוכן און אויסגלייכן פּראָבלעמען, וואָס וועלן אויפקומען.

## קאַפּיטל 35

# די קאָמוניסטן פאַרלירן דריי לאָקאַלס

די קאָמוניסטן האָבן כסדר סאַבאָטירט די אַרבעט פון דער יוניאָן און כסדר געלייגט שטיינער אין וועג אין אַלע באַמיאונגען אויסצובעסערן די לאַגע פון די קלאָוקמאַכער. מיט דער הילף פון די עטלעכע לאָקאַלס וואָס זיי האָבן באַהערשט האָבן זיי אַריינגעברענגט אַ דעמאָראַליזאַציע אין דער גאַנצער יוניאָן. די „אינטערנאַשאַנאַל" האָט געזוכט מיטלען ווי אַזוי אַרויסצורייסן די פאָר לאָקאַלס פון אונטער זייער ממשלה, ענדלעך האָבן די קאָמוניסטן אַליין געגעבן אַ גוטע געלעגנהייט דערצו.

דעם 1טן מאַי 1924 האָבן די קאָמוניסטיש־באַהערשטע לאָקאַלס 2, 9 און 22 איינגעאָרדנט אַ 1טע מאַי־פייערונג אין מעטראָפּאָליטאַן אָפּערע־הויז. צו דעם יום־טוב האָבן זיי ניט איינגעלאַדן ניט די פירער פון דזשאָינט־באָרד און ניט פון דער „אינטערנאַשאַנאַל", נאָר גאָר דעם פירער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אָלגין, וועלכער האָט שאַרף אַטאַקירט דעם דזשאָינט־באָרד און די „אינטערנאַשאַנאַל". אָלגין האָט אויסגעשריען: „מיט אַ האַ־מער וועלן מיר צוברעכן די אינטערנאַשאַנאַל יוניאָן".

עס איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אַן אָנקלאַגע ביים דזשאָינט־באָרד און ביי דער „אינטערנאַשאַנאַל" קעגן די 3 לאָקאַלס, וועלכע האָבן דעם מיטינג איינגעאָרדנט. אַ קאָמיטע וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויסצופאָרשן דעם

ענין האָט געפונען די 3 לאָקאַלס שולדיק מיט דראָען צוצוברעכן די „אינ־טערנאשאנאל". די קאָמוניסטישע פירער האָבן מורא געהאַט אַז די „אינ־טערנאשאנאל" זאָל נישט איבערנעמען די 3 לאָקאַלס. האָבן זיי אָנגעהויבן צו באַוואַכן די אָפיסעס פון די לאָקאַלס טאָג און נאַכט (לאָקאַל 9 האָט געהאַט זיין אייגן הויז אויף לעקסינגטאָן עוועניו, צווישן 25 און 26טער גאַס).

אַזוי ווי די קאָמוניסטן זיינען שוין צו וויט אַוועק אין זייער אַרבעט צו צוברעכן די יוניאָן, האָט די „אינטערנאשאנאל" טאַקע באַשלאָסן איבער־צונעמען די דריי לאָקאַלס וועלכע זיינען געלעגן אין די הענט פון די קאָ־מוניסטן. מען האָט גערופן די פינאַנץ־סעקרעטאַרן פון די דריי לאָקאַלס און זיי געמאָלדן, אַז די „אינטערנאשאנאל" נעמט איבער זייערע לאָקאַלס און זיי אויפגעפאָדערט איבערצוגעבן דעם פּרעזידענט פון „אינטערנא־שאנאל" זייערע שליסלען פון די אָפיסעס. זיי האָבן איבערגעגעבן די שליס־לען און אַלע נייטיקע אינפאָרמאַציעס. עס איז געוואָרן אַרויסגענומען פון געריכט אַ לעגאַלע דערלויבעניש, אַז די „אינטערנאשאנאל" האָט אַ רעכט איבערצונעמען די לאָקאַלס.

מען איז אַוועק אין לאָקאַל 9 ביינאַכט. דאָרט האָט מען געפונען די קאָ־מוניסטישע שומרים, מענער און פרויען, פאַרברענגען גאַנץ הימ׳יש. זיי זיינען געצוואונגען געוואָרן צו פאַרלאָזן דעם לאָקאַל. סאָרקין איז געבליבן אין אָפיס פון לאָקאַל 9 מיט אַ דעטעקטיוו און מיט נאָך עטלעכע מענטשן. גענעראַל־מענעדזשער פיינבערג און פּערלשטיין האָבן באַאויפטראַגט סאָר־קינען צייטווייליק איבערצונעמען דעם אָפיס פון לאָקאַל 9 אַלס מענעדזשער און איינשטעלן די אַרבעט.

די זעלבע זאַך איז פאָרגעקומען אין לאָקאַל 2 פון די אָפּערייטאָרס. דאָרט האָט אַשפּיז איבערגענומען דעם אָפיס. אָבער ווען האָכמאַן האָט געדאַרפט איבערנעמען דעם אָפיס פון לאָקאַל 22 איז דער ענין געווען שווערער. די קאָמוניסטן האָבן אָפּגעקויפט די פּאָליציי פון דעם דיס־טריקט. האָט זי געקוקט דורך די פינגער אַז עס האָבן זיך פאַרזאַמלט עטלעכע הונדערט מענטשן וואָס האָבן איבערפולט די צימערן און די טרעפּ. ווען די קאָמיטע פון דער „אינטערנאשאנאל" איז אַריינגעקומען, האָבן די פאַרזאַמלטע זיך געוואָרפן שלאָגן. די קאָמיטע־מיטגלידער האָבן געוואָלט אויסמיידן אַ בלוטיק געשלעג, האָבן זיי פאַרלאָזט דעם בנין. דער לאָקאַל 22 איז כסדר געווען פול מיט מענטשן, מענער און פרויען. מ׳יר האָבן דעם פּלאַץ גערופן אין שפּאַס „דער ווינגאָרטן פון לאָקאַל 22".

איינער פון זייערע מענטשן, אַ געוויסער לעווינסאָן, אַ קאָמוניסט, וועלכער איז געווען אַ מיטגליד פון לאָקאַל 117, האָט שפּעטער פאַרלאָזן די קאָמוניסטן, און ער האָט באַשריבן אין „פאָרווערטס" וואָס עס איז

דעמאָלט פאַרגעקומען אין די צימערן פון לאָקאַל 22, גאָר ניט קיין אָנ־שטענדיקן זאַכן...

נאָכן באַזייטיקן די קאָמוניסטן פון די לאָקאַלס 9 און 2 האָבן זיי צו־מאָרגנס אַוועקגעשטעלט פּיקעטן פאַר די געביידעס. מיר זיינען אויך ניט געשלאָפן און זיינען געווען גרייט צו פאַרטיידיקונג. אויך אונדזערע מענטשן האָבן ביינאַכט געהיטן דעם אָפיס פון לאָקאַל 9. אגב, זיינען מיר געווען בלויז מענער, מיר האָבן קיין פרויען ניט מטריח געווען.

מיר האָבן צוזאַמען מיט סאָרקינען אָרגאַניזירט אַ נייעם עקזעקוטיוו־באָרד פון לאָקאַל 9. ברעטשניידער איז געווען טשערמאַן. געווען איז דאָס שוין אין 1925.

די קאָמוניסטן פון די דריי לאָקאַלס האָבן אָרגאַניזירט אַ „דזשאָינט־עקשאָן־קאָמיטע” צו באַקעמפן די יוניאָן. זיי האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום מיטלען כדי צו דערגרייכן זייער ציל. זייער פּראָפּאַגאַנדע קעגן אַרויסוואַרפן די קאָמוניסטישע אַדמיניסטראַציעס האָט געפונען אָן אָפּקלאַנג אפילו צווישן אונדזערע מענטשן. ס'זיינען געווען מיטגלידער פון דעם יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, וואָס זיינען געווען געגייגט צו געבן זיי גערעכט. יעדער סקעב האָט דאַן געהאַט די געלעגנהייט זיך אָנצושליסן אין דער „דזשאָינט־עקשאָן־קאָמיטע” און צו באַקעמפן די יוניאָן.

אין דער זעלבער צייט האָט זיגמאַן פאַרטראַכט דעם פּלאַן צו פאַר־אייניקן ביידע אָפּערייטאָר לאָקאַלס, ב״נ 1 און 17 ווי אויך לאָקאַל 11 פון בראָנזוויל אין איין גרויסן אָפּערייטאָר לאָקאַל. טייל מיטגלידער פון לאָ־קאַל 17, וואָס זיינען גאָר ניט געווען קיין קאָמוניסטן, האָבן פאַר כעס אויף זיגמאַנען פאַר וועלן אויפלייזן זייער באַזונדערן לאָקאַל, זיך אָנגעשלאָסן אין דער „דזשאָינט־עקשאָן־קאָמיטע”. עס איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער מענעדזשער פון לאָקאַל 17, האָט אַרויסגענומען אַן „אינדזשאָקשאָן” פון געריכט קעגן דער „אינטערנאשאנאל” פאַר אויפלייזן דעם לאָקאַל 17.

די „דזשאָינט־עקשאָן־קאָמיטע” האָט גערופן אַ גרויסן פּראָטעסט־מי־טינג אין יענקי סטעדיום — און אַרויסגעשטעלט לואיס היימאַן אַלס הויפּט־רעדנער. זיי האָבן געפירט אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע פאַר דעם מיטינג, זיי האָבן אויסגעגעבן אַ גרויסע סומע געלט צו קענען ברענגען אַ וואָס גרעסערן עולם. געלט דערויף האָבן זיי גענומען פון די אויסגעהאָרעוועטע געלטער פון די אַרבעטער אין די יוניאָן־קאַסעס. צום ביישפּיל, ווען די קאָ־מוניסטן האָבן איבערגענומען די אַדמיניסטראַציע פון לאָקאַל 9, איז דאָרט געווען אין דער קאַסע $167,000. ווען מען האָט זיי אַרויסגעוואָרפן איז ניט געבליבן קיין פעני אין דער קאַסע. מ'האָט געדאַרפט באָרגן געלט, כדי צו קענען אָנגיין מיט דער אַרבעט. דאָס געלט איז פאַרשטייט זיך פאַרנוצט געוואָרן אויף קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע און פאַר דער „פרייהייט”.

די „דזשאָינט־עקשאָן־קאָמיטע" האָבן גערופן אָפּצושטעלן די אַרבעט 3 אַ זייגער און קומען אין „יענקי סטעדיום". צום מיטינג איז טאַקע גע־קומען אַ גרויסע מאַסע מענטשן. די, וואָס האָבן ניט געקענט קומען צום „יענקי סטעדיום", האָבן זיי גערופן צו אַ מיטינג אויפן מעדיסאָן סקווער פּאַרק. אויף ביידע מיטינגען האָט מען געזידלט די פירער פון דער „אינ־טערנאשאנאל" און פון דזשאָינט־באָרד.

די אָנטיילנעמער אין די מיטינגען זיינען אָבער געווען אַנטוישט. זיי האָבן דערוואַרט צו הערן עפּעס וועגן זייערע אַרבעטס־באַדינגונגען, וועגן דעם נייעם אַגרימענט מיט די באַלעבאַטים, אָבער אָנשטאָט דעם האָבן זיי געהערט בלויז זידלערייען. דער מיטינג האָט ניט „אָנגעריסן" ווי די קאָמוניסטן האָבן דערוואַרט. זיי האָבן שוין מורא באַקומען, אַז זיי וועלן ניט קענען באַווייזן אַדורכצופירן זייערע פּלענער איבערצונעמען די גאַנצע יוניאָן אָדער זי צו צעברעכן.

## קאַפּיטל 36

# די קאָמוניסטן באַקומען אין זייערע הענט די קלאָוקמאַכער־יוניאָן

די קאָמוניסטן האָבן זיך געפינען אין אַ זייער שווערער לאַגע זייער שטאַרקסטע אַטאַקע, אויף וועלכער זיי האָבן געלייגט אַ סך האָפענונג, איז געווען אַ דורכפאַל. ווען מען וואָלט יענעם מאָמענט ווי געהעריק אויסגע־נוצט וואָלט מען זיי געקענט צעקלאַפּן אָדער צום מינדסטן שטאַרק אָפּ־שוואַכן. ליידער איז אָבער צווישן די „רעכטע" אין דער פראַגע ניט געווען קיין איינשטימיקייט. וואָלט מען זיך צוגעהערט צו זיגמאַנס פּלאַן ווי צו באַקעמפן די קאָמוניסטן, וואָלט אַלץ געווען אַנדערש. די קאָמוניסטן האָבן שוין זייערע קוילן כמעט ווי אויסגעשאָסן און נאָכן „יענקי־סטעדיום"־מי־טינג זיינען די קלאָוקמאַכער געוואָרן אין זיי אַנטוישט. גראָד דעמאָלט האָבן זיך געפונען מענטשן וואָס האָבן אָנגעהויבן אונטערטראָגן עצות צו מאַכן שלום מיט די קאָמוניסטן, — אין אַ צייט ווען זיי זיינען שוין געווען אויסגעשפּילט און גאַרניט געקענט טאָן אין דער יוניאָן. דער דרוק צו מאַכן שלום מיט דער קאָמוניסטישער „דזשאָינט־עקשאָן־קאָמיטע" איז געקומען פון אַ סך זייטן. אפילו אויסגעפּרוואווטע פירער פון דער באַוועגונג האָבן גע־שאַפן אַ שלום־קאָמיטע וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו אַרבעטן פאַרן „שלום". זיי האָבן געטענהט, אַז אַזוי ווי אין קורצן וועלן מיר האָבן דעם באַריכט פון דער „גאָווערנאָר־סמיטה־קאָמיטע" און עס קען אויסקו־

מען, אַז מיר ווילן דאַרפן אַרויס אין שטרייק, מוזן מיר דערפאַר באַצייטנס זיין פּאַראייניקט. די מענטשן אַרום זיגמאַנען האָבן אָנגעהויבן מאַכן אַ דרוק אויף אים, ער זאָל צושטימען און מאַכן אַ וועג פאַר אַ שלום. ווען די „דזשאָינט־עקשאָן־קאָמיטע" האָט געזען, אַז ס'איז דאָ אַ באַוועגונג פאַר אַ שלום, האָבן זיי איינגעריסן ווילטן אויפצואוויזן, אַז זיי זיינען ניט קיין קאָ־מוניסטן. אַלץ וואָס זיי ווילן איז בלויז „פאַרבעסערן" די שווערע דאָליע פון די קלאָוקמאַכערס. זיי האָבן געשוואוירן ביי באָרד און פאות, אַז זיי זיינען לאָיאַלע, גוטע יוניאָן־לייט און אַז זיי ווילן זיך האַלטן אין די ראַמען פון דער יוניאָן־קאָנסטיטוציע פון דער „אינטערנאַשאַנאַל" און אַז זיי ווילן זיין גוט און פרום.

די מענטשן אַרום זיגמאַנען האָבן אין דער זעלבער צייט געמאַכט אויף אים אַ דרוק, ער זאָל איינגיין אויף אַ שלום. ביז ער האָט זיך אונטערגעגעבן און איז איינגעגאַנגען אויף אַ שלום מיט דער „דזשאָינט־עקשאָן־קאָמיטע", וואָס דאָס האָט פאַקטיש געהייסן — מיט די קאָמוניסטן. ישראל פיינבערג האָט זיך ניט געלאָזט כאַפּן אויף דער ווענדקע. ער האָט געהאַלטן אַז זייער וואָרט האָט קיין שום ווערט ניט. אויך מאיר פערלשטיין, האַל־פערן, מאַלי פרידמאַן און אַנדערע זיינען געווען קעגן דעם דאָזיקן „שלום".

די „פרייהייט" האָט דערוויל געהאַלטן אין איין אַטאַקירן פערלשטיינען און פיינבערגן דערפאַר וואָס זיי זיינען קעגן מאַכן אַ שלום, זיי האָבן ביידע רעזיגנירט פון זייערע אַמטן אין דער יוניאָן, אַלס פּראָטעסט קעגן מאַכן שלום מיט די קאָמוניסטן. זיגמאַן האָט מיט אומצופרידנקייט אָנגענומען זייער רעזיגנאַציע. אַזוי שנעל ווי עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז זיי האָבן רעזיגנירט, איז די „פרייהייט" אַרויס מיט אַ גרויסן קאָפּ, אַז מ'האָט אַרויס־געריסן צוויי שעדלעכע באַק־ציינער פון דער „אינטערנאַשאַנאַל". זי האָט זיך אָבער ניט צופרידנגעשטעלט מיט זייער רעזיגנאַציע, נאָר האָט באַקומען מער חוצפה און פאַרגרעסערט איר פּראָפּאַגאַנדע קעגן דער יוניאָן. עס איז ענדלעך געשלאָסן געוואָרן דער „שלום" מיט דער „דזשאָינט־עקשאָן־קאָ־מיטע". דער אָפּמאַך האָט באַדייט, אַז די יוניאָן איז פאַקטיש איבערגעגעבן געוואָרן אין קאָמוניסטישע הענט.

וואָלט אייב. קאַהאַן, דער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", דעמאָלט גע־ווען אין ניו־יאָרק, וואָלט ער זיכער ניט דערלאָזט צו אַזאַ „שלום" מיט די קאָמוניסטן. ווען ער איז צוריקגעקומען פון אַ רייזע איבער אייראָפּע און האָט זיך דערוואוסט, אַז מען האָט שוין געשלאָסן אַ „שלום" מיט די קאָ־מוניסטן, איז ער געווען שטאַרק אין כעס. ער האָט אויך געהאַט אַ טענה צו וולאַדעקן פאַר וואָס ער האָט צו אַזעלכעס דערלאָזט.

דער „שלום"־אָפּמאַך איז געווען אַ לאַנגער און קאָמפּליצירטער, אָבער דער פּשוטער אינהאַלט איז געווען, אַז די קאָמוניסטן באַקומען צוריק די

רעכט צו אָרגאַניזירן פּאָליטישע קעמערלעך אין די לאָקאַלס און אַז אין די דריי לאָקאַלס וואָס די „אינטערנאַשאַנאַל" האָט איבערגענומען פון די קאָמוניסטן וועלן פּאַרקומען נייע וואַלן, און דאָס האָט ביי יענע באַדינגונגען געהייסן איבערגעבן זיי צוריק אין די קאָמוניסטישע הענט, דאָס איז געווען אַ פּאַטש אין פּנים פאַר דער „אינטערנאַשאַנאַל".

זיגמאַן האָט גערופן אַ מיטינג פון דזאָינט־באָרד, ביזנעס־אַגענטן און אַנדערע באַאַמטע. ער האָט זיי פאַרגעשטעלט דעם „שלום"־אָפּמאַך, ד״ה, פּאַקטיש דעם פּלאַן ווי אַזוי און ווען וועט מען איבערגעבן די יוניאָן צו דער „דזשאָינט־עקשאָן־קאָמיטע" — אונטער וועלכער עס איז געשטאַנען די קאָמוניסטישע פּאַרטיי. זיגמאַן האָט דערציילט, אַז זיי האָבן צוגעזאָגט צו אַרבעטן אין די ראַמען פון דער יוניאָן־קאָנסטיטוציע, אַז זיי האָבן פאַרזיכערט, אַז זיי באַלאַנגען ניט צו דער „טרייד־יוניאָן עדיוקיישאָנאַל־ליג", וואָס דאָס איז אַלץ געווען ליגן.

זיגמאַן איז שטאַרק געוואָרן קריטיקירט פאַר זיין אונטערגעבן זיך צו דער „דזשאָינט־עקשאָן־קאָמיטע" אין דער צייט ווען מיר האָבן געהאַט די גאַנצע יוניאָן אין אונדזערע הענט. זיגמאַן האָט מיט טרערן אין די אויגן זיך פאַרענטפערט, אָבער ער האָט ניט געוואָלט זאָגן, ווער עס האָט אים געצוואונגען צו מאַכן דעם „שלום". ער האָט געזאָגט, אַז די וואָס האָבן געטומלט וועגן שלום, האָבן געגעבן די קאָמוניסטן אַ געווער אין האַנט קעגן אונדז. ער האָט געראָטן, אַז מען זאָל ווייטער בלייבן אַרבעטן אין אָפּיס. אַלע האָבן אָבער געשריען, אַז מיר וועלן ניט זיין קיין באַאַמטע ביי די קאָמוניסטן, עס איז געווען אַ טרויעריקער מיטינג וואָס וועט מיר בלייבן שטענדיק אין זכרון. אַלע ביזנעס־אַגענטן האָבן רעזיגנירט. אַלע אַלטע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו־באָרד זיינען אַרויסגעפאַלן און די קאָמוניסטן האָבן איבערגענומען די פירערשאַפט פון דער יוניאָן:

לואיס היימאַן איז געוואָרן דער גענעראַל־מענעדזשער פון דזשאָינט־באָרד. די „דזשאָינט־עקשאָן־קאָמיטע" האָט איבערגענומען אַלע לאָקאַלס און די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז געוואָרן דער פולער באַלעבאָס איבער דער קלאָוקמאַכערס־יוניאָן.

אין לאָקאַל 9 איז זירלין געוואָרן מענעדזשער און נייטען קאַפּלאַן איז געוואָרן מענעדזשער פון „אינדאָסטריעל קאָונסל". אַלס ביזנעס־אַגענטן האָבן זיי צוגענומען לואיס מילער, דעם קליינעם גאָלדבערג און אַנדערע.

אין דער צייט וואָס היימאַן און זירלין האָבן געבאַלעבאַטעוועט אין דער יוניאָן האָבן זיך אָנגעקליבן 1,400 „קייסעס" פון קאָנפליקטן צווישן אַרבעטער און די באַלעבאַטים. די פירונג פון היימאַנען איז געווען אַזאַ געראָטענע, אַז פון די 1,400 „קייסעס" האָט די יוניאָן פאַרלוירן ביים אומפּאַרטייאישן טשערמאַן גאַנצע 800. די פירערס פון דער „מאַנופאַקטשו־

רערס אַסאָסיאיישאַן״ זיינען געווען געוואַלדיק צופרידן פון היימאַנען, נאָך דעם ווי ער האָט באַוויזן די „קונץ״ צו פאַרלירן צו זיי אַזאַ גרויסע צאָל „קייסעס״.

אונדזער צייטונג דער „יוניאַן אַרבעטער״, וואָס איז ווייטער דערשיי־נען אונטער פאַרבערס רעדאַקציע, האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די אַרבעטער אויף דער גרויסער צאָל פאַרלוירענע „קייסעס״. אונדזער „טרייד־יוניאַן־קלוב״ איז געוואָרן נאָך מער אַקטיוועך, מיר האָבן אַרויסגע־געבן אויפרופן, אָנווייזנדיק ווי היימאַנס אַדמיניסטראַציע פאַרנאַכלעסיקט די אינטערעסן פון די אַרבעטער. צום קלוב זיינען צוגעקומען פיל נייע מיטגלידער.

איך בין אַרויסגעפאַלן פון דער אַרבעט אין מיין שאַפּ. געשען איז עס אַזוי: ווען עס האָט געדאַרפט פאָרקומען דער מיטינג אין „יענקי סטע־דיום״, האָט אונדזער ביזנעס־אַגענט, דזשאָ קעסטין, פאַרגעלייגט, אַז מען זאָל ניט איבעררייסן די אַרבעט 3 אַ זייגער נאָר בלייבן אַרבעטן. דער באַלעבאָס, זיגלער, האָט געהאַלטן אַ רעדע צו די אַרבעטער און האָט זיי געוואָרנט אַז מען זאָל ניט איבעררייסן די אַרבעט, און אויב יאָ — וועט ער אויפגעבן די ביזנעס. די אַרבעטער האָבן יאָ איבערגעריסן די אַרבעט 3 אַ זייגער און געגאַנגען צום מיטינג, בלויז אַ קליינע גרופּע איז געבליבן אַרבעטן. אין אַ וואָך אַרום האָט דער באַלעבאָס טאַקע אויפגעגעבן זיין שאַפּ און אַלע זיינע אַרבעטער האָבן פאַרלוירן די אַרבעט. דער טשערמאַן פון שאַפּ איז די זאַך ניט אָנגעגאַנגען, ווייל ער איז געוואָרן ביזנעס־אַגענט, לויט ווי די קאָמוניסטן האָבן אים צוגעזאָגט, ער האָט פּשוט פאַרראַטן די אַרבעטער פון שאַפּ.

אונדזער „טרייד־יוניאַן־קלוב״ איז געשטאַנען אויף דער וואַך און גע־היט יעדן טריט, וואָס עס האָט געמאַכט די היימאַן־אַדמיניסטראַציע אין דזשאָינט־באָרד. עס האָט זיך נאָך אַלץ געשלעפּט די פראַגע פון העכערן די „דיוס״ אויף 50 סענט. מיר זיינען געווען קעגן ווייל מיר האָבן געהאַלטן, אַז זיי האָבן ניט קיין רעכט עס צו טאָן אָן דער גוטהייסונג פון די סעקציעס. כאַראַקטעריסטיש דערביי איז, אַז ווען זיי זיינען געווען אין דער אָפּאָ־זיציע האָבן זיי געליאַרעמט קעגן העכערן די „דיוס״, איצט ווען זיי זיינען ביים רודער, ווילן זיי העכערן די „דיוס״, ניט אָנפרעגנדיק אפילו ביי דער מיטגלידערשאַפט. די פראַגע פון „דיוס״ האָט זיך אַזוי געשלעפּט ביז 1926, אונדזער „טרייד־יוניאַן־קלוב״ האָט געפירט אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע אין לאָקאַל 9, ניט געקוקט אויף די דראָאונגען פון די קאָמוניסטן. מיר האָבן ניט געהאַט געגוג געלט צו פירן אונדזער אַרבעט, ווייל אַ גרויסער טייל פון אונדז האָט ווייניק פאַרדינט אָדער גאָר קיין אַרבעט ניט געהאַט. מיר האָבן אָפט געדונגען אַ זאַל אין „רענד סקול״ פאַר אונדזערע מיטינגען,

אַרויסגעלאָזט בלעטלעך אאז״וו. מיר האָבן ניט דורכגעלאָזן קיין איין חזירײַ פון דער קאָמוניסטישער אַדמיניסטראַציע, אַז מיר זאָלן ניט ווי געהעריק רעאַגירן.

אויף דער „אינטערנאשאַנאל״־קאָנווענשאָן אין פילאַדעלפיע אין יאָר 1925 האָבן די לײַט פון „דזשאָינט־עקשאָן־קאָמיטע״ געוויזן זייער אמתן פּרצוף, עס איז באַלד קלאָר געוואָרן אַלעמען, אַז זיי נעמען באַפעלן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַז זייערע צוזאָגן צו שטעלן די יוניאָן אויפן ערשטן פּלאַץ איז געווען אַ בלאָף צו פאַרדעקן זייערע אמתע צילן. ווען עס איז געקומען צו דער פראַגע פון פּראָפּאָרציאָנעלער פאַרטרעטערשאַפט, האָט מען זיי ניט געוואָלט נאָכגעבן, האָבן זיי אַלס פּראָטעסט פאַרלאָזן די קאָנווענשאָן. אָבער זיי האָבן באַקומען אַ וואונק פון „אויבן״ צוריקצוגיין — זײַנען זיי צוריקגעקומען. זיי האָבן מורא געקראָגן אַז מען וועט זיי אין גאַנצן באַזייטיקן, ווי עס איז געשען מיט די דרײַ לאָקאַלס פריער. די קאָנווענשאָן האָט אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פון מינימום פּראָפּאָרציאָנעלע פאַרטרעטערשאַפט צום דזשאָינט־באָרד און צו דער קאָנווענשאָן, אַז יעדער לאָקאַל איז באַרעכטיקט צו שיקן דעלעגאַטן אָפּהענגיק פון דער צאָל מיטגלידער. צוליב „שלום״ זײַנען לואיס הײַמאַן, באָרוכאָוויטש און פאָרטנאָי באַשטימט געוואָרן אַלס וויצע־פּרעזידענטן פון דער „אינטערנאשאַנאל״.

אויף דער דאָזיקער קאָנווענשאָן בין איך געווען אַ גאַסט צוזאַמען מיט פעליקס רייען. מיר האָבן דאָרט דורכגעפירט אַ געלט־זאַמלונג צווישן די דעלעגאַטן פאַרן פאָנד צו פירן אַ קאַמף קעגן דער קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע. דעם דאָזיקן קאַמף האָבן מיר געפירט אָן איבעררײַס ביז עס איז געלונגען צו פאַרטרײַבן די קאָמוניסטן פון דער יוניאָן. מיר זײַנען געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די מיטגלידער, וועלכע זײַנען געווען קעגנער פון קאָמוניזם, אָבער זיי האָבן מורא געהאַט צו גיין צו אונדזערע מיטינגען, ווײַל די קאָמוניסטן האָבן טעראָריזירט די אַרבעטער אין די שעפּער. טאָמער האָט עמעצער געוואַגט צו זאָגן אַ וואָרט קעגן הײַמאַנס אַדמיניסטראַציע איז מען אים באַפאַלן און גערודפט. מ׳האָט געדאַרפט האָבן אַ סך מוט און קוראַזש צו קענען אָפן אַרויסטרעטן קעגן זיי.

קאַפּיטל 37

# דער קאָמוניסטישער גענעראַל שטרייק פון 1926

אין 1925 האָט די „גאָווערנאָר־סמיט־קאָמיטע" פאַרעפנטלעכט אַ באַ־ריכט. זי האָט רעקאָמענדירט, אַז מאַנופאַקטשורערס, אויב זיי ווילן נאָכן סעזאָן פאַרקלענערן זייערע שעפּער, מעגן זיי אָפּזאָגן 10 פּראָצענט אַרבע־טער. אָבער דערפאַר האָט די קאָמיטע אויך געהאַט אַ סך רעקאָמענדאַציעס לטובת די אַרבעטער: אַז מען קען ניט אַראָפּשיקן קיין אַקטיווע מיטגלידער פון שאַפּ־קאָמיטעס, ווי דעם טשערמאַן פון שאַפּ; אַ 40־שעהדיקע אַר־בעטס־וואָך, אַנשטאָט 45 שעה ווי ס'איז געווען; ווי אויך „לימיטיישאָן אָוו קאָנטראַקטינג". די קאָמיטע האָט געהאַלטן, אַז עס זיינען דאָ אין טרייד צופיל קליינע מאַנופאַקטשורערס, דערפאַר האָבן זיי רעקאָמענדירט, אַז אויב אַ קליינער מאַנופאַקטשורער וויל עפענען אַ שאַפּ, זאָל ער פריער אַרויסנעמען אַ סערטיפיקאַט פון דער קאָמיטע. אויך האָבן זיי רעקאָמענ־דירט איינצופירן בעסערע סאַניטאַרע באַדינגונגען אין די שעפּער. און לסוף — אַז די קאָמיטע זאָל בלייבן אַ סטאַבילע אינסטיטוציע און זי זאָל קענען פאַרמיטלען צווישן די צדדים.

די קאָמוניסטן אין דזשאָינט באָרד האָבן אָפּגעוואָרפן דעם גאַנצן באַ־ריכט פון דער „גאָווערנאָר־סמיטה־קאָמיטע", כאָטש דאָרטן זיינען געווען אַ היפּשע צאָל גוטע רעקאָמענדאַציעס פאַר די אַרבעטער. באָרוכאָוויטש האָט געפירט די קאָמאַנדע, און אַז ער האָט געזאָגט ניין האָבן אַלע קאָמו־ניסטן און זייערע נאָכלויפערס נאָכגעזאָגט: ניין.

זיגמאַן האָט זיך געבעטן ביים דזשאָינט־באָרד, אַז מען זאָל ניט צו־ריקווייזן דעם גאַנצן באַריכט מיט אַלע רעקאָמענדאַציעס פון דער „גאָווער־נאָר־סמיט־קאָמיטע" נאָר אויסדריקן אַ ווּאונטש צו קאָנפערירן אין גע־ווויסע פראַגן מיט די מאַנופאַקטשורערס. אויך די מאַנופאַקטשורערס זיינען ניט געווען צופרידן מיט אַ צאָל פּונקטן אין דעם באַריכט. עס זיינען געווען אויסזיכטן צו קענען קומען צו אַ הסכם. די קאָמוניסטן האָבן אָבער ניט געוואָלט הערן פון קיין הסכם, נאָר אָן שום באַדינג צוריקווייזן דעם גאַנצן באַריכט.

זיי האָבן גערופן די טשערלייט פון די שעפּער צו אַ מיטינג אין קופּער־יוניאָן. אַריינגעלאָזן אויפן מיטינג האָבן זיי בלויז אייגענע מענטשן און דעריבער האָבן זיי געוואונען וואָס זיי האָבן געוואָלט: דער באַריכט פון דער „גאָווערנאָר־סמיטה־קאָמיטע" איז צוריקגעוויזן געוואָרן. די קאָמו־ניסטן האָבן געהאַלטן, אַז עס איז אין זייערע פּאַרטיי־אינטערעסן אַרויסצו־

רופן אַ גענעראַל־שטרייק. זיי האָבן אַרגומענטירט, אַז מען דאַרף ניט גלייבן אין קיין אַרביטראַזשן, דורך פאַרהאַנדלונגען קען מען גאָרניט דער־גרייכן, נאָר דורך קאַמף, דורך אַ גענעראַל־שטרייק, אאַז״וו לויטן דעמאָלט־דיקן קאָמוניסטישן נוסח. זיי האָבן גערופן אַ מיטינג אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען. לואיס היימאַן איז דאָרט געווען דער הויפט־רעדנער. עס האָבן אויך גערעדט סאַשאַ זימערמאַן, באָרוכאָוויטש און פאָרטנאַי. זיי האָבן אַדורכגעפירט אויפן מיטינג אַ באַשלוס צו רופן אַ גענעראַל־שטרייק.

די „גאָווערנאָר־סמיטה־קאָמיטע" האָט נאָך אַלץ געמאַכט באַמיאונגען פאַר אַן אויסגלייך, זי האָט גערופן אַ קאָנפערענץ צווישן דער יוניאָן און די מאַנופאַקטשורערס. די מאַנופאַקטשורערס זיינען געווען וויליק צו קומען. היימאַן מיטן קאָמוניסטישן דזשאָינט באָרד האָבן אָבער צוריקגעוויזן די איינלאַדונג. די קאָמיטע איז ווירקלעך געווען פאַרינטערעסירט צו ברענ־גען צו אַן אָרדענונג אין טרייד, די מיטגלידער פון דער קאָמיטע זיינען געווען אויפריכטיקע ליבעראַלע מענטשן.

וואָלט דער דזשאָינט־באָרד אָנגענומען די איינלאַדונג צו פאַרהאַנדלען, וואָלט ניט געקומען צו אַ 26־וואָכיקן אַדורכגעפאַלענעם גענעראַל־שטרייק.

זיגמאַן האָט פאָרגעשלאָגן, מען זאָל אַדורכפירן צווישן די קלאָוקמאַכער אַ רעפערענדום, וועגן דעם צי מען זאָל שטרייקן אָדער פאַרהאַנדלען. היימאַן און באָרוכאָוויטש האָבן אָפגעוואָרפן זיגמאַנס פאָרשלאָג און האָבן פאַרלאַנגט דווקא אַ גענעראַל־שטרייק. זיגמאַן האָט אַרגומענטירט אַז דער באַשלוס פון מיטינג אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען איז ניט גענוגנדיק, ווייל דאָרטן זיינען געווען פאַרזאַמלט נאָר אַ טייל קלאָוקמאַכער, אָבער אין אַ רעפערענ־דום וועלן זיך באַטייליקן אַ סך מער. זיינע אַרגומענטן האָט דער קאָמוניס־טיש־באַהערשטער דזשאָינט באָרד פולשטענדיק צוריקגעוויזן — און ער האָט גערופן אַ גענעראַל־שטרייק. אַלס טשערמאַן פון דער שטרייק־קאָמי־טע האָבן זיי באַשטימט לואיס היימאַן. אַזאַ פאַל האָט נאָך ניט געטראָפן אין דער געשיכטע, אַז דער פרעזידענט פון „אינטערנאשאנאל" זאָל ניט זיין דער טשערמאַן פון שטרייק־קאָמיטע אין אַ גענעראַל־שטרייק. ווען זיי האָבן באַשטימט היימאַנען איז ער פשוט געווען אַ „פראָנט"־מאַן וואָס האָט פאַרדעקט די קאָמוניסטישע פאַרטיי, וואָס האָט פאַקטיש אָנגעפירט מיטן שטרייק. ניט־קאָמוניסטן האָט מען ניט צוגעלאָזט צו קיין שום שטרייק־אַקטיוויטעטן, צו קיין שום שטרייק־קאָמיטע. בעת דעם שטרייק זיינען זיי מער געווען פאַרנומען מיט אַטאַקירן די „רעכטע" פירער פון דער „אינטער־נאַשאַנאַל", דעם „פאָרווערטס", דעם אַרבעטער־רינג, אאַז״וו, ווי מיט די שטרייק־פראָבלעמען, אויף די מיטינגען מיט די טשערלייט האָט מען גע־רעדט מער קעגן דער „רעכטער" אַרבעטער־באַוועגונג ווי וועגן דעם שטרייק.

נאָך אַ פאָר וואָכן שטרייקן האָט די „גאָווערנאָר־סמיטה־קאָמיטע" פאָר־

בעטןביידע צדדים צו קומען צו אַ קאָנפערענץ: די שטרייק־קאָמיטע האָט עס אָפּגעוואָרפן, טראָץ דעם אַפּיל פון פרעזידענט זיגמאַן אָנצונעמען די איינלאַדונג. 6 וואָכן שפּעטער האָט די קאָמוניסטישע אָנפירונג ווידער אָפּגעוואָרפן אַן ענלעכן אַפּיל. זיגמאַן האָט פאַרלאַנגט אַז די שטרייקערס זאָלן באַשטימען צי אַזאַ קאָנפערענץ זאָל גערופן ווערן. אָבער אַלע די פאָרשלאַגן האָבן זיי קאַטעגאָריש צוריקגעוויזן. דער אָנפירער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, פאָסטער, האָט באַפוילן אַלע פאָרשלאַגן אָפּצוּוואַרפן.

אפילו דעמאָלט, נאָך לאַנגע וואָכן שטרייקן, וואָלט מען דורך פאַרהאַנדלונגען עפּעס נאָך געקענט געווינען, אָבער צוליב דער קאָמוניסטישער שטעלונג זיינען די מעגלעכקייטן פאַר טיילווייזע געווינסן אויך פאַרלוירן געוואָרן.

נאָך 26 וואָכן שטרייקן זיינען די קאָמוניסטישע שטרייק־פירערס ענדלעך איינגעגאַנגען אויף אונטערהאַנדלונגען מיט די מאַנופאַקטשורערס און זיי האָבן אונטערגעשריבן אַן אָפּמאַך וואָס איז געווען אַ סך ערגער ווי דער וואָס מען וואָלט געקענט דערגרייכן דורך דער פאַרמיטלונג פון דער „גאָווערנאָרס־סמיט־קאָמיטע". אָבער מיט דעם איז נאָך דער שטרייק ניט געווען אין גאַנצן פאַרענדיקט. דער אָפּמאַך מיט די מאַנופאַקטשורערס איז ניט געווען גילטיק פאַר די „דזשאַבערס" און ביי זיי איז דער שטרייק נאָך פאָרגעקומען. דעמאָלט האָט די גענעראַל־עקזעקוטיווע פון דער „אינטערנאַשאַנאַל" איבערגענומען צו פאַרענדיקן דעם שטרייק אויך מיט די „דזשאַבערס" און נאָך לאַנגע וואָכן שטרייקן זיינען די קלאָוקמאַכערס צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט אָן וועלכע עס איז פאַקטישע געווינסן.

דער שטרייק איז געווען פאַרשפּילט און די גאַנצע שולד איז געפאַלן אויף דער שלימזלדיקער קאָמוניסטישער אָנפירונג פון שטרייק, וואו מען האָט זיך ניט גערעכנט מיט די אינטערעסן פון די קלאָוקמאַכערס נאָר מיט די פּאָליטישע אינטערעסן פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דער שטרייק האָט אָפּגעקאָסט דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר און האָט אין גאַנצן רואינירט די יוניאָן. אַ גרויסע טייל פון דעם געלט איז אָבער ניט פאַרנוצט געוואָרן אויפן שטרייק, נאָר איז פאַרטאַכלעוועט געוואָרן אויף פאַרטייאיש־קאָמוניסטישע צוועקן.

ווען די אַרבעטער זיינען צוריקגעקומען אַרבעטן נאָכן שטרייק, איז גאָר קיין אַרבעט ניט געווען. אין דער צייט פון שטרייק האָבן די באַלעבאַטים באַוויזן אויסצופאַרטיקן די אַרבעט און פאַרענדיקן דעם סעזאָן. נאָך 26 וואָכן שטרייק האָבן זיך די אַרבעטער געפונען דערשלאָגענע און באַליידיקטע. נאָך קיינמאָל האָט מען ניט געשטרייקט אַזאַ לאַנגע צייט און פאַרענדיקט מיט אַזאַ מפּלה. נאָך יעדן שטרייק האָבן די אַרבעטער זיך

געפילט שטאָלץ ווי זיגערס. ניט דאָס איצטיקע מאָל, אין 1926. דערצו האָבן די קאָמוניסטן רואינירט די יוניאָן פינאַנציעל. דאָס געלט האָט מען געשלעפּט פון די קוואַלן וואָס עס האָט צוגעגרייט די רעכטע אַרבעטער־באַוועגונג און אויסגעגעבן האָבן זיי דאָס געלט צו באַקעמפן די רעכטע. אייגענע מענטשן ביי די קאָמוניסטן האָבן דערביי אָפּגעלעקט אַ פעטביינדל ווי אויך אַ סך פּאָליציי־לייט וואָס זיי האָבן אונטערגעקויפט. די בעסטע פריינד פון די קאָמוניסטן זיינען געווען פּאָליציי־לייט.

די קאָמוניסטן האָבן גערופן מיטינגען אין די האָלס און האָבן געוואָלט אַז די אַרבעטער זאָלן גוטהייסן דעם דורכגעפאַלענעם שטרייק. דער „פאָרווערטס" האָט פאַרעפנטלעכט אַלע פונקטן פון אָפּמאַך און אָנגעוויזן, אַז דער שטרייק איז אַ פאַרלוירענער. די קאָמוניסטן האָבן געפּרואווט פאַרטומלען די מוחות, זאָגנדיק, אַז דער „פאָרווערטס" באַריכטעט פאַלש. אָבער די אויפרעגונג צווישן די קלאָוקמאַכערס איז געווען גרויס. די קאָמוניסטישע שטרייק־פירער האָבן נאָך געהאַט די חוצפּה אונדז פאָרצוּוואַרפן, אַז מיר האָבן געשטערט דעם שטרייק, אין דער צייט וואָס זיי האָבן אונדז אפילו ניט געוואָלט צולאָזן צו קיין שטרייק־קאָמיטע. זיגמאַן האָט פאָרגעשלאָגן דורכצופירן אַ רעפערענדום צווישן די קלאָוקמאַכער וועגן גוטהייסן אָדער אָפּוואַרפן דעם שטרייק־סעטלעמענט. די קאָמוניסטן האָבן דעם פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט אַז זיי וועלן דורכפאַלן. זייער חשבון איז געווען אַז אַ מיטינג אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען, וועט זיין גינסטיקער פאַר זיי, ווייל צו אַזאַ מיטינג וועלן זיי קענען אָרגאַניזירן זייערע מענטשן פון פרעמדע טריידס, ווי זיי פלעגן אַלע מאָל טאָן אין אַזעלכע פאַלן.

מיר האָבן גערופן אַ מיטינג אין לייבאָר־טעמפּל צו באַטראַכטן די סי־טואַציע. מיר האָבן פאָרט באַשלאָסן צו גיין צום מיטינג אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען וואָס די שטרייק־אָנפירונג האָט גערופן און פאָדערן אַז דער פּרע־זידענט פון דער „אינטערנאַשאַנאַל" זיגמאַן זאָל איבערנעמען די שטרייק־פירונג.

איינער פון אונדזערע האָט אונדז פאַרראַטן און האָט איבערגעגעבן די קאָמוניסטן אונדזער פּלאַן. ביי דעם מיטינג אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען זיינען זייערע מענטשן געווען אויף דער וואַך און צוזאַמען מיט פּאָליציי, וועלכע איז געוואָרן איבערגעקויפט, האָבן זיי נישט אַריינגעלאָזן אונדזערע מענטשן, אַז מ'האָט פּראָטעסטירט פאַר ניט אַריינלאָזן אַ קלאָוקמאַכער, האָט די פּאָליציי דעם יעניקן פאַרטריבן. ווען זיגמאַן איז געקומען צום מיטינג און ער איז געוואויר געוואָרן, אַז מ'לאָזט ניט אַריין יוניאָן־מיטגלידער, האָט ער שאַרף פּראָטעסטירט און זיך אָפּגעזאָגט אַריינצוגיין. ביי דעם מיטינג אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען זיינען פאַקטיש געווען מער פרעמדע ווי

קלאָוקמאַכערס, דער מיטינג איז געווען דאָמינירט פון סתם קאָמוניסטן און הורא־שרייער. זיי האָבן עס דאָרט גוטגעהייסן דעם אַגרימענט.

פרעזידענט זיגמאַן האָט אַפּעלירט צו די קלאָוקמאַכערס ניט צו נעמען נקמה אין די קאָמוניסטן, נאָר צו זען שטאַרקן די יוניאָן. דער „פאָרווערטס" האָט גערופן די קלאָוקמאַכערס צו שטיין הינטער דער „אינטערנאַשאַנאַל". מיר האָבן אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו די קלאָוקמאַכער און אויפגעדעקט דעם גאַנצן קאָמוניסטישן פאַרראַט אין דעם קלאָוקמאַכער־שטרייק. די אַרבעטער האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסע אומצופרידנקייט מיט דעם שטרייק, ווען זיי זיינען געקומען אין די שעפּער און זיי האָבן קיין אַרבעט ניט געפונען. אַזאַ זאַך האָט נאָך ניט געטראָפן אין דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן, אַז נאָך אַ גענעראַל־שטרייק זאָל ניט זיין קיין אַרבעט אין די קליינע שעפּער. יעדעס מאָל נאָך אַ גענעראַל־שטרייק איז געווען זייער אַ סך אַרבעט אין די שעפּער, ווייל די פירער פון שטרייק האָבן שטאַרק געזאָרגט דערפאַר אַז בעתן שטרייק זאָלן קיין סקעבס ניט קענען אַרבעטן און פאַרטיק מאַכן די קלאָוקס, ווייל מען האָט געהאַט אין זינען צו געווינען דעם שטרייק. אָבער די קאָמו־ניסטישע שטרייק־פירער האָבן ווייניק זיך געקימערט וועגן שטרייק גופא נאָר האָבן מער אין זינען געהאַט זייער פּאָליטיק צו אַטאַקירן די רעכטע אַרבעטער־באַוועגונג, דערפאַר איז אי דער גענעראַל־שטרייק פאַרשפּילט געוואָרן, אי די גאַנצע אַרבעט איז פאַרטיק געוואָרן דורך סקעבס. נו, האָבן די קלאָוקמאַכערס ניט געהאַט קיין אַרבעט ווען זיי זיינען געקומען אין די שעפּער נאָכן שטרייק.

## קאַפּיטל 38

# עס נעמט אַ סוף צו דער קאָמוניסטישער הערשאַפט

נאָכן דורכגעפאַלענעם גענעראַל־שטרייק זיינען די לאָקאַלס און די גאַנצע קלאָוקמאַכער־יוניאָן געווען כמעט צעבראָכן. דער פּרעסטיזש פון דער יוניאָן איז ביי דער מיטגלידערשאַפט שטאַרק געפאַלן. די גענעראַל־עקזעקוטיווע פון דער „אינטערנאַשאַנאַל" מיטן פרעזידענט זיגמאַן בראש האָבן זיך ענערגיש גענומען צוריק אויפצובויען די קלאָוקמאַכער־יוניאָן וואָס די קאָמוניסטן האָבן רואינירט און דערביי אויך אויסגעליידיקט איר קאַסע.

אין דעצעמבער 1926 האָט פרעזידענט זיגמאַן גערופן אַ מיטינג אין קופּער־יוניאָן. דער מיטינג איז געווען אונטערן פאָרזיץ פון צוקערמאַנען. די קאָמוניסטן האָבן זיך אָרגאַניזירט צו פאַרכאַפּן דעם מיטינג, אָבער מיר

וויינען דערויף געוועז גרייט און האָבן אַריינגעלאָזט בלויז קלאָוקמאַכער. דער זאַל איז געווען איבערגעפּאַקט מיט קלאָוקמאַכער. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן מ'זאָל באַזייטיקן די קאָמוניסטישע אַדמיניסטראַציע און די „אינ־טערנאשאנאל" זאָל איבערנעמען דעם אָפיס פון דזשאָינט באָרד.

מיר האָבן געעפנט עטלעכע אָפיסעס און גערופן די קלאָוקמאַכער זיך צו רעגיסטרירן און דערקלאַרירן אַז זיי וועלן גיין מיט דער „אינטערנאשא־נאל". אַ גרויסע שאָל שעפּער האָבן זיך רעגיסטרירט.

פרעזידענט זיגמאַן האָט אַרויסגענומען פון געריכט אַ „דיספּאָזעס" און מ'האָט זיך געגרייט צו באַזייטיקן די קאָמוניסטישע אָנפירונג פון דזשאָינט באָרד אָפיסעס אויף דער 25טער גאַס. די קאָמוניסטן האָבן זיך אויף דעם געריכט, האָבן זיי פריער אויסגעליידיקט די אָפיסעס, זיי האָבן אַרויסגענומען די מעבל און אַוועקגעפירט אין די קאָמוניסטישע הייזער אין דער בראָנקס און עס דאָרטן באַהאַלטן. מיר האָבן אַרויסגענומען אַ „וואָראַנט" פון געריכט און מאַזאר, דער פינאַנץ־סעקרעטאַר, וועמען זיג־מאַן האָט באַשטימט אַלס צייטווייליקער אָנפירער פון דזשאָינט־באָרד, האָט מיט דער הילף פון פּאָליציי צוריקגעבראַכט דאָס מעבל אין די דזשאָינט באָרד אָפיסעס. די מעבל וואָס די קאָמוניסטן האָבן ניט באַוויזן אַוועקצו־נעמען און באַהאַלטן, האָבן זיי באַגאָסן מיט כעמישע שטאָפן, אַז די פאַרב זאָל קאַליע ווערן. זעענדיק זייער מפּלה, האָבן די קאָמוניסטן אָנגעהויבן צו פּיקעטירן דעם אָפיס פון דער „אינטערנאשאנאל" און האָבן געמאַכט דעמאָנסטראַציעס קעגן די יוניאָן־פירער.

פרעזידענט זיגמאַן האָט באַשטימט פעליקס רייען ער זאָל צייטווייליק פירן די אַרבעט אין לאָקאַל 9. מיר האָבן געעפנט אַ צייטווייליקן קליינעם אָפיס אויף דער 14טער גאַס, כדי די מיטגלידער זאָלן קענען קומען זיך רע־גיסטרירן און האָבן וואו צו מאַכן זייערע אָנקלאַגעס קעגן די באַלעבאַטים. מיר האָבן באַשטימט צייטווייליקע ביזנעס־אַגענטן אויסצוגלייכן די קאָנ־פליקטן אין די שעפּער. די ביזנעס־אַגענטן האָבן געזאָרגט דערפאַר אַז אַלע אַרבעטער זאָלן זיך רעגיסטרירן. אַזאַ שאַפּ וואו ס'איז געווען אַ מער־הייט קאָמוניסטן, האָבן זיי דערווייל געלאָזט צורו. אויב די קאָמוניסטן אין די שעפּער וואו זיי זיינען געווען אַ מינדערהייט האָבן זיך ניט געוואָלט רע־גיסטרירן האָבן די אַרבעטער פון שאַפּ מיט זיי ניט געוואָלט אַרבעטן, האָט דער באַלעבאָס געמוזט זיי אַרונטערשיקן פון דער אַרבעט. די באַזייטיקטע האָבן גענומען פּיקעטירן דעם שאַפּ. זיי זיינען געקומען צום באַלעבאָס און אים פאָרגעלייגט צו אַרבעטן פאַר ביליקער. די דאָזיקע פאָרשלאָגן צו אַרבעטן פאַר ביליקער זיינען געקומען פון דער איניציאַטיוו פון דער „דזשאָינט־עקשאָן־קאָמיטע", וואָס די קאָמוניסטן האָבן איצט צוריק באַנייט.

דער דזשאָינט באָרד האָט אין אַזעלכע פאַלן גלייך געוואָרנט דעם

באַלעבאָס, אַז אין זיין שאָפּ וועט מען דערקלערן אַ שטרייק. די קאָמוניסטן פון זייער זייט האָבן געוואָרנט, אַז אַזאַ שטרייק וועלן זיי ניט אָנערקענען און זיי וועלן ווייטער אַרבעטן אין שאָפּ. די הויפּט־צרה איז געקומען פון די קליינע שעפּער ווייל גרויסע שעפּער האָבן זיך רעגיסטרירט אין דער „אינטער־נאשאנאל״.

דער „אינדאָסטריעל קאָונסיל״ פון די מאַנופאַקטשורערס האָט אָנער־קענט די „אינטערנאשאנאל״ און איז געווען גרייט צו פאַרהאַנדלען נאָר מיט דער יוניאָן, אָבער די קאָנטראַקטאָרס האָבן געוואָלט פאַרהאַנדלען נאָר מיט לואיס היימאַנס „דזשאָינט־עקשאָן־קאָמיטע״, ווייל די לעצטע האָט זיי צוגעזאָגט צו אַרבעטן פאַר ביליקער ווי ס׳איז געווען די „סקעיל״ פון דער יוניאָן. זיי זיינען גרייט געווען צו געבן הנחות אויפן חשבון פון די קלאָוק־מאַכער, אַבי מען זאָל מיט זיי פאַרהאַנדלען. דאָס אַלץ האָט געשאַפן אַ כאַ־אָטישע סיטואַציע אין טרייד.

דערווייל איז די „אינטערנאשאנאל״ אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבעט פון רעאָרגאַניזירן די קלאָוקמאַכער־יוניאָן. זיגמאַן האָט באַשטימט דזשעק האַלפּערנען ער זאָל איינשטעלן די אַרבעט אין אָפיס פון „דזשאָינט באָרד״ און זאָל אַלץ צוגרייטן צו דער קומענדיקער נאָרמאַלער אַרבעט.

פעליקס רייען האָט צייטווייליק געפירט די אַרבעט פון רעאָרגאַניזירן דעם לאָקאַל 9. איך האָב זיך אַקטיוו מיטבאַטייליקט אין איינשטעלן די אַר־בעט. די „אינטערנאשאנאל״ האָט אונדז אַרויסגעגעבן דעם נייעם טשאַר־טער. עס זיינען אַדורכגעפירט געוואָרן וואַלן פון מענעדזשער און פון עק־זעקוטיוו באָרד און פון דעלעגאַטן צום דזשאָינט באָרד. קורצמאַן איז דער־ווייל געוואָרן אַלס מענעדזשער. פעליקס רייען, וועלכער איז אויך גע־לאָפן אויף דעם אַמט, האָט געשריען אַז ער איז דערווײלט געוואָרן, און האָט פאַרלאַנגט נאָכאַמאָל איבערציילן די שטימען. זיגמאַן האָט אים געראָטן ער זאָל צורו לאָזן, ווייל די וואַלן זיינען געווען פולקאָם אין אָרדענונג. נאָכן אויסשרייען זיך אַביסל, האָט פעליקס רייען זיך אָפּגעקילט. פאַר פינאַנץ־סעקרעטאַר איז דערווײלט געוואָרן ראָזענבלאַט. אין דער גאַנצער קלאָוק־מאַכער־יוניאָן איז האָכמאַן אויסגעווײלט געוואָרן אַלס גענעראַל־מענעד־זשער פון דזשאָינט באָרד. (די דרעסמאַכער זיינען נאָך דעמאָלט געווען צו־זאַמען מיט די קלאָוקמאַכער אין איין דזשאָינט באָרד). יעדער לאָקאַל האָט אַריינגעשיקט זיינע ביזנעס־אַגענטן אין דזשאָינט באָרד, דער גאַנצער אַפּאַ־ראַט איז געוואָרן איינגעשטעלט אָן שוועריקייטן און די אַרבעט האָט אָנ־געהויבן קלאַפּן. עס איז געוואָרן איינגעאָרדנט אַ פייערלעכע אינסטאַליישאָן פון די נייע דערווײלטע, אין וועלכער ס׳האָט זיך באַטייליקט אַ גרויסער עולם קלאָוקמאַכער און דרעסמאַכער.

די קאָמוניסטן האָבן אויסגעפונען וואו עס קומט פאַר די אינסטאַליישאָן

און האָבן זיך אָרגאַניזירט צוצושטערן די שמחה. זיי האָבן געבראַכט אַ גרויסע באַנדע און געפּראוווט זיך אַריינרייסן אין האָל. מיר האָבן זיך מיט זיי ניט געקענט קיין עצה געבן, האָבן מיר גערופן פּאָליציי, וועלכע האָט זיי פונאַנדערגעטריבן. ספּעציעל האָבן די „כאַווערטעס" זייערע געקוויטשעט און געטומלט. די אינסטאַליישאַן איז אַדורכגעגאַנגען אין אַ פייערלעכער שטימונג. דאָס איז געווען אַ היסטאָרישער מאָמענט פאַר די קלאָוקמאַכער. פּרעזידענט זיגמאַן האָט געגעבן אַ וואונדערבאַרע אָפּשאַצונג פון דעם קאַמף, וואָס מיר פירן מיט די קאָמוניסטישע קעגנער. ער האָט אונדז גערופן זיך אַריינצוואַרפן אין קאַמף קעגן די צעשטערער און אין דער זעלבער צייט קעמפן פאַר אַ בעסערן מאָרגן פאַר די קלאָוקמאַכערס דורך אונדזער יוניאָן. די יוניאָן, האָט ער געזאָגט, איז ניט קיין פּלאַץ פאַר אויסשפּילן פּערזענלעכע אינטערעסן, נאָר פאַרן וואוילזיין פון אַלע אָרגאַניזירטע אַרבעטער. ער האָט אונדז געוואונטשן דערפאָלג אין דער אַרבעט. זיין רעדע האָט באַוויזן זיין גרויסקייט פון אַ פירער, ניט נאָר אין רייד נאָר אויך אין טאָטן.

נאָך דער אינסטאַליישאַן האָט זיך זיגמאַן גענומען צו דער אַרבעט פון איבערנעמען פולשטענדיק די יוניאָן פון די קאָמוניסטישע הענט. ערשטנס, האָט ער פאַרענדיקט ענדגילטיק דעם שטרייק ביי די קאָנטראַקטאָרס, וואָס איז געבליבן הענגען אין דער לופטן. ער האָט אויך אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען מיט דער „אַסאָסיאיישאַן" פון די באַלעבאַטים.

די קאָמוניסטן האָבן נאָך אַלץ אַדורכגעפירט דעמאָנסטראַציעס פאַר די געביידעס פון דער „אינטערנאשאנאל", פון „פאָרווערטס" און פון דזשאָינט באָרד. צום אָפטסטן האָבן זיי דעמאָנסטרירט פאַר דער „פאָרווערטס"-געביידע, שרייענדיק „פאַררעטער", ביז זיי זיינען הייזעריק געוואָרן און אַוועקגעגאַנגען. מיר האָבן געהיט די געביידעס וואו די „אינטערנאשאנאל" און דער דזשאָינט באָרד האָבן זיך געפונען. אַרבעטער וועלכע זיינען געקומען אין יוניאָן-אָפיס האָבן זיי געשטערט אַריינצוגיין, שרייענדיק „גייט ניט אין דער סקעב-יוניאָן". זיי האָבן פּראָוואָצירט געשלעגן אין דרויסן; זייערע פרויען האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד און זיך געמאַכט חלשן, מען זאָל מיינען אַז מען איז זיי באַפאַלן. כלערליי שטיק האָבן זיי אָפּגעטאָן כדי צו שטערן אַרבעטער צו קומען אין יוניאָן-אָפיס אַריין. אָבער אַלע די קונצן זייערע האָבן זיי ניט געהאָלפן.

מיר זיינען אָן ספק שולדיק אַ דאַנק זיגמאַנען פאַר זיין אויסגעהאַלטענער עקשנות אין קאַמף קעגן די קאָמוניסטן, מיט זיין באַזייטיקן הימאַנען און די קאָמוניסטישע חברה פון דזשאָינט באָרד און פון די לאָקאַלס, האָט ער פּשוט געראַטעוועט די קלאָוקמאַכער יוניאָן און די דרעסמאַכער יוניאָן פון אונטערגאַנג.

נאָכן פאַרלוירענעם קאַמף האָבן די קאָמוניסטן אָבער ניט אויפגעגעבן זייער פאַרניכטונגס-אַרבעט. זיי האָבן געגרינדעט אַ סקעב-יוניאָן, אַן אַר-

גאַניזירטע אָפּאָזיציע קעגן דער „אינטערנאַשאַנאַל״, פאַר אַלע טיילן פון דער נאָדל־אינדוסטריע. לואיס היימאַנען האָבן זיי געמאַכט פאַר פּרעזי־דענט פון דער דזשאָינט־באָרד פון דער ״אינדוסטריעלער״ יוניאָן, דער פאַקטישער וואָרט־זאָגער איז דאָרט אָבער געווען פּאָסטער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. זיי האָבן אַפּעלירט צו אַלע אַרבעטער פון נאָדל־טרייד צו קומען זיך אָנשליסן אין זייער יוניאָן. זיי האָבן פאַרקאָפּט שעפּער, מיר האָבן ניט געשוויגן און ניט דערלאָזט זיי זאָלן באַהערשן און קאָנטראָלירן שעפּער. אויב אַ שאַפּ האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער קאָמוניסטישער יוניאָן האָבן מיר אַרויסגע־שיקט אַן אַנדער אַרבעטער פון אונדזער יוניאָן צו אַרבעטן אין דעם שאַפּ. די „אינדוסטריעלע יוניאָן״ האָט אַוועקגעשטעלט פּיקעטן, האָבן מיר אויך אַוועקגעשטעלט פּיקעטן, עס זיינען צוליב דעם אויסגעבראָכן אָפטע גע־שלעגן און פּאָליציי פלעגט זיך מוזן אַריינמישן. פלעגן די קאָמוניסטן אַוועק אין אַזעלכע שעפּער צום באַלעבאָס און אים צוגעזאָגט צו אַרבעטן פאַר אים ביליקער, אַבי ער זאָל אונטערהאַנדלען מיט זייער יוניאָן. די דאָזיקע אומ־נאָרמאַלע לאַגע האָבן אויסגענוצט די מאַנופאַקטשורערס אָראָפּצודריקן די לוינען. אויך סקעבס האָבן אויסגענוצט די לאַגע און האָבן פראַנק און פריי געאַרבעט אין שעפּער וואו מ׳האָט געשטרייקט. די אַרבעטער זיינען דעמאָ־ראַליזירט געוואָרן.

לואיס היימאַן, וועלכער האָט פאַרביטערט באַקעמפט זיגמאַנען, האָט אויף אים אויסגעטראַכט אַ בילבול אַז ער באַזיצט אַ מין „קוני־איילאַנד״ פאַרוויילונג־פּלאַץ. זיגמאַן האָט לואיס היימאַנען אָנגעקלאָגט אין געריכט פאַר באַליידיקונג. אין געריכט האָט היימאַן זיך אַנטשולדיקט צוזאַמען מיט דעם רעדאַקטאָר פון דער „פרייהייט״ פאַר אויסטראַכטן אַזאַ בילבול.

די מאַסן פון די קלאָוקמאַכער זיינען ניט געגאַנגען צו דער קאָמוניס־טישער „אינדאַסטריעל יוניאָן״, מיר האָבן געהאַט דערפּאָלג מיט אונדזער גרויסער אויפקלערונגס־אַרבעט. אין דער קאָמוניסטישער יוניאָן זיינען גע־גאַנגען בלויז זייערע געשוואוירענע מענטשן. אַ סך פּירנדיקע אַרבעטער פון לאָקאַל 9, וועלכע זיינען אין 1925 — ווען די קאָמוניסטן האָבן איבער־גענומען די יוניאָן — אַוועק פון קלאָוקס־טרייד, זיינען שפּעטער נאָך דעם גענעראַל־שטרייק פון 1926 צוריקגעקומען אין דער יוניאָן און ווידער גע־וואָרן אַקטיוו אין לאָקאַל 9, — ווי סאַרקין, פישער, בענדער, היימע גאָלד־בערג, מאַקס ברעטשניידער און אַנדערע. מיר האָבן זיי באַזאָרגט מיט אַרבעט אין שעפּער.

מיר, אַלטע יוניאָן־טוער, בויער פון דער יוניאָן, וואָס האָבן געליטן און געהונגערט פאַר דער יוניאָן, זיינען געשטאַנען שטאָל און אייזן אויף דער זייט פון דער „אינטערנאַשאַנאַל״. מיר וואָלטן זיכער אַ סך גיכער גע־וואונען דעם קאַמף קעגן די קאָמוניסטן, די אַרבעטער האָבן שוין אָנגע־

הויבן צוביסלעך פאַרלאָזן היימאַנס יוניאָן און צוריקגיין אין זייער אַלטער קעמפערישער יוניאָן, אין דער „אינטערנאַשאַנאַל".

האָבן זיך אָבער אָנגעהויבן רייבונגען אין דער „אינטערנאַשאַנאַל" גופא. עס האָבן זיך געהערט שטימען אין די אייגענע רייען, אַז פּרעזידענט זיגמאַנס אופן פון קאַמף מיט די קאָמוניסטן טויג ניט. שלעזינגער און דובינסקי האָבן פאַרלאַנגט, אַז דער לאָקאַל 17 זאָל צוריק ווערן זעלבסטשטענדיק. זיגמאַן איז געווען קעגן זיי, ער האָט געהאַלטן, אַז אַלע אָפּערייטאָרס דאַרפן באַ־לאַנגען צו איין לאָקאַל, כדי אויסצומיידן צווישן זיי קאָנקורענץ אין די פּרייזן. די מערהייט פון די „אָלד־טיימערס" איז געווען מיט זיגמאַנען, אב. קאַהאַן פון „פאָרווערטס" איז אויך געווען אויף זיגמאַנס זייט. אָבער דו־בינסקי, נאַגלער, שלעזינגער און ברעסלוי (פון לאָקאַל 35) זיינען געווען קעגן אים. זיי האָבן ניט אָפּגעשאַצט דעם קאַמף וואָס זיגמאַן האָט געפירט צו ראַטעווען די קלאָוקמאַכער און דרעסמאַכער יוניאָן. זיגמאַן האָט זיין געזונט און כוח אַוועקגעגעבן פאַר דער יוניאָן און האָט אַ סך אויפגעטאָן פאַר די אַרבעטער, אַ דאַנק זיין אונדערשעפּלעכן מוט און קאַמף.

## קאַפּיטל 39

# מאָריס זיגמאַן. קאַמפן אין די שפּיצן

די קאָנווענשאָן אין באָסטאָן אין 1928 האָט געדאַרפט באַשליסן וועלכער צד איז גערעכט.

די לאַגע איז געוואָרן נאָך קאָמפּליצירטער דורך דעם וואָס אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט זיך אויף דאָס ניי געשאַפן אַ גרופּע, וואָס האָט זיך גערופן די „שלום־גרופּע". אין דעם קאָמיטעט זיינען אַריין פיל קאָמוניס־טישע נאָכלויפערס. זיי האָבן נאָר געשריגן, אַז מען דאַרף שלום מאַכן מיט די קאָמוניסטן אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. די פירערס פון דעם קאָמיטעט זיינען געווען שעלי און באַטלענדער, ביידע פון לאָקאַל 2, זיי האָבן געהאַלטן אין איין דרייען אַ קאָפּ פּרעזידענט זיגמאַן, אַז ער זאָל מאַכן שלום מיט די קאָמוניסטן. אָבער זיגמאַן האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרהאַנדלען וועגן שלום מיט די קאָמוניסטן, ווייל ער איז שוין איינמאָל דורך זיי אָפּגענאַרט געוואָרן. „איך גלויב זיי נישט, האָט ער געזאָגט, ווייל זיי מיינען נישט קיין שלום אין דער יוניאָן, נאָר זיי ווילן נאָכאַמאָל פאַרכאַפּן די קלאָוקמאַכער יוניאָן און ווייטער מאַכן די זעלבע זאַך ווי עס איז געווען אין 1925 און 1926". זיינען די פירערס פון דער שלום־קאָמיטע שעלי און באַטלענדער געלאָפן צו דו־בינסקין, שלעזינגער און ברעסלאווין און צו נאָך אַנדערע מענטשן פון דער יוניאָן, און זיי אַגיטירט אַז שלעזינגער דאַרף ווערן דער פּרעזידענט פון דער „אינטערנאַשאַנאַל". די לייט פון דעם קאָמיטעט האָבן געוואוסט, אַז ביי דער

גענעראַל־עקזעקוטיוו־באָרד גייט אָן אַ קאַמף קעגן פּרעזידענט מאָריס זיגמאַן, האָבן זיי גענומען שפּילן אויף דער דאָזיקער סטרונע. עס איז אַחוץ דעם נאָך געווען אַ גרופּע אַנאַרכיסטן, און זייער אַ שטאַרקע גרופּע, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע אָנהענגערשאַפט, זיי זיינען געשטאַנען פאַר פּרעזידענט זיגמאַן. די פירערס פון דעם קאַמף זיינען געווען: בלומשטיין, דער מענעדזשער פון לאָקאַל 22; לואיס ליוואי, דער מענעדזשער פון לאָקאַל 2; קוירצמאַן, דער מענעדזשער פון לאָקאַל 9 און נאָך אַנדערע יוניאָן־לייט. דער קאַמף אין דער גענעראַל־עקזעקוטיוו־באָרד פאַר און קעגן זיגמאַנען איז געוואָרן מער פאַרביטערט. איינע פון די הויפּט־סיבות פון קאַמף איז געווען די פּראַגע פון לאָקאַל 17. מאָריס זיגמאַן איז געשטאַנען אויף אַ פּרינציפּיעלן שטאַנדפּונקט, אַז אַלע קלאָוק־אָפּערייטאָרס פון ניו־יאָרק דאַרפן זיין אָרגאַניזירט אין איין לאָקאַל. זיגמאַן האָט געוואָלט, אַז מען זאָל העלערן, דעם מענעדזשער פון לאָקאַל 17, אויסשליסן פון דער יוניאָן פאַר אַרויסנעמען אַן „אינדזשאַנקשאַן" קעגן דער „אינטערנאַשאַנאַל" אַלס ענטפער אויף פּרעזידענטס זיגמאַנס אויפלייזן דעם לאָקאַל 17 און פאַראייניקונג פון לאָקאַלס 17, 1 און 11 (פון בראָנזוויל), אין איין אָפּערייטאָרס־לאָקאַל (דאָס איז געשען אין 1924). זיגמאַן האָט אויך פאַרלאַנגט אַז מען זאָל אויסשליסן לואיס לאַנגערן (דעם סעקרעטאַר פון דזשאָינט־באָרד). זיגמאַן האָט געמאַכט אַ קלאַגע אויף לואיס לאַנגערן צו דער „פאָרווערטס"־אַסאָסיאיישאַן און די „פאָרווערטס"־אַסאָסיאיישאַן האָט לואיס לאַנגערן טאַקע אויסגעשלאָסן. שיינפעלד פון לאָקאַל 23, איז געווען אַן עדות קעגן לואיס לאַנגערן. דער אַסיסטענט־סעקרעטאַר פון דזשאָינט־באָרד האָט אויך עדות געזאָגט קעגן לאַנגערן. ווייטער האָט זיגמאַן געוואָלט איינפירן געוויסע אינדוסטריעלע רעפאָרמען אין דער יוניאָן. אין דער זעלבער צייט האָט זיגמאַן אָנגעפירט דעם קאַמף מיט די קאָמוניסטן. אין דער גענעראַל־עקזעקוטיוו־באָרד האָט מען זיך אַזוי לאַנג אַרומגעקריגט ביז עס זיינען געוואָרן צוויי פאַרביטערטע פראַקציעס: די וואָס זיינען געשטאַנען מיט זיגמאַנען זיינען געווען דזשוליוס האָכמאַן, ביאַליס פון שיקאַגע, אַנטאָניני, פון פילאַדעלפיע, דזשעק האַלפערן, מאַלע פרידמאַן און נאָך אַנדערע ווייס־פּרעזידענטן. דזשעק האַלפערן איז געוואָרן דער פאָרזיצער פון זיגמאַנס פראַקציע.

אין אַזאַ פאַרביטערטער אַטמאָספער איז זיך צונויפגעקומען די קאָנווענשאַן אין 1928 אין באָסטאָן. אייב קאַהאַן און מאָריס הילקוויט זיינען געקומען צו דער קאָנווענשאַן אין באָסטאָן און קאַהאַן האָט געהאַלטן אַ האַרציקע רעדע פאַרן פּרעזידענט זיגמאַן. אַ סך מענטשן זיינען געווען גערירט ביז טרערן (מיט מיר צוזאַמען). ער האָט דערמאָנט וואָס פאַר אַ צרות זיגמאַן איז אויסגעשטאַנען אין דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן. און ער האָט אויך גערעדט וועגן די צרות, וואָס זיגמאַן האָט אויסצושטיין אין דעם קאַמף וואָס ער פירט

איצט קעגן די קאָמוניסטן אין שוץ פון דער „אינטערנאַשאַנאַל״ און פאַר דער גאַנצער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג. אײַב קאַהאַן און הילקוויט האָבן אויס־געפירט ביי דער קאָנווענשאָן אין באָסטאָן, אַז זיגמאַן זאָל ווידער אויסגע־ווײַלט ווערן אַלס פּרעזידענט פון דער „אינטערנאַשאַנאַל״ און שלעזינגער זאָל ווערן דער ערשטער וויִס־פּרעזידענט. אָבער דערביי איז אויך באַשלאָסן געוואָרן, אַז שלעזינגער זאָל זיין דער „סופּערווײַזער״ איבער די קלאָוקמאַכער־און דרעסמאַכער־יוניאָנס. דאָס איז געווען אַ שטאַרקע באַליידיקונג פאַר פּרעזידענט זיגמאַן. דזשעק האַלפּערן איז נישט אויסגעוויילט געוואָרן אַלס וויִס־פּרעזידענט. דאָס האָבן די קעגנערס פון זיגמאַנען זיך אָן אים נוקם געווען דערפאַר, וואָס ער איז געשטאַנען אין שפּיץ פון קאַמף פאַר פּרעזי־דענט זיגמאַן.

אין 6 חדשים אַרום איז פאָרגעקומען אַ צווייטער מיטינג פון דער גע־נעראַל־עקזעקוטיוו־באָרד, נאָך דער קאָנווענשאָן אין באָסטאָן אין 1928, און מען האָט דאָרט באַשלאָסן אַז לאָקאַל 17 זאָל צוריק אינטסטאַלירט ווערן ווי אַ באַזונדערער לאָקאַל, ווי עס איז געווען פריער. דערויף האָט מאָריס זיגמאַן באַלד רעזיגנירט אַלס פּרעזידענט פון דער „אינטערנאַשאַנאַל״. ער האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ פּרינציפּיעלער פראַגע און ער האָט בעסער רעזיגנירט אַלס פּרעזידענט איידער פאַרבייגיין אויף וויכטיקע פּרינציפּן. ער איז אַוועק אַר־בעטן אין אַ דרעס־שאַפּ. וואַסילעווסקי פון לאָקאַל 60 האָט אים אַרויפגענומען אין זיין שאַפּ צו דער אַרבעט. זיגמאַן איז געווען אָן אויסגעהאַלטענער מענטש אין דער יוניאָן, דערצו איז ער פון דער נאַטור געווען אַ ביסל אָן איינגעשפּאַר־טער. ער איז געווען אַ קעמפער און ער האָט נישט געוואָלט גיין אויף קאָמ־פּראָמיסן אין פּרינציפּיעלע פראַגן. זיגמאַן האָט בעסער געוואָלט ברענגען אַ קרבן אין זיין פּערזענלעכן לעבן, איידער ענדערן זיינע פּרינציפּן. ער איז געווען אָן ערלעכער פירער אין דער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג און האָט זייער שטאַרק אַכטונג געגעבן, אַז יעדער איינער באַאַמטער אין דער „אינטערנא־שאַנאַל״ זאָל ערלעך אויספירן זיין אַרבעט. אין דער זעלבער צייט איז זיג־מאַן געווען אַ פאָלקס־מענטש אין פולן זינען פון וואָרט. עס האָט אים זייער וויי געטאָן, וואָס אייניקע מענטשן זיינען אים דערגאַנגען די יאָרן פאַר זיינע מיינונגען אין פראַגן פון דער „אינטערנאַשאַנאַל״־פּאָליטיק. עס האָט אים נישט געאַרט, וואָס די קאָמוניסטן באַקעמפן אים אין דער יוניאָן, וואָס זיי אַטאַקירן אים אַזוי שטאַרק, ווייל ברודער זיגמאַן האָט געוואוסט אַז ער פירט אַ פּרינציפּיעלן קאַמף קעגן די קאָמוניסטן אום צו ראַטעווען „די „אינטער־נאַשאַנאַל״ און די גאַנצע ייִדישע אַרבעטער־באַוועגונג. זיגמאַן האָט זיך שטאַרק איבערגענומען מיט די אַלע געשעענישן, ער האָט געקראָגן אַ האַרץ־אַטאַקע און איז פּלוצלונג געשטאָרבן אין 1930. מיר, די קלאָוקמאַכער און די גאַנצע אַרבעטערשאַפט פון דער „אינטערנאַשאַנאַל״־יוניאָן, האָבן פאַרלאָרן אַ גע־

טרייען פאָלקס־פירער. מיר וועלן אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן אַלס יוניאָן־פירער און אַלס מענטש.

⁂

נאָך זיגמאַנס רעזיגנאַציע האָט בנימין שלעזינגער איבערגענומען דעם אַמט פון פּרעזידענט פון דער „אינטערנאַשאַנאַל". ווען ער האָט איבערגענומען דעם אַמט פון פּרעזידענט, האָט ער אין נאָמען פון דער יוניאָן אַרויסגעגעבן אַ מאַניפעסט צו די קלאָוקמאַכער, אַז די וואָס האָבן זיך נאָך נישט רעגיסטרירט, זאָלן זיך רעגיסטרירן אין דער יוניאָן און אַלע איבערגערעגיסטרירטע וועלן קריגן דאָס רעכט צו לויפן אויף אַמטן אין דער יוניאָן און וועלן קענען נעמען אָנטייל אין די וואַלן אין דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן צוגלייך מיט אַלע יוניאָן־מיטגלידער. אָבער די קאָמוניסטישע קלאָוקמאַכער האָבן זיך זייער ווייניק אָפּגערופן אויף דעם מאַניפעסט. שלעזינגער האָט אויך אין נאָמען פון דער „אינטערנאַשאַנאַל" אַרויסגעגעבן באָנדס צו פאַרקויפן צו די מיטגלידער פון דער יוניאָן, כדי די יוניאָן זאָל אַריינקריגן געלט צו קענען אָנגיין מיט דער אַרבעט, ווייל די יוניאָן האָט נישט געהאַט קיין געלט צוליב דעם וואָס די קאָמוניסטן האָבן פאַרטאַכלעוועט דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון דער יוניאָן אין דעם שטרייק פון 1926. דער „פאָרווערטס" האָט אַ סך געהאָלפן מיט געלט דער יוניאָן, כדי זי זאָל קענען ווייטער פירן די אַרבעט.

פּרעזידענט שלעזינגער האָט באַלד אָנגעהויבן צו פאַרהאַנדלען מיט דער קלאָוק־מאַנופאַקטשורערס־אַסאָסיאיישאָן, ווייל זיי האָבן געוואָלט זיך אַרויסדרייען פון דעם אָפּמאַך פון 1926 וועגן די 40 שעה אַרבעט אַ וואָך, דער איינציקער וויכטיקער פּונקט וואָס די קאָמוניסטן האָבן אויסגעפּועלט אין דעם פאַרלוירענעם שטרייק פון 1926, און וועגן נאָך פאַרשיידענע אַנדערע פּראָבלעמען פון די קלאָוקמאַכער. מען האָט זיך נישט געקענט אויסגלייכן און פּרעזידענט שלעזינגער האָט גערופן אַ גענעראַל־שטרייק, דאָס איז געווען אין יאָר 1929. דער שטרייק האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן און מען איז גיך געקומען צו אַן אויסגלייך. די 40 שעהאיקע אַרבעטס־וואָך איז געבליבן און עס איז אַ ביסל אויסגעבעסערט געוואָרן דער פּונקט וועגן די 10 פּראָצענט אַרבעטער וואָס די באָסעס מעגן אַראָפּשיקן פון דער אַרבעט, אַ פּונקט אויף וועלכן די קאָמוניסטן זיינען איינגעגאַנגען ביים סעטלען דעם שטרייק אין 1926. פּרעזידענט שלעזינגער האָט געזאָגט, אַז דער איצטיקער שטרייק פון די קלאָוקמאַכער וואָס ער האָט גערופן, האָט גערעטעוועט די יוניאָן פון איר רואינירטן צושטאַנד, אין וועלכן זי האָט זיך געפונען נאָך דעם שטרייק פון 1926. באַלד נאָך דער קאָנווענשאָן אין באָסטאָן אין 1928 האָט דזשוליוס האָכמאַן רעזיגנירט פון קלאָוק־דזשאָינט־באָרד אַלס דער גענעראַל־מענעדזשער צוליב דעם, וואָס שלעזינגער איז באַשטימט געוואָרן ווי דער „סופּערווייזער" פון דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן. אויף זיין אָרט איז איזידאָר נאַגלער געוואָרן גענעראַל־

מענעדזשער. אין 1929 איז וויִס־פּרעזידענט דייוויד דובינסקי געוואָרן באַ־
שטימט דורך דער גענעראַל־עקזעקוטיוו־באָרד אַלס דער פונקציאָנירנדיקער
פּרעזידענט פון דער „אינטערנאַשאַנאַל" צו פאַרטרעטן פּרעזידענט שלעזינ־
גער, וואָס איז געוואָרן קראַנק און האָט געמוזט נעמען אַן אָפּרו.

די קאָמוניסטן פון זייער זייט האָבן אויך נישט גערוט. זיי האָבן דעמאָלט,
אין 1928־1929, געשאַפן אַן אָפּאָזיציע אין דער קלאָוקמאַכער, דרעסמאַכער
און פאָריערס יוניאָן. זיי האָבן זייער נייע באַשעפעניש אָנגערופן די „נאָדל־
אינדוסטריע־יוניאָן". זיי האָבן אָנגעפירט אַ שטרייקברעכערישע אַרבעט אין
גאַנצן טרייד. לואיס היימאַן איז געוואָרן פּרעזידענט פון דער „נאָדל־אינ־
דוסטרי־יוניאָן".

אין 1929 איז גערופן געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָנווענשאָן פון דער „אינ־
טערנאַשאַנאַל" אין קליוולאַנד. דאָרט איז דייוויד דובינסקי דערוויילט געוואָרן
אַלס גענעראַל־סעקרעטאַר און פינאַנץ־סעקרעטאַר פון דער „אינטערנאַשאַ־
נאַל". ביי דער קאָנווענשאָן זיינען אָנגענומען געוואָרן אויך אַנדערע זייער
וויכטיקע באַשלוסן. עס איז געשטאַנען די פראַגע וועגן פּראָפּאָרציאָנעלע
פאַרטרעטערשאַפט צו דער קאָנווענשאָן, וואָס די אָפּערייטאָרס פון לאָקאַל 1
און לאָקאַל 2 האָבן געפאָדערט. לאָקאַל 2, 9 און 22 האָבן אָנגעפירט אַ קאַמף
וועגן שאַפּ־דעלעגאַטן. דאָס זיינען געווען די וויכטיקסטע אַקטועלע פראַגן
אין דער יוניאָן צו יענער צייט. לואיס ליווי, דער מענעדזשער פון לאָקאַל
2, האָט פאַרלאַנגט ביי דער קאָנווענשאָן, אַז אַ וויִס־פּרעזידענט זאָל דער־
ווילט ווערן דורך אַ רעפערענדום פון די מיטגלידער פון דער גאַנצער יו־
ניאָן. די קאָנווענשאָן האָט גוטגעהייסן דעם רעפערענדום, אָבער ביי דער
ערשטער פּראָבע איז דער רעפערענדום געווען אַ דורכפאַל. ער האָט זיך
אַרויסגעוויזן פאַר זייער נישט פּראַקטיש, ווייל ביי די לאָקאַלן האָט מען נישט
געקענט קאָנטראָלירן די ריכטיקע צאָל שטימען. האָט מען ביי דער נאָענט־
סטער קאָנווענשאָן דעם רעפערענדום אָפּגעשאַפט.

לואיס ליווי, צוזאַמען מיט מאַקס בלומשטיין, דעם מענעדזשער פון לאָ־
קאַל 22, און קורצמאַן דער מענעדזשער פון לאָקאַל 9, האָבן אויך געפירט
אַ קאַמף אין דער יוניאָן, אַז מען זאָל איינפירן שאַפּ־דעלעגאַטן. זיי האָבן דעם
קאַמף פאַרלאָרן, ווייל אין יענער צייט וואָלט צוליב דעם די קלאָוקמאַכער־
יוניאָן צעריסן געוואָרן אויף שטיקער; יעדער שאַפּ וואָלט געווען אַ יוניאָן
פאַר זיך, און יעדער שאַפּ וואָלט געשלאָסן באַזונדערע אָפּמאַכן. אויב דער
שאַפּ־דעלעגאַט וואָלט געהאַט רעכט צו מאַכן „דילס" מיט דעם מאַנופאַק־
טשורער, וואָלט די יוניאָן צעבראָכן געוואָרן. דאַן האָבן ליווי און קורצמאַן
פאַרלאַנגט פון דער דזשאָינט־באָרד, אַז מען זאָל איינפירן „בלאָק־קאָמיטעס",
וואָס זאָלן קאָנטראָלירן די שעפּער און זען אַז מען זאָל נישט אַרבעטן אומגע־
זעצלעכע שעהן. דער דזשאָינט־באָרד האָט דעם פאָרשלאַג גוטגעהייסן. אין

אַנהייב איז עס געגאַנגען גוט, אָבער שפּעטער אַ ביסל איז פון דעם אַרויסגע־קומען אַ גרויסער שווינדל: מאַנכע מענטשן פון די בלאָק־קאָמיטעטן האָבן גענומען געלט פון די מאַנופאַקטשורערס. די דזשאָינט־באָרד האָט דאַן אָפּגע־שאַפט די בלאָק־קאָמיטעטן, דערקלערנדיק, אַז די מענטשן זיינען נאָך נישט רייף צו פירן אַן אָרגאַניזאַציע אָן אַ קאָנטראָל.

נאָך דעם ווי עס זיינען אָפּגעשאַפן געוואָרן די בלאָק־קאָמיטעטן, איז דאָס אַלץ איבערגעגעבן געוואָרן צום אָרגאַניזאַציע־קאָמיטעט (אונטער דעם קאָנטראָל פון דער דזשאָינט־באָרד), אַז ער זאָל האָבן די פליכט אַכטונג צו געבן אויף די שעפּער, אַז זיי זאָלן נישט אַרבעטן אומגעזעצלעכע שעהן און צו אָרגאַניזירן די נישט יוניאָן־שעפּער. דער אָרגאַניזאַציע־קאָמיטעט איז געווען אַ טייל פון אָפּיס פון דזשאָינט־באָרד צוגלייך מיט אַלע איבעריקע אָפּיסעס. די זעלבע זאַך איז איינגעפירט געוואָרן אויך ביים דרעסמאַכער־דזשאָינט־באָרד.

שלעזינגער איז געשטאָרבן אין יאָר 1931. ער איז געווען אַ וויכטיקער פירער אין דער „אינטערנאשאנאל״ און ער האָט געהאַט די פעאיקייטן צו זיין אַ פירער. ער איז געווען אַ טיפּ פון אַ דיפּלאָמאַט אין זיינע האַנדלונגען, און ער האָט געהאַט אַ לייכטן צוטריט צו אָנגעזעענע מענטשן אין אַמעריקאַנער פּאָליטישן לעבן. ער פלעגט זיך אַרומטראָגן מיט פאַרשיידענע דרייסטע פּלע־נער פאַר דער יוניאָן. איין מאָל איז ער געקומען צום דזשאָינט־באָרד מיט אַ פּלאַן איינצופירן קאָאָפּעראַטיווע שעפּער. אין 1920 האָט ער אַדורכגעפירט אַן אָפּמאַך מיט דער מאַנופאַקטשורערס־אַסאָסיאיישאָן, אַז זיי זאָלן צאָלן דריי פּראָצענט פאַר אַן אַרבעטסלאָזן פאָנד פאַר די אַרבעטער. דאָס איז געווען אין צייט ווען קיינער אין אַמעריקע האָט נאָך נישט געטראַכט וועגן אַרבעטס־לאָזע־אונטערשטיצונג. אַרבעטסלאָזע פלעגן דעמאָלט קריגן פון דעם פאָנד צו 15 דאָלער אַ וואָך. אגב, ווען די קאָמוניסטן זיינען געוואָרן די באַלעבאַטים אין דער יוניאָן, האָבן זיי דעם דאָזיקן פאָנד — ווי אַנדערע יוניאָן־געלטער — פאַרטאַכלעוועט אויף אַנדערע זייערע פּאַרטייאישע צוועקן. שלעזינגער האָט געהאַט אַ שטאַרקע איבערצייגונגס־קראַפט און ווען ער האָט געוואָלט עפּעס אַדורכפירן, אַ שטייגער אויף אַ קאָנווענשאָן, האָט ער וועגן דעם געקענט רעדן שעהן־לאַנג. ער איז געווען זייער אַ פריינטלעכער מענטש, ער האָט פון זיך נישט געבלאָזן און ער פלעגט זיין צוגעלאָזן און שמועסן מיט יעדן איינעם, מיט אַ פּשוטן אַרבעטער צוגלייך ווי מיט אַ פירער. ער האָט געהאַט זייער אַ וואַרעם געפיל פאַר די אַקטיווע מיטגלידער פון דער יוניאָן.

ווען דייוויד דובינסקי איז געוואָרן דער פונקציאָנירנדיקער פּרעזידענט אויף שלעזינגערס אָרט, האָט ער צום ערשטן גענומען דורכפירן דעם בא־שלוס פון דער גענעראַל־עקזעקוטיוו־באָרד אַז לאָקאַל 17 זאָל צוריק ווערן אַן אומאָפּהענגיקער לאָקאַל ווי עס איז געווען פריער. ער האָט אָבער געבעטן

אַז די לאָקאַלס 1 און 17, ווי פריינדלעכע טיילן פון איין יוניאָן, זאָלן צוזאַמען אַרבעטן לאָיאַל. נאָר עס האָט זיך נישט אויסגעאַרבעט ווי דובינסקי האָט זיך געוואונטשן און אַ ביסל שפּעטער האָט לאָקאַל 1 אַריינגעטראָגן אַן אָנקלאַגע צו דער דזשאָינט־באָרד קעגן לאָקאַל 17, אַז אין זייערע שעפּער אַרבעטן זיי פון שטיק ווען די קלאָוקמאַכער־יוניאָן האָט אַן אָפּמאַך מיט דער מאַנו־פאַקטשורערס־אַסאָסיאיישאָן פאַר וואָך־אַרבעט. לאָקאַל 1 האָט געהאַלטן אין איין מאַכן אָנקלאַגעס אויף לאָקאַל 17. לאָקאַל 17 האָט יעדעס מאָל געגעבן אַנדערע תירוצים און אַזוי איז די פראַגע געבליבן הענגען אין דער לופטן. לאָקאַל 1 האָט נאָך דעם געמאַכט אַן ענלעכע אָנקלאַגע קעגן לאָקאַל 17 צו דער גענעראַל־עקזעקוטיוו־באָרד פון דער „אינטערנאַשאַנאַל״. די גענעראַל־עקזעקוטיווי־באָרד האָט באַשטימט אַ ספּעציעלן קאָמיטעט אונטערצוזוכן די טענות פון לאָקאַל 1 קעגן לאָקאַל 17. דער קאַמף אַרום דער דאָזיקער פראַגע האָט זיך געצויגן יאָרן, ביז עס איז ענדלעך אַדורכגעפירט געוואָרן די פאַר־איייניקונג אין 1936. עס איז געשאַפן געוואָרן דער לאָקאַל 117, און עס האָט זיך אָפּגעשטעלט דער ברודער־קאַמף צווישן לאָקאַלס פון איין יוניאָן.

## קאַפּיטל 40

# קופּערס קאָמוניסטישע אַדמיניסטראַציע און דער קאַמף קעגן שטיק־אַרבעט

ווען קורצמאַן איז דערוויילט געוואָרן אַלס מענעדזשער פון לאָקאַל 9 האָט ער זיך אַרומגערינגלט מיט די געוועזענע מענטשן פון דער „טרייד יוניאָן עדיוקיישאָנאַל ליג״, וועלכע האָבן די „ליג״ פאַרלאָזן נאָכן שטרייק אין 1926. כאָטש זיי זיינען שוין אַוועק פון די קאָמוניסטן, האָבן זיי נאָך אַלץ אונדזערע מענטשן אַטאַקירט, רופנדיק אונדז „שוואַרצע רעאַקציאָנערן״. די גרופּע האָט זיך גערופן „פּראָגרעסיווע״. זיי האָבן צוגעצויגן צו זיך די געוועזענע קאָמוניסטן און געפּרואווט געווינען אויף זייער זייט די „טרייד יוניאָן עדיוקיישאנאל ליג״.

מיר, פאַר אַ קעגנגעוויכט, האָבן אָנגעהויבן פאַרשטאַרקן אונדזער „טרייד יוניאָן קלוב״ וועלכער האָט געשטיצט די פירער פון דער יוניאָן. אונדזער ציל איז געווען פאַרשטאַרקן די יוניאָן, ספּעציעל אונדזער אייגע־נעם לאָקאַל 9. מיר האָבן צו אונדזער קלוב צוגעצויגן סאָרקינען און ברעט־שניידערן, גאָלדבערגן, בענדערן, און נאָך אַנדערע צוריקגעקומענע.

קורצמאַנס גרופּע „פּראָגרעסיוו" האָבן אָנגעהויבן באַקעמפן אונדזער קלוב און האָט ניט געוואָלט פּאַראייניקן זיך מיט אונדז כדי געמיינזאַם צו אַרבעטן לטובת דער יוניאָן. קורצמאַן איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ קאַמף אין אונדזערע אייגענע רייען.

די קאָנפליקטן צווישן אונדזער קלוב און קורצמאַנען זיינען כסדר געוואקסן. איין וויכטיקע סיבה פון אונדזער קאַמף מיט קורצמאַנען איז געווען אַזאַ: אין 1931 האָט דער גענעראַל־עקזעקוטיוו־באָרד פון דער „אינטערנאַשאַנאַל" באַשטימט אַ נייעם שטייער פון $3.75 פאַר יעדן מיטגליד. קורצמאַן איז געווען קעגן דעם נייעם שטייער. אָבער אונדזער „טרייד־יוניאָן־קלוב" איז געווען פאַר דעם ווייל מיר האָבן געהאַלטן אַז מען דאַרף זיין לאָיאַל צו דער „אינטערנאַשאַנאַל". אַחוץ קורצמאַנען, האָבן קעגן דעם נייעם שטייער געקעמפט אויך ליוויי (דער מענעדזשער) און צוקערמאַן (דער פאַרזיצער) פון לאָקאַל 1, ווי אויך מאַקס בלומשטיין, דער מענעדזשער פון לאָקאַל 22. זיי האָבן דאָס געפירט אַ שאַרפן קאַמף קעגן דעם נייעם שטייער ביי דער גענעראַל עקזעקוטיוו־באָרד און זיי האָבן געוואונען דעם קאַמף. איינע פון די סיבות פון דעם שאַרפן קאַמף פון די אויבן־דערמאָנטע באַאַמטע קעגן דעם נייעם שטייער איז געווען דאָס, וואָס די גענעראַל־עקזעקוטיווע האָט באַשלאָסן צוריק אויפצולעבן דעם לאָקאַל 17 און זיי זיינען געווען קעגן דעם. אָבער ביי דער קאָנווענשאָן אין פילאַדעלפיע אין 1932 איז געמאַכט געוואָרן שלום אַרום דער פראַגע פון אויפלעבן דעם לאָקאַל 17, און צוליב דעם האָט מען לואיס ליוויי, דעם מענעדזשער פון לאָקאַל איינס, דערווײלט אַלס וויס־פּרעזידענט ביי דער קאָנווענשאָן אין פילאַדעלפיע. מען האָט זיי נאָכגעגעבן און דערפאַר האָבן זיי געשטימט ביי דער קאָנווענשאָן פאַר אַ נייעם שטייער פון 10 דאָלער פון אַ מיטגליד. ווען קורצמאַן איז צוריקגעקומען צו אונדזער לאָקאַל 9 מיטן רעקאָרד אַז ער האָט געשטימט פאַרן נייעם שטייער פון 10 דאָלאַר, האָט עס ביי אונדז, מיטגלידער פון דעם „טרייד־יוניאָן־קלוב", אַרויסגערופן אַ גרויסע אויפרעגונג: פריער איז ער געווען שטאָל און אייזן קעגן שטייער פון $3.75 און איצט האָט ער געשטימט פאַר אַ נייעם שטייער אַזש פון 10 דאָלאַר!

ווען עס איז געקומען צו די וואַלן אין 1933, האָבן מיר באַשלאָסן אַז מיר וועלן מער פאַר אים ניט שטימען אַלס מענעדזשער. ביי אונדז איז געשטאַנען די פראַגע וועמען זאָלן מיר אַרויסשטעלן פון אונדזער „טרייד־יוניאָן־קלוב", סאָרקינען אָדער האַלפּערנען. האָבן מיר באַשלאָסן אַרויסשטעלן האַלפּערנען. מיר האָבן דעמאָלט געוואָרנט קורצמאַנען, ער זאָל ניט לויפן פאַר מענעדזשער, ווייל מיר וועלן אים ניט שטיצן. אָבער ער האָט ניט געוואָלט הערן דערפון. די קאָמוניסטן האָבן אַרויסגעשטעלט קופערן אַלס זייער קאַנדידאַט. מיר האָבן געוואוסט, אַז אויב צוויי רעכטע לויפן קעגן זיך, קען דער

דריטער, דער קאָמוניסט, געווינען. האָבן מיר ווידעראַמאָל אַפּעלירט צו קורצמאַנען ער זאָל ניט לויפן פאַר מענעדזשער און מיר האָבן אים צוגע־זאָגט אַ וועלכן ס'איז אַנדער דזשאָב אין דער יוניאָן, אָבער ער האָט ניט גע־וואָלט נאָכגעבן. האָבן מיר אים גערופן צו אַן אַרביטריישאָן צום געגנאָסע כאַנין פון סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. אין דער באַראַטונג האָבן אָנטיילגענו־מען קורצמאַן, האַלפּערן, פישער, ברעטשניידער, אייב קאַהאַן, סאָלאָמאָן בענדער און איך.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר פאַרהאַנדלט דעם ענין און קיין אויסגלייך האָבן מיר ניט געקענט דערגרייכן. האַלפּערן האָט ניט געהאַט קיין חשק צו לויפן איצט פאַר דעם מענעדזשער־אַמט. מיר האָבן אָבער געהאַלטן, אַז מ'טאָר ניט דערלאָזן קופּערן דערוויילט צו ווערן אין דער צייט, וואָס קורצ־מאַן האָט ניט קיין אויסזיכטן דערוויילט צו ווערן. האַלפּערן האָט געוואָלט אַז סאָרקין זאָל זיין דער קאַנדידאַט, אָבער ס'איז שוין געווען צו שפּעט צו מאַכן אַן ענדערונג, ווייל האַלפּערנס קאַנדידאַטור איז שוין געווען אַלעמען באַוואוסט און אַן ענדערונג וואָלט אויסגעטייטשט געוואָרן אַז צווישן אונדז קומט פאַר אַ קריגערייַ. כאַנין האָט אויך געהאַלטן, אַז האַלפּערן דאַרף לויפן וויסנדיק אפילו, אַז ער וועט דורכפאַלן.

דער וואַל־קאַמף אין 1933 איז געווען אַ פאַרביטערטער. די אָפּערייַ־טאָרס האָבן געהאָלפן די קאָמוניסטן באַקעמפן האַלפּערנען. זיי האָבן גע־וואוסט אַז האַלפּערן וועט זיין אַ שטאַרקער מענעדזשער, און די אָפּערייטאָרס זיינען געווען פאַראינטערעסירט, אַז האַלפּערן זאָל דורכפאַלן. זיי האָבן נאָך גוט געדענקט זיין אַמאָליקן העפטיקן קאַמף מיט די אָפּערייטאָרס פאַר די אינטערעסן פון די פינישערס.

דער סוף איז געווען אַז אין די וואַלן זיינען אי קורצמאַן, אי האַלפּערן דורכגעפאַלן, און געוואונען האָט קופּער דער קאָמוניסט. ער איז געוואָרן דער מענעדזשער פון לאָקאַל 9. קורצמאַן האָט געוואָרפן די שולד פון קו־פּערס דערוויילונג אויף אונדז. נאָר טראָץ דעם האָט ער אָנגעהויבן מיט אונדז מיטצואַרבעטן, כאָטש קיין גרויסע פריינדשאַפט צווישן אונדז און אים האָט זיך ניט אַנטוויקלט.

די קאָמוניסטן האָבן אַדורכגעפירט אַ גרויסן יום־טוב צו דער אינסטאָ־ליישאָן פון קופּערן.

קורצמאַן איז מיט דער צייט געוואָרן אַ סך פראַקטישער און ניכטערער. איצט איז ער דער מענעדזשער פון קליוולאַנדער דזשאָינט באָרד.

צו יענער צייט איז אין קלאָוקמאַכער־טרייד אויפגעקומען אַ נייע שווערע פּראָבלעם, וואָס האָט אויפגערודערט די גאַנצע מיטגלידערשאַפט — דאָס איז געווען די פראַגע וועגן צוריק איינפירן אָפּיציעל שטיק־אַרבעט. נאָכן פאַרשפּילטן קאָמוניסטישן שטרייק פון 1926 איז אין טרייד געוואָרן אַ

גרויסע דעמאָראַליזאַציע. די יוניאָן איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, איר קאָנטראָל איבער די שעפּער איז געוואָרן לויזער. און אַ סך אַרבעטער האָבן הינטער די פּלייצעס פון דער יוניאָן זיך אונטערגעגעבן דעם דרוק פון די באַלעבאַטים און אָנגעהויבן אַרבעטן אויף שטיק אָנשטאָט אויף דער וואָך. נאָכן גרויסן באַנק־קראַך פון 1929, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכער קריזיס און אַן אַרבעטסלאָזיקייט אין לאַנד, האָט זיך דאָס אויך אָפּגערופן אויפן קלאָוק־טרייד. האָבן אַ טייל פירערס פון אונדזער יוניאָן, און ספּעציעל איזידאָר נאַגלער וואָס איז דעמאָלט געווען גענעראַל־מענעדזשער פון דזשאָינט באָרד, אַרויסגעקומען מיט דער אידעע צוריק איינצופירן שטיק־אַרבעט לעגאַל: מיט דעם וועט מען קענען שטאַרקן די טרייד און אַזוי אַרום פאַרקלענערן די אַרבעטסלאָזיקייט. אָבער דער דאָזיקער פּלאַן האָט אָנגעטראָפן אויף אַ גרויסער קעגנערשאַפט צווישן די קלאָוקמאַכער, ספּעציעל צווישן די פינישערס פון לאָקאַל 9, ווייל דאָס איינפירן שטיק־אַרבעט וואָלט זיכער פאַרערגערט די אַרבעט־באַדינגונגען פון די פינישערס, און אונדזער „טרייד־יוניאָן־קלוב" האָט זיך שאַרף אַרויסגעזאָגט קעגן נייעם פּלאַן.

די פראַגע איז געוואָרן באַהאַנדלט אויף אַן אַלגעמיינעם מיטינג פון לאָקאַל 9. מיר האָבן פאַרלאַנגט אַז מען זאָל ניט דערלאָזן אַז אין נייעם אַגרימענט זאָל איינגעפירט ווערן אַ פּונקט וועגן שטיק־אַרבעט. מיר האָבן פאָרגעלייגט צו באַשטימען אַ קאָמיטע פון 15 מענטשן, צו 5 מענטשן פון יעדער פון די דריי גרופּן וואָס מיר האָבן געהאַט אין לאָקאַל 9 (קופּערס אַדמיניסטראַציע, קורצמאַנס גרופּע און אונדזער „טרייד־יוניאָן קלוב"), בכדי צוזאַמען צו אַרבעטן, אַז וואָך־אַרבעט פאַל בלייבן, ווי אויך ווירקן אויף דעם דזשאָינט באָרד און דער „אינטערנאשאנאל" זיי זאָלן זיך ניט אָפּזאָגן פון וואָך־אַרבעט. דער טשערמאַן פון לאָקאַל, לאבער און קופּער, דער מענעדזשער, האָבן ניט געוואָלט אַזאַ קאָמיטע. זיי האָבן אָפּגעוואָרפן אונדזער פאָרשלאַג וועגן אַ 15ער קאָמיטע, ווייל זיי זיינען ניט געווען פאַראינטערעסירט אין פאַרבעסערן די לאַגע פון די פינישערס, נאָר בלויז צו פירן קאָמוניסטישע אַנטי־יוניאָן פּראָפּאַגאַנדע. די דעבאַטע ביים מיטינג איז געוואָרן אַזוי צעהיצט, אַז ווען איינער האָט געוואָרפן עפּעס אַ שאַרף באַליידיקונגס־וואָרט איז אויסגעבראָכן אַ גרויס געשלעג. מען האָט זיך געוואָרפן מיט שטולן, און איינער מיטן נאָמען סורמאַן איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן. דער מיטינג איז אויפגעריסן געוואָרן.

זעענדיק אַז מיט דער קאָמוניסטישער לאָקאַל־אַדמיניסטראַציע קען מען גאָרניט אויפטאָן, האָט אונדזער „טרייד־יוניאָן־קלוב" אַליין גערופן מיטינגען וואו מיר האָבן אויפגעקלערט די פינישערס די אמתע לאַגע. מיר האָבן גע־

שאַפֿן אַ 50ער קאָמיטע, וואָס זאָל אַליין פֿירן דעם קאַמף פֿאַר איינהאַלטן ווייטער וואָך־אַרבעט און ניט איבערגיין אויף שטיק־אַרבעט.

איינע פֿון די אַקטיוויסטע אין אונדזער קלוב איז דעמאָלט געווען פּעני ווייסבערג, אַ יונג שיין מיידל, פֿול מיט לעבן, זי האָט זיך אַריינגעוואָרפֿן אין אַקטיווער אַרבעט פֿון לאָקאַל 9 אין אונדזער „טרייד־יוניאָן־קלוב". מיר זיינען געווען פֿריינד,ביידע האָבן מיר געהאַט די זעלבע אידעען פֿון קאַמף אין דער יוניאָן. קיין שום אַרבעט פֿאַר דער יוניאָן איז איר ניט געווען צו שווער. זי האָט אויך זיך באַטייליקט אין קאַמף קעגן די קאָמוניסטן. זי האָט זיך ניט גערעכנט מיט קיין געפֿאַר אָדער מיט אַ באַליידיקונג, וועלכע זי איז אָפֿט אויסגעשטאַנען פֿון די קאָמוניסטן. ליידער, ווען זי איז קראַנק געוואָרן האָט קיינער זיך ניט אינטערעסירט מיט איר שווערער לאַגע, און בלויז איך איינער, האָב געזאָרגט וועגן איר און געהאָלפֿן איר צו קענען איבערקומען די קראַנקייט. אָבער ווען זי איז געזונט געוואָרן, האָט זי זיך מיט ברען ווייטער געווידמעט דער אַרבעט אין לאָקאַל 9. זי האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט אַן אָפּערייטאָר פֿון דעם שאַפּ — גרינבערג — וואו זי האָט געאַרבעט. זי האָט גוט געטראָפֿן מיטן מאַן און זי פֿירט איצט אַ זייער צופֿרידן לעבן.

ווען די „אינטערנאַשאַנאַל" האָט געהאַט אַ זיצונג אין ניו־הייווען, האָט די 50ער קאָמיטע געשיקט דאָרט אַ דעלעגאַציע צו פֿאַרלאַנגען, אַז וואָך־אַרבעט זאָל בלייבן אין דער קלאָוק־טרייד. אין דער דעלעגאַציע זיינען געווען: סאָרקין, פֿישער און ברעדשניידער. זיי האָבן אויך פֿאַרלאַנגט, אַז די „אינטערנאַשאַנאַל" זאָל פֿאָדערן, אַז די מאַנופֿאַקטשורערס זאָלן זיין פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר די סאָב־מאַנופֿאַקטשורערס און קאָנטראַקטאָרס. אויף דער זיצונג אין ניו־הייווען איז באַשלאָסן געוואָרן צו רופֿן אַ קאָנפֿערענץ מיט די קלאָוק־מאַנופֿאַקטשורערס מיטן צוועק צו באַנייען דעם אַלטן אַגרימענט און באַוואָרענען, אַז די ביז־איצטיקע יוניאָן־באַדינגונגען זאָלן אָפּגעהיטן ווערן, הויפּטזעכלעך די וואָך־אַרבעט. ניט עס זאָל זיין אויפֿן פּאַפּיר, נאָר דורכגעפֿירט ווערן אין לעבן.

אָבער איידער מען איז געגאַנגען קאָנפֿערירן מיט די מאַנופֿאַקטשורערס, האָט פּאַסירט, אַז איין וויִס־פּרעזידענט פֿון דער „אינטערנאַשאַנאַל" יוניאָן, האָט געבראָכן די באַשלוסן וואָס זיינען נאָר וואָס אָנגענומען געוואָרן אין ניו־הייווען און האָט דורכגעפֿירט אין זיין לאָקאַל אַ באַשלוס פֿאַר שטיק־אַרבעט. דאָס האָט געטאָן ברעסלאַו, דער מענעדזשער פֿון פּרעסערס־לאָקאַל 35. מיר די 50ער קאָמיטע, האָבן דאָס באַטראַכט פֿאַר אַ פֿאַרראַט קעגן די יוניאָן־אינטערעסן און מיר האָבן אָפֿן פֿאַראורטיילט ברעסלאַוס האַנדלונג. מיר האָבן געהאַלטן, אַז ער טאָר ניט זיין פֿאַרטראָטן ביי די פֿאַרהאַנדלונגען מיט די מאַנופֿאַקטשורערס און מיר האָבן פֿאַרלאַנגט, ער זאָל ווערן צוריקגעצויגן ווי אַ פֿאָרשטייער אין די פֿאַרהאַנדלונגען. מיר זיינען געווען דעצידירט צו פֿירן

אַ העפטיקן קאַמף פאַר וואָך־אַרבעט, אפילו ווען עס וועט אונדז אויסקומען עפנטלעך זיך קעגנצושטעלן קעגן די פירערס פון דזשאָינט באָרד און פון דער „אינטערנאַשאַנאַל״.

אויך אונדזער „טרייד־יוניאָן־קלוב״ האָט אַרויסגעלאָזט אויפרופן, קרי־טיקירנדיק די יוניאָן־פירער, ספעציעל ברעסלאַון, פאַר וועלן איינפירן שטיק־אַרבעט. אָבער אין דער זעלבער צייט האָבן מיר ווייטער פאָרגעזעצט אונד־זער קאַמף קעגן די קאָמוניסטן. אונדזער קאַמף איז געווען אַ ריין־עקאָנאָמי־שער און האָט גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט פּאָליטיק. מיר האָבן געהאַלטן אַז עס וואָלט געווען אַ גרויסער עקאָנאָמישער פאַרלוסט פאַר די פינישערס אויב מען וועט איינפירן שטיק־אַרבעט.

ביי די פאַרזאַמלונגען מיט די מאַנופאַקטשורערס איז דער דזשאָינט באָרד און די „אינטערנאַשאַנאַל״, איינגעגאַנגען איינצופירן שטיק־אַרבעט אין קלאָוק־טרייד, און די מאַנופאַקטשורערס האָבן מסכים געווען איינצופירן „לימיטעישאָן אָוו קאָנטראַקטינג״ און אַז זיי זאָלן זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די סאָב־מאַנופאַקטשורערס און די קאָנטראַקטאָרס.

דער דזשאָינט־באָרד האָט געבראַכט דעם „אַגרימענט״ צו אַ מיטינג צום אַקצעפטירן. נאָכן רעפּאָרט פון גענעראַל־מענעדזשער נאַגלער איז גע־וואָרן באַשלאָסן, איבערלאָזן די פראַגע צו אַ רעפערענדום צווישן די קלאָוק־מאַכער: שטיק־אַרבעט אָדער וואָך־אַרבעט.

אין „קלאָוק־מאַרקעט״ איז געוואָרן פריילעך. לאָקאַל 9 האָט באַלד אויסגענוצט די סיטואַציע צו פירן קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע, אָבער רופן אַ מיטינג פון די פינישערס צו טאָן עפּעס קאָנקרעטס פאַר וואָך־אַרבעט האָט קופער נישט געוואָלט.

פאַרן רעפערענדום, דעם 29טן יוני 1933, האָט דער גענעראַל־מע־נעדזשער פון דזשאָינט באָרד נאַגלער אַרויסגעגעבן אַ דערקלערונג וועגן דער לאַגע אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן און אין דער אינדוסטריע בכלל. ער האָט אויפגעקלערט די אומנאָרמאַלע באַדינגונגען אין די שעפער, וואו ס׳ווערט שווין פון לאַנג באַהאַלטערנערהייט געאַרבעט פון שטיק. ער האָט באַטאָנט, אַז דער גענעראַל־שטרייק אין 1926 האָט רואינירט דעם טרייד און אין פיל שעפער אַרבעטן ניט־יוניאָן־מיטגלידער און די יוניאָן האָט ניט קיין קאָנטראָל איבער דעם אַרבעטס־מאַרק ווייל די אינדוסטריע איז צעשפרייט געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד. אויך אַרום ניו־יאָרק אַרבעט מען פאַר ביליקערע פרייזן און די יוניאָן קען ניט האַלטן די מאַנופאַקטשורערס פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלץ. איצט, אויב עס וועט איינגעפירט ווערן שטיק־אַרבעט, האַלט ער, איז דאָ אַ געלעגנהייט איינצושטעלן אָרדענונג אין טרייד און האַלטן די מאַנופאַקטשורערס פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן אַגרימענט מיט דער יוניאָן, ספעציעל וואָס שייך די סאָב־מאַנופאַקטשורערס און די קאָנ־

טראַקטאָרס. ער האָט דעריבער אַפּעלירט צו די קלאָוקמאַכער, זיי זאָלן שטימען פאַר שטיק־אַרבעט, ווייל עס איז אין די אינטערעסן פון די אַר־בעטער און פון טרייד אַלס גאַנצן.

דאָס איז זיכער געווען אַן אָביעקטיווע אָפּשאַצונג פון דער עקזיסטירנ־דיקער לאַגע אין טרייד. די דאָזיקע אויפקלערונג איז געווען נויטיק און זי איז געקומען אין דער ריכטיקער צייט פון אַ יוניאָן־פירער וועמען עס זיינען טייער די אינטערעסן פון די אַרבעטער אין דער יוניאָן.

לאָקאַל 117 האָט אויך אַרויסגעלאָזן אַ דערקלערונג, רופנדיק זיינע מיטגלידער צו שטימען פאַר שטיק־אַרבעט.

אָבער מיט די פינישערס איז געווען אַנדערש. פאַר זיי וואָלט שטיק־אַרבעט געווען אַ גרויסער קלאַפּ. זייער פּאָזיציע ביי דער אַרבעט איז ניט געווען אַזאַ גינסטיקע ווי פון די אָפּערייטאָרס. וואָלטן די פינישערס דע־מאָלט געהאַט אַן אַנדערע פירערשאַפט, ווי סאָרקין אָדער האַלפערן, וואָלטן מיר זיכער באַוויזן איינצוהאַלטן וואָך־אַרבעט. אָבער ביי דער אַדמיניס־טראַציע פון קופערן, וועלכער האָט זיך קנאַפּ אינטערעסירט מיט די קאָנ־קרעטע באַדערפענישן פון די פינישערס, איז ניט געווען קיין אויסזיכט פאַר דערפאָלג.

אין דעם רעפערענדום האָט די מערהייט געשטימט פאַר וואָך־אַרבעט. עס זיינען אַנטשטאַנען שאַרפע דיסקוסיעס אַרום דער אָפּשטימונג און דער דזשאָינט באָרד האָט באַשלאָסן אָדורכצופירן דעם רעפערענדום אַ צווייט מאָל. אין דעם צווייטן רעפערענדום האָט די מערהייט שוין געשטימט פאַר שטיק־אַרבעט. דעמאָלט האָט קופער מיט זיין אַדמיניסטראַציע אויסגענוצט דעם רעזולטאַט פון רעפערענדום פאַר קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע. זיי האָבן אָנגעהויבן רופן פּראָטעסט־מיטינגען. צו די מיטינגען פון די פינישערס האָבן זיי זיך באַזאָרגט מיט פיל פרעמדע זיי זאָלן העלפן שאַפן אַ געהעריקע שטימונג אין דער אַנטי־יוניאָן־העצע. קאָמוניסטישע פּאַרטיי־מענטשן זיי־נען געקומען מאַסנווייז צום גרויסן מיטינג וואָס קופער האָט גערופן אין מעקאַ-טעמפּל. מען האָט דאָרט אויפגעהויבן אַ וויסטן טומל קעגן דער „אינטערנאַשאַנאַל" און דזשאָינט באָרד.

אָבער נאָך דעם ווי די יוניאָן האָט באַשלאָסן צוריק איינפירן שטיק־אַרבעט אין גאַנצן טרייד, האָט קופער געדאַרפט מיטאַרבעטן מיטן דזשאָינט־באָרד, אָדורכצופירן דעם באַשלוס ווי צום בעסטן פאַר די פינישערס. ער האָט געדאַרפט אָנהויבן אַרבעטן איינצושטעלן פּרייזן, פאַרהאַנדלען מיט די באַלעבאַטים א. אַז. וו. אַנשטאָט דאָס צו טאָן, האָט ער איבערגעלאָזן די סיטואַציע אויף הפקר און זיך בלויז אָפּגעגעבן מיט פּאָליטישער פּראָפּאַ־גאַנדע קעגן דער אַדמיניסטראַציע פון פּרעזידענט רוזוועלט. ער האָט אָנ־

שטאָט צו זאָרגן וועגן שכירות, געשלעפּט די פינישערס צו קאָמוניסטישע מיטינגס.

די אַקטיווע מיטגלידער פון דער 50טער קאָמיטע: סאָרקין, פישער, ברעטשניידער, בענדער, אייבראהאם קאַהן, איזי קאהאן, און איך אויך צווישן זיי, האָבן געהאַלטן, אַז אין דער סיטואַציע וועט דער לאָקאַל גיין באַרג אַראָפּ, און דערצו טאָרן מיר ניט דערלאָזן. יעדער לאָקאַל האָט גע־זאָרגט פאַר זיינע מיטגלידער, נאָר לאָקאַל 9 האָט געהאַט אַ פירערשאַפט וועלכע האָט ניט פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון זיינע מיטגלידער, האָבן מיר גערופן אַ מיטינג פון פינישערס און זיי אויפגעקלערט די שעדלעכע סיטואַציע אין לאָקאַל 9. אַחוץ דעם האָבן מיר די אַרגומענטן אויך גע־בראַכט פאַר דער „אינטערנאשאנאל” און דזשאָינט־באָרד. נאָך לאַנגע דיס־קוסיעס און פאַרהאַנדלונגען האָבן די פירנדיקע קערפּערשאַפטן פון דער יו־ניאָן באַשלאָסן צו באַזייטיקן קופּערס אַדמיניסטראַציע פון לאָקאַל 9 און צוריק איינשטעלן אַקטיווע און פאַראַנטוואָרטלעכע יוניאָן־אַרבעט.

## קאַפּיטל 41

## לאָקאַל 9 צוריק אויפן גלייכן וועג

סאָרקין איז ווידעראַמאָל באַאויפטראַגט געוואָרן איבערצונעמען צייט־ווייליק דעם אַמט פון מענעדזשער פון לאָקאַל 9.

קופּער האָט איבערגעלאָזט אַ גרויסע אומאָרדענונג. קודם־ל האָט ער איבערגעלאָזט אַ ליידיקע קאַסע. אַ דאַנק דער פּאָליטיק פון פּרעזידענט רוזוועלט און זיין ען־אַר־עי האָבן די יוניאָנס דעמאָלט באַקומען מער מאַכט, מער אָנזען און מער צוטרוי און רעספּעקט מצד די אַרבעטער. די יוניאָנס זיינען אויסגעוואַקסן איבערנאַכט און די מיטגלידערשאַפט האָט זיך גוואַל־דיק פאַרגרעסערט, נייע מיטגלידער זיינען אָנגעקומען פון אַלע זייטן. צוליב דעם גרויסן צושטראָם פון נייע מיטגלידער, האָבן אַ סך לאָקאַלס, אַ שטייגער ווי לאָקאַל 35 און 117 גענומען אייטריט־געלט פאַר אַ יוניאָן־ביכל פון 75 ביז 100 דאָלאַר. די לאָקאַלס האָבן באַוויזן אָפּצושפּאָרן גרויסע סומעס געלט. די לאַגע אין דער קלאָוק־אינדוסטריע איז געוואָרן גוט. אַרבעטער האָבן גוט פאַרדינט. זיי האָבן געגרן באַצאָלט פאַר אַ יוניאָן־ביכל 100 דאָלער און מ׳איז געווען צופרידן עס צו באַקומען.

קופּער האָט די דאָזיקע סיטואַציע אין גאַנצן ניט אויסגענוצט צו פאַר־בעסערן די לאַגע פון לאָקאַל 9. נייע מיטגלידער האָבן אין לאָקאַל 9 ווײַ־

טער געצאָלט בלויז 5 דאָלאַר פאַר אַ יוניאָן־ביכל. האָט דעריבער דער לאָקאַל ניט געהאַט אפילו צו פירן דעם אָפיס און דעריבער ווען סאַרקין איז אַריין אין אָפיס האָט ער געפינען אַ ליידיקע קאַסע. מ׳האָט געדאַרפט שווער אַרבעטן צו קענען האַלטן דעם אַפּאַראַט פון לאָקאַל 9 אין גאַנג. מען איז געווען געצווינגען צו מאַכן הלוואות.

אין גיכן, נאָך אין יאָר 1935, האָבן מיר אַדורכגעפירט רעגולערע וואַלן. מיר האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיט קוירצמאַנס גרופע מען זאָל אַרבעטן צוזאַמען אין לאָקאַל 9. קוירצמאַן איז געלאָפן פאַר אַ ביזנעס־אַגענט, סאַרקין פאַר מענעדזשער, פיליפּ הערמאַן — פאַר טשערמאַן און איך פאַר וויס־טשערמאַן. אונדזער גאַנצער צעטל איז אויסגעוויילט געוואָרן.

מיר האָבן זיך גענומען ענערגיש צו דער אַרבעט. די פירערשאַפט פון לאָקאַל איז איצט געלעגן אין די הענט פון סאַרקין, האַלפּערן, בענדער, אייב קאַהאַן, איזי קאַהאַן, פישער, קוירצמאַן, ברעטשניידער און איך. מיר זיי־נען געווען אַ גרופּע מענטשן וועלכע האָבן געקעמפט, אַז דער פינישער זאָל קענען מאַכן אַ מענטשלעך לעבן. ער זאָל ניט זיין אויסגעשטעלט אויפן באַראָט פון יעדן מאַנופאַקטשורער אָדער פון אַנדערע פאַכן אין קלאָוק־טרייד, אַ שטייגער די אָפּערייטאָרס, וועלכע האָבן אָפט געפּרואווט פאַר־בעסערן זייערע לוינען אויפן חשבון פון דעם פינישער. מיר פינישערס זיינען געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אָנצוהאַלטן וואָך־אַרבעט. געווען אַ צייט ווען מען האָט געאַרבעט מערסטנס ביליקע אַרבעט, האָט מען גע־אַרבעט שנעל און מען האָט געמאַכט אַ פּאָר דאָלאַר מער. איצט האָט זיך די לאַגע געביטן. די מאַנופאַקטשורערס פאַרלאַנגען בעסערע אַרבעט, דאַרף די אַרבעט דויערן לענגער. שטיק־אַרבעט וואָלט איצט באַדייט פאַרן פּי־נישער צו פאַרדינען אַ סך ווייניקער. ווי לאַנג מיר האָבן געקענט האָבן מיר געקעמפט, אָבער איצט, נאָך דעם ווי די יוניאָן האָט אויף אַ לעגאַלן אופן איינגעפירט שטיק־אַרבעט אין גאַנצן טרייד, האָבן מיר, ווי לאָיאַלע יוניאָן־טוערס, גענומען זיך אויסצוקעמפן די בעסטע באַדינגונגען פאַר די פיני־שערס אין דער נייער סיטואַציע. מיר האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן די אַר־בעט אין די שעפּער, וועלכע איז געוואָרן פאַרנאַכלעסיקט. פיל שעפּער האָבן שוין פון פריער איינגעפירט שטיק־אַרבעט, אַנשטאָט וואָך־אַרבעט. מיר האָבן געסעטלט נייע פרייזן מיט די מאַנופאַקטשורערס און אָפּגעשאַפט דעם כאַאָס ביים אויסצאָלן פאַר אַרבעט. מיר האָבן געשאַפן אַ „לייבאָר באָרד־קאָמיטע״, וועלכע האָט געהאַט די אויפזיכט איינצושטעלן די פרייזן פאַר אַרבעט. די פרייזן זיינען געוואָרן קלאַסיפיצירט און דער סיסטעם וואָס מיר האָבן דעמאָלט איינגעשטעלט, אין 1935, האַלט אָן ביז איצט.

מיר האָבן זיך גענומען ענערגיש איינשטעלן אָרדענונג און אויפלעבן דעם לאָקאַל. פיליפּ הערמאַן, דעם טשערמאַן פון לאָקאַל 9 האָבן מיר אָנ־

געשטעלט אַלס פּרייז־אַדזשאָסטער. במילא איז די אַרבעט פון טשערמאַן געפאַלן אײנגאַנצן אויף מיר. סאַרקין און איך האָבן געדופן פיל שאַפּ-מיר־טינגען מיטן צוועק צו זען, אַז די פינישערס זאָלן אומעטום באַקומען ריכ־טיקע פּרייזן, און אַ מענטשלעך לעבן.

מיר האָבן געהאַט ניט ווייניק צרות מיטן איינשטעלן די פּרייזן. סאַר־קין אַלס מענעדזשער האָט אַ סך געטאָן אויף דעם געביט. דער אַרבעטער האָט געדאַרפט זיך צופּאַסן צו מאַכן די אַרבעט לויט קלאַסן, ער האָט גע־דאַרפט נאָכקוקן די אינסטרוקציעס ווי ער דאַרף מאַכן די אַרבעט, אַז ער זאָל באַקומען פאַר יעדער אַרבעט דעם געהעריקן פּרייז. אויף דעם געביט האָט ער זיך געדאַרפט אַרומרייסן מיטן פאָרמאַן, וועלכער האָט פאַרלאַנגט בעסערע אַרבעט אָבער אַלץ פאַרן זעלבן פּרייז.

די אויסגאַבן פון לאָקאַל זיינען געשטיגן, ווייל מען האָט געמוזט אָנ־שטעלן אַ גרעסערע צאָל ביזנעס־אַגענטן זיי זאָלן צוהיטן די גרויסע צאָל ענינים אין די שעפּער. צוליב די נייע אַרבעטס־באַדינגונגען. סאַרקין איז געקומען מיט אַ פאָרשלאַג צו באַשטימען אַ שטייער פון יעדן מיטגליד פון 5 דאָלאַר אין לאָקאַל. די 35 סענט דיוס האָבן ניט געסטאַיעט אויף צו דעקן אַלע אויסגאַבן, בפרט וואָס אין דער צייט וואָס קופּערס אַדמיניס־טראַציע האָט געהערשט, איז די קאַסע געוואָרן אויסגעליידיקט.

דער עקזעקוטיוו־באָרד האָט גוטגעהייסן סאַרקינס פאָרשלאַג און האָט גערופן אַ מיטינג פון די מיטגלידער, אין וועבסטער האָל, צו באַשטעטיקן דעם באַשלוס. די קאָמוניסטן האָבן זיך באַלד אַרויסגעזאָגט קעגן דעם איינ־מאָליקן שטייער. אַחוץ אונדזער גרופּע האָט זיך נאָר וואָס געהאַט אָרגאַניזירט אַ נייע גרופּע א״נ „טרייד־יוניאָן־וועלפער־גרופּע״. די גרופּע איז באַשטאַנען פון עטלעכע אַמאָליקע קוירצמאַנס מענטשן און אַ היפּש ביסל לינקע. בערמאַן און קויפמאַן, געוועזענע טשערמאַן פון לאָקאַל 9 צוזאַמען מיט די קאָמוניסטן האָבן אָנגעפירט מיטן קאַמף קעגן דעם 5 דאָלאַרדיקן שטייער. פונדעסטוועגן האָט דער מיטינג מיט אַ גרויסער מערהייט גוטגעהייסן דעם שטייער פון 5 דאָלאַר.

מיר האָבן דעמאָלט געגעבן די ביזנעס־אַגענטן אַ העכערונג פון 10 דאָלער אַ וואָך. פריער האָבן זיי געקראָגן 40 דאָלער אַ וואָך און איצט האָבן מיר זייערע לוינען געהויבן ביז 50 דאָלאַר. דער מענעדזשער סאַרקין האָט אָבער ניט געקראָגן קיין העכערונג. דער געוועזענער מענעדזשער קוירצמאַן האָט גע-קראָגן 75 דאָלאַר אַ וואָך, האָט אויך סאַרקין געקראָגן דעם זעלבן לוין. סאַרקין האָט מסכים געווען ניט צו קריגן קיין העכערונג.

די „וועלפער־גרופּע״ האָט גערופן איינצושטעלן „דעמאָקראַטיע״ אין דער יוניאָן (פאַרשטייט זיך אַזאַ „דעמאָקראַטיע״ ווי לינקע פאַרשטייען עס), פירן אַ קאַמף קעגן רוזוועלטס ען־אַר־עי און פאַר וואָך-אַרבעט אין טרייד.

זייער פאַרלאַנג פון וואָך־אַרבעט איז געווען ניט מער ווי דעמאַגאָגיע, ווען מיר האָבן געפירט אַ קאַמף פאַר וואָך־אַרבעט און מען האָט נאָך געקענט עפּעס אויפטאָן, זיינען זיי געשטאַנען אין אַ זייט און ניט אַרויסגעוויזן קיין שום אינטערעס דערפאַר. זיי האָבן צוגעצויגן צו זייער גרופּע עטלעכע אומפּאַרטייאישע מענטשן, עס זאָל מאַכן דעם איינדרוק, אַז דאָס איז נישט אַ קאָמוניסטישע קרעמל.

זינט סאָרקינס דערווילונג האָבן מיר לאָיאַל צוזאַמענגעאַרבעט מיט קוירצמאַנס גרופּע. מיר האָבן געהאַט אַ גלייכע צאָל אין דער עקזעקוטיווע און אין דער דזשאָינט־באָרד און צווישן די ביזנעס־אַגענטן. מיר האָבן האַרמאָניש געאַרבעט צוריקצובברענגען צו אַ בעסערן ניוואָ דעם לאָקאַל 9 און די עקאָנאָמישע לאַגע פון די פינישערס. מיר האָבן זיך איינגעטיילט מיט די פונקציעס אַזוי: סאָרקין איז געווען דער מענעדזשער, הערמאַן — דער לאָקאַל־טשערמאַן, קושנער — וויס־טשערמאַן, מילער, שוואַרץ און עטקין — ביזנעס־אַגענטן, גאַרדנער, ראָזענבערג, דאָפּקין, ראסקין און סעם פיינבערג — עקזעקוטיוו־מיטגלידער און קוירצמאַן — דיסטריקט־מענעדזשער פון אינדאָסטריעל קאָונסיל.

מיר האָבן דערוויילט אַ גלייכע צאָל דעלעגאַטן צו דער קאָנווענשאָן פון דער „אינטערנאַשאנאַל" אין שיקאַגע. פון קוירצמאַנס גרופּע: קוירצמאַן, גאַרדנער און פיליפּ הערמאַן. פון סאָרקינס גרופּע: סאָרקין, מילער, שוואַרץ און איך.

די קאָנווענשאָן איז געווען אין אַ יום־טובדיקער שטימונג צוליב די גרויסע דערגרייכונגען אַדאַנק רוזוועלטס ניו־דיל. פּרעזידענט דובינסקי איז געווען דער, וואָס האָט דער ערשטער אויסגענוצט די ניו־דיל געזעצ־געבונג לטובת דער „אינטערנאַשאנאַל" אין דער נאָדל־אינדוסטריע בכלל. דער אָנזען פון דער „אינטערנאַשאנאַל" אַלס כוח אויף דער אַרבעטער־גאַס אין אַמעריקע איז שטאַרק אויסגעוואַקסן. עס האָבן באַגריסט די קאָנ־ווענשאָן פאָרשטייער פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג און פון דער אַלגע־מיינער אַרבעטער-באַוועגונג אין אַמעריקע.

די „אינטערנאַשאנאַל" האָט אָפּגעהאַלטן די קאָנווענשאָן אין „מישיגען־קלאַב", איינעם פון די גרעסטע האָטעלן אין שיקאַגע. אויף דער קאָנווענשאָן האָט סאַשאַ זימערמאַן, אַריינגעטראָגן אַ רעזאָלוציע קעגן די אייגנטימער פון „מישיגען-קלאַב" פאַרוואָס זיי לאָזן ניט אַריין אין דער געביידע די נע־גערשע דעלעגאַטן צו דער קאָנווענשאָן. די נעגער־דעלעגאַטן זיינען געווען געצוואונגען זיך אַריינשאַרן דורך אַ הינטער־טיר אין זאַל וואו די קאָנ־ווענשאָן איז פאָרגעקומען.

די קאָנווענשאָן האָט אָנגענומען אַ באַשלוס, אַז אויב דער אייגנטימער פון האָטעל וועט ניט דערלויבן די נעגער־דעלעגאַטן פראַנק און פריי אַריינ־

צוקומען אין קאָנווענשאַן־האָל, וועט מען די קאָנווענשאָן אַריבערטראָגן אין אַ צווייטען האָטעל.

דער האָטעל־אייגנטימער האָט נישט נאָכגעגעבן אונדזער פאָדערונג און די קאָנווענשאָן איז פאַרגעקומען אין מעדיסאָן־האָטעל, וואו דער זאַל איז ניט געווען פּאַסיק פאַר אַזאַ גרויסער קאָנווענשאָן און די דעלעגאַטן האָבן זיך געמוטשעט אין די ניט־באַקוועמע באַדינגונגען אַ וואָך צייט.

אין דער קאָנווענשאָן, האָט סאַשאַ זימערמאַן צום ערשטן מאָל זיך באַטייליקט אַלס „רעכטער", נאָך דעם ווי ער האָט פאַרלאָזן די קאָמוניסטן.

אונדזער לאָקאַל איז געווען באַרעכטיקט צו האָבן אַ וויס־פּרעזידענט פון דער „אינטערנאשאנאל". אַלס מענעדזשער פון לאָקאַל האָט סאָרקין געדאַרפט ווערן וויס־פּרעזידענט. אונדזער דעלעגאַציע האָט אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען אין דער פראַגע. איך האָב פאָרגעלייגט סאָרקינען פאַר קאַנדידאַט אַלס וויס־פּרעזידענט. סאָרקין האָט אָבער צוגעשטימט, אַז קוירצמאַן זאָל בלייבן וויס־פּרעזידענט און קוירצמאַן איז טאַקע דערווײלט געוואָרן אויפן פּלענום. סאָרקין האָט אין דעם פאַל געהאַנדלט ווי אַ דזשענטלמען, וויזנדיק אַז ער לויפט ניט נאָך קיין כבוד און אַז ער קען פאַרגעסן אַן עוולה. איצט, ווען מיר האָבן געאַרבעט מיט קוירצמאַנס גרופּע אין האַרמאָניע, האָט ער געוויזן אַז ער קען ברענגען אַ פּערזענלעכן קרבן כדי צו שטאַרקן דעם פּאַראייניקטן פראָנט פון די „רעכטע" גרופּן קעגן די קאָמוניסטן, וועלכע האָבן נאָר געוואַרט אויף אינערלעכע שטרייטיקייטן.

נאָך דער קאָנווענשאָן, האָט מען געדאַרפט איינשטעלן נייע פּרייזן פאַר אַרבעט. מיר האָבן אָנגעשטעלט פאַר „פּרייז־אַדזשאָסטערס": פּינקעלשטיין, בענדער, ליבער און איזי קאַהאַן. זיי האָבן געטאָן זייער אַרבעט זייער גוט און די טעטיקייט אין דער יוניאָן און אין די שעפּער איז אָנגעגאַנגען נאָרמאַל.

אויך פיליפּ הערמאַן איז געווען אַ באַצאָלטער אָנגעשטעלטער פון לאָקאַל. מיט אים איז אָבער די לאַגע געווען קאָמפּליצירט, ווייל ער איז גלייכצייטיק געווען טשערמאַן פון לאָקאַל.

דער צענטראַל־עקזעקוטיוו־באָרד פון דער „אינטערנאשאנאל" האָט געהאַט באַשלאָסן, אַז אַ באַצאָלטער באַאַמטער אין דער יוניאָן, קען ניט זיין קיין טשערמאַן פון אַ לאָקאַל. דאָס איז באַשלאָסן געוואָרן אין שייכות מיט אַן ענלעכער סיטואַציע אין לאָקאַל 23. גאָרדאָן איז געווען אַ באַצאָלטער באַאַמטער אין יענעם לאָקאַל און אויך דער טשערמאַן פון לאָקאַל. אַ מיטגליד פון לאָקאַל האָט געמאַכט אַן אָנקלאַגע צו דער „אינטערנאשאנאל", האָט פּרעזידענט דובינסקי פאַראָרדנט, אַז גאָרדאָן זאָל רעזיגנירן אַלס טשערמאַן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען אויך גילטיק פאַרן לאָקאַל 9. סאָרקין האָט אָבער געוואָלט אויף דעם פּונקט פאַרקוקן, ווייל ער האָט געהאַלטן אַז הערמאַן איז אַ גוטער טשערמאַן און ס׳איז אַ שאָד אים צו פאַרלירן פון דעם אַמט.



יובילײ־קאָמיטע פון קרעמענטשוגער ברענטש 36, אַרבעטער־רינג אין 1936, צו דער פײערונג פון 30 יאָר עקסיסטענץ.
דער מחבר — צװײטע רײ (דער ערשטער רעכטס).

הערמאַן איז געווען אַ מיטגליד אין קורצמאַנס גרופּע, האָט קורצמאַן אויף אַ פאַרזאַמלונג פון זיין גרופּע אויפגעהויבן די פראַגע, אַז הערמאַן, אַלס באַצאָלטער באַאַמטער, קען ניט זיין גלייכצייטיק קיין טשערמאַן פון לאָקאַל. הערמאַן האָט תכיף רעזיגנירט.

ווען הערמאַן האָט רעזיגנירט, האָב איך אַלס וויס־טשערמאַן, איבערגענומען זיינע פונקציעס פון טשערמאַן. איך האָב געפירט די זיצונגען פון עקזעקוטיוו־באָרד, איך האָב געפירט דעם פאָרזיץ אויף אַלגעמיינע מיטינגען פון לאָקאַל, איך האָב אָפּגעהאַלטן שאַפּ־מיטינגען. מיין אויפגאַבע איז אויך געווען אַכטונג צו געבן אויף אַלע קאָמיטעס פון לאָקאַל 9. נאָך דער אַרבעט פון שאַפּ בין איך יעדן אָוונט אַוועק אין דער יוניאָן אויף לאַנגע שעה׳ן. דעם שבתדיקן טאָג אויך. די אַרבעט האָט געקלאַפּט נאָרמאַל.

קורצמאַן האָט אָבער פאַרלאַנגט, אַז אויפן אָרט פון הערמאַנען זאָל דעם טשערמאַן־אַמט איבערנעמען איינער פון זיין גרופּע, ווייל אַזוי איז געווען דער אָפּמאַך פאַר די וואַלן. קוירצמאַן האָט רעקאָמענדירט סאָלאָמאָן גאָלדשטיינען, סאָרקין איז געווען קעגן זיין קאַנדידאַטור. האָט מען פאָרגעשלאָגן באַרנעט ראָזענבערגס קאַנדידאַטור איז סאָרקין געווען אויך קעגן אים. סאָרקין האָט דווקא געוואָלט, אַז הערמאַן זאָל פאַרבלייבן טשערמאַן ביז די קומענדיקע וואַלן, ווייל הערמאַן איז געוואָרן דערוויילט אַלס טשערמאַן דורך דער מיטגלידערשאַפט פון לאָקאַל 9. און אויב נישט, האָט סאָרקין געהאַלטן, זאָל איך, אַלס וויס־טשערמאַן, ווייטער אויספירן די פליכטן פון טשערמאַן ביז צו די קומענדיקע וואַלן.

האָט קורצמאַן פאָרגעשלאָגן נאָך אַ קאַנדידאַט: סעם פיינבערגן. איז ער, לויט מיין מיינונג, בכלל ניט געווען פּאַסיק צו פאַרנעמען דעם אַמט פון טשערמאַן. נאָר צוליב שלום האָבן מיר איינגעשטימט דערויף. שפּעטער האָבן מיר זיך אַלע געאייניקט אויף דער קאַנדידאַטור פון דאָבקינען אַלס רעגולערער טשערמאַן ביז די וואַלן. ווען דאָבקין האָט געדאַרפט איבערנעמען דעם פאָרזיץ צו פירן אַ זיצונג פון עקזעקוטיוו־באָרד, האָט פיינבערג ניט געוואָלט איבערגעבן דעם אַמט דאָבקינען. אַלס פּראָטעסט קעגן קורצמאַנען, פאַר ניט לאָזן אים האַלטן דעם אַמט, איז פיינבערג אַרויסגעטראָטן פון דער קורצמאַן־גרופּע. סוף־כל־סוף האָט דער טומל אַרום טשערמאַן זיך געענדיקט. די רייסערייען אַרום דעם אַמט פון טשערמאַן האָט אָבער פאַראורזאַכט אומצוטרוי צווישן קורצמאַנען און סאָרקינען, און עס איז שוין מער ניט געווען די האַרמאָנישע צוזאַמענאַרבעט ווי אין אָנהייב.

ווען עס איז געקומען צו די וואַלן פאַר נייעם יאָר (1937) האָט מען אָנגעהויבן שמועסן וועגן דעם אַז עס זאָל באַנייט ווערן דער פריערדיקער אָפּמאַך וועגן אַ גלייכער פאַרטיילונג פון די אַמטן צווישן סאָרקינס און קורצמאַנס גרופּע. סאָרקין איז אָבער געווען קעגן דעם „פיפטי־פיפטי״־אָפּמאַך, ווייל

דאָס גיט קורצמאַנען צופיל מאַכט. סאָרקין איז באַשטאַנען דערויף אַז קורצ־מאַנס גרופּע זאָל האָבן נאָר פינף מיטגלידער אין דער עקזעקוטיוו־באָרד. קורצמאַנס מענטשן זיינען געלאָפן צו נאַגלערן, אַז ער, אַלס מענעדזשער פון דזשוינט־באָרד, זאָל זיך אַריינמישן. נאַגלער האָט גערעדט מיט סאָרקינען, ער האָט אָבער גאָרניט אויסגעפירט.

אין סאָרקינס גרופּע זיינען אָבער געווען מיינונגס־פאַרשיידנקייטן. איך, למשל, האָב געהאַלטן, אַז מיר דאַרפן ווייטער צוזאַמענאַרבעטן ווי פריער און ווייטער פאַרטיילן די אַמטן גלייך אויף גלייך מיט קורצמאַנס גרופּע. נ. אַקס שוואַרץ האָט געהאַלטן אין איין פרעסן אויף סאָרקינען, אַז מען זאָל ווייטער ניט אָנהאַלטן דעם אָפּמאַך מיט קורצמאַנען, ער האָט געהאַט דערביי זיינע פּערזענלעכע אינטערעסן. ס׳׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט ניט געוואָלט האָבן אַז צופיל מענטשן זאָלן אים קוקן אויף די הענט וואָס ער טוט. ער איז שפּעטער געוואָרן באַזייטיקט דורך סאָרקינען פאַר ניט פּאַסי־קע האַנדלונגען.

קורצמאַנס גרופּע איז ניט באַשטאַנען אויף די פאָרגעשלאָגענע פינף אָדער זעקס מיטגלידער אין עקזעקוטווי־באָרד. די פאַרהאַנדלונגען זיינען גע־וואָרן איבערגעריסן. בעת די וואַלן אין לאָקאַל האָט געזיגט סאָרקינס ליסטע. קורצמאַנס גרופּע איז אַריבערגעגאַנגען אין אָפּאָזיציע קעגן סאָרקינס אַדמי־ניסטראַציע. מען האָט זיך אָנגעהויבן איבערווערטלען און מאַכן פאָרוואורפן איינער דעם צווייטן. די פריערדיקע פריינדשאַפט איז פאַרשוואונדן.

אין דער פראַגע פון טשערמאַן פון לאָקאַל, איז מען געקומען צו אַ קאָמ־פּראָמיס, אַז דאָבקין זאָל ווייטער זיין טשערמאַן. דאָבקין, כאָטש ער איז געווען פון קורצמאַנס גרופּע, איז געווען אַ שטילער מענטש, ניט קיין פאַרביסענער, אויך ניט קיין ביליקער „פּאָליטישן״. ער איז געווען רעספּעקטירט דורך אַלע מיטגלידער פון לאָקאַל.

קורצמאַנס גרופּע האָט זיך שפּעטער פאַראייניקט מיט דער גרופּע, וואָס האָט זיך גערופן „וועלפער־טרייד־יוניאָן־גרופּע״. די גרופּע איז געשטאַנען אונטער קאָמוניסטישן קאָנטראָל, אָבער צו איר האָבן געהערט געוויסע אומפּאַר־טייאישע, ווי בערמאַן, קויפמאַן, בראַטמאַן און נאָך אַנדערע וואָס זיינען געווען לינק געשטימט און האָבן שטענדיק געהאַלטן מיט די קאָמוניסטן.

קורצמאַן האָט געזוכט מיטלען צוריק איבערצונעמען דעם לאָקאַל 9. צו סאָרקינען זיינען דערגאַנגען ידיעות, אַז קורצמאַן קאָנפערירט שוין מיט די קאָמוניסטן. פעליקס רייען איז געוואויר געוואָרן, אַז קורצמאַן האָט געהאַט אַ באַראַטונג מיט באָרוכאָוויטשן, דעם קאָמוניסטישן יוניאָן־פירער. סאָר־קינען האָט זייער פאַרדראָסן, וואָס קורצמאַן גייט טאָן אַזעלכעס. אין דער צייט, וואָס ער איז דער מענעדזשער פון „אינדאָסטריעל־קאָונסיל״ פון דזשאָינט־

באַרד, זוכט ער גלייכצייטיק מיטלען ווי אַזוי צו מאַכן אַ „דיל" מיט די קאָמו־ניסטן. סאָרקין האָט אים אָבער אויסמאַנעווורירט.

אַ געוויסן טאָג האָט סאָרקין מיך גערופן אָנטיילצונעמען אין אַ קאָנ־פערענץ מיט די פאָרשטייער פון דער קאָמוניסטישער נאָדל־דיוויזיע. איך האָב ניט געוואוסט דעם ציל און צוועק פון דער קאָנפערענץ — בין איך גע־גאַנגען. געטראָפן האָב איך דאָרט נייטען קאַפּלאַן, ראָזע קאַפּלאַן, באַרנעט קופּער, קעניגסבערג, מאַנע פּערלמאַן און דעם קאָמוניסטישן פירער באַרו־כאָוויטש. פון אונדזער זייט זיינען געווען סאָרקין, פישער, ברעטשניידער און איך.

עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן צוזאַמענאַרבעטן אין לאָקאַל 9. מ׳האָט אַרומגערעדט די פראַגע פון העכערן די „דיוס" פון 35 אויף 50 סענט, ווייל ס׳איז פּשוט קיין געלט ניט געווען צו פירן די אַרבעט. די צווייטע פראַגע איז געווען די צאָל פון זייערע פאַרטרעטער אין עקזעקוטיוו־באַרד און די צאָל פון זייערע ביזנעס־אַגענטן אין דער יוניאָן. מ׳איז געקומען צו אַ הסכם און מ׳איז אַוועק צופרידענע פון דער קאָנפערענץ.

פאַר אונדזערע מענטשן האָב איך אויסגעדריקט מיין אומצופרידנקייט מיט דער דאָזיקער קאָנפערענץ. איך בין געווען קעגן וועלכער ס׳איז צוזאַ־מענאַרבעט מיט די קאָמוניסטן. ברעטשניידער האָט געהאַלטן, אַז די קאָמו־ניסטן זיינען ניט קיין געפאַר, ווייל זיי זיינען אין דער מינדערהייט. די קאָמו־ניסטן האָבן אָבער געהאַט די ברירה פון אויסקלייבן מיט וועמען צו פירן פאַרהאַנדלונגען: מיט סאָרקינען אָדער קורצמאַנען. נייטען קאַפּלאַן פון די קאָמוניסטן האָט בעסער אויסגעקליבן סאָרקינען. איך האָב ווייטער ניט גע־וואָלט מיטמאַכן די פאַרהאַנדלונגען מיט די קאָמוניסטן, דערפאַר בין איך מער צו די קאָנפערענצן ניט געגאַנגען.

איך האָב אָבער ווייטער געוואָלט פאַרבלייבן אין עקזעקוטיוו־באַרד און האַלטן אַן אויג אויף די ווייטערדיקע אַנטוויקלונגען אין דער צוזאַמענאַרבעט פון סאָרקינס אַדמיניסטראַציע מיט די קאָמוניסטן. האָב איך ניט געהאַט קיין אַנדער ברירה נאָר איך האָב געמוזט „לויפן" אויף איין ליסטע מיט די קאָ־מוניסטן.

נאָך די וואַלן בין איך אַריבער אין אָפּאָזיציע און אָפטמאָל קריטיקירט די סאָרקין־אַדמיניסטראַציע. פישער האָט מיך אָפט אַטאַקירט פאַר מיין קרי־טיק. אויך אַנדערע, מיט וועמען כ׳האָב לאַנגע יאָרן מיטגעאַרבעט, האָבן מיך קריטיקירט פאַר מיין אָפּאָזיציאָנעלער שטעלונג, צוליב דעם אָפּמאַך מיט די קאָמוניסטן. איינער אַליין איז מיר איצט אויסגעקומען צו פירן דעם קאַמף. שפּעטער איז צו מיר צוגעשטאַנען אויך ראַסקין.

איך מוז זאָגן צו סאָרקינס שבח, אַז טראָץ מיין קאַמף קעגן זיין אַדמיני־סטראַציע, האָט ער ניט געמאַכט קיין פּרוּוו מיך צו באַזייטיקן פון עקזעקוטיוו־

באַרד. ער האָט מער ניט געוואָלט אַז איך זאָל זיין ווייס־טשערמאַן פון לאָקאַל. ער האָט מיך אָבער באַשטימט וויטער צו פאַרטרעטן דעם לאָקאַל אין דזשאָינט־באַרד. קעגן ראסקינען האָט ער אָבער ניט שיין געהאַנדלט, ווייל ער האָט אים וויטער ניט דערלאָזט אין עקזעקוטיוו־באַרד. עס איז געווען אַן עוולה קעגן ראַסקינען, וועלכער איז געווען אַן ערלעכער, גוטער יוניאָן־מאַן.

אַלס טשערמאַן פון לאָקאַל 9 איז דערוויילט געוואָרן מאַקס קראוז. איך בין מיט אים באַפריינדעט געווען פון לאַנג, אָבער זינט ער איז געוואָרן טשער־מאַן, האָט סאַרקין אויסגעווירקט אַ שטאַרקע השפעה אויף אים און ער איז געוואָרן מיינער אַ קעגנער. איצט זיינען מיר צוריק גוטע פריינד, און איצט איז ער מודה אַז איך בין דעמאָלט געווען גערעכט.

איין מאָל האָבן מיר געהאַט אַ שאַרפן קאָנפליקט מיט קראוזן. דאָס איז געווען אין דער צייט פון נייע וואַלן אין לאָקאַל. ס׳איז דעמאָלט געלאָפן אַן אָפּאָזיציע קעגן סאַרקינס אַדמיניסטראַציע. איינער פון קורצמאַנס גרופּע האָט געהאַט אַ קריגעריי מיט קראוזן, אָדער מיט סאַרקינען, איך געדענק שוין ניט גענוי. איך האָב זיך אין דער דיסקוסיע אַריינגעמישט און קראוז, האָט מיר פאָרגעוואָרפן, אַז איך וויל מאַכן אַ „דזשאָב״ אויף דעם „באַלאָט־באָקס״, דאָס הייסט — אַז איך קלייב זיך צו באַגיין אַ שווינדל בייב ציילן די שטימען. איך בין געוואָרן זייער אויפגערעגט פון אַזאַ באַשולדיקונג און פון ערגערניש האָב איך צוזאַמענגעבראָכן. מ׳האָט געמוזט אַרויסרופן אַ דאָקטער ווייל מען האָט געמיינט אַז איך האָב באַקומען אַ האַרץ־אַטאַקע.

פון קורצמאַנס גרופּע איז די גרעסטע צאָל איבערגעלאָפן צו די קאָ־מוניסטן און אַ טייל צו סאָרקינען. קורצמאַן איז געבליבן מיט אַ קליינער גרופּע פון זיינע פּאַטריאָטן, וועלכע האָט זיך אַ נאָמען געגעבן „פּראָגרע־סיווע גרופּע״. דאָרט זיינען געווען: ראָזענבערג, דאבקין, קאַפּלאַן, שולצ־בערג, גאַרדנער, סעם גאָלדשטיין און נאָך עטלעכע. קורצמאַן האָט זיך פאַר־איייניקט מיט דער „וועלפעיר־גרופּע״ צו וועלכער עס האָבן באַלאַנגט סעם בערמאַן, פינקלשטיין, קויפמאַן, ברייטמאַן און אַנדערע. סאָרקין וואָלט זי־כער זיך ניט פאַרבינדן מיט די קאָמוניסטן, ווען קורצמאַן וואָלט ניט אָנגע־הויבן פאַרהאַנדלען מיט זיי. האָט סאָרקין אויסגעכאַפּט ביי קורצמאַנען די בכורה און קורצמאַן איז געבליבן ביי גאָרניט.

די סיטואַציע איז געווען אַן אויסטערלישע און אַ אומגעזונטע: די קאָמוניסטן זיינען שטענדיק געווען סאָרקינס שונאים, און אויך ער האָט זיי באַקעמפט. אין דער צייט ווען מ׳האָט אַרויסגעוואָרפן די קאָמוניסטן פון די לאָקאַלן 22, 9 און 2 און סאָרקין איז געוואָרן באַשטימט פון דער „אינטער־נאשאנאל״ אַלס צייטווייליקער מענעדזשער פון לאָקאַל 9. האָט ער געמוזט האָבן אַ „באַדי גאַרד״, ווייל די קאָמוניסטן האָבן געזוכט אים אָפּצורוימען פון וועג. אַ צייט שפּעטער, ווען די קאָמוניסטן האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט

אין לאָקאַל 9, איז סאָרקין געגאַנגען אַרבעטן אין אַ „קלינינג סטאָר״, ווייל אין קלאָוק־שאַפּ האָבן די קאָמוניסטן אים ניט צוגעלאָזן אַרבעטן. סאָרקין איז שטענדיק אויסגעשטעלט געווען צו פירן דעם קאַמף קעגן די קאָמו־ניסטן. איצט האָט ער זיך אַליין אַריינגעדרייט אין אַ געמיינזאַמען פראָנט מיט די קאָמוניסטן אויס מורא אַז קורצמאַן וועט אים אויסכאַפּן דעם שידוך. אויך קורצמאַן איז געווען ניט אין אָרדענונג, ווייל ער האָט געזוכט אַ שותפות מיט די קאָמוניסטן אין דער זעלבער צייט ווען ער איז געווען דיסטריקט־מענעדזשער פון אינדאָסטריעל קאַונסיל פון דזשאָינט־באָרד.

אויף די אַלגעמיינע מיטינגען פון לאָקאַל איז אַלץ דורכגעגאַנגען גלאַ־טיק. קורצמאַן, אפילו נאָכן פּאַראַייניקן זיין גרופּע מיט דער וועלפעיר־גרופּע, האָט נאָך אַלץ ניט געהאַט דעם כוח צו קענען אָנפירן אַ דערפאָל־גרייכן קאַמף קעגן דער אַדמיניסטראַציע. סאָרקין האָט אויף אַ מיטינג לייכט דורכגעפירט אַ באַשלוס צו העכערן דיוס פון 35 סענט אויף 50 סענט, ווייל זיינע שותפים, די קאָמוניסטן, האָבן אים דאָס מאָל שוין געשטיצט.

סאָרקינס באַרעכטיקונג פון פאַראייניקן זיך אין לאָקאַל מיט די קאָ־מוניסטן איז געווען, אַז געבנדיק זיי עטלעכע אַמטן וועט מען זיי שטיל מאַכן אין דער יוניאָן און מען וועט קענען רואיקער אָנגיין מיט דער אַרבעט. די קאָמוניסטן האָבן אָבער אין זינען געהאַט זייערע אייגענע פּאָליטישע צוועקן. זיי האָבן אָנגעהויבן אויסנוצן סאָרקינען אַדורכצושטופּן אין לאָקאַל זייערע פּאָליטישע רעזאָלוציעס קעגן דער „אינטערנאשאנאל״ און קעגן דער „רעכ־טער״ אַרבעטער־באַוועגונג בכלל. למשל, ווען עס איז אָנגעקומען אַ ווענדונג פון דער „אינטערנאשאנאל״, אַז דער לאָקאַל זאָל זיך ניט באַטייליקן אין אַ קאָמוניסטישער פראָנט־באַוועגונג פון „שלום און דעמאָקראַטיע״ און סאָרקין האָט געהאַט דאָס רעכט אויסצופּאָלגן די ווענדונג אויף זיין אייגענער האַנט, האָט ער עס ניט געטאָן. דאָס זעלבע איז געשען אין דער פראַגע פון דער קאָמוניסטישער 1טער מאַי־דעמאָנסטראַציע; סאָרקין האָט איגנאָרירט די ווענדונג פון דער „אינטערנאשאנאל״ אַז קלאָוקמאַכער פון לאָקאַל 9 זאָלן זיך ניט באַטייליקן אין דער קאָמוניסטישער דעמאָנסטראַציע. סאָרקין האָט באַשלאָסן, אַז די פאָן פון לאָקאַל 9 זאָל געטראָגן ווערן אויף דער קאָ־מוניסטישער 1טער מאַי־דעמאָנסטראַציע. דובינסקי האָט אים ניט געקענט מוחל זיין, וואָס ער האָט דערלאָזט אַז די פאָן פון לאָקאַל 9 זאָל געטראָגן ווערן אין דער קאָמוניסטישער דעמאָנסטראַציע.

דאָ האָט סאָרקין שוין איבערגעכאַפּט די מאָס. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אומצופרידנקייט צווישן סאָרקינס אייגענע מענטשן. דער הויפּט־ביז־נעס־אַגענט פון לאָקאַל און אַנדערע זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן סאָרקינס פירונג. צו זיי זיינען צוגעשטאַנען עטלעכע עקזעקוטיוו־מיטגלידער און נאָך עטלעכע ביזנעס־אַגענטן. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ פאַראייניקטער

„קלוב און טרייד־יוניאָן־גרופּע". פון אַלע „רעכטע" עלעמענטן אין דעם לאָקאַל. מיר האָבן זיך אויך פאַרבונדן מיט קורצמאַנס גרופּע, ווייל מיר האָבן געוואָלט פאַראייניקן אַלע וועלכע זיינען געווען קעגנער צו סאַרקינס פּאָליטיק. איצט האָבן זיי אַלע מודה געווען, אַז איך בין געווען גערעכט, ווען איך בין באַלד אין אָנהייב אַרויסגעטראָטן קעגן דער פאַראייניקונג מיט די קאָמוניסטן.

אין דער סאַרקין־אַדמיניסטראַציע זיינען אויך אַנטשטאַנען מיינונגס־פאַרשיידנקייטן. אויך די קאָמוניסטן האָבן צווישן זיך דיסקוטירט די פראַגע וועגן זייער אָנטייל אין סאַרקינס אַדמיניסטראַציע. אייבערעהעם קאַהאַן און בענדער זיינען געווען מיט סאַרקינען, ספּעציעל בענדער, וואָס איז געווען אַ „פּרייז־אַדזשאַסטער". אויך פּייערשטיין, ברעטשניידער און מאַקס קראַוז האָבן געשטיצט סאַרקינען, אָבער פישער, מילער און הערמאַן האָבן געענ־דערט זייער שטעלונג, און געהאַלטן אַז די מיטאַרבעט מיט די קאָמוניסטן איז מער ניט ווינטשנסווערט. סאַרקין איז געבליבן ביי זיין שטעלונג, אַז כדי אַרבעט אין לאָקאַל זאָל זיין נאָרמאַל איז בעסער ווען מען וועט ניט פירן קיין קאַמף מיט די קאָמוניסטן.

אין דער זעלבער צייט האָט נאַגלער רעזיגנירט אַלס גענעראַל־מענעד־זשער פון דזשאָינט־באָרד. די „באָרד אָוו דירעקטאָרס" האָבן באַשטימט אַ צייטווייליקע קאָמיסיע צו פירן די אַרבעט פון „דזשאָינט־באָרד" ביז עס וועט באַשטימט ווערן אַ נייער גענעראַל־מענעדזשער. אין דער קאָמיסיע זיינען אַריין: סאַרקין פון לאָקאַל 9, ברעסלאַו פון לאָקאַל 35 און צוקערמאַן דער טשערמאַן פון „דזשאָינט־באָרד".

צו יענער צייט האָט זיך געטומלט אַרום די שעפּער אויסער ניו־יאָרק, וועלכע פלעגן אַרבעטן זייער ביליק. אונדזער לאָקאַל האָט באַשלאָסן אויס־צופאָרשן די סיטואַציע, זען אונטער וואָסערע אומשטענדן די אַרבעט ווערט דאָרט געמאַכט. סאַרקין איז געווען שטאַרק פאַרנומען מיט דער דאָזיקער אַרבעט, האָט ער דעריבער פאַרלאַנגט פון עקזעקוטיוו־באָרד אָנצושטעלן אַן אַסיסטענט־מענעדזשער. דער פאָרשלאַג איז גוטגעהייסן געוואָרן און סאַרקין האָט פאָרגעשלאָגן אויף דעם אַמט פּייערשטיינען, אָבער פּייערשטיין האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען דעם אַמט, האָט מען פאָרגעשלאָגן דעם אַמט פריד־מאַנען — האָט ער אויך ניט געוואָלט אָננעמען. סאַרקין איז געוואָרן זייער אין כעס פאַר זייער אָפּזאָגן זיך. ער ווייסט די סיבה דערפון — האָט ער גע־זאָגט — אָבער ער קען דאָס ניט זאָגן עפנטלעך.

האָט מען פאָרגעשלאָגן דעם אַמט גילזענבערגן. ער האָט עס באַטראַכט פאַר אַ כבוד פאַר זיך און ער האָט זיך גענומען ערנסט צו זיין אַרבעט אַלס אַסיסטענט־מענעדזשער. ער האָט געטאָן יעדער אַרבעט וואָס ער האָט נאָר גע־קענט געפינען, ספּעציעל — פאַר אַרבעטסלאָזע, העלפן „סעטלען" פאַרשיי־

דענע פּראָבלעמען אין שעפּער, און אַזוי ווייטער. אָבער סאָרקין איז אַלץ גע־בליבן באַלעבאָס פון לאָקאַל 9.

סאָרקין איז גלייכצייטיק געווען טעטיק אין דער קאָמיטע פון די דריי צו פאַרוואַלטן מיטן דזשאָינט־באָרד, ביז זיי האָבן באַשלאָסן צו ברענגען פיינבערגן פון קאַליפאָרניע ער זאָל ווערן גענעראַל־מענעדזשער פון דזשאָינט־באָרד אויפן אָרט פון נאַגלערן. די דזשאָינט־באָרד האָט עס געטו־געהייסן. ישראל פיינבערג איז פאַרבליבן אויף דעם אַמט ביז זיין טויט אין 1953.

גילזענבערג איז ניט געווען פון אונדזערע מענטשן, ער איז געווען אַ מענטש פון דער פּראָגרעסיווער גרופּע. אָבער ער האָט לאָיאַל מיטגעאַרבעט מיט סאָרקינען, כאָטש ער האָט דאָרט ניט געהאַט קיין פריינטלעכע אַטמאָס־פערע. צווישן די קלאָוקמאַכערס האָט ער זיך אָבער פאַרשאַפט פיל פריינד. אין איין פאַל האָט ער זיך אָבער אויסגעגליטשט: צווישן די פינישערס, ווי אומעטום, זיינען געווען פאַרשיידענע מענטשן, אויך מיאוסע טיפּן. איז געווען אין לאָקאַל אַ געוויסער קונע, אַ מאַן מיט פיר ווייבער, וואָס האָט געהאַט אַ ווינקל־רעסטאָראַן, וואו עס האָבן זיך געטראָפן פאַרדעכטיקטע עלעמענטן.

אָט דער זעלבער קונע מיט נאָך איינעם אַ געוויסן מיסלאַווסקי, האָבן אָרגאַניזירט אַ באַנקעט לכבוד גילזענבערגן אַלס אָנערקענונג פאַר זיין גוטע אַרבעט אין לאָקאַל. זיי האָבן פאַרקויפט בילעטן צום באַנקעט. איך האָב סאָרקינען דערציילט וועגן דעם און איך האָב געזאָגט, אַז עס איז ניט שיין פאַר אונדז אַז אַזאַ חברה־מאַן זאָל מאַכן אַ באַנקעט פאַרן אַסיסטענט־מע־נעדזשער פון לאָקאַל 9. סאָרקין האָט אויפגעפאָדערט גילזענבערג, אָדער אויפגעבן דעם באַנקעט, אָדער רעזיגנירן אַלס אַסיסטענט־מענעדזשער. גילזענבערג האָט זיך תיכף אָפּגעזאָגט פון באַנקעט און פאַרבליבן אַסיסטענט־מענעדזשער.

איך האָב זיך באַראַטן מיט ראַסקינען און אים פאָרגעשלאָגן מיר זאָלן אָרגאַניזירן אַ לאָקאַל־ברענטש פון סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד. מיר האָבן געגלויבט צו קענען בויען אַ כוח וואָס זאָל קעמפן קעגן די קאָמוניסטן אין לאָ־קאַל 9. ראַסקין האָט צוגעשטימט און געמיינזאַם האָבן מיר אָנגעהויבן אָר־גאַניזירן די גרופּע. עס זיינען באַלד צו אונדז צוגעשטאַנען איזי קאַהאַן, שוירמאַן, אייברעהעם קאַהאַן, דאָבקין, הענאַך האַלפּערן, שיע פאָגל און אַנדערע.

מיר זיינען אַוועק צום טשערמאַן פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, גענאָסע ריפּקין, וועמען מיר האָבן פאָרגעלייגט אונדזער פּלאַן צו גרינדן אַ ברענטש פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד אין לאָקאַל 9. ער האָט אונדז אויפגעקלערט, אַז צו באַקומען אַ טשאַרטער פון פאַרבאַנד, מוזן מיר האָבן 25 מיטגלידער. מיר האָבן געשאַפן אַזאַ צאָל און באַקומען דעם טשאַרטער.

איך האָבן פאָרגעשלאָגן צו געבן דעם ברענטש דעם נאָמען פון מאיר לאָנדאָן. ליליפּוט, דער „פאָרווערטס"־שרייבער, האָט פאָרגעשלאָגן דעם נאָמען פון שלעזינגערן. מיר האָבן אָנגענומען ליליפּוטס פאָרשלאָג און אָנגערופן דעם ברענטש „שלעזינגער־ברענטש פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד".

צו דער אינסטאָלעישאָן האָבן מיר איינגעלאַדן שלעזינגערס קינדער. גענאָסע ריפקין האָט אונדז אינסטאָלירט. האַלפּערן איז געווען סעקרעטאַר, איך בין געוואָרן דער אָרגאַניזער, און דאַבקין — פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר. שלעזינגערס קינדער האָבן ביי דער אינסטאָלעישאָן דערציילט וועגן זייער פאָטער, וועלכער איז זיין גאַנץ לעבן געווען אַ קעמפער פאַר דער טרייד־יוניאָן־באַוועגונג און גלייכצייטיק אַ געטרייער סאָציאַליסט.

דער ברענטש איז געוואָרן זייער אַקטיוו און מיר האָבן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף די מיטגלידער פון לאָקאַל 9. מיר האָבן פאַרשטאַרקט דעם קאַמף מיט סאָרקינס אַדמיניסטראַציע צוליב זיין שותפות מיט די קאָמוניסטן. מיר האָבן אָפּט אַרויסגעלאָזן בלעטלעך צו די קלאָוקמאַכערס. פון אָנהויב האָבן זיי זיך אויסגעלאַכט פון אונדז. שפּעטער האָבן זיי זיך אָנגעהויבן רע־כענען מיט אונדז. דער „פאָרווערטס" פלעגט אונדז אָפּט געבן אַן אָרט אויף זיינע שפּאַלטן און מיר האָבן געקענט מיט אונדזער וואָרט גרייכן גרויסע מאַסן פון קלאָוקמאַכערס. מיר האָבן אויך איינגעאָרדנט לעקציעס פאַר די מיט־גלידער פון לאָקאַל 9.

אין יאָר 1940 האָבן פיל קלאָוקמאַכער זיך אָפּגעקערט פון סאָרקינען, פאַר זיין ניט אויספאָלגן דעם באַשלוס פון דער „אינטערנאַשאַנאַל" אין דער פראַגע פון דער קאָמוניסטישער פראָנט־אָרגאַניזאַציע „פּיס ענד דעמאָקראַסי", און פאַר דערלויבן די פינישערס אָנטיילנעמען אין קאָמוניסטישע דעמאָנ־סטראַציעס. צווישן די וואָס זיינען אַוועק פון סאָרקינען איז אויך געווען פישער. אַ צייט שפּעטער האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין אונדזער ברענטש: מילער, גאָלדבערג, פייערשטיין, הערמאַן, קראַוז, פינקעלשטיין און אַ סך אַנדערע.

אַלס קעגנגעוויכט האָט סאָרקין אָרגאַניזירט דעם ברענטש 509 פון אַר־בעטער־רינג, פאַר וואָס עס קומט אים קרעדיט.

סוף יאָר 1940 האָט קורצמאַנס גרופּע זיך אויך אָנגעשלאָסן אין דער אָפּאָזיציע. זיי זיינען געקומען צו אונדזער ברענטש מיטן פּלאַן צו פירן אַ געמיינזאַמען קאַמף קעגן סאָרקינס אַדמיניסטראַציע. מיר האָבן באַשטימט אַ קאָמיטע, אין וועלכער ס'זיינען אַריין פּאַגעל, האַלפּערן און איך, מיר האָבן געדאַרפט אויסאַרבעטן אַ פּלאַן ווי אַזוי אַראָפּצוװאַרפן סאָרקינס אַדמיניס־טראַציע.

די צייט אין טרייד איז געווען אַ שלעכטע. ס'איז געווען אַ גרויסע אַר־בעטסלאָזיקייט. מיר האָבן אַרויפגעוואָרפן די גאַנצע שולד פאַר דער לאַגע אויף סאָרקינס אַדמיניסטראַציע.

אונדזער פראָפּאַגאַנדע האָט געפינען אַ גוטן באָדן צווישן די פינישערס, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַלץ מער סימפּאַטיע צו אונדזער טעטיקייט. אויף גרויסע מיטינגען וואָס מיר האָבן גערופן, האָבן מיר געזאַמלט געלט אויף אַ פאָנד צו באַקעמפן די אַדמיניסטראַציע פון לאָקאַל. אַ סך פינישערס האָבן זיך ביישטייערט, טייל האָבן געגעבן מיט אַ ברייטער האַנט, אפילו 5 און 10 דאָלאַר־ביישטייערונגען.

מיר האָבן דעם קאַמף געפירט אַזוי לאַנג, ביז מיר האָבן געזיגט. געשען איז דאָס ביי די וואַלן פון אַ נייער אַדמיניסטראַציע אין 1942.

## קאַפּיטל 42

# היימאַן נעמט איבער די פירונג פון לאָקאַל 9

סאַרקין איז געווען זיכער ביי זיך, אַז ער וועט די וואַלן געווינען מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט, ווייל ער האָט די קאָמוניסטן אויף זיין זייט. ער האָט אָבער געהאַט אַ טעות. ער האָט געמיינט, אַז דערפאַר וואָס די קאָמוניסטן האָבן געהאַט אַן איינפלוס אין די גרויסע שעפּער, וועט ער די דאָזיקע שעפּער האָבן אויף זיין זייט.

מיר, די אָפּאָזיציע, האָבן זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט: דער פּראָגרעסיוו־קלוב פון טרייד־יוניאַן־גרופּע זיינען זיך צוזאַמענגעקומען צו באַשטימען דעם צעטל פון קאַנדידאַטן פון דער אָפּאָזיציע פאַר דער קו־מענדיקער אַדמיניסטראַציע פון לאָקאַל 9. מיר האָבן אויסגעקליבן אַ „סטי־רינג״־קאָמיטע, וואָס זאָל אויסאַרבעטן דעם צעטל פון אונדזערע קאַנדידאַטן אויף אַלע אַמטן. דער פּלאַן האָט געדאַרפט באַשטעטיקט ווערן פון אַלע אָפּאָ־זיציע־גרופּעס. אין דער „סטירינג״־קאָמיטע זיינען אַריין: היימאַן, קורצמאַן, וואלאך, מילער, גילזענבערג, הערמאַן, סעם בערמאַן און איך.

פאַר דער „סטירינג״־קאָמיטע איז געשטאַנען די פראַגע ווער עס זאָל זיין אונדזער קאַנדידאַט אויף מענעדזשער. די ביזנעס־אַגענטן האָבן פאָר־געשלאָגן אַלעקס מילערן, פישער און קורצמאַן זיינען געווען קעגן מילערן. זיי האָבן געוואָלט נאָר היימאַנען. איך בין אַרויסגעטראָטן קעגן היימאַנען, ווייל איך האָב געהאַלטן אַז ער טויג ניט פאַר אַ מענעדזשער, און צווייטנס — האָט ער געהאָלפן צעברעכן די יוניאָן אין 1925 און אין 1926 בעת דעם קאָ־מוניסטישן גענעראַל־שטרייק. איך האָבן געהאַלטן, אַז די קעגנער פון קאָ־מוניזם וועלן פאַר אים ניט שטימען. זעענדיק, אַז איך טרעט אַרויס שטאַרק קעגן אים, האָט היימאַן פאָרגעשלאָגן פישערן אַלס קאַנדידאַט פאַר מענע־

דזשער. פישער האָט זיך אָפּגעזאָגט מיטן מאָטיוו, אַז ער איז אַלעמאָל געווען אַ פריינד פון סאַרקינען און ער וויל ניט לויפן קעגן אים. גילזענבערג איז יאָ געווען גרייט צו לויפן אַלס מענעדזשער, אָבער אַלע זיינען געווען קעגן אים. ניט קענענדיק קומען צו אַ טאָלק האָבן מיר באַשלאָסן די זאַך איבער־געבן דעם פּרעזידענט דובינסקין צו באַשליסן. ס׳איז געבליבן איין אויס־וואַל: היימאַן, אָדער גילזענבערג.

קורצמאַן האָט געפּרואווט מיך איבערצייגן, איך זאָל מסכים זיין אויף היימאַנס קאַנדידאַטור. היימאַן אַליין האָט אויך געפּרואווט ווירקן אויף מיר. איך בין אָבער געבליבן אַנטשלאָסן קעגן אים. זעענדיק, אַז זיי קענען מיך ניט באַווירקן, האָבן זיי מיך געבעטן איך זאָל ניט קומען צום מיטינג פון די אָפּאָזיציע, כדי ניט אַרויסצוטרעטן קעגן היימאַנען. איך בין אָבער געווען דעצידירט צו פירן אַ שאַרפן קאַמף קעגן זיין קאַנדידאַטור. ישראל פיינבערג, דער גענעראַל־מענעדזשער פון דזשאָינט־באָרד האָט מיך אויך געראָטן ניט אַרויסצורופן קיין קאַמף קעגן היימאַנען אין איצטיקן מאָמענט, ווייל עס וועט ברענגען אַ סך צרות. איך האָב אָבער אויך פיינבערגן ניט נאָכגעגעבן.

סוף־כל־סוף איז היימאַן באַשטימט געוואָרן פאַרן קאַנדידאַט. איך האָב באַשלאָסן ניט צו אַגיטירן פאַר אים בעת דער וואַל־קאַמפּאַניע, נאָר פאַר אונדזער צעטל אַלס גאַנצן. נאָך דעם איז געשטאַנען די פראַגע פון טשערמאַן פון לאָקאַל. מיר האָבן נאָכגעגעבן קורצמאַנען, אַז בערמאַן זאָל לויפן אויפן טשערמאַן־אַמט. בערמאַן האָבן זיך אָבער אָפּגעזאָגט מיטן מאָטיוו, אַז ער וויל ניט לויפן צוזאַמען מיטן היימאַנען. קורצמאַן האָט אָבער אויף אים געמאַכט אַ דרוק און בערמאַן האָט ענדלעך איינגעוויליקט צו לויפן פאַר טשערמאַן.

אַלס טייל פון וואַל־קאַמפּיין האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ באַנקעט פאַר אַ גרויסע צאָל מיטגלידער פון לאָקאַל 9 און מיר האָבן אַרומגערעדט די וואַל־קאַמפּאַניע.

די אַדמיניסטראַציע האָט איינגעאָרדנט דעם נאָמינייִשאַן־מיטינג אין האָטעל „דיפּלאָמאַט“ אויף דער 43טער גאַס. דער זאַל איז געווען פול גע־פּאַקט מיט מענטשן. נאָך איידער אונדזערע מענטשן זיינען אָנגעקומען זיינען שוין געווען אין זאַל נאָענט צו 15 הונדערט מענטשן. מיר האָבן געזען, אַז מיר זיינען פאַרלאָרן און מיר וועלן ניט קענען אַדורכשטופּן אונדזערע מענטשן אין דער „אָבדזשעקשאַן“־קאָמיטע, נאָך דעם ווי דער טשערמאַן מאַקס קראַוז האָט געעפנט דעם מיטינג און פאַראָרדנט צוצוטרעטן צו די וואַלן פון די קאַנדידאַטן אויף די אַמטן, האָט לואיס היימאַן פאָרגעשלאָגן, אַז די אָפּאָזיציע זאָל קריגן די זעלבע צאָל פלעצער אין דער „אָבדזשעקשאַן“־קאָמיטע ווי די אַדמיניסטראַציע. דער טשערמאַן האָט דעם פאָרשלאַג אָפּ־געוואָרפן. היימאַן האָט געוואָלט פּראָטעסטירן קעגן דעם טשערמאַנס האַנ־דלונג, האָט ער דאָס וואָרט ניט באַקומען, פירנדיק אַ שאַרפע דיסקוסיע

מיטן טשערמאַן וועגן דעם האָט היימאַן פּלוצעם געגעבן אַ געשריי, אַז אַלע זאָלן פאַרלאָזן דעם האָל. אונדזערע מענטשן זיינען תיכף אַוועק און די קאָמוניסטן מיט סאָרקינס מענטשן זיינען פאַרבליבן זיצן אויף די ערטער.

דער טשערמאַן קראוז האָט אָבער ווייטער געפירט דעם מיטינג און עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַן „אָבדזשעקשאַן־קאָמיטע". פּאַר מענעד־זשער איז נאָמיטירט געוואָרן איזידאָר סאָרקין.

מיר, די אָפּאָזיציע, האָט פאַרלאַנגט צו רופן אַ צווייטן נאָמינייִשאַן־מיטינג, ווייל מיר האָבן געהאַלטן, אַז נאָמינירן קאַנדידאַטן אָן דער אָפּאָ־זיציע האָבן זיי קיין רעכט ניט געהאַט.

סאָרקין האָט זיך אָפּגעזאָגט צו רופן אַ צווייטן מיטינג, איז אונדזער „סטירינג"־קאָמיטע אַוועק צום פּרעזידענט דובינסקי און אַפּעלירט צו אים, ער זאָל ניט דערלאָזן די וואַלן זאָלן פאָרקומען אָן דעם אָנטייל פון דער אָפּאָ־זיציע. דובינסקי, כאָטש ער האָט געהאַט חשבונות מיט סאָרקינען, ווייל ער האָט נישט אויסגעפירט דעם באַשלוס פון דער „אינטערנאַשאַנאַל" אין דער פראַגע פון דער קאָמוניסטישער „פּיס ענד דעמאָקראַסי" אד"גל., האָט פונ־דעסטוועגן געהאַלטן, אַז יענער מיטינג איז געווען לעגאַל און מ'דאַרף ניט רופן אַ צווייטן מיטינג. עס וועט געננוג זיין אַז די אָפּאָזיציע וועט אַריינ־ברענגען איר קאַנדידאַטן־צעטל: היימאַן, בערמאַן און די אַנדערע. אָבער אַזוי ווי די אָפּאָזיציע האָט געהאַט אומצוטרוי צו דער אַדמיניסטראַציע אַז זי וועט ניט ערלעך אַדורכפירן די וואַלן, האָט דובינסקי באַשטימט אַ קאָמי־טע פון דריי, אַז זיי זאָלן האָבן די אויפזיכט איבער די וואַלן.

סאָרקין מיט זיין גאַנצער אַדמיניסטראַציע איז אַדורכגעפאַלן מיט אַ קליינער צאָל פון קוים 40 שטימען. אונדזער וואַל־קאַמף איז געווען אַ שווערער, אָבער ער האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ זיג פון „פאַראייניקטן קלוב" און פון דער „טרייד־יוניאָן־גרופּע". פּערזענלעך, האָב איך סאָרקינען שטאַרק באַדויערט, איך בין געווען זיינס אַ גוטער פריינד, ער איז געווען אַ פעאיקער מענטש און אַ גוטער מענעדזשער. אָבער ער האָט געטאָן דעם גרויסן פעלער וואָס ער האָט געשלאָסן אַ פאַראייניקטן פראָנט מיט די קאָ־מוניסטן. האָב איך ניט געהאַט קיין אַנדער אויסוועג ווי זיי קעגן אים און אים באַקעמפן.

ווען היימאַן האָט איבערגענומען דעם לאָקאַל פון סאָרקינען איז גיל־זענבערג פאַרבליבן אַסיסטענט־מענעדזשער. פישער איז געוואָרן הויפּט־„אַדזשאַסטער" צו „סעטלען" די פרייזן. אויף ווייס־טשערמאַן זיינען געווען צוויי קאַנדידאַטן: איך און זירלין. היימאַן האָט ניט געוואָלט איך זאָל ווערן ווייס־טשערמאַן און אַנדערע האָבן ניט געוואָלט האָבן זירלינען. איז גע־קומען צו אַן אויסגלייך, אַז זירלין זאָל זיין ווייס־טשערמאַן און איך —

פאָרזיצער פון דער פינאַנץ־קאָמיטע. טשערמאַן איז, פאַרשטייט זיך, געווען בערמאַן, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן אין די אַלגעמיינע וואַלן.

סאָרקין איז אַוועק אין שאַפּ אַרבעטן, ער האָט ניט געטאָן ווי אַנדערע אין זיין לאַגע, וועלכע זיינען געגאַנגען אין ביזנעס, אָדער זיינען געוואָרן אינשורענס־אַגענטן, וואָס האָבן פאַרקויפט פּאָליסעס צו קלאָוק־מאַנופאַק־טשורערס. ער איז געוואָרן אַ שאַפּ־אַרבעטער. סאָרקין איז געווען און איז פאַרבליבן אַ פּרינציפּיעלער, אַן אָנשטענדיקער און ערלעכער מענטש. מען האָט געהאַט פאַר אים רעספּעקט אין דער יוניאָן. אַ גרויסער שאָד וואָס ער האָט געמאַכט דעם פאַטאַלן טעות פון מאַכן שותפות מיט די קאָמוניסטן.

אין אַ צייט אַרום האָט דובינסקי אים אַוועקגענומען פון שאַפּ און אים באַשטימט פאַר מענעדזשער פון לאָקאַל 38.

דעם אַמט פאַרנעמט ער ביז היינט און ער ווערט זייער געליבט און געאַכטעט פאַר זיין אַרבעט.

היימאַן איז געווען אַן אַנדער סאָרט מענעדזשער ווי סאָרקין. סאָרקין פלעגט יעדן ענין פון דער טאָג־טעגלעכער פּראַקטיק אַליין באַהאַנדלען און אויפנעמען אין זיינע הענט; ער פלעגט אויפן דזשאָינט־באָרד קעמפן מיטן איטאַליענישן לאָקאַל 48 פאַר די אינטערעסן פון אונדזערע פינישערס. לטובת דער מינדסטער זאַך פאַר די פינישערס, פלעגט ער פירן שטרייטן. לואיס היימאַן פלעגט די דאָזיקע פּראַקטישע טאָג־טעגלעכע אַרבעט איבער־לאָזן פאַרן אַסיסטענט־מענעדזשער, אַליין האָט ער זיך וויניק געמישט אין די קאָנקרעטע פּראָבלעמען פון דער טאָג־טעגלעכער אַרבעט. זיין גליק, וואָס דאָס מזל האָט אים צוגעשפּילט. אין משך פון די 14 יאָר וואָס ער איז געווען מענעדזשער איז מערסטנס אין טרייד געווען אַ סך אַרבעט, און אַז עס איז דאָ אַרבעט און די פינישערס פאַרדינען אויף צו מאַכן אַ לעבן, פאַר־קוקט מען אויף אַ סך זאַכן.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה איז געווען אַ סך אַרבעט און ס'האָבן אויסגעפּעלט אַרבעטער. מען האָט לייכט געקענט אויסנוצן די געלעגנהייט און הייבן די לוינען און דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פון די קלאָוק־פינישערס. דער טשערמאַן, סעם בערמאַן און די גאַנצע עקזעקוטיווע האָבן געדרוקט אויף היימאַנען, ער זאָל זען צו פאַרבעסערן די לוינען פון די פינישערס. ער האָט אָבער אָנגענומען אַן אַנדער פּאָליטיק. אָנשטאָט צו העכערע די לוינען, האָט ער גאָר דערלויבט צו אַרבעטן „אָווערטיים" יעדן טאָג, טיילמאָל אויך שבת און זונטיק. אַזוי האָבן די פינישערס פאַרליורן די מעגלעכקייט צו הייבן די גרונד־לוינען.

ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט איז געוואָרן וויניקער אַרבעט, די לאַגע אין טרייד איז געוואָרן ערגער. אַ סך שעפער זיינען אַריבער פון וואָך־אַרבעט צו שטיק־אַרבעט, אפילו קעגן דעם ווילן פון די פינישערס. די מאַ־

נופאַקטשורערס האָבן באַלד נאָך דעם איינגעפירט סעקשאָן־אַרבעט, דער לאָקאַל 117 האָט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן סעקשאָן־אַרבעט, אָבער אָן דערפאָלג, ווייל ישראל פיינבערג, דער גענעראַל־מענעדזשער פון דזשאָינט־באָרד, איז געווען אָן אָנהענגער פון סעקשאָן־אַרבעט, קאַפּלאַן איז געווען קעגן. די מאַנופאַקטשורערס האָבן אָנגעהויבן אויף אייגענער האַנט איינשטעלן די פּרייזן פאַר דער סעקשאָן־אַרבעט. די יוניאָן האָט פון איר זייט פאַרלאַנגט, אַז די קלאָוקמאַכער וואָס אַרבעטן פון שטיק זאָלן קריגן באַצאָלט פאַר „אָווערטיים״ און פאַר לעגאַלע יום־טובים, אַזוי ווי וואָכן־אַרבעטער קריגן. מען איז געקומען צו אַ קאָמפּראָמיס, אַז די באַלעבאַטים זאָלן ניט פאַרלאַנגען סעקשאָן־אַרבעט און די אַרבעטער וועלן ניט פאַרלאַנגען עקסטרע באַצאָלט פאַר „אָווערטיים״.

אין אָנבליק פון דער פּאַסיווקייט פון דער הימאַן־אַדמיניסטראַציע איז אונדזער גרופּע ווידער געוואָרן טעטיק, איצט אונטערן נאָמען „פּראָגרעסיוו־טרייד־יוניאָן־גרופּע״. די גרופּע האָט זיך אָנגעהויבן צונויפקומען און באַהאַנדלען פראַגן, וואָס מען האָט ניט געקענט דיסקוטירן ביים עקזעקוטיוו־באָרד.

בערמאַן האָט גערופן אַ זיצונג פון אונדזער גרופּע (זי האָט זיך אויך גערופן „מיוטשועל עיד קאָלטשער סאָסייעטי״). הימאַן איז געוואָרן קריטיקירט פאַר זיין פאַרנאַכלעסיקן די אַרבעט אין לאָקאַל, פאַר ניט נעמען אַ שטעלונג אין דזשאָינט־באָרד צו די פּראָבלעמען פון לאָקאַל 9. די זיצונג האָט אָבער קיין באַשלוסן וועגן קאָנקרעטע שריט ניט אָנגענומען.

בערמאַן, דער טשערמאַן פון לאָקאַל האָט געפּרואווט פאַרבעסערן די סיטואַציע דורך דעם וואָס ער פלעגט יעדן טאָג נאָך דער אַרבעט קומען אין לאָקאַל און אַכטונג געבן אויף דער טעטיקייט פון די קאָמיטעס, וואָס זיינען געקומען פון די שעפּער. ער האָט פּאַקטיש איבערגענומען די גאַנצע אַרבעט.

ווען עס האָבן זיך דערנענטערט די וואַלן אין לאָקאַל אין 1943 איז גערופן געוואָרן אַ באַראַטונג פון ביזנעס־אַגענטן, אַ טייל מיטגלידער פון דער עקזעקוטיוו־באָרד און פון אַנדערע עלטערע מיטגלידער אין לאָקאַל. בערמאַן האָט געהאַלטן אַ רעדע, וואו ער האָט פאַרגעוואָרפן, אַז עס ווערט גאָרניט געטאָן אין לאָקאַל, און אַז מ׳דאַרף האָבן אַ צווייטן מענעדזשער אויף הימאַנס אָרט. ער האָט פאַרלאַנגט, אַז הימאַן זאָל אַליין זיך צוריקציען און ניט לויפן פאַר מענעדזשער. קעגן הימאַנען האָבן אויך גערעדט פישער, עטקין, אמיסלאַווסקי, זירלין, מילער, גילזענבערג און איך. בלויז הערמאַן האָט פאַרטיידיקט הימאַנען.

זירלין האָט געהאַלטן, אַז קורצמאַן דאַרף זיין דער קאַנדידאַט פאַר מענעדזשער. בערמאַן און עטקין האָבן אויך געשטיצט קורצמאַנס קאַנדידאַטור.

פישער האָט דערקלערט אַז ער וויל לויפן פאַר מענעדזשער. היימאַן, מילער און גילזענבערג זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן ביידע נייע קאַנדידאַטן: קורצמאַנען און פישערן. צוויי פּראַקציעס האָבן זיך אויסגעטיילט: פאַר און קעגן היימאַנען. דאָס לעצטע וואָרט ביים מיטינג האָט געהאַט היימאַן: ער האָט דערקלערט: אַז ער וועט לויפן פאַר מענעדזשער צי מען וויל יאָ אָדער ניט. „אפילו ווען כ'זאָל בלייבן איינער אַליין וועל איך לויפן פאַר מענעדזשער פון לאָקאַל 9", האָט ער געזאָגט.

פישער און קורצמאַן האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן זייערע פריינד זיי צו העלפן. האָבן מיר שוין געהאַט 3 גרופּעס מיט 3 קאַנדידאַטן.

פּרעזידענט דובינסקי האָט גערופן פאָרשטייער פון די דריי גרופּעס צו זיך און ער האָט זיי דערקלערט, אַז אויב זיי וועלן זיך ניט איינִיקן וועט היימאַן מוזן בלייבן מענעדזשער, ווייל ער וועט ניט דערלאָזן, אַז צוויי רעכטע גרופּעס זאָלן לויפן איינע קעגן דער אַנדערע, ווייל דאָס וועט ברענגען דערצו אַז די קאָמוניסטן זאָלן זיגן און ווידער איבערנעמען דעם לאָקאַל. ווילנדיק צי ניט ווילנדיק, איז היימאַן פאַרבליבן דער קאַנדידאַט און אַלע האָבן אים געשטיצט. ער איז געוואָרן דערוויילט.

פאָלגנדיקער פאַל באַווייזט, ווי ווייט היימאַן איז מיטן האַרץ געווען ווייט פון לעבן פון אונדזער לאָקאַל: סאָלאָמאָן בענדער האָט אַ סך יאָרן אָוועקגעגעבן דער אַקטיווער אַרבעט אין דער יוניאָן. ווען ער איז געווען ביזנעס־אַגענט איז ער קראַנק געוואָרן אויף די פיס און האָט מער ניט געקענט אומגיין. אויפן דאָקטערס עצה האָט ער געמוזט רעזיגנירן פון זיין אַרבעט אין דער יוניאָן. זיין לאַגע איז געוואָרן אַ קריטישע. עטלעכע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע: בערמאַן, זירלין אמיסלאַווסקי, גאָלדאַווסקע און איך האָבן פאָרגעלייגט ביי אַ זיצונג אַז מ'זאָל בענדערן געבן אַ פאַרגיטיקונג פון טויזנט דאָלער. היימאַן איז געווען דער איינציקער וואָס איז אַרויס קעגן דעם. ער האָט געהאַלטן, אַז ס'איז גענוג צו געבן בענדערן צוויי הונדערט דאָלער. מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע האָבן פאַרגעוואָרפן היימאַנען, ווי אַזוי קען ער זיין אַזוי האַרצלאָז קעגן איינעם, וואָס האָט אַ גרויסן טייל פון זיין לעבן אָוועקגעגעבן דער יוניאָן. מיר האָבן קוים אויסגעקעמפט פון לאָקאַל פאַר בענדערן פינף הונדערט דאָלער. מיר זיינען אַוועק צו פיינבערגן און צו דובינסקין און זיי דערציילט וועגן בענדערס לאַגע. פיינבערג האָט רעקאָמענדירט, אַז דער דזשאָינט־באָרד זאָל פון זיין קאַסע געבן דריי הונדערט דאָלער און דובינסקי האָט געגעבן פון דער „אינטערנאַשאַנאַל" צוויי הונדערט דאָלער. ווען מיר האָבן געבראַכט די סומע געלט צום קראַנקן בענדער, איז ער געווען זייער גערירט פון אונדזער פריינטשאַפט צו אים. ער האָט זיך צעוויינט, ווען מען האָט אים דערלאַנגט די סומע.

אין 1944 האָט די „אינטערנאַשאַנאַל" איינגעפירט אַז וואַלן אין די לאָ־

קאַלס זאָלן פאַרקומען לויטן „בלאָק־סיסטעם". דער רעזולטאַט פון דעם סיס־טעם איז, אַז ס'קען ניט זיין קיין געמישטע אַדמיניסטראַציע פון איינציקע מענטשן פון קעגנערישע גרופּעס. אָדער איין ליסטע געווינט אין גאַנצען אָדער פאַרשפּילט אין גאַנצן. די סיסטעם האָט אַ מעלה, וואָס זי גיט אַ מעג־לעכקייט אַז עס זאָל זיין אַן איינהייטלעכע, האַרמאָנישע אַדמיניסטראַציע אין אַ לאָקאַל און די טאָג־טעגלעכע אַרבעט קען געפירט רואיק און מיט גוטע פּראַקטישע רעזולטאַטן. נאָך אַ גרויסע מעלה האָט די סיסטעם, וואָס זי איז אַ גוטע שוץ קעגן די קאָמוניסטן.

אָבער פון דער צווייטער זייט האָט די בלאָק־סיסטעם אויך חסרונות. עס שאַפט זיך אין לאָקאַל אַן אַטמאָספער פון ביוראָקראַטישקייט. ספּעציעל האָט זיך דאָס שלעכט אָפּגערופן אויף די באַציאונגען צווישן די אַרבעטער און די ביזנעס־אַגענטן. אַ ביזנעס־אַגענט האָט פריער געמוזט לויפן פאַרן אמת אויפן גרונד פון זיין פּערזענלעכן רעקאָרד, אַ גוטן אָדער אַ שלעכטן.ביים בלאָק־סיסטעם איז ער אַ טייל פון גאַנצן „בלאָק", דאָס האָט געברענגט דערצו אַז אַ טייל ביזנעס־אַגענטן זיינען געוואָרן ווייניקער אויפמערקזאַם צו די באַדערפעניש פון די מיטגלידער און אויף אַ טייל הערט מען אַ סך קריטיק צווישן די אַרבעטער.

די לאַגע וואָלט זיך געביטן אויב עס וואָלט אַדורכגעפירט געוואָרן דורכן פּרעזידענט פון דער „אינטערנאַשאַנאַל" און דורך דעם דזשאָינט־באָרד. אַ געהעריקע אונטערזוכונג כדי עס זאָל צוריק איינגעשטעלט ווערן דער רעספּעקט פון מיטגליד צו די באַאַמטע. ווען עס וואָלט געווען אַ רעכטע אָפּאָזיציע, אַ קאָנסטרוקטיווע אָפּאָזיציע, וועלכע זאָל אָנווייזן אויף די פעלערן אין דער אַרבעט — ספּעציעל אויף דער אַרבעט פון די ביזנעס־אַגענטן — וואָלט עס געווען אַ געזונטע זאַך פאַר דער יוניאָן. צוליב דעם בלאָק־סיסטעם איז איצט זייער שווער צו פאָרמירן אַזאַ אָפּאָזיציע.

## קאַפּיטל 43

# מיין פאַמיליע

אין אַמעריקע איז מיין היים לאַנגע יאָרן געווען אַן אָרעמע היים. אפילו שפּעטער, ווען די יוניאָן איז געוואָרן שטאַרקער און די לוינען האָבן זיך פאַר־בעסערט, האָב איך זיך אויך קיינמאָל נישט אַרויפגעאַרבעט, ווייל איך האָב אָפּגעגעבן 46 יאָר פון מיין לעבן, פון מיין ענערגיע פון מיין גאַנצער צייט און אויפמערקזאַמקייט מיין יוניאָן און מיין לאָקאַל 9. שטענדיק איז דאָס לעבן אין מיין היים געווען אָדער אָרעם אָדער אין בעסטן פאַל באַשיידן. און אפילו ווען עס איז געווען באַשיידן האָט עס אויסגעקוקט אָרעם אין פאַרגלייך מיט די שכנים, מיט מיין סביבה און מיטן גאַנצן אַרום, וואו מענטשן האָבן

זיך גוט אַרויפגעאַרבעט, אָנגעהויבן פירן אַ ברייט לעבן און פאַרגינען זיך וואָס ווייטער אַלץ מער קאָמפאָרט און פאַרגעניגן. איך האָב מיין פרוי און קינדער קיינמאָל נישט געקענט געבן אַזוי פיל באַקוועמלעכקייטן און פאַר־געניגנס וואָס זיי האָבן געזען אַרום זיך. דאָך איז מיין היים געווען אַ גליק־לעכע און אַ פריילעכע היים — און דאָס איז געווען צו פאַרדאַנקען מיין אומ־פאַרגעסלעכער ליבער פרוי פעני, וואָס האָט שטענדיק רואיק איבערגע־טראָגן אַלע שווערקייטן פון לעבן און האָט שטענדיק, אפילו אין די ערגסטע צייטן, אָנגעפילט אונדזער שטוב מיט געזאַנג און פרייד.

מיין ליבע פרוי פעני איז געווען אַ סאָציאַליסטקע און אַ בונדיסטקע פון דער אַלטער היים. זי האָט געהאַט אַ גוטע נאַטור און אַ מענטשלעכע נשמה און דערביי געווען אַ קלוגע פרוי. זי האָט געהאַט אין זיך אַ סך הומאָר און פריילעכקייט. ווי שלעכט עס איז ניט געווען אויפן האַרצן, פלעגט זי זינגען און זיין פריילעך. קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס פאַראַ לעבן, וואָס פאַראַ עגמת־נפש, זי האָט ביי זיך אין הויז, אַלע מאָל איז זי געווען מיט אַ שמייכל אויפן פּנים. זי פלעגט אַלץ אַליין נייען פאַר די קינדער, אַזוי אַז זיי זאָלן אַרויסגיין אין גאַס פיין אָנגעטאָן. זי האָט געהיטן די קינדער און דאָס הויז, זי האָט זיי געשיקט אין שול אַריין און האָט שווער געהאָרעוועט אויפצוהאַלטן אַ וואַרעמע היים. נאָר ווען זי האָט געהאַט צייט פלעגט זי כסדר לייענען, ווען איך פלעג אַהיימקומען פלעג איך איר אַלעמאָל טרעפן ביי אַ בוך, מערסטנס



איך און מיין פרוי פעני אין 1948.

— אַ ראָמאַן. אָפּטמאָל פֿלעג איך אַהיימקומען פֿון אַ מיטינג פֿון דער יוניאָן, און עס פֿלעגט ניט זיין גוט אויפֿן האַרצן פֿון פֿאַרשיידענע צרות אין דער יוניאָן, אָבער אַז איך פֿלעג נאָר אַריבערגיין די שוועל איז געווען אַ פֿאַרגע־ניגן צו זיין אין הויז. מיין פֿרוי פֿלעגט מיך באַגעגענען מיט אַ שמייכל אויפֿן פּנים, זי פֿלעגט מאַכן דאָס הויז אָנגענעם מיט איר פֿריילעכקייט, מיט איר זינגען פֿאָלקס־לידער, מיט איר שטענדיק שמייכלדיק פּנים. זי איז געווען אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכע מוטער צו די קינדער, זי האָט זיי געגעבן אַן איידעלע דערציאונג, זי האָט געזאָרגט דערפֿאַר אַז די קינדער זאָלן זיך גוט לערנען. מיין זון דייוו האָט געמאַכט צוויי קלאַסן אין איין יאָר, דאָס איז געווען איר גרעסט פֿאַרגעניגן. זי האָט זיך אויך באַמיט צו געבן די קינדער אַלץ וואָס מען איז געווען אימשטאַנד, אַזוי, אַז ווען זיי זיינען געווען קליין האָבן זיי ניט געפֿילט די אָרעמקייט אין הויז.

מיט אַמאָל האָט פּאַסירט אַן אומגליק ביי מיר אין הויז: אַן אויטאָ האָט איבערגעפֿאָרן מיין זון משה, ער איז דעמאָלט אַלט געווען 4 יאָר. דאָס האָט פּאַסירט אין 1920 אין אַ פּריייטיק. איך בין ניט געווען אין דער היים, איך בין געווען ביי אַ מיטינג פֿון דזשאָינט־באָרד. מען האָט אים גענומען אין שפּיטאָל, דאָקטוירים האָבן געזאָגט, אַז זיין לעבן איז אין געפֿאַר, מען קען זיך לייכט פֿאָרשטעלן ווי מיין פֿרוי האָט זיך אָנגעליטן, נאָר גאָט האָט געהאָלפֿן, עס איז אים געוואָרן בעסער. עס האָט גענומען נאָך 6 חדשים ביז ער איז געוואָרן אין גאַנצן געזונט.

מיינע קינדער זיינען געגאַנגען אין שול. משה, נאָכן געזונט ווערן, איז אַריין אין שול צו 5 יאָר. די קינדער זיינען געוואַקסן און מיין פֿרוי האָט אויף זיי אַכטונג געגעבן מער ווי געוויינטלעך אַ מאַמע גיט אַכטונג אויף אירע קינדער, ווייל איך האָב געוואוינט אין ניט קיין גוטער געגנט און מיין פֿרוי האָט שטאַרק צוגעהיטן אַז אונדזערע קינדער זאָלן זיך ניט אָפּלערנען קיין שלעכטע מידות ביי די קינדער אין גאַס. דער גאַנצער עול איז געפֿאַלן אויף איר, ווייל איך פֿלעג כמעט יעדן אָוונט זיין אין דער יוניאָן און איך פֿלעג קו־מען שפּעט ביינאַכט אַהיים. די קינדער זיינען צו איר געווען שטאַרק צוגע־בינדן, זיי האָבן ליב געהאַט איר פֿריילעכקייט, איר זינגען.

אַזוי איז אַלץ געגאַנגען אין בעסטער אָרדענונג. פּלוצלונג איז ווייטער געקומען אַ צרה אין הויז. אין 1924 איז מיין טאָכטער פֿרומקע געוואָרן קראַנק. זי איז געלעגן 9 וואָכן אין בעט און דאָקטוירים האָבן ניט געוואוסט וואָס איר איז. די פּאָר דאָלער וואָס מיר האָבן אָנגעקליבן זיינען אַוועק אויף דאָקטוי־רים. נאָך אַ האַלב יאָר האָב איך געדאַרפֿט באָרגן ביי פֿריינד. מיר האָבן איר געמוזט אַריינגעבן אין שפּיטאָל, עס איז איר געוואָרן בעסער און זי איז גע־זונט געוואָרן. אָבער איך בין דערביי געוואָרן זייער פֿאַראָרעמט און אין שט[illegible]ב איז נישט געבליבן קיין פּעני. מיין עלטערער זון דייוו איז דעמאָלט אַריין

אין סיטי־קאַלעדזש, נאָכדעם ווי ער איז געקומען פון קאַלעדזש, פלעגט ער גיין פאַרדינען אַ פּאָר סענט כדי צו קענען אַרויסהעלפן דער מאַמען אין הויז. מיין טאָכטער, נאָכדעם ווי זי איז געזונט געוואָרן, האָט אויך געוואָלט גיין אין קאַלעדזש און ווערן אַ לערערין, אָבער מיר האָבן מורא געהאַט אַז דאָס וועט זיין צו שווער פאַר איר געזונט, איז געבליבן אַז זי זאָל נעמען אַ קורס אין בוכהאַלטעריע און טייפּן.

דאָס איז געווען אין 1925. די קאָמוניסטן האָבן איבערגענומען די קלאָוק־מאַכער־יוניאָן, דער באַלעבאָס ביי וועלכן איך האָב געאַרבעט האָט ניט גע־וואָלט פאַרהאַנדלען מיט די קאָמוניסטן, ער האָט בעסער אויפגעגעבן די פאַב־ריק. ביי אַ 100 קלאָוקמאַכער זיינען געבליבן אָן אַרבעט, און איך צווישן זיי. איך האָב זייער פיין פאַרדינט אין זיין שאַפּ. אין קלאָוק־טרייד איז געווען שוואַך די אַרבעט, האָב איך ניט געקענט קריגן קיין אַנדער דזשאַב. דערווייל האָבן די קאָמוניסטן גערופן דעם אומגליקלעכן גענעראַל־שטרייק פון 1926, האָב איך מיט מיין פרוי געליען אַ פּאָר הונדערט דאָלער אויף פּראָצענט און מיר האָבן געקויפט אַ קענדי־סטאָר, אַז מיר זאָלן קענען האָבן פון וואָס צו לעבן. מיין פרוי האָט זייער שווער געאַרבעט אין דער קענדי־סטאָר. מיין זון דייוו פלעגט איר אַרויסהעלפן אין די שעה׳ן ווען ער פלעגט ניט דאַרפן גיין אין קאַלעדזש. מיין טאָכטער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן, מיין זון האָט גע־קראָגן אַ דזשאַב אין פּאָסט־אָפיס ווען ער איז נאָך געגאַנגען אין קאַלעדזש, איז אונדז געוואָרן אַביסל לייכטער, מיר האָבן אויסגעצאָלט אַלע חובות וואָס מיר זיינען געווען שולדיק. ווען דער לאַנגער שטרייק האָט זיך ענדלעך געענדיקט (מיט אַ גרויסער מפּלה), האָב איך געקראָגן אַ דזשאַב און איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרדינען, האָבן מיר גענומען אַן אַפּאַרטמענט אין די אַלמאַגאַמייטעד קאָאָפּעראַטיווע הייזער, מיר האָבן ביסלעכווייז אויסגעצאָלט דעם אינוועסטמענט פון דריי טויזנט דאָלער, מיר האָבן פאַרקויפט די קענדי־סטאָר פאַר 250 דאָלער, מיר האָבן זיך אַריבערגעקליבן אין די אַלמאַלגאַמיי־טעד־הייזער אין 1929. אונדזער לעבן האָט זיך אָנגעהויבן איינשטעלן בעסער ווי עס געווען פריער. מיין זון האָט געענדיקט קאַלעדזש, מיין טאָכטער האָט געאַרבעט, מיין קלענערער זון משה איז געגאַנגען אין היי־סקול, איך און מיין פרוי האָבן זיך גוט איינגעלעבט מיט די נייע שכנים. מען פלעגט פאַר־ברענגען צוזאַמען, מיין פרוי האָט צוריקבאַקומען איר אַמאָליקע פריילעכקייט, זי פלעגט צוריק אַ סך זינגען, זי איז געווען זייער צופרידן צו וואוינען אין די אַלמאַגאַמייטעד־הייזער, זי האָט זיך זייער גוט צוגעפּאַסט צו די אַרומיקע מענטשן, מען פלעגט זומער פאַרברענגען אין פּאַרק, צונויפנעמען זיך מענער און פרויען און זינגען צוזאַמען. עס פלעגט זיין זייער פריילעך. מיין פרוי האָט זייער ליב געהאַט די סאָרט געזעלשאַפט, און די פרויען האָבן איר ליב געהאַט, ווייל זי האָט געהאַט אַ סך הומאָר, זי פלעגט דערציילן מעשהלעך



איך מיט מיין פאַמיליע אין אַמעריקע אין 1960

שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: ד״ר בען גאַרדנער מיין אײדעם און מיין טאָכטער פלאָרענס; מיין זון דייוו (דוד) און זיין פרוי וויוויען. זיצנדיק פון רעכטס צו לינקס: מיינע אייניקלעך ראבערט, סאנדרי, ניעל און איך (אין מיטן).

און וויצן. אַט אַזוי האָט מען געלעבט צווישן פריינד, און די קינדער זיינען געוואָרן גרעסער און מען פלעגט זיי נישט דאַרפן היטן ביינאַכט, פלעגן מיר גיין צו פאַרשיידענע אונטערנעמונגען. איך פלעג איר נעמען צו די יוניאָן־באַנקעטן, ספּעציעל פון לאָקאַל 9, זי פלעגט דאָרטן זינגען, אַלע האָבן איר ליב געהאַט. איך האָב זי אויך מיטגענומען צו דער קאָנווענשאָן אין שיקאַגע אין 1934 און מיר האָבן דאָרט פיין פאַרבראַכט. אַלץ איז געווען פיין. מיין טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט בען גאַרדנער, אַ דאָקטער. מיין טאָכטער האָט צוויי קינדער אַ מיידל סאַנדראַ, און אַ ייִנגל ראָבערט, זיי זיינען שוין איצט אונטערגעוואַקסן און זיי לערנען זיך זייער גוט. מיין זון האָט חתונה געהאַט (זיין פרוי הייסט וויוויען), ער אַרבעט פאַר דער רעגירונג און ער האָט אַ זון ניעל, וואָס גייט שוין זיך לערנען אין קאָלעדזש. מיינע קינדער זיינען אינטעליגענטע און פיינע מענטשן, דאָס איז דער עיקר צו פאַרדאַנקען מיין פרוי, וואָס זי האָט זיי דערצויגן אויף אַן אינטעליגענטן אופן און אין סאָציאַליסטישן גייסט. אַלץ איז געווען גוט און פריילעך אין הויז און עס איז געווען אַ פאַרגעניגן — ביז עס איז געקומען די צווייטע וועלט־מלחמה און אַלץ איז געוואָרן צעשטערט. מיינע ביידע זין האָט מען גענומען אין דער מלחמה, אויך מיין איידעם האָט מען גענומען אין דער מלחמה, ס'איז געוואָרן אויס פאַרגעניגן. מיין ייִנגערער זון משה איז גענומען געוואָרן אין דער נייווי און ער איז דערהרגעט געוואָרן, ער איז צעריסן געוואָרן אויף שטיקער פון דינאַמיט פון אַ יאַפּאַנישער קריגשיף, דעם 18טן מאַי 1945. מען קען זיך פאָרשטעלן ווי מיר האָבן געליטן פון דעם אומגליק, אָבער מיין פרוי האָט גאָר שטאַרק געליטן פון דעם טויט פון אונדזער זון. זי האָט נאָך פאַר מענטשן געדאַרפט ווייזן אַ פריילעך פנים, מען זאָל פון איר ניט אַנטלויפן, ווייל זייטיקע מענטשן ווילן ניט הערן פון פרעמדע צרות, זי האָט דעם ווייטיק געטראָגן ביי זיך אין האַרצן, אפילו אין אונדזער הויז האָט זי זיך באַמיט דער טרויער זאָל זיין אַ שטילער, זי האָט ניט דערמאָנט משהס נאָמען, אָבער אין האַרצן האָט זי געטראָגן אַ טיפן ווייטיק, ביז זי איז געוואָרן קראַנק אויפן האַרצן. צוויי יאָר איז זי געווען קראַנק, איך האָב זיך באַמיט זי צו ראַטעווען, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן, זי איז געשטאָרבן דעם 17טן יאַנואַר 1952. ווען זי איז געשטאָרבן האָב איך געקראָגן אַ האַרץ־אַטאַקע און מען האָט מיך צוגענומען אין שפּיטאָל. איך האָב אפילו ניט געקענט קומען צו איר לוויה און זען איר צום לעצטן מאָל. אָבער איך וועל איר אין מיין לעבן קיינמאָל ניט פאַרגעסן. ווען איך טראַכט וועגן איר שטייט זי מיר לעבעדיק פאַר די אויגן מיט איר פריילעכקייט, מיט איר זינגען, מיט איר גוטסקייט.



מיין זון מאָרי (משה) אין דער אַמעריקאַנער נייווי,
אומגעקומען אויף אַ דעסטראָיער ביי אָקינאַוואַ, דעם 18טן מאַי 1945.

*
**

אין 1935 איז חיים פעלדמאַן געפאָרן צו גאַסט קיין קרעמענטשוג (רוס־לאַנד) מיט זיין פרוי זשעני. ווען ער איז געקומען צוריק קיין אַמעריקע, האָט ער מיר אָפּגעגעבן אַ גרוס פון מיין ברודער יחיאליק און מיין שוועסטערביילקע און מיין שוואָגער משה מידוואדאווסקי. ער האָט מיר דערציילט, אַז מיין שוואָגער איז שטאַרק פאַרעלטערט געוואָרן, ער קוקט אויס ווי אַ מענטש פון 90 יאָר (ער איז אַ סך יינגער פון מיר). אויך האָט ער דערציילט, אַז מיין שוואָגער ווערט נאָך אַלץ פאַרפאָלגט, דערפאַר וואָס ער איז געווען אַ סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער און איז געזעסן אין טורמע פאַר זיין רעוואָלוציאָנערער אַרבעט אין קאַמף קעגן צאַריזם אין רוסלאַנד. מען לאָזט אים נישט פריי זיך באַוועגן, ער טאָר נישט אַרויספאָרן פון קרעמענטשוג, ער לעבט אויך אין גרויס נויט. מען פאַרפאָלגט אים אויך דערפאַר וואָס ער באַלאַנגט נישט צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אַ געוויסע צייט האָב איך געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט מיין שוואָגער. דאָס האָט געדויערט ביז נאָך לענינס טויט, אָבער ווען צו דער הערשאַפט איז געקומען דער סטאַלין־רעזשים, איז איבערגעריסן געוואָרן יעדע פאַרבינדונג מיט מיין גאַנצער פאַמיליע. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוואוסט איז מיין גאַנצע פאַמיליע דאָרט אויסגעמאָרדעט געוואָרן דורך די קאָמוניסטן. עס איז געווען אַ גרויסער פעלער פון מיין ברודער, וועלכער איז געווען אין אַמע־ריקע אין יאָר 1907, אָבער איז מיט אַ יאָר שפּעטער צוריקגעפאָרן קיין רוס־לאַנד, טראָץ דעם וואָס איך און מיין פרוי האָבן אים געבעטן אַז ער זאָל נישט צוריקפאָרן, אָבער ער האָט אונדז ניט געהערט און איז צוריק אַוועק קיין רוסלאַנד. מען האָט אים דאָרט אַוועקגעשיקט אין סיביר, נאָענט פון יאַפּאַן, דינען אין דער אַרמיי. ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, איז ער מאָביליזירט געוואָרן און איז פאַרוואונדעט געוואָרן, ער איז באַ־פרייט געוואָרן אויף אַ יאָר צייט ביז וואַנען ער וועט געזונט ווערן. דער־ווייל איז אויסגעבראָכן די רוסישע רעוואָלוציע, און מיין ברודער יחיאליק איז פאַרבליבן אין רוסלאַנד.

מיין שוואָגער משה מידוואדאווסקי איז פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געפאָרן קיין אַרגענטינע, איך האָב אים געראָטן צו קומען קיין אַמעריקע, און אויב ער האָט נישט קיין געלט וועל איך אים שיקן, כדי ער זאָל קענען זיין מיט אונדז, אָבער ער האָט אונדז נישט געהערט און איז צוריק אַוועק קיין רוסלאַנד. ווען די רוסישע רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן, אין 1917, האָבן מיר מיינע עלטערן געשריבן פון רוסלאַנד, אַז איך זאָל מיט מיין פאַמיליע קומען צוריק קיין קרעמענטשוג, ווייל עס וועט זיין זייער גוט אין רוסלאַנד, עס איז שוין פאַראַן פּאָליטישע פרייהייט פאַר יעדן איינעם

און ספּעציעל פאַר די יידן, וועלכע וועלן האָבן די זעלבע רעכט ווי אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. יידן וועלן קענען וואוינען איבער גאַנץ רוסלאַנד און זייער לאַגע וועט זיך אין גאַנצן פאַרבעסערן. עס וועט זיין דאָרט פיל בע־סער ווי אין אַמעריקע און דערפאַר ווילן זיי אַז איך מיט מיין פאַמיליע זאָלן קומען צו פאָרן אַהיים קיין קרעמענטשוג, און די גאַנצע משפחה וועט זיין צוזאַמען און נישט צעשיידט. זיי זיינען שוין אַלטע מענטשן, זיי האָבן שוין זייער הויז אויסגעצאָלט, זיי זיינען שוין קיינעם נישט שולדיק. זיי האָבן אויך געשריבן, אַז אַלע געוועזענע פּאָליטישע אַרעסטירטע זיינען באַפרייט געוואָרן דורך דער קערענסקי־רעגירונג און אַלע קרעמענטשוגער אַרעס־טירטע זיינען צוריק געקומען אַהיים און זיי האָבן געפייערט דעם גרויסן זיג פון באַפרייאונג. עס איז זייער אַ גוטע און פריילעכע שטימונג ביי אַלע



מיין ברודער יחיאל מיט זיין פאַמיליע אין קרעמענטשוג, אין די 20ער יאָרן. מיין ברודער איז געווען אַ סאָציאַליסט. צי זיי לעבן ווייס איך נישט

סאָציאַליסטן, און צווישן די יידן — אוודאי. זיי האָבן געבעטן אין די־שולן פאַר קערענסקיס רעגירונג.

ווען איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך באַשלאָסן צוריקצופאָרן קיין קרעמענטשוג, אָבער מיין קלוגע פרוי האָט מיך אָפּגעהאַלטן, זאָגנדיק, אַז מען זאָל נאָך צו וואַרטן און דערווייל נישט פאָרן. העכסטנס, האָט זי געזאָגט, זאָל זי אפשר אַליין פאָרן צו גאַסט און זעען צי עס לוינט זיך טאַקע צוריקצופאָרן קיין רוסלאַנד מיט דער גאַנצער פאַמיליע. איידער מען טוט אַזאַ שריט דאַרף מען פריער זיך גוט באַרעכענען. מיר זיינען דערוואַקסענע מענטשן און מוזן זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אונדזערע קינדער מיט די טריט וואָס מיר גייען אונטערנעמען. דאָס זיינען געווען מיין קלוגער פּעניס רייד. איך האָב זיך צוגעהערט צו איר עצה און ניט געפאָרן.

זעקס חדשים שפּעטער האָבן איך דערהאַלטן אַ בריוו פון מיין שוואָגער, אַז עס קומט אַן אומגליק אויף רוסלאַנד. די באָלשעוויקעס מיט לענין אַלס פירער רייסן זיך צום איבערנעמען די גאַנצע רעגירונג מיט געוואַלט. זיי ווילן צעשטערן די פּאָליטישע פרייהייט, וואָס מיר האָבן באַקומען אין רוסלאַנד און ווילן אַזוי אַרום אַרויסרופן אַ בירגער־קריג. אויב עס וועט געלונגען די באָלשעוויקעס צו פאַרכאַפּן די מאַכט וועט פאָרקומען אַ קאַמף צווישן די באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס און אין רעזולטאַט קענען פינצטערע עלעמענטן באַקומען די אויבער־מאַכט און עס וועט זיך גיסן אומזיסט בלוט אין רוסלאַנד. מיין שוואָגער האָט פאָראויס זיך דערקענט אויף דער ליגנערישער פּאָליטיק פון די קאָמוניסטן.

מיין ליבע פרוי איז, הייסט עס, געווען גערעכט ווען זי האָט נישט גע־וואָלט צוריקפאָרן קיין רוסלאַנד. און ווען איך זאָל איר נישט פאָלגן, וואָלט מיט אונדז געווען די זעלבע זאַך, וואָס איז געשען מיט מיין פריינד יאַנקל דראבקין, וועלכער האָט קיינעם ניט געוואָלט פאָלגן און איז אַוועק קיין רוסלאַנד. ער איז געווען אַ פאַרביטערטער קעגנער פון די קאָמוניסטן. ווען ער איז געקומען קיין רוסלאַנד זיינען די קאָמוניסטן שוין געשטאַנען פעסט ביי דער מאַכט. ער האָט שטאַרק קריטיקירט דעם קאָמוניסטישן טעראָר און זייער ברוטאַלקייט צו סאָציאַליסטן וואָס זיינען מיט זיי נישט מסכים. זיין סוף איז געווען אַ שלעכטער: ער איז דערהרגעט געוואָרן דורך די קאָמוניסטן און זיין פאַמיליע איז געבליבן ווי אויפן וואַסער, אָן מיטלען צום לעבן. זיין פרוי האָט געשריבן צום אָנקל קיין אַמעריקע, אַז זי איז פאַרבליבן אומגליקלעך מיט אירע צוויי קליינע קינדער. פאָרן צוריק קענען זיי נישט. אירע בריוו זיינען געווען זייער ביטערע. זי האָט זייער באַדויערט איר מאַנס האַנדלונג וואָס האָט געבערענגט צו זיין טראַגעדיע און האָט אומגליקלעך געמאַכט זיין פאַמיליע.

איך וויל צוגעבן, אַז וויפל מאָל איך האָב זיך צוגעהערט צו די קלוגע רייד פון מיין געטרייער, ליבער פרוי פּעני, האָב איך אויסגעמיטן אַסך אומגליקן.

קאַפּיטל 44

# מענטשן, פּאַסירונגען און מיינונגען

אין 1936 איז ברעסלאַוו, דער מענעדזשער פון לאָקאַל 35, געפאָרן קיין רוסלאַנד. ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער ביים דזשאָינט־באָרד פון דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון זיין רייזע. דער סך־הכל פון זיין באַריכט איז געווען, אַז עס איז דאָרטן ניט אַזוי שלעכט ווי מען רעדט אין אַמעריקע. האָט מען ברעסלאַוון געפרעגט אַ סך פראַגן. ער האָט געענטפערט, אַז ער איז געגאַנגען וואו נאָר ער האָט געוואָלט גיין און ער האָט אַלץ געזען. האָב איך ברעסלאַוון געפרעגט ווי לעבן דאָרט די אַר־בעטער, האָט ער געענטפערט, אַז די קאָמוניסטישע רעגירונג זאָרגט דערפאַר, אַז די אַרבעטער זאָלן קענען מאַכן אַ לעבן, ווייל אַלע אַרבעטן, מאַן און פרוי. האָב איך ברעסלאַוון ווייטער געפרעגט ווי קען אַן אַרבעטער מאַכן אַ לעבן אין רוסלאַנד, ווען זיי פאַרדינען פון 150 ביז 300 רובל אַ חודש, האָט ער מיך געפרעגט פון וואַנען איך ווייס דאָס. האָב איך אים געזאָגט, אַז מיינער אַ גוטער פריינד פון קרעמענטשוג איז נאָר וואָס געקומען פון רוסלאַנד, האָט ער מיר דערציילט, אַז די אַרבעטער שטאַרבן פון הונגער, זיי קענען נישט מאַכן קיין לעבן. עס אַרבעטן טאַקע די פרויען און מענער, אָבער צוזאַמען פאַרדינען זיי קוים אויפן טאָג־טעגלעכן לעבן און זיי גייען אַרום אין אָפּגעריסענע קליידער, זיי האָבן נישט קיין שיך אָנצוטאָן, ווייל עס קאָסט אַ פאַרמעגן צו קויפן אַ פּאָר שיך.

מיין פריינד האָט מיר טאַקע דערציילט, אַז ער איז געווען אין ניקאָ־לאַיעוו אין אַ פאַבריק פון שיך. דאָרטן האָבן געאַרבעט 500 פרויען. זיי האָבן פאַרדינט פון 150 ביז 300 רובל אַ חודש און אַ פּאָר שיך האָט געקאָסט 200 רובל. אויב אַן אַרבעטער האָט געקויפט אַ פּאָר שיך, האָט ער געדאַרפט אַרבעטן אַ גאַנצן חודש אויף די זעלביקע פּאָר שיך. פון וואָס־זשע האָבן זיי געקענט לעבן אַ גאַנצן חודש?

דאָס איז געווען מיין פראַגע צו ברעסלאַוון, האָט ער מיר געענטפערט: „אויב איך געפעלט נישט מיין באַריכט, פאָרט קיין רוסלאַנד, וועט איר זען". י. פאָגעל, דער אַרבעטער־רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס" האָט אים קריטיקירט פאַר אָפּגעבן אַ פאַלשן באַריכט וועגן רוסלאַנד.

ביי די קאָמוניסטן האָט ברעסלאַוו שטאַרק אויסגענומען מיט זיין באַ־ריכט פון רוסלאַנד. די קאָמוניסטן האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן אים, דעם מע־נעדזשער פון לאָקאַל 35, זיי האָבן פאַרגעסן ווי זיי האָבן אים, אין 1925, אַטאַקירט מיט די ערגסטע ווערטער און איצט האָבן זיי אָנגעהויבן אים צו לויבן, אַז ער איז דער בעסטער מענעדזשער וואָס איז ווען עס איז געווען

אין לאָקאַל 35. זינט דעמאָלט האָבן זיי מער ניט געזאָגט קיין שלעכט וואָרט אויף ברעסלאַוון אַלס מענעדזשער. ער פלעגט זיי פון צייט צו צייט צו־וואַרפן אַ ביינדל, און זיי פלעגן דערמאָנען זיין נאָמען אין די קאָמוניסטישע צייטונגען „די פרייהייט" און „פיס ענד דעמאָקראַסי". אין דער יוניאָן האָט ברעסלאַוו געהערט צו די קאָנסערוואַטיווע פירער, אָבער די קאָמו־ניסטן האָבן קיינמאָל ניט געזאָגט קיין שלעכט וואָרט אויף אים, בלויז דערפאַר וואָס ער האָט געזאָגט אַ פּאָר גוטע ווערטער וועגן ראַטן־רוסלאַנד. אַזוי האָט אָנגעהאַלטן די שטילע פריינטשאַפט די גאַנצע צייט, ביז ברעס־לאַווס טויט אין 1957.

אפילו ווען ברעסלאַוו איז געוואָרן אַ שטאַרקער אָנהענגער פון מדינת־ישראל און איז נאָך געוואָרן דער טשערמאַן פון דער אַרבעטער־דיוויזיע צו העלפן מדינת־ישראל, און אפילו ווען ער האָט אַרויפגעלייגט אַ שטענ־דיקן יערלעכן אָפּצאָל לטובת מדינת־ישראל אויף די מיטגלידער פון זיין לאָקאַל 35, האָבן די קאָמוניסטן נאָך אַלץ ניט געזאָגט קיין שלעכט וואָרט אויף ברעסלאַוון, כאָטש זיי זיינען שוין דעמאָלט געווען — לויט דער רוסי־שער ליניע — שאַרפע קעגנער פון מדינת ישראל.

עס שטעלט זיך די פראַגע: פאַרוואָס האָט ברעסלאַוו געריסמט רוס־לאַנד און געווען אַזוי מילד צו די קאָמוניסטן? מיין פערזענלעכע מיינונג איז, אַז ברעסלאַוו האָט דאָס געטאָן נאָר צוליב פּאָליטיק, אַז די קאָמוניסטן זאָלן אים ניט אַטאַקירן אין דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן. ברעסלאַוו איז ניט געווען קיין נאַרישער מענטש, ער האָט פאַרשטאַנען וואָס פּאָליטיק איז און ווי מען פירט פּאָליטיק.

*
**

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין אַמעריקע געווען אַ גרויסער דוחק אין אַ סך פּראָדוקטן. מענטשן זיינען געשטאַנען אין די רייען אַרום די גרויסע געשעפטן שעהן־לאַנג צו קענען קריגן אַביסל צוקער. מען איז גע־שטאַנען אין די רייען אין קעלט און אין שנייען, צו קענען קריגן אַביסל קוילן, מען זאָל קענען אָנוואַרעמען דאָס הויז פאַר די קליינע קינדער. עס איז געווען אַ שלעכטע צייט אין אַמעריקע און ספּעציעל אין דעם גרויסן ניו־יאָרק. ביי דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען די אָרעמקייט נאָך ערגער. עס איז געווען שווער צו קריגן עסנוואַרג. די קליינע גראָסערי־לייט האָבן געריסן די הויט פון די קונים, ווייל זיי פלעגן פאַרקויפן די אַרבעטער אויף באָרג און דער מענטש איז געווען געצוואונגען צו קויפן ביי דעם גראָסערי־מאַן, וואָס האָט אים פאַרקויפט אויף קרעדיט. לאָקאַל 35 האָט דעמאָלט געהאַט זיין אָפיס אויפן ראָג 2טע עוועניו און 14טע גאַס. אין זעלבן הויז וואו עס

האָט געהאַט זיין אָפּיס דער לאָקאַל 9. דאָרטן האָט געאַרבעט אַ פינאַנס־סעקרעטאַר מיטן נאָמען אברהם קייזין. ער איז געווען טעטיק אין דער קאָאָפּעראַטיווער־באַוועגונג פון אַמעריקע. קייזין האָט אין 1914, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איינגעפירט אַ קאָאָפּעראַטיוו אין לאָקאַל 35 און אויך מיטגלידער פון לאָקאַל 9 האָבן דאָרט געקאָנט קויפן עסנוואַרג פאַר ביליקער און דערצו האָט מען נישט געדאַרפט שטיין אין דער ריי אויף דער גאַס אין קעלט און וואַרטן צו קענען קריגן אַביסעל צוקער. די מיטגלידער פון דער יוניאָן זיינען דערפון געווען זייער צופרידן. קייזינס קאָאָפּעראַטיוו האָט אַפילו פאַרקויפט מצות אויף פסח. אָבער ברעסלאַוו, דער מענעדזשער פון לאָקאַל 35, איז נישט געווען צופרידן מיט קייזינס קאָאָפּעראַטיוו. האָט פּאַסירט אַמאָל אַ פאַל אין וועלכן קייזין איז ניט געווען איינשטימיק מיטן מענעדזשער ברעסלאַוו. געווען איז דאָס בעת אַ שטרייק אין 1919. און צווישן קייזינען און ברעסלאַוון איז פאַרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס. עס האָבן זיך אויסגעבילדעט צוויי פראַקציעס אין דער עקזעקוטיוו־באָרד. איין טייל מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע זיינען געווען איינשטימיק מיט קייזינען. און דער צווייטער טייל איז געווען מיטן מענעדזשער ברעסלאַוו. דער קאָנפליקט האָט זיך כסדר פאַרשאַרפט, ביז עס איז דערגאַנגען צו דעם, אַז מען האָט איין מאָל אַרגומענטירט נישט בלויז מיט אַרגומענטן, נאָך אויך מיט די הענט... קייזין האָט געמוזט רעזיגנירן און די קאָאָפּעראַטיווע סטאָר אין לאָקאַל 35 איז צונישט געוואָרן. די עקזעקוטיוו־באָרד־מיטגלידער, וואָס זיינען געווען אויף קייזינס זייט, זיינען פאַרפאָלגט געוואָרן. איך געדענק נאָך אַ טייל נעמען פון עקזעקוטיוו־באָרד־מיטגלידער, וואָס זיינען געווען קייזינס אָנהענגער: הענדלמאַן, וואָס איז געווען טשערמאַן פון לאָקאַל 35, קימביראָווסקי, פריינט, פיליפּ בעלקין, בלאַק, מאָריס סלאַווין, מאַקס ברוקמאַן, אייזנשטאַט, גאָלדאָווסקי און וויכטער. מאָריס זיגמאַן איז געווען זייער אין כעס אויף ברעסלאַוון פאַר וואָס ער האָט דערפירט דערצו אַז אברהם קייזין האָט געדאַרפט רעזיגנירן אַלס פינאַנס־סעקרעטאַר פון לאָקאַל 35

אַברהם קייזין איז געוואָרן דער סעקרעטאַר פון דער אַמאַלגאַמייטעד דזשאָינט־באָרד קרעדיט יוניאָן, פון קאַטערס לאָקאַל 4. אַברהם קייזין האָט די קליינע קרעדיט־יוניאָן ביסלעכווייז אַנטוויקלט און זי געמאַכט פאַר אַ גרויסע קרעדיט־יוניאָן. ער איז געוואָרן סעקרעטאַר פון דער יוניאָן. ער האָט זיך באַמיט אַריינצוקריגן נאָך מיטגלידער פון דער אַמאַלגאַמייטעד, וואָס זאָלן אים אַקטיוו העלפן אין דער אַרבעט צו פאַרגרעסערן די קרעדיט־יוניאָן: איינער פון זיי איז געווען סאַלין — שפּעטער, קייזינס אַסיסטענט־מענעדזשער פון די קאָאָפּעראַטיווע הייזער אין וואַן־קאָרטלאַנד פּאַרק, — העלער, וויסמאַן און אַנדערע. קייזין פלעגט אויך פירן אַ קאָאָפּעראַטיווע טעטיקייט אין דער אַמאַלגאַמייטעד־יוניאָן גופא. ער פלעגט איינקויפן קוילן און פאַר־

קויפן זיי צו די מיטגלידער פון דער יוניאָן פאַר אַ ביליקערן פרייז, און די קרעדיט־יוניאָן פלעגט אויסלייגן דאָס געלט. קייזין האָט איבערצייגט אַ גרופּע מענטשן פון דער קרעדיט־יוניאָן אַז מען דאַרף זיך אויך אונטערנעמען צו בויען קאָאָפּעראַטיווע הייזער, ווייל עס פעלן הייזער אין ניו־יאָרק און מענטשן האָבן שוועריקייטן צו געפינען אַ לייטישע וואוינונג. אין אָנהייב האָבן זיי געוואָלט בויען קליינע פאַמיליע־הייזער, אָבער זיי האָבן זיך באַ־רעכנט אַז דאָס איז נישט פּראַקטיש און זיי האָבן באַשלאָסן צו בויען גרויסע אַפּאַרטמענט־הייזער. קייזין מיט דער גרופּע האָבן זיך באַמיט איבערצוצייגן דעם פּרעזידענט פון דער „אַמאַלגאַמייטעד" סידני הילמאַן, אַז ער זאָל איינשטימען אויף דעם פּראָיעקט. אין אָנהייב איז ער געווען סקעפּטיש, אָבער שפּעטער האָט ער צוגעשטימט צום פּלאַן צו בויען קאָאָפּעראַטיווע הייזער אויפן נאָמען פון דער אַמאַלגאַמייטעד־יוניאָן. קייזין מיט דער גרופּע מענטשן האָבן געקויפט באָדן אין וואַן־קאָרטלאַנד פּאַרק. עס האָט זיך געטאָן אַ וועלט. ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ מעלדונג אין „פאָרווערטס" און אין אַנדערע צייטונגען, אַז מען וועט בויען קאָאָפּעראַטיווע הייזער און ווער עס וויל, קאָן באַלייגן אַן אַפּליקאַציע אויף אַ וואוינונג. אָבער מען האָט געדאַרפט איינצאָלן 500 דאָלער פאַר אַ צימער און מענטשן האָבן נישט געהאַט קיין געלט איינ־צוצאָלן. האָט די קרעדיט־באַנק פון דער אַמאַלגאַמייטעד־יוניאָן אויסגעלייגט דאָס געלט מיטן באַדינג, אַז די הלוואה וועט ווערן אויסגעצאָלט אין חודשלעכע ראַטעס מיטן דירה־געלט. אָבער די באַנק האָט נישט געקאָנט אויסלייגן אַזויפיל געלט, האָבן וולאַדעק און אַדאָלף העלד פון „פאָרווערטס" זיך פאַר־אינטערעסירט מיט קייזינס פּראָיעקט און האָבן געהאָלפן קייזינען צו בויען די קאָאָפּעראַטיווע הייזער. דער „פאָרווערטס" האָט אויסגעבאָרגט 250.000 דאָלער פאַר די אַפּליקאַנטן אויף וואוינונגען אין די קאָאָפּעראַטיווע הייזער. אין 1927 האָט אברהם קייזין אָנגעהויבן צו בויען די ערשטע הייזער. ער האָט געהאַט שוועריקייטן מיטן ערשטן הויז, אָבער ער איז בייגעקומען אַלע שוועריקייטן און די אַמאַלגאַמייטעד־הייזער זיינען געוואָרן זייער פּאָפּולער. מענטשן האָבן גענומען לויפן באַלייגן אַפּליקאַציעס אויף וואוינונגען און קייזין האָט גענומען ווייטער בויען הייזער אין דער זעלבער געגנט פון וואַן־קאָרטלאַנד פּאַרק. וולאַדעק און העלד זיינען געוואָרן מיטגלידער פון דער „באָרד אָוו דירעקטאָרס" פון די אַמאַלגאַמייטעד־הייזער. קייזין האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט ביים ערשטן הויז נאָר ער האָט באַלד נאָך דעם גענומען זיך צו בויען נייע הייזער. ווען עס איז אויסגעבראָכן דער גרויסער קריזיס פון 1929, וואָס האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע יאָר, איז אויך פאַר די אַמאַלגאַמייטעד־הייזער אָנגעקומען אַ שלעכטע צייט. מענטשן האָבן נישט געהאַט קיין געלט צו צאָלן רענט, אָבער קייזין און סאָלין האָבן קיינעם נישט אַרויסגעוואָרפן פון די הייזער, נאָר פאַרקערט — זיי האָבן געהאָלפן אַ סך מענטשן פון די

הייזער איבערצוקומען די שלעכטע צייט. צוליב פאַרשיידענע סיבות אין שייכות מיט דער שלעכטער צייט, האָבן אַ טייל איינוואוינער געמוזט אַרויס־ציען זיך פון די וואוינונגען, אָבער דאָך זיינען די קאָאָפּעראַטיווע הייזער אַרויס מיט גאַנצע ביינער פון דער קריטישער צייט. עס קומט דערפאַר גרויס קרע־דיט אברהם קייזינען, וואָס די הייזער זיינען אַרויס געזונט פון דער שלעכטער צייט, ווייל אין דער זעלבער צייט זיינען פיל אַנדערע הייזער אין ניו־יאָרק געגאַנגען באַנקראָט. קייזין האָט אין אַ ווילדעניש, וואָס עס איז דעמאָלט גע־ווען די וואַן־קאָרטלאַנד־פּאַרק־געגנט, אויסגעבויט אַ גאַנצע שיינע שטאָט מיט אַ סך הייזער. איצט האָט די שטאָט ניו־יאָרק אויסגעבויט שיינע וועגן אַרום די הייזער און שפּיל־פּלעצער פאַר קינדער און אַ גרויסע פּאָלקס־שול. מיר זיינען איצט אַ שיינע „קאָמיוניטי" מיט רייכע, פאַרשיידנאַרטיקע אַקטיווי־טעטן.

אברהם קייזין האָט געקראָגן אַ גרויסן נאָמען אין אַמעריקע אַלס ספּע־ציאַליסט אויפן געביט פון בויען קאָאָפּעראַטיווע הייזער, די פּאַרוואַלטונג פון דער שטאָט ניו־יאָרק האָט אים אויך אָנערקענט אַלס אַ ספּעציאַליסט פאַר בויען קאָאָפּעראַטיווע הייזער. איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צווישן די טרייד־יוניאָנס צו בויען קאָאָפּעראַטיווע הייזער פאַר זייערע מיט־גלידער, יעדע יוניאָן וויל אַז קייזין זאָל פאַר זיי בויען די קאָאָפּעראַטיווע הייזער. אויך דער אַרבעטער־רינג איז צוגעטראָטן צו בויען קאָאָפּעראַטיווע הייזער דאַון־טאַון. קייזין איז אַ אידעאַליסטישער מענטש און ער האָט זיין גאַנץ לעבן אָפּגעגעבן דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג.

אַזוי האָט אַן אַמאָליקער קליינער יוניאָן־באַאַמטער דורך אומדערמיד־לעכער אַרבעט און אידעאַליזם דערגרייכט צו אַ גרויסן אָנזען און אַ גרויסן נאָמען אַלס איינער פון די וויכטיקסטע פּיאָנערן פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַוועגונג אין אַמעריקע.

***

סידני הילמאַן, דער ערשטער און לאַנגיאָריקער פּרעזידענט פון דער „אַמאַלגאַמייטעד", האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן פאַר זיין יוניאָן און ער האָט אַ סך אויפגעטאָן פאַר פאַרבעסערן די לעבנס־באַדינגונגען פון די מענער־שניידער־אַרבעטער. אָבער אין דער אַלגעמיינער פּאָליטישער טעטיקייט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג האָט ער געטאָן אַ סך פעלערן און ער האָט אָפּט־מאָל געשפּילט אַ שעדלעכע ראָלע. זיין גרעסטער פעלער איז געווען דאָס, וואָס ער האָט אין אַ סך פאַלן געשטיצט די קאָמוניסטן.

אין 1922 האָט די קליוולענדער קאָנווענשאָן פון דער „אַמאַלגאַמייטעד", וואָס איז שוין דעמאָלט פעסט געשטאַנען אונטער זיין פירונג, באַשטימט אַ סובסידיע פון 3000 דאָלער פאַר דער קאָמוניסטישער „פרייהייט". גראָד

איז דאָס געקומען אין אַ צייט ווען די קאָמוניסטן האָבן אַזוי ביטער באַקעמפט די „אינטערנאשאנאל" און די קלאָוקמאַכער־יוניאָן. ווען עס איז שפּעטער געגרינדעט געוואָרן די לייבאָר־פּאַרטיי (וואו דובינסקי און אַלעקס ראָוז האָבן געשפּילט אַ פירנדיקע ראָלע) און עס האָט זיך צעפלאַקערט אַ קאַמף צווישן די „רעכטע" אין די קאָמוניסטן פאַר דער מאַכט אין דער לייבאָר־פּאַרטיי, האָט הילמאַן דעמאָלט געשטיצט די קאָמוניסטישע פראַקציע און אויף אים פאַלט אַ גרויסע טייל שולד דערפאַר וואָס די קאָמוניסטן האָבן פאַרכאַפּט די לייבאָר־פּאַרטיי.

פאַר וואָס האָט סידני הילמאַן דאָס אַלץ געטאָן, ווייל ער איז געווען אַ קאָמוניסט אָדער זייערס אַ סימפּאַטיקער? — זיכער נישט. מיין מיינונג איז אַז איינע פון די הויפּט־סיבות איז געווען אַ קאַמף וואָס שייך געוויסע טרייד־פּראָבלעמען וואָס איז אָנגעגאַנגען אין דער שטיל צווישן די „אינטערנאשאנאל" און די „אַמאַלגאַמייטעד". די „אַמאַלגאַמייטעד" האָט אָנגעהויבן צו מאַכן קלאָוקס אין זייערע שעפּער און דער דזשאָינט־באָרד פון די קלאָוקמאַכער מיט דער „אינטערנאשאנאל" האָבן פּרובירט מיט פאַרשיידענע מיטלען, מיט גוטן און מיט בייזן, אָפּצושטעלן די „אַמאַלגאַמייטעד"־שעפּער, זיי זאָלן נישט מאַכן קיין קלאָוקס, ווייל זיי האָבן געמאַכט די אַרבעט זייער ביליק (ביי די קלאָוקמאַכער־יוניאָן איז געווען אַ העכערער פּרייז ווי ביי דער „אַמאַלגאַ־מייטעד)". די „אַמאַלגאַמייטעד" האָט זיך אָבער נישט גערעכנט מיט דער פאָדערונג פון דער „אינטערנאשאנאל" און דערפאַר איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישן בײדע יוניאָנס. די „אינטערנאשאנאל" איז געווען אַקטיוו אין דער לייבאָר־פּאַרטיי און האָט דאָרט באַקעמפט די קאָמוניסטן, האָט פּרעזידענט הילמאַן פון דער „אַלמאַגאַמייטעד" פונקט פאַרקערט, געשטיצט די קאָמוניסטן. הילמאַן איז מיט דעם באַגאַנגען אַ פאַרברעכן קעגן דער אַרבעטער־באַוועגונג. איך מוז זאָגן דעם אמת, אַז ער האָט צוליב דעם איבערגעלאָזן אַ פאַרביטערט־קייט צווישן די אַרבעטער און אין די באַציאונגען צווישן דער „אינטערנאַ־שאנאל" און דער „אַמאַלגאַמייטעד". נאָך זיין טויט, ווען דזשייקאָב פּאָטאָווסקי איז געוואָרן פּרעזידענט פון דער „אַמאַלגאַמייטעד", זיינען די באַציאונגען צווישן די צוויי גרויסע יוניאָנס אַ סך בעסער געוואָרן.

***

איך וויל דאָ דערציילן וועגן צוויי מענטשן, קאָמוניסטן, וועלכע זיינען געווען קרבנות פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און זייער לעבן איז צוליב דעם רואינירט געוואָרן.

איינער פון זיי, מיטן נאָמען שאַלאכמאַן, איז געווען אַ מיטגליד פון לאָ־קאַל 9. ער איז געווען אַ שטילער, ערלעכער מענטשן און אַ גוטער סאָציאַ־ליסט. שאַלאכמאַן איז געוואָרן אַ קאָמוניסט און אַוועקגעפאָרן קיין רוסלאַנד.

זוען ער איז צוריקגעקומען פון רוסלאַנד איז ער געוואָרן אַ גרויסער אַרייַנ־גייער אין דער רעדאַקציע פון דער „פרייהייט״. מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ שטיקל קאָמיסאַר. ער פלעגט כסדר אַרומגיין מיט אַ שטעקן אין האַנט. ווען סטאַלין האָט געמאַכט דעם פאַקט מיט היטלערן און עס איז געוואָרן אַ גרויסער טומל אויף דער וועלט און אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָבן די קאָמוניסטן אַרונטערגעשלונגען דעם ביטערן פיל און האָבן נאָך דערצו געזאָגט אַז דאָס איז אַ געשמאַקער מאכל. אויף שאלאכמאנען האָט דאָס אָבער געמאַכט אַ מוראדיקן איינדרוק. אַ געוויסן טאָג איז ער געקומען אין הויז פון דער „פרייהייט״, אין אַרויף אויפן דאַך און האָט זיך אַרונטערגעוואָרפן. ער האָט זיך גענומען דאָס לעבן אַלס פראָטעסט קעגן סטאַלין־היטלער פאַקט. אַזוי אַרום איז ער געוואָרן אַ קרבן פון דער קאָמוניסטישער אידעע. איך האָב אים זייער גוט געקענט איידער ער איז געוואָרן אַ קאָמוניסט. ער איז געווען אַ שטילער און ערלעכער מענטש און אין יענער צייט — אַ גוטער סאָציאַ־ליסט.

דער צווייטער קרבן פון די קאָמוניסטן איז אויך געווען אַ מיטגליד פון לאָקאַל 9. זיין נאָמען איז געווען שאַפּיראָ. מיר פלעגן אים רופן שאַפּירקע. ער איז געווען אַ ביטערער מענטש. אויף די מיטינגען פון לאָקאַל 9 איז ער אַלעמאָל מיט ביטערקייט אַרויסגעטראָטן קעגן דער יוניאָן. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער „טרייד־יוניאָן עדיוקיישאָנעל ליג״. אָבער צי ער האָט באַלאַנגט צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אָדער געווען בלויז זייער אַ נאָכ־לויפער, ווייס איך נישט. נאָר ביי די יוניאָן־מיטינגען פון לאָקאַל 9 האָט ער גערעדט ווי אַ קאָמוניסט. איך און סאָלאָמאָן בענדער פלעגן כסדר האָבן מיט אים צוזאַמענשטויסן ביי די מיטינגען פון אונדזער לאָקאַל.

אין 1924, בעת דער באָסטאָנער קאָנווענשאָן, האָט שאַפּיראָ געמאַכט אַן אָנקלאַגע קעגן די קאָמוניסטישע דעלעגאַטן פון לאָקאַל 9, אַז זיי זיינען אויסגעקליבן געוואָרן ביי אַ קאָמוניסטישן קאָקוס, וואָס דאָס איז — לויט דער קאָנסטיטוציע פון דער „אינטערנאשאנאל״ — ניט דערלויבט, און מ׳האָט די קאָמוניסטישע דעלעגאַטן ניט צוגעלאָזט צו דער קאָנווענשאָן. אויף זייער אָרט זיינען דעמאָלט אַריין פאַרטרעטערס, וואָס האָבן געהערט צו דער רעכ־טער ריכטונג.

די קאָמוניסטן זיינען דעמאָלט געווען ביי דער מאַכט אין דער יוניאָן, האָבן זיי שאַפּיראָן אָנגעהויבן צו פאַרפאָלגן אויף שריט און טריט. זיי האָבן מיט פאַרשיידענע קונצן אים נישט געלאָזן אַרבעטן אין קיין שאַפּ. זיי האָבן אָנדערציילט זיין פרוי פאַרשיידענע אינטריגעס אויף אים ביז זי איז פון אים אַוועק. זי איז צוריקגעפאָרן קיין פאַריז פון וואַנען זיי זיינען געקומען. די קאָ־מוניסטן האָבן נישט אויפגעהערט אים צו פאַרפאָלגן. ער האָט זיך שטאַרק געערגערט צוליב זיין פרוי, וואָס זי האָט אים פאַרלאָזט, ביז ער האָט אָנגעז־

הויבן שיכורן און וואָס ווייטער אַלץ מער. צו די קאָמוניסטן האָט ער נישט געקענט קומען און די רעכטע האָבן אים ניט געוואָלט נעמען צו זיך. ער איז פריער געווען אַ באַלעזענער מענטש, איצט איז ער געוואָרן אַ אמתער שלע־פער, אַ טרעמפּ. ער איז כסדר געווען שיכור, אָפּגעלאָזן, אָפּגעריסן און אָב־געטאָן שמוציק. ווי נאָר ער האָט געקראָגן אַ ניקל אָדער אַ ריים האָט ער עס פאַרשיכורט. עס איז געווען אַ שאַנדע און אַ ווייטיק צוצוזען וואָס עס איז געוואָרן פון דעם מענטשן, — און אָט צו דער לאַגע האָבן די קאָמוניסטן אים דערפירט.

דאָס זיינען ניט געווען קיין איינצלנע פאַלן. איך ווייס וועגן אַ מיטגליד פון לאָקאַל 9 וואָס איז משוגע געוואָרן צוליב זיינע שווערע איבערלעבונגען אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און ער געפינט זיך אין אַ שפּיטאָל.

די קאָמוניסטישע באַוועגונג האָט געגנוג קרבנות אויף איר געוויסן אומע־טום, נישט בלויז אין רוסלאַנד.

***

עס פרייט מיך זייער, וואָס אונדזער „אינטערנאַשאַנאַל" איז אויסגע־וואַקסן אַזוי גרויס, מיט אַ שיינעם נאָמען און מיט אַ רעספּעקט פון אַלעמען. עס קומט פּרעזידענט דייוויד דובינסקי גרויס אָנערקענונג וואָס ער האָט אויסגענוצט דעם „ניו־דיל" פון פּרעזידענט רוזוועלט צו פאַרבעסערן די לעבנס־באַדינגונגען פון די שניידער־אַרבעטער און צו דערהייבן די „אינ־טערנאַשאַנאַל".

אָבער מען מוז זאָגן דעם אמת: ווען ניט די אַקטיווע מיטגלידער וואָלט פּרעזידענט דובינסקי נישט געקענט אַרויפאַרבעטן די „אינטערנאַשאַנאַל" צו אַזאַ הויכע שטופע ווי זי איז איצט. דרויסנדיקע מענטשן ווייסן נישט וויפל די אַקטיווע מיטגלידער טוען די אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע; מען גיט נאָר קרעדיט די פירערס, אָבער די וואָס טוען די גאַנצע אַרבעט פאַר דער אָרגאַניזאַציע, וואָס האַלטן אויף די אָרגאַניזאַציע, וואָס טוען די שווערע אַר־בעט — זיי ווערן איגנאָרירט. און נאָך דעם ווען זיי קענען שוין נישט זיין אַזוי אַקטיוו — פאַרגעסט מען אין זיי אינגאַנצן.

מיר האָבן איצט אַזאַ לאַגע, אַז מענטשן וואָס האָבן זייער לעבן אַוועקגע־געבן דער יוניאָן, האָבן געהונגערט און געליטן און געבויט די יוניאָן ווען זי איז נאָך געווען שוואַך און האָבן געמוזט קעמפן פאַר איר עקזיסטענץ — אַז אַ סך פון די דאָזיקע מענטשן האָבן איצט ניט קיין פאַרזיכערונג אויף דער עלטער. און עס פרעגט פאַרוואָס האָט מען ניט אין זינען געהאַט אויך די ריטאַיערטע יוניאַן־וועטעראַנען וועלכע האָבן דרייסיק, פערציק און אַפילו פופציק יאָר פון זייער לעבן אַוועקגעגעבן דער יוניאָן? אויך די מענטשן זיינען באַרעכטיקט צו קאָמפּעסעישאָן פון דער „אינטערנאַשאַנאַל" אויף זיי־ערע עלטערע יאָרן גלייך ווי די יוניאָן־באַאַמטע?

דאַרף מען בלויז די באַאַמטע פּאַרזאָרגן? — איז עס נישט אַ מענטשלעכע פּליכט אַז די „אינטערנאַשאַנאַל" זאָל אויך אין זינען האָבן די אַלטע וועטע־ראַנען וואָס אַ גרויסער טייל פון זייער לעבן איז אַריינגעפלאָכטן אין דער געשיכטע פון דער „אינטערנאַשאַנאַל" לײדיס וואָרקערס יוניאָן""? אפשר וועלן מיינע ווערטער האָבן עפּעס אַ ווירקונג אַז די „אינטערנאַשאַנאַל" זאָל אָנהויבן עפּעס צו טאָן פאַר די פאַרבליבענע פּיאָנערן פון דער יוניאָן.

די איינקונפט פון אַ ריטייערטן פינישער איז אַרום און אַרום אַן ערך 145 דאָלער אַ חודש. איז ער געזונט, קען ער זיך נאָך ווי עס איז אַן עצה געבן, אָבער טאָמער חלילה ווערט ער קראַנק, האָט ער שוין נישט אויסצוקומען. די „אינטערנאַשאַנאַל" האָט לעצטנס אַדורכגעפירט אַ פאַרזיכערונג פון אירע באַאַמטע, אַז ווען זיי ריטייערן באַקומען זיי 50 פּראָצענט פון זייער לוין, דאָס צוזאַמען מיט דער סאָשל סעקיוריטי, גיט זיי אַ מעגלעכקייט צו לעבן אַ רו־איק, זאַט און באַקוועם לעבן אויף דער עלטער. שטעלט זיך אַ פראַגע: פאַר וואָס האָט די יוניאָן נישט פאַרזיכערט אויף דעם זעלבן אופן אויך אירע וועטעראַנען וואָס האָבן אין די שווערע יאָרן פון פאַר 50 און 40 יאָר צוריק געהאָלפן בויען די יוניאָן פונקט מיט אַזאַ איבערגעגעבנקייט ווי די איצטיקע באַאַמטע? זיי, די וועטעראַנען האָבן דאָך עפּעס נישט קיין קלענעם פאַר־דינסט אין דעם אויפבוי פון אונדזער יוניאָן, זיי האָבן דאָך צענדליקער יאָרן לעבן אָוועקגעגעבן דער יוניאָן, זייער לעבן און דאָס לעבן פון דער יוניאָן זיינען דאָך איינס! ווילט זיך שטעלן אַ פראַגע: צי זיינען די מענטשן נישט באַרעכטיקט, אַז די יוניאָן זאָל זאָרגן וועגן אַ קאָמפּענסאַציע פאַר די וועטע־ראַנען פונקט ווי פאַר די באַאַמטע? ביי די יוניאָן־טוער פון יאָר 1908 און 1910 איז די יוניאָן געווען אַן אידעאַל פאַר וועלכן מ׳האָט די כוחות אָוועקגע־געבן, סיי באַצאָלטע באַאַמטע, סיי ניט באַצאָלטע האָבן געמיינזאַם געאַרבעט צו פאַרבעסערן דעם מצב פון קלאָוקמאַכער און מאַכן אים מעגלעך צו קענען לעבן אַ מענטשלעך לעבן.

אָט נעמט אַ ביישפּיל: די אַרבעטער וואָס האָבן „ריטייערט" פון דער יוניאָן ווערן אינגאַנצן פאַרלאָזט און מען פאַרגעסט אַז זיי זיינען געווען די וואָס האָבן אויפגעהאַלטן די יוניאָן אין שווערע צייטן. עס איז צו באַדויערן די באַציאונג פון די יוניאָנס צו די „ריטייערטע" מיטגלידער. די „אַמאַלגאַ־מייטעד", אַ שטייגער, האָט אָרגאַניזירט פאַר זיי קלובן מיט „סאָשל־וואָר־קערס", וואו מען באַהאַנדלט די געוועזענע מיטגלידער ווי זיי וואָלטן געווען קליינע קינדער, זיי פאַרלירן דאָרט זייער מענטשלעכע ווירדע. בעסער וואָלט מען אָרגאַניזירט איבער דער גאַנצער שטאָט די „גאָלדן־רינג" קלובן, וואו די „ריטייערטע" זאָלן פירן די קלובן אויף זייער אייגענעם שטייגער און זאָלן אַליין אויסאַרבעטן דעם וועג ווי צו פאַרברענגען זייער טאָג־טעגלעכן לעבן אין די קלובן.

אויך אונדזער „אינטערנאשאנאל" טוט גאָר ניט פאַר די „ריטייערטע" מיטגלידער. עס האָבן ריטייערט איבער 10.000 קלאָוקמאַכער, אויסער אַנדערע אַרבעטער, פון דער „אינטערנאשאנאל". האָבן די פירערס זיך אַריינגעטראַכט עפּעס צו טאָן פאַר זיי? זיינען זיי ניט פאַראינטערעסירט ווי די ריטייערטע לעבן, ווי זיי פאַרברענגען זייער צייט? עס זיינען פאַראַן הונדערטער און אפשר טויזנטער מיטגלידער וואָס זיינען געווען אַקטיוו אין דער יוניאָן, וואָס האָבן געבויט די „אינטערנאשאנאל" און אַוועקגעגעבן זייער גאַנץ לעבן פאַר דער יוניאָן, אָבער אַז זיי האָבן ריטייערט, האָט מען זיי געגעבן אַ „מעמבער־קאַרטע" און מיט דעם איז מען פטור געוואָרן.

איך וויל ניט רעדן וועגן אַלע וואָס האָבן ריטייערט פון דער „אינטערנאשאנאל". איך וויל רעדן בלויז וועגן מיין יוניאָן — פון די קלאָוקמאַכער. איך בין געוואָרן אַ מיטגליד אין דער יוניאָן אין 1906 און איך בין געוואָרן אַקטיוו אין דער יוניאָן אין 1908. איך בין געווען אַקטיוו אין דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן אָן איבעררייס ביז 1952, ווען איך בין געווען געצוואונגען צו ריטייערן פון דער יוניאָן צוליב קראַנקייט.

פאַר די לעצטע 10 יאָר האָבן ביי די קלאָוקמאַכער אַליין ריטייערט אַרום 10.000 מאַן און די „אינטערנאשאנאל" האָט זיך ווייניק פאַרטראַכט וואָס צו טאָן פאַר אַזאַ ריזיקע מאַסע געוועזענע מיטגלידער. מען ווייזט אַרויס ווייניק אינטערעס צו געבן זיי גייסטיק פאַרגעניגן און אויך נישט קיין עקאָנאָמישע הילף. ווען די יוניאָן וואָלט געווען מער פאַראינטערעסירט וואָלט מען געפונען אַ וועג ווי אַזוי צו העלפן די ריטייערטע מיטגלידער דורך אָרגאַניזירן קלובן אָדער העלפן די „גאָלדן־רינג"־קלובן אין זייער אַרבעט.

די „אינטערנאשאנאל" קען זיך דערלויבן אויסצוגעבן אַ פאָר טויזנט דאָלער פאַר אירע ריטייערטע מיטגלידער. זיי האָבן גענוג יאָרן אַוועקגעגעבן פאַר דער „אינטערנאשאנאל" אין צייטן פון שטרייקן און פון הונגער. זיי האָבן גענוג מקריב געווען פאַר די קלאָוקמאַכער־יוניאָן פאַר די לעצטע 50 יאָר קאַמף וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט אין זייער לעבן. איצט וואָלטן די קלאָוקמאַכער אויף דער עלטער נישט געדאַרפט צעקלעמטע, זיך באַמיען אַז די „וועלפעיר־באָרד זאָל זיי געבן אַן אָרט זיך צוזאַמענצוקומען, פאַרברענגען צוזאַמען און האָבן אַ ביסל גייסטיקן פאַרגעניגן. דאָס איז אַ מאָראַלישער חוב פון דער גרויסער „אינטערנאשאנאל" צו זען, אַז די קלאָוקמאַכער זאָלן ניט דאַרפן אָנקומען צו פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס נאָך הילף.

איך האָב געהערט פון אַ פירער פון דער יוניאָן אַז מען גייט שליסן אַן אָפּמאַך מיט פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, אַז די ריטייערטע דרעסמאַכער זאָלן געהערן צו אירע קלובן. עס איז אַ פאַרברעכן אַוועקצושיקן די ריטייערטע פון דער דרעסמאַכער־יוניאָן צו אַ פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציע, וואו

יוניאָן־לייט וועלן זיך ניט קענען צופּאַסן צו דער דאָרטיקער גאַנצער פירונג. עס פּאַסט ניט פאַר אַ יוניאָן זי זאָל טאָן אַזאַ זאַך. עס איז ניט שיין, ניט פאַר דער יוניאָן און ניט פאַר דער „אינטערנאַשאַנאַל״. אויך די דרעסמאַכער־יוניאָן דאַרף אָרגאַניזירן ספּעציעלע קלובן פאַר אירע ריטייערטע מיטגלי־דער אָדער שטיצן די „גאָלדן־רינג״־קלובן.

איצט נאָך אַ וויכטיקע פראַגע — וועגן די „גערעכטיקייט״:

עס איז נאָך דאָ אַ היפּשע צאָל מיטגלידער וואָס האָבן ריטייערט פון דער יוניאָן און זיי פלעגן לייענען די „גערעכטיקייט״, ווייל זיי האָבן געוואָלט וויסן וואָס עס טוט זיך אין דער יוניאָן. עס זיינען דאָ טויזנטער קלאָוקמאַכער, וואָס קענען ניט לייענען קיין ענגליש, ווייל זייערע לעבנס־באַדינגונגען זיינען געווען אַזוינע שווערע, אַז זיי האָבן ניט געקענט גיין אין שול זיך לערנען ענגליש. זיי האָבן געדאַרפט אַרבעטן לאַנגע שעהן כדי צו קענען מאַכן אַ לעבן פאַר זייערע פאַמיליעס. די מענטשן לייענען בלויז יידישע צייטונגען און זיי האָבן אויך געלייענט די „גערעכטיקייט״.

פרעזידענט דובינסקי, האָט באַרעכטיקט דאָס אָפּשטעלן די „גערעכ־טיקייט״ מיט דעם, וואָס איר צירקולאַציע איז זייער פאַרקלענערט געוואָרן. מסתמא האָט ער עס געזאָגט דערפאַר, וואָס די ריטייערטע רעכנט ער ניט פאַר קיין לייענער פון דעם זשורנאַל. לאָמיר זען צי פרעזידענט דובינסקי איז גערעכט מיט דעם דאָזיקן אַרגומענט: ערשטנס, איז דאָס אַ זשורנאַל פאַרן גאַנצן לאַנד. צווייטנס, איז נאָך דאָ גענוג יידישע אַרבעטער אין אַלע ניו־יאָרקער לאָקאַלס, וואָס לייענען יידיש און זיי קענען נאָך און האָבן נאָך געוואָלט לייענען די „גערעכטיקייט״. איר, ברודער, דובינסקי, זייט געווען אַ בונדיסט אין דער אַלטער היים און איר האָט שטאַרק געקעמפט פאַר יידיש אין רוסלאַנד, איר האָט פּראָטעסטירט קעגן ישראל פאַרוואָס מען לאָזט נישט אַרויסגעבן קיין יידישע טאָג־צייטונג פאַר די יידן, וואָס קענען ניט קיין העברעאיש. אָבער דאָ האָט איר געטאָן דאָס זעלבע: עס זיינען דאָ אַ סך מיטגלידער, וואָס קענען ניט קיין ענגליש און לייענען נאָר יידיש. איר רעדט וועגן די גרויסע אויסגאַבן פון די „גערעכטיקייט״. איך טראַכט אַז די „אינ־טערנאַשאַנאַל״ קען זיך דערלויבן די מיטלען אויפצוהאַלטן די „גערעכטיקייט״. און אויב די אויסגאַבן אויף דער „גערעכטיקייט״ זיינען זייער גרויס, האָט איר דאָך אויך גרויסע אויסגאַבן אויף דעם איטאַליענישן זשורנאַל. פאַר־וואָס האָט איר ניט אויפגעגעבן די איטאַליענישע צייטונג, נאָר די יידישע „גערעכטיקייט?״

עס איז נישט שיין פאַר דער וועלט, וואָס די „אינטערנאַשאַנאַל״ האָט אויפגעלייזט אַ יידישן זשורנאַל. עס פּאַסט נישט פאַר דער יידישער געזעל־שאַפט און פאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. נאָך אַלעמען איז די „אינ־טערנאַשאַנאַל״ אויפגעבויט געוואָרן דורך יידישע אַרבעטער און ווען ניט די

יידישע אַרבעטער וואָלט די „אינטערנאַשאַנאַל" ניט געקענט אויסהאַלטן די אַלע צרות און שוועריקייטן וואָס זי האָט געהאַט פאַר די 60 יאָר פון איר עקזיסטענץ.

פרעזידענט מיני פון דער „א. פ. ל.־סי. איי. אָ". האָט געזאָגט ביי אַ קאָנפערענץ לכבוד דעם 60־יאָריקן יובילײ פון די „יידישע געווערקשאַפטן", אַז די יידישע אַרבעטער פון דער איסט־סייד האָבן אויפגעבויט אַלע גרויסע יוניאָנס, אַריינגערעכנט די „אינטערנאַשאַנאַל". דערפאַר מיין איך, איז אַן אומרעכט אויפצולייזן אַ יידישע יוניאָן־צייטונג.

לאָמיר האָפן, אַז פרעזידענט דובינסקי צוזאַמען מיט דער גענעראַל־עקזעקוטיוו־באָרד וועלן נעמען אין באַטראַכט די פאָדערונג פון אַ סך וועטעראַנען פון דער יוניאָן און פון דער גאַנצער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג און וועט צוריק באַנייען די „גערעכטיקייט".

## קאַפּיטל 45

# נ אָ כ ו ו אָ ר ט

מיין בוך דעראינערונגען גייט אַרויס אין יאָר ווען עס פאַלט אויס דער 60־יאָריקער יובילעי פון דער „אינטערנאשאנאל״־יוניאָן. דער 60־יאָריקער יובילעי פון אַרבעטער־רינג און עס ווערט 50 פופציק יאָר זינט דעם גרויסן, היסטאָרישן גענעראַל־שטרייק פון די קלאָוקמאַכערס אין יאָר 1910. אין משך פון דער דאָזיקער לאַנגער עפּאָכע האָב איך קנאַפּע 50 יאָר זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די העראָאישע קאַמפן פון אונדזער יוניאָן. איך בין שטאָלץ מיט מיין יוניאָן. זי איז געווען אַ פּיאָנער אין דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג. אונדזער העלדישער שטרייק פון 1910 האָט צוגעגעבן מוט און גלויבן אַנדערע אַרבעטער און אַנדערע יוניאָנס אַרויסצוטרעטן נאָכדעם מיט ענלעכע גרויסע שטרייקן און מיט מוט אויסצוקעמפן פאַר זיך בעסערע לעבנס־באַדינגונגען. מיר האָבן געוויזן דעם וועג. די קלאָוקמאַכער־יוניאָן האָט די ערשטע אויסגעקעמפט אַ „ריטייערמענט־פאָנד״ פאַר אירע מיטגלידער. דאָס איז געווען די איניציאַטיוו פון פאַרשטאָרבענעם גענעראַל־מענעדזשער פון דער קלאָוקמאַכער־יוניאָן ישראל פיינבערג, און די דאָזיקע היסטאָרישע פאַרדינסט זיינע טאָרן מיר קיינמאָל נישט פאַרגעסן. ווען דער פּרעזידענט רוזוועלט האָט איינגעפירט דעם „ניו־דיל״ אין אונדזער „אינטערנאשאנאל״, אונטער דער פירונג פון פּרעזידענט דובינסקי, געווען די ערשטע וואָס האָט די נייע געזעצן און די נייע פּאָליטיק ווי צום גיכסטן און ווי צום בעסטן אויסגענוצט פאַר די אינטערעסן פון אונדזערע אַרבעטער. די „אינטערנאשאנאל״ האָט אויסגעקעמפט דעם בעסטן „קאָוד״ פאַר אירע מיטגלידער.

אונדזער יוניאָן האָט געהאַט די זכיה צו האָבן אין איר דינסט אַזעלכע גרויסע פּערזענלעכקייטן און גרויסע סאָציאַליסטן ווי מאיר לאָנדאָן און מאָריס הילקוויט. אין שטרייק פון 1910 האָט מאיר לאָנדאָן, ווי דער לאָיער פון אונדזער יוניאָן, מיט דער גאַנצער נשמה זיך אַריינגעוואָרפן אין אונדזער קאַמף און ער האָט געהאַט אַ גרויסן חלק אין אונדזער זיג. מיט זיין הויכער מאָראַל און מיט זיין הייסער סאָציאַליסטישער געטריישאַפט האָט ער אונדז אַלעמאָל געשיינט ווי אַ ביישפּיל. אַזוי איז אויך געווען מאָריס הילקוויט: ווען פּרעזידענט דובינסקי האָט געדאַרפט פאָרן קיין וואַשינגטאָן אויסקעמפן נייע רעכטן פאַר די אַרבעטער אויפן סמך פון רוזוועלטס „ניו־דיל״, איז מאָריס

הילקוויט געלעגן אַ קראַנקער אין בעט און די דאָקטוירים האָבן אים פאַר־באָטן צו פאַרלאָזן דאָס קראַנקנבעט. אָבער ער האָט דערויף נישט געקוקט, אַ שוועער־קראַנקער איז ער מיטגעפאָרן מיט פּרעזידענט דובינסקין כדי מיט־צוהעלפן אויסקעמפן בעסערע לעבנס־באַדינגונגען פאַר די אַרבעטער. ער האָט אָבער שוין ניט דערלעבט צו זען די פּרוכט פון זיין לעצטער געטרייער דינסט פאַר אונדזער באַוועגונג. דער אָנדענק פון אַזעלכע וואונדערבאַרע מענטשן און סאָציאַליסטן ווי לאָנדאָן און הילקוויט דאַרף שטענדיק לייכטן איבער אונדזער באַוועגונג. עס איז געווען אַ שטאָלץ און אַן אויסערגעוויינטלעך פאַרגעניגן צו לעבן און צו קעמפן צוזאַמען מיט זיי.

9 צום סוף וויל איך האַרציק באַדאַנקען דעם קאָמיטעט פון לאָקאַל וואָס איז אונטערגעשריבן אויף דעם דאָזיקן בוך און וואָס האָט מעגלעך גע־מאַכט אַז מיין בוך זכרונות זאָל קענען אַרויס פון דרוק. איך בין דאַנקבאַר די אַלע וואָס האָבן מיר געגעבן אַ מעגלעכקייט צוצוטראָגן מיין באַשיידענעם צושטייער צו דער געשיכטע פון די העראָאישע קאַמפן פון מיין קלאָוקמאַכער־יוניאָן צו פאַרבעסערן די לעבנס־באַדינגונגען פון אַמעריקאַנער אַרבעטער.